# אין קומענדיקן נומער וועט אָפּגעמערקט ווערן 5 יאָר „סאָוועטיש היימלאנד״

עס וועלן אין צוזאמענהאנג דערמיט געדרוקט ווערן ארויסטרעטונגען פון שרײַבער און לייענער וועגן די אופגאבן פון אונדזער ליטעראטור און פונעם זשורנאל.

לייענט אויך אין דעם דאָזיקן נומער די פאָרזעצונג פון נויעך לוריעס ראָמאן „אין וואלד״; דערציילונגען און פארצייכענונגען פון הירש בלאָשטיין, אלעקסאנדער גובניצקי, בער האלפערן, יעכיעל טשיטשעלניצקי, עלישעווע קאנצעדיק.

אינעם אָפּטייל פון **פּאָעזיע** לייענט מוישע טייפס איבערדיכטונג פון „שיר השירים״ און די לידער־ציקלען פון שיקע דריז, איטשע באָרוכאָוויטש, וולאדימיר דאנקאָ און יויסעף געגערמאן.

אינעם אָפּטייל „ליטעראטור און קונסט״ לייענט די זיכרוינעס פון מוישע גאָלדבלאט „מײַנע באגעגענישן מיט עמאנויל קאזאקעוויטשן״.

# סאָוועטיש היימלאנד

ליטעראריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאל

אָרגאן פון שרייַבער־פארבאנד פון פססר

זעקסטער יאָרגאנג

פארלאג „סאָוועטסקי פיסאטעל״

מאָסקווע

יולי

7

1966

# אינהאַלט

זײַט



## ליטעראַטור און קונסט



נויעד לוריע

# אין וואלד

ערשטער טייל

## דער ערשטלינג

אז שויעל איז געקומען אין די יאָרן, ווען מע דארף אָנהייבן א טראַכט טאָן וועגן כאַסענע האָבן, האָט ער זיך פריִער פאר אַלץ באַוואָרנט מיט א שטוב און מיט א פאַרנאָסע. געבוירן און אויסגעוואַקסן אין וואלד, האָט ער פאַרטראַכט אויסצובויען זיך א סמאָליאַרניע אין א ווינקל, וואָס ער האָט זיך צוגעקוקט, אָנהייבן קליין, ווערדליק די עטלעכע הונדערט רובל, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט, דערפאַר א מיידל צוקלייַבן זיך כאָטש מיט ווייניק נאַדן, נאָר א רעכטס. די טעכטער פון די ייִשוווניקעס אין דער געגנט האָט ער געקענט, און זיי זייַנען אים ניט געווען צום הארצן, ער האָט געהאַט א גוסט פאַר א שיינס און אן אידלס. אין שטאָט האָט מען אים גערעדט א מיידל א יעסוימע, דער שאַדכן האָט געזאָגט: „ס'איז דאָס, וואָס איר זוכט. און נאָך גאָר א יונגינקע. פון דער שטיפמוטער איז זי גרייט צו גיין אפילע אין א וואלד".

שויעל איז געקומען אין שטאָט פריִער, ווי ס'איז מיטן שאַדכן געווען אָפּגערעדט. קיין געדולד ניט געהאַט צו וואַרטן. און איז באַלד אוועק אָנקוקן דאָס מיידל. זי האָט גראָד געהייצט די הרובע, געשטאַנען אף א קני, דאָס פּאָנעם באַלויכטן פונעם פלאַקער, אף דער באַק — א פלעק סאַזשע. זי האָט א בליק געטאָן מיט אירע לאַנגע אויגן אף דעם אריַינגעקומענעם יונגנמאַן, געפרעגט, וואָס ער דארף. שויעל האָט זי אָנגעקוקט א וויַיל און מיט דעם ברען, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין אָפּהאַלט, אפן שטעל געגעבן דעם קלאָרן ענטפער:

— איך בין געקומען רייַדן מיט איַיער פאָטער, איך וויל איַיך פאַר א קאַלע.

זי האָט געוווּסט, אז מע רעדט איר א שידעך, און זיך געגרייט צו דער געשעעניש, נאָר די פלוצעמדיקייַט פון דעם, וואָס דער געקומענער האָט געזאָגט, האָט זי צעטומלט. זי איז ארויסגעלאָפן פון צימער. דער באָכער איז ניט ענלעך געווען ניט אף די שטאָטישע יונגעלייַט, וואָס זי האָט געקענט, ניט אף די ייִשוווניקעס, וועגן וועלכע זי האָט זיך אָנגעהערט אזויפיל קאָמישע מייַסעס. מיט דעם איינעם קוק האָט זי אַלץ באַמערקט: די ברייטע פלייצעס, די רויטלעך־ברוינע וואָנצעס און בערדל, אזוינע אומגעריכטע בא די געדיכטע שווארצע ברעמען און שווארצע האָר אפן קאָפּ. ער איז געווען קורץ געקליידט און האָט ניט געטראָגן קיין פייעס. אין זייַן שטעל, אין זייַן בליק, אין יעדער באַוועגונג זייַנער האָט זיך געפילט קויעך און פייַער.

---

פון דער ליטעראַרישער יערושע.

אויב שוין יאָ זיך באַזעצן אין אַ העק, איז נאָר מיט אַזוינעם... זי האָט געכאַפּט אַ קוק אין שפּיגל. דערשראָקן באַמערקט דעם סאַזשע־פֿלעק, אָפּגעווישט, אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין אַ צופֿרי־דענע און זיך באַקלערט, אַז ס'איז ניט פֿײַן אַזוי לאַנג איבערצולאָזן דעם גאַסט אַליין.

זי האָט אים געטראָפֿן שטיין פֿאַרן אייוועלע און צעקלאַפּן מיטן האַטשיק דעם זשאַר.

— צײַט פֿאַרמאַכן דאָס טירל, — האָט ער געזאָגט באַלד, ווי זי האָט זיך באַוויזן.

„אַ ביסל אַ צו האַסטיקער, — האָט זיך דאָס מיידל אָף אַ רגע פֿאַרטראַכט מיט אומרו. — וואָס וועט שוין נאָכדעם זײַן?"

לאַגבוימער איז געווען די כאַסענע. אין אַ וואַרעמען, ליכטיקן טאָג האָט שויעל אָף אַ געדונגענער פֿור צום ערשטן מאָל געפֿירט זײַן ווײַב פֿון שטאָט צו זיך אין וואַלד אַרײַן. די שיינע זון־באַשײַנטע ביימער, די מענגעס בלומען און פֿריש גרין גראָז, די זינגענדיקע פֿייגל זײַנען ווי אומיסטן אַרויס צום וועג באַגלייטן די יונגע פּאָר. אַ פֿאַרגאַפֿטע איז בוניע געזעסן לעבן איר מאַן, געקוקט, געהערט, קיין ווערטער ניט געפֿונען פֿאַר דעם, מיט וואָס דאָס האַרץ איז פֿול, און ס'איז איר געווען, ווי זי וואָלט אָף דער גרענעץ פֿון שלאָף און וואָר געזען אַ שיינעם כאָלעם. אָט וואַכט זי אויף, און דער כאָלעם צערינט, פֿאַרשווינדט...

די רײַזע האָט זיך פֿאַרצויגן. דאָס פֿויערשע פֿערדל האָט זיך ניט געכאַפּט לויפֿן, און שויעל, וואָס האָט ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן קיין פֿאַרשלעפּטע פּאַרעניש, פֿלעגט אָפּט אַראָפּשפּרינגען אין אומגעדולד פֿון וואָגן און אַוועק מיט זײַן ענערגישן טראָט פֿאָרויס. דערווײַל האָט זיך באַהאַלטן די זון, און וואַלד האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן. „האָ־האָ!", — האָט די אַליין געבליבענע פֿרוי מיט אַ פֿאַרלוירן קאָל גערופֿן פֿון וואָגן צו איר אַנטלאָפֿענעם מאַן. „האָ־האָ־האָ!", — האָט ער היל־כיק אָפּגעענטפֿערט און געשפּאַנט ווײַטער, די שאָטנס צווישן די ביימער זײַנען געוואָרן אַלץ געדיכטער, און אָפֿן האַרצן אַלץ סומנער. „האָ... האָ!...", — האָט זי גערופֿן נאָך און נאָך. דאָס ענטפֿער־קאָל איז אָנגעקומען אַלץ שוואַכער, ביז מע האָט עס שוין אינגאַנצן ניט געהערט. „האָ... האָ!..", — האָט זי געוואָרקעט אַליין פֿאַר זיך אין טיפֿן שווײַגן פֿון וואַלד.

— זיי זײַנען שוין ווײַט, זיי האָבן ליב צו גיין גיך, — האָט דער פֿויער זי געטרייסט. — דאָ הייבט זיך אָן אַ גלאַט שטיקל וועג. וועלן מיר אים פֿרווון אָניאָגן. נאָ!..

אָפֿן אָרט איז מען אָנגעקומען אָנהייב אָוונט. פֿאַר אַ האַלבער ווערסט האָט געשמעקט מיט טערפּענטין. צוגעשפּאַרט צו אַ וואַנט סאָסנע־ביימער איז געשטאַנען די שטוב. נידעריקער האָט זיך געזען אַ שוואַרצע מעכטיקע געדיכטעניש פֿון יאָדלעס, ווי טורעמס, אויפֿשטײַגנדיקע אין הימל, ווו ס'האָט זיך נאָך געהאַלטן די לעצטע מײַרעוו־ליכטיקײַט. צווישן די יאָדלעס האָט זיך געהערט אַ בורטשעניש: „בו־בו־ו..." העכער אָפֿן וועג האָבן פֿון אָפֿענע טויערן אַרויסגע־ לויכטן גרויסע פֿײַערן.

— די הוטע, — האָט שויעל געזאָגט, — וועסט זיך באַקענען. פּוילישע ייִדן, גאַנץ לײַטי־שע. ס'איז נאָר שווער מיט זיי, ווײַל זיי רײדן פֿאַרצויגן: ווע, דוע, יאָך. און אָן דאָרט אָפֿן בערגל איז מײַן סמאָליאַרניע. זעסט, דאָ איז גאָר ניט אַזוי אומעטיק, ווי דו האָסט געמיינט... און אָן־אָ גייט טראַכים, ער וועט דיר אָנהאַקן האָלץ, אַרײַנטראָגן וואַסער, ווען דו וועסט דאַרפֿן.

מע האָט אַראָפּגענומען פֿון וואָגן די זאַכן: טיש־געפֿעס און קאָך־קיילים, בעטגעוואַנט, גרעט און קליידער, וואָס די פֿרוי האָט מיט זיך געבראַכט. זי איז אַרײַן נאָכן מאַן אין שטוב, ווו ס'איז נאָך קיין פֿײַער ניט געווען, און פּלוצעם אָנגעכאַפּט אים פֿאַר אָן אָרבל.

— וואָס איז עס? — האָט זי אַ פֿאַרווונדערטע געפֿרעגט. — וואָס פֿאַרא ציפֿער לויכטן עס אָף דער וואַנט?

— ס'איז דער זייגער. אַזאַ אַלטער זייגער, דער טאַטע האָט מיר געשענקט. ער לויכט אין דער פֿינצטער. זעסט, ס'איז האַלב צען.

מע האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, און בוניע האָט אָנגעקוקט איר נײַע ווינונג: דאָס אָרעמע מעבל, די הויכע פֿענצטער, הינטער וועלכע ס'איז געשטאַנען די נאַכט. פּלוצעם האָט זיך דער־ הערט אַ שרעקלעכער קוויטש פֿון אַ פֿרוי, אַ קוויטש און אַ געיאָמער און גוואַלד־געשרייען, איבערגעמישט מיט צאָרן־קוילעס פֿון אַ צעווילדעוועטן מאַנצבל. שויעל איז געווען אַרויס אָף אַ ווײַלע פֿון שטוב.

— דאָס שלאָגט ראָבערט זײַן ווײַב, — האָט טראַכים געגעבן צו פֿאַרשטיין דער געקו־ מענער, — ראָבערט, אײַער שאָכן איבער דער וואַנט, דער לעסניק. זיי האָבן כאַסענע געהאַט קימאַט אין איין צײַט מיט אײַך, נאָר זי האָט שוין אַ בײַסטרוק פֿון אַ יאָר, פֿון אים טאַקע געבוירן, הייסט עס, ווען זי איז נאָך געווען אַ מיידל. שלאָגט ער זי דערפֿאַר, ווײַל אויב זי האָט געקאָנט אָפּטאָן אַזאַ מײַסע מיט אים, קאָן זי מיט עמעצן אַנדערס אויך.

— און אָפֿט שלאָגט ער זי אַזוי?

— ווען עס פֿאַלט אים צו.

ער האָט גערעדט רויִק, טראָכים, ניט צו דערקענען אין אים, צי פארמישפעט ער עס, צי האלט ער עס פאר רעכט.

— וועל איך מיר גיין, — האָט ער געזאָגט, — א גוטע נאכט, — און ער איז אוועק צו זיך אף דער סמאָליארניע.

די גוואלדן האָט מען נאָך געהערט לאנג.

■

ווײַט פון שטאָט און פון שליאך, פארוקט אין טיפן וואלד, איז דאָס אָרט, וואָס האָט אפילע קיין נאָמען ניט געהאט, אינדערעמעסן געווען גאָר ניט אזוי וויסט, ווי מע האָט זיך געקאָנט אויסמאָלן. מיט די געדרייטע הינטערוועגן זײַנען אָנגעפאָרן מענטשן און גענומען בויען אין דעם העק א יִשועו. דער אָנהייב איז געווען די הוטע. ארום איר זײַנען אויסגעוואקסן די ווינונגען פאר די גלאָז־ארבעטער און דאָס גרויסע הויז מיט די ווײַסע פענצטער, וווּהין די באלעבאטים פון דער אונטערנעמונג, די זילבערצווײַגס, האָבן אראָפגעבראכט זייער גרויסע מישפאָכע. שפעטער האָט דאָ שויעל פארלייגט זײַן סמאָליארניע, און אין א זײַט האָבן אוועקגעשטעלט זייערע שטיבלעך צוויי געהילץ־פירער — כאָניע און לייזער. אין די ווײַסרוסישע וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דורכויסיקע מאסיוון אף הונדערטער ווערסטן — פון דער זומפיקער פאָלעסיע ביז דער בעלאָוועזשער געדיכטעניש, — זײַנען אין יענע יאָרן צעוואָרפן געווען א סאך יִדישע מישפאָכעס: סמאָליארניקעס, וואָזאקעס, סטעלמאכערס, שאפערס בא געהילץ־סאָכרים, טעפערס. דורך דער געגנט איז שוין געווען דורכגעלייגט אן אײַזנבאן, און פאסטעכער צווישן דיביימער האָבן אין שטילע גאנצפריִען געהערט דעם פײַף פונעם דורכלויפנדיקן צוג.

אין די שיינע פרילינג־טעג זײַנען שכיינים פון נאָענט און ווײַט איינע נאָך די אנדערע געקומען אָנקוקן דאָס יונגע ווײַבל, וואָס שויעל האָט אראָפגעבראכט פון שטאָט, — ווער אומיסטן און ווער קלוימערשט פארבײַפאָרנדיק. בוניע האָט אלעמען אופגענומען רויִק און ליבלעך. אין שטוב בא איר, ווען מע זאָל ניט ארײַן, איז געווען אופגעראמט, די פאָלן געוואשן, די געלעגערס פארבעט, זי אליין אָנגעטאָן אין א זויבער בלוזקעלע, דער קאָפ מיט די אייגענע האָר צוגעדעקט מיט א טיכל, אונטערגעבונדן אונטערן קין. לייזער דער וואָזאק, א רויטהאָריקער, זייער א הויכער און זייער א גלײַכער, א גייענדיקע סאָסנע, האָט ליב געהאט, צי ער האָט געדארפט, צי ער האָט ניט געדארפט, ארײַנגיין צום סמאָליארניק אין שטוב, שטיין אין קיך, פיפקען זײַן ליולקע און קוקן, ווי די יונגע באלעבאָסטע באוועגט זיך, טוט עפעס. זי בעט אים זיצן אפן טאָפטשאן, לייגט פאָר א גלעזל טיי, טוט ער א שאָקל מיטן קאָפ, ניט ארויסלאָזנדיק די ליולקע פון מויל, שטייט פעסט אף די צעשפרייטע פיס און נעמט פונעם ווײַבל קיין אויג ניט אראָפ, קוקט נאָך איר יעדן קער און ווענד. קיין וואָרט הערט מען פון אים ניט שאָענווייז. אין דער היים, אין דעם טונקעלן שטיבל מיטן ליימענעם דיל, שילט ער נאָכדעם זײַן מאלקען, א קליינע צעטומלטע יִדענע, וואָס אלץ פאלט איר פון די הענט:

— פונוואנען האָסטו זיך צו מיר גענומען, שטיק כאָליערע? זע, בא לײַטן ווײַבער — א ליכט אין די אויגן...

כאָניע, ווידער, דער צווייטער וואָזאק, איז געווען גאָר ניט קיין אָפטער ארײַנגייער. א פעסט געבויטער יִיד מיט א שווארצער באָרד און ציגײַנערשע אויגן, אינגאנצן ענלעך אף א ציגײַנער, האָט ער פײַנט געהאט אן איבעריק וואָרט און אן איבעריקן גאנג. פון דער וואָזקע אהיים פלעגט ער זיך אומקערן שטענדיק מיט א גוט שטיקל גראב, דעמב אָדער יאסען אפן וואָגן, וועלכע ער פלעגט אויסשנײַדן אין אזוינע ערטער, אז מע האָט אים קיינמאָל ניט געקאָנט פאקן בא דער האנט. פונעם באצײַטנס פארגרייטן און גוט אויסגעטריקנטן געהילץ האָט ער זיך געמאכט אלץ, וואָס ער האָט באדארפט: וועגענער און שליטנס, טאבורעטן און שאפקעלעך. שטענדיק האָט מען אים געטראָפן עפעס מײַסטרעווען, און שטענדיק איז זײַן בליק געווען רויִק און וואך, אָן א טראָפן מידקײַט, פונקט ווי די ארבעט וואָלט פאר אים געווען אזא זאך, ווי אָטעמען.

דערפאר האָט פעשע זײַן ווײַב ליב געהאט אָפטער זיך ארויסרײַסן פון שטוב אף א האלבער שאָ, אף א שאָ און צולויפן אלעמאָל צו עמעצן אן אנדערן פון די שכיינים, קלוימערשט עפעס לײַען אָדער אָפטראָגן, דעריקער אָבער געוויר ווערן נײַעס און דערציילן נײַעס. א גרויסע, מיט א קײַלעכיק שמייכלענדיק פאָנעם, א ברען א בעריע אין שטוב, האָט זי זיך געפילט ניט מיט אלעמען, טאָמער האָט זיך געמאכט, אז זי איז א טאָג צי צוויי בא קיינעם ניט געווען. אז שויעל האָט אראָפגעבראכט בוניען, האָט זיך די יִדענע מעכײַע געווען. זי האָט פאר דער נײַ־אָנגעקומענער בארעדט נאָכאמאָל פון אָנהייב אלע שכיינים אף צוויי צענדליק ווערסט ארום און

ארום. צו איר האָט זיך בוניע געוועגדט אָפּטמאָל נאָך אַן אייצע אין קיך־זאכן, וויאַזוי שטעלן שווארצע יאגעדעס, אשטייגער, טריקענען שוואָמען, פּרעגלען ברוסניצעס.

די הוטע־באלעבאטים האָבן זיך געהאלטן אָפּגעזונדערט, בא א באַגעגעניש פריציש צוגעוואָרפן עטלעכע ווערטער, נאָר נעענטער זיך מיט קיינעם ניט צונויפגעקומען, אפילע שאבעס זיך ניט פארזאמלט מיט זייַטיקע אין איין מיניען, פאר־זיך אָפּגעריכט דאָס דאווגען לויטן כסידישן שטייגער. זיי האָבן געפירט א גווירישן סטאט, ארויסגעפאָרן אף א גוטער פאָר פערד, די ווייַבער — שטענדיק אויסגעפוצט אין זייַד און אין סאמעט, די הענט, די פינגער, די העלדזער, די אויערן האָבן בא זיי שעמערירט פון אויררינגלעך, רינגעלעך, קייטעלעך, בראסלעטן, שנירלעך פערל. אין די פאריקן — הויכע קאמען, באשאָטן מיט בלישטשענדיקע שטיינער, פינקלענדיקע ציטער־שפילקעס. דער אלטער, רעב יאנקעוו זילבערצווייַג, א גראָווער, מיט א הויכן שטערן און א האָרבאטער נאָז, איז געווייגלעך גאנצע טעג געזעסן אפן גאנעק אָנגעטאָן אין א טערקישן כאלאט, אין מויל א לאנגע פייַפע, מיינסטנס פארלאָשן. די געשעפטן האָט געדרייט דער זון זייַנער, לייבוש. ניט קיין הויך, דיקלעך מענטשל מיט א בלאס קייַלעכיק פּאָנעם אין א ראם פון שטארק שווארצע באָרד און פייעס, מיט שווארצע אויסגעבאנקעוועטע אויגן, וואָס האָבן קיין מענטשן פאר זיך ניט געזען, אזוי ווייַט וויכטיקער איז פאר זייער באלעבאָס געווען די זאך, אין וועלכער ער איז געווען אריינגעטאָן. די רייד זייַנע — שטענדיק אופגערעגט, מיט גראָבקייַט און היץ, ער אינגאנצן — קעסיידער אן אופגערעגטער, א קאָכיקער, מיט פאראכטונג און גרימצאָרן אף אלעמען דערפאר, וואָס זיי טיילן ניט זייַן פארפלאמטקייַט אין דעם, וואָס גייט אים אָן. בוניע האָט די מישפּאָכע געשטעמפלט מיט דער צונעמעניש — „די פוילישע קעץ“ און ניט געזוכט מיט זיי קיין נאָענטע באקאנטשאפט.

סאָף וואָך, דאָנערשטיק אָדער פרייַטיק גאנצפרי, קומט אראָפּ פון קליינעם שטעטל איטשע דער קאצעוו. איטשע כיטריק האָט ער געהייסן, ווייַל וויפל ער האָט ניט געכיטרעוועט מיט די קוינים, איז ער סייַוויסיי געבליבן א קאפצן א שלימאזל. א רעכט שטיקל פלעגט זעלטן־ווען צו אים אריינפאלן. און גראָד אין דעם, וואָס ער פלעגט שעכטן, פלעגט אָפטער, ווי בא אנדערע, זיך ארויסווייַזן עפעס אן אומגליק, און דער ראָוו פלעגט עס טריף מאכן.

נאָר די יישוווניקעס, וואָס האָבן קיין מעגלעכקייַט ניט געהאט אויסצוקלייַבן, פלעגן נעמען פלייש בא איטשען. ער קומט אראָפּ אמאָל אף אן אייַנגעבעטענער פור, מיינסטנס צופוס, מיטן שווערן דורכגעגעצטן זאק אף די פלייצעס. א דארינקער, א נידעריטשקער, מיט זייער א שמאָלער און זייער א לאנגער באָרד — ביז די דיכן, האָט ער אויסגעזען ווי א שרעטעלע פון א מייַסע אָדער עפעס א קליין כייַעלע פון אונטער די יאטקע־דילן — אינגאנצן א פארשמאָלצענער,

## וועגן נויעך לוריע




ען איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל באגעגנט מיט נויעך לוריען, האָב איך אים ניט געקענט אלס שרייַבער. איך האָב גלייַך דערזען אין אים א קלוגן, גייַסטרייַכן מענטשן. איך פלעג ליב האָבן ארומגיין מיט אים איבער קינסטלערישע אויסשטעלונגען, ער האָט גוט פארשטאנען די מאָלערייַקונסט און פלעגט ארויסזאָגן וועגן איר אינטערעסאנטע געדאנקען. איך האָב אויך ליב געהאט צו שפאצירן מיט אים אין וואלד. שפּעטער, ווען איך האָב איבערגעלייענט זייַן בוך „אין וואלד“, האָב איך פארשטאנען, פארוואָס ער פלעגט זיך פילן אין דער וואלד־געדיכטעניש ווי בא זיך אין דער היים.

איך זאָג אָבער נאָכאמאָל, ער איז מיר געפעלן געוואָרן אויך דעמלט, ווען איך האָב נאָך ניט איבערגעלייענט קיין איין שורע פון זייַנע ביכער. מיר איז געפעלן געווען אויך זייַן פּאָנעם מיט די איידעלע און שטארקע שטריכן. וואָס בעסער

פאַרקאַפּעט מיט בלוט. ער וואַרפט אַראָפּ דעם זאַק, הייסט זיך פריִער פאַר אַלץ דערלאַנגען אַ גלעזל בראַנפן מיט אַ קיכל פאַרבײַסן. נאָר גיכער, ווײַל די נעשאָמע הענגט אים שוין אויף דער שפּיץ נאָז. דערנאָך מעלדעט ער, אַז הײַנט איז דאָס פלייש טײַערער מיט אַ קאָפּעקע אָדער צוויי אַפּן פונט.

— פאַרוואָס?

— ווײַל דאָס ווײַב טראָגט, און איך וועל אײַנגיכן אַ גרעסערער באַל־הויצאָע.

— דאָס גאָר?

— און ווײַל די טעלעצע איז געווען אַ באַסיעכידע בײַ איר מאַמען, ניט ווי יענע פּאַס־קודסטווע, וואָס איך האָב אײַך אַרײַנגעשלײַדערט פאַראַכטאָגן.

— און דריטנס?

— און דריטנס, האָט איטשע דער קאַפּצן אויך אַ יעיצערהאָרע און וויל פאַרזוכן דעם טאַם פון נאָך אַ קערבל אין קעשענע.

דערנאָך הייבט ער אָן אויסטיילן. דערבײַ שיט ער מיט גראַמען:

— אָט האָט איר ברוסט לויט אײַער גוסט. אָט איז אַ שטיקל קעפּל, וועט איר האָבן וואָס צו לייגן אין טעפּל. און צונג, איר זאָלט אייביק זײַן יונג. און פלאַנקען, איר זאָלט קיינמאָל ניט קראַנק זײַן...

אַמאָל פלעגט פאַרפאָרן עמעצער פון די ווײַטערע ייִשוּווים. וועלוול זאַרעצקי, אויך אַ סמאָליאַרניק, אַ באַיאָרטער ייִד מיט צוויי לאַנגע בערשטעלעך האָר, וועלכע סטאַרטשען אַרויס פון דער געבויגענער רויטלעכער נאָז, האָט, אָנקומענדיק, דערהערט פונווײַטן דורך די אָפענע פענצטער בוניען זינגען אין שטוב. האָט ער אָפּגעשטעלט די פור, די רעדער זאָלן ניט ראַשן, געוואַרט, ביז זי האָט געענדיקט, ערשט דערנאָך צוגעפאָרן און אַרײַן גלײַך מיט אַ טײַנע צו שויעלן:

— דו האָסט אַזאַ זינגערן און באַהאַלטסט זי פון מיר?

זינט דעמאָלט איז ער געוואָרן אַן אָפטער גאַסט. ער פלעגט ברענגען מיט זיך דאָס קאַסע־בוך. דאָרטן, אויף די ריינע זײַטלעך, פלעגט ער פאַרשרײַבן די ווערטער פון די לידער, וואָס זײַנען אים געפעלן געוואָרן. דעם מאָטיוו פלעגט בוניע מוזן איבערכאַזערן אַזוי לאַנג, ביז וועלוול האָט איבערגענומען און פאַרגעדענקט. זי האָט געזונגען „די גאָלדענע פּאַווע“, „זײַט געזונטערהייט, מײַנע ליבע עלטערן“, „שפּאַצירן זײַנען מיר ביידע געגאַנגען“, נאָר דעם גרעסטן רושעם האָט אויף די מאַנצבלען געמאַכט „פון אַזיע קיין יעוראָפּע“. די ווערטער וועגן דעם, ווי־אַזוי ייִסראָליק איז פון דער אַזיע־אַכסאַניע אין דער יעוראָפּע־אַכסאַניע פאַרקראָכן,

איך האָב דערקענט נויעך גריגאָריעוויטשן, אַלץ מער האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז ער איז אין אַלע הינזיכטן געווען שיין, — ניט נאָר לויטן אויסערלעכן אויסזען, אויך לויט זײַנע געפילן, ראַיוינעס, גוסטן.

ער פלעגט זעלטן ריידן וועגן זיך. דערמיט פלעגט ער מיר דערמאָנען אליאַ אילפן, באָריס לאַפּינען, אַנדריי פלאַטאָנאָווןן[1] — מענטשן מיט אַ גרויסער און רײַכער קולטור. עמעס, צווישן די זייער אָנגעזעענע מענטשן, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו זײַן באַקאַנט, זײַנען געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן, בײַ אַלע זייערע סימ־פּאַטישע אייגנשאַפטן, ניט אויסגעטיילט זיך מיט גרויסער באַשיידנקײַט, עס האָט זיי ניט אויסגעפעלט קיין עגאָצענ־טרישקײַט און אייגנליבע, און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען פאַר זיי אַ קנאַפּע צירונג.

ווען לוריע פלעגט אַמאָל אין אַ שמועס יאָ דערמאָנען וועגן זיך, איז בלויז צוליב דעם, קעדיי באַטאָנען, אַז דאָס, וועגן וואָס ער דערציילט, האָט ער געזען מיט די אייגענע אויגן.

אָט אַזוי האָב איך צוביסלעכווײַז זיך דערוווּסט, אַז ער איז בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע געווען אַ סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי. דערנאָך איז ער געווען אַ שלאַכטמאַן און אַ פּאָליטרוק אין דער רויטער אַרמיי, אין וועלכער ער איז אַרײַנגעטראָטן פרײַוויליק. שוין פון אַנדערע מענטשן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט געקענט אַ סאַך פּראָפעסיעס — געווען אַ טרעגער, אַ בוקער, אַ געווייינלעכער אַרבעטער, אַ שול־לערער. נאָר שטענ־דיק און קויהעמקאָל איז ער געווען אַ שרײַבער — אַ שרײַבער ביזן מאַרך פון זײַנע ביינער, פּונקט ווי ליר איז ביזן מאַרך פון זײַנע ביינער געווען אַ קיניג.

איך האָב זיך אויך דערוווּסט וועגן דעם, אַז מע האָט אים אָן שום שולד רעפּרעסירט. עפּעס אַן אויסוואָרף האָט אָנגעשריבן אויף אים אַ פאַלשע מעסירע. און אָט איז איין פּראַט, וואָס איז איבעראַשנדיק און זייער כאַראַקטע־ריסטיש פאַר נויעך לוריען. איינמאָל האָט ער אינעם אַרעסט־הויז, ווו ער איז געזעסן, דערזען, ווי מע האָט גע־בראַכט אינעם פון זײַנע מאָסרים, — יענער איז אַליין אַרײַנגעפאַלן אין דער נעץ, וועלכע ער האָט אויסגעשפּרייט פאַר אַנדערע. דערזען נויעכן, איז יענער געוואָרן אַ פאַרציטערטער.

לוריע איז צו אים צוגעגאַנגען, דערמוטיקט, געטיילט מיט אים דאָס אָרעמע אויסקומעניש, וואָס ער האָט דאָרט געהאַט. ער האָט דאָס געטאָן ניט דערפאַר, ווײַל ער איז געווען אַזאַ „צאַדיק“, וואָס פאַרגיט אַלעמען זייערע זינד.

---

[1] באַוווּסטע רוסישע שרײַבער.

זיך אויסגעמאָסטעט שלאָפן אין אַ שמאָלן קאָרידאָר, צוקאָפּנס עמונע, אונטער דער זײַט ביטאָכן, און אַזוי אָפּגעדרעמלט גאַנצע הונדערט יאָר, וויאַזוי פּרײַנט פון אַלע עקן האָבן אים גענומען וועקן און מינטערן: „ייִסראָליק, שטיי אויף!" און וואָס פון דעם האָט זיך אויסגעלאָזט, האָבן אויסגעוויזן געגנוג ערנסט, געגנוג ווערט, אַז ייִדן ניט קיין פּוסטע קעפּ זאָלן זיך וועגן דעם פאַרטראַכטן.

זומער איז די צײַט פאַרגאַנגען אין דער אַרבעט אַרום שטוב, אין קלײַבן יאַגעדעס און שוואָמען מיט עמעצן אין קאָמפּאַניע. אַליין האָט זיך בוניע ניט אײַנגעשטעלט פאַרגיין טיפער אין וואַלד. מוירע געהאַט פאַר זײַן שטילקײַט, פאַר די אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן, פאַר די סטעזשקעלעך, וואָס ציִען אַזוי, ווער ווייסט וווהין זיי קאָנען פאַרציִען. דאָך האָט איר דער וואַלד פאַרשאַפט אַ סאַך גוטע שאָען. באַנאַכט האָט זי זיך געשראָקן, ווי אַ קינד, פאַר דער דרויסנדיקער פינצטערניש, און די גרעסטע פּײַן איז פאַר איר געווען, ווען שויעל פלעגט אין די אָוונטן ערגעץ פאַרזאַמען און לאַנג זי איבערלאָזן אַליין. דערפאַר האָבן די גאַנצפריִען נאָך די פּכאָדימפּולע נעכט איר געבראַכט באַפרײַונג און פרייד. דעם נײַעם טאָג האָט זי אַלעמאָל באַגעגנט, ווי אַ געשאַנק, דאַנקבאַר און גליקלעך, וואָס ער איז ווידער דאָ, פּונקט ווי זי וואָלט ניט אינגאַנצן זיכער געווען, אַז ס'וועט אַזוי זײַן. די פענצטער אין איר שטוב זײַנען נאָך געווען אָן לאָדן. די ליכט פון טאָג האָט זי פרי געוועקט. איר פאַרגעניגן איז דעמלט געווען זיך דורכגיין אַ ביסל מיטן וועג, אָנקוקן די געגנט אויף איין זײַט, אויף דער אַנדערער זײַט און שטיל זיך פרייען, וואָס די וועלט איז ווידער דורכזיכטיק, מע זעט ווידער קלאָר, ווי נעכטן און אייערנעכטן, אַלע זאַכן, וואָס זײַנען באַנאַכט געווען פאַרהילט. אויף די גראָזן, אויף די צווײַגן פינקלט דער טוי, די לופט איז נאָך פריש, נאָר אויף די אויגן פאַלט אַ וואַרעמקײַט פון דער זון, וואָס האָט זיך ערשט אויפגעהויבן פון אונטערן בערגל. פויגלען צוויטשערן, און זייער געזאַנג דרינגט אַרײַן, אינאיינעם מיט דער שײַן, אינאיינעם מיטן אָטעם, אין די לונגען, אין האַרצן, אין אַלע קעמערלעך פונעם לײַב. די יונגע פרוי שמייכלט. איר שײַן אָוואַל פּאָנעם מיט די מאַנדל־אויגן לויכט זיך צאַרט. שוין גייענדיק זינגט זי, און אין שטוב לאָזט זי אינגאַנצן פרײַ איר שטאַרקע שטים. אָפטע פאַרבײַגייער און נאָענטע שכיינים האָבן געוווּסט, אַז שויעלס ווײַב זינגט אין די פרימאָרגנס.

■

די סמאָליאַרניע איז געווען צעלייגט אויף אַ פּלאַטשיק בערגל אַנטקעגן דער שטוב: אינדערמיט — דער הויכער קאָנוסאַרטיקער אויוון, פאַר אים — געלע סאָסנאָווע קאָרטשעס, וואָס זײַ־

ער האָט דאָס געטאָן דערפאַר, ווײַל ער איז געווען אַ מענטש. מוט, קראַפט האָבן זיך באַ אים געפּאָרט מיט גוטסקײַט, מיט ראַכמאָנעס, מיט מיטלײַד. ער איז שטענדיק געבליבן אַזאַ, ווי ער איז, אין אַלע אומשטענדן, אין וועלכע דאָס לעבן האָט אים אַוועקגעשטעלט.

איך דערמאָן וועגן דעם הערפאַר, ווײַל אַנדערע מענטשן האָט דער פּערזאָנען־קולט פאַרטעמפּט. געטע האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „דאָס גרעסטע גליק פון דער מענטשהײַט איז — די פּערזענלעכקײַט". אָט דאָס דאָזיקע גליק — די הויכע מענטשלעכע ווירדע — האָט נויעך לוריע קיינמאָל ניט פאַרלאָרן. דערפאַר טאַקע האָט מיך צו אים געצויגן באַלד פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט אים.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז לוריע איז געווען אַ וואַלד־מענטש. עס איז אָנגענומען צו האַלטן, אַז ייִדן זײַנען שטאָטישע מענטשן. נויעך לוריע איז אויסגעוואַקסן אין וואַלד, אין אַ סמאָליאַרניע. ער האָט געשריבן אין זײַן ראָמאַן „אין וואַלד": „אין די ווײַסרוסישע וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דורכוייסיקע מאַסיוון אויף הונדערטער ווערסטן — פון דער זומפּיקער פּאָלעסיע ביז דער בעלאָוועזשער געדיכטעניש, — זײַנען אין יענע יאָרן צעוואָרפן געווען אַ סאַך ייִדישע מישפּאָכעס: סמאָליאַרניקעס, וואַזאַקעס, סטעלמאַכערס, שאַפערס באַ געהילץ־סאָכרים, טעפּערס. דורך דער געגנט איז שוין געווען דורכגעלייגט אַן אײַזנבאַן. און פּאַסטעכער צווישן די ביימער האָבן אין שטילע גאַנצפריִען געהערט דעם פּײַף פונעם דורכלויפנדיקן צוג".

ווען לוריע פלעגט קומען אין וואַלד, פלעגט ער ווערן גאָר אַן אַנדער מענטש. ער איז מאַמעש אַליין געווען אַ טייל פונעם וואַלד. צי ניט וועגן זיך האָט נויעך לוריע געשריבן: „ווען דו קוקסט אויף די סאָסנעס, ווערסטו עפּעס אַליין ווי העכער, אויסגעגלײַכטער".

ער פלעגט דערקענען די פייגל לויט די שטימען. ער פלעגט וויסן, ווי עס הייסט יעדעס גרעזל. ער פלעגט אַרומגיין אין וואַלד אַ סאַך זיכערער איידער אין שטאָט.

דער העלד פון זײַן ראָמאַן „אין וואַלד", דאָס ייִנגל דאַניע, וואָס אין זײַן געשטאַלט האָט לוריע באַשריבן די שטריכן פון זײַנע אייגענע קינדער־יאָרן, פלעגט אין שטאָט בלאָנדזשען. אינעם קאַפּיטל „צוגאַסט" ווערט דערציילט, ווי שויעל האָט געבראַכט דאַניען אין שטאָט, געפירט אים באַקענען זיך מיטן פעטער יויסעף און זײַן מישפּאָכע. ווען שויעל איז אַוועק, איז דאַניע צוליב עפּעס אין קאָס געוואָרן אויף דער מומעביילע מיט איר זון סיאָמע און איז אַנטלאָפן פון זיי, געוואָלט זיך אומקערן אין אײַנפאָר־הויז, נאָר לויפנדיק האָט ער „...אַ טראַכט

נען פאַרגרייט געווען אָנצולאָדן זײַנע טיפע און געראמע אינגעווײדן. ווײַטער — די שוואַרצלעכע אויסגענוצטע קאָרטשעס. נידעריקער, בא דער זײַט אויוון, וואָס אונטערן בערגל, א בודע מיט א דאך. דאָרטן איז געווען דאָס אָרט פון טראָכים דעם שוליארניק. ער האָט אונטערגעהאלטן דאָס פײַער אין דער הרובע אין פארלויף פון די זעקס־זיבן מעסלעס, וואָס דער אויוון האָט ניט געווארעמט. ער האָט געהאט אכטונג צו געבן, ווי עס לויפט אָט דער טערפּענטין. ער האָט געפירט די דיסטיליאציע, ווען דער אויוון האָט זיך געקילט, אָנגעגאָסן די גלעזערנע בוטליעס מיט דעם ניט גענוג לויטערן טערפּענטין און אויסגעשטעלט זיי זיך אויסקלאָרן אָף דער זון. די שווארצע קאָרטשעס האָט מען געברענט אין א באנקע, א טיפער געמויערטער גרוב, און מע פלעגט זיי אויסלייגן אין אזא אָרדענונג, זיי זאָלן אויסברענען שיכטנווײַז פון אויבן אראָפּ און דערבײַ אָפּגיין מיט דער סמאָלע, וואָס איז נאָכן אָפּצאַפּן דעם טערפּענטין אין זיי פארבליבן. די סמאָלע האָבן די אָרטיקע פויערים גענוצט אָף שמירן די אקסן פון זייערע וועגענער. די קאַלטע קוילן פלעגט מען צונויפשארן אין א בארג אונטערן אָפענעם הימל און נאָכדעם זיי פארקויפן די אָרטיקע שמידן. דעם טערפּענטין פלעגט מען, ווען ס'פלעגן זיך צונויפנעמען א פעסל אָדער צוויי, אָפּפירן אין דער שטאָט צו א געוויסן סוחר, דעם אײַנקויפער פון דעם ארטיקל בא אלע סמאָליארניקעס פון דער געגנט.

טראָכים איז געווען דער איינציקער שטענדיקער ארבעטער אין דער סמאָליארניע. אויסער דעם האָבן פון צײַט צו צײַט נאָך געארבעט דאָ מענטשן פון שטיק אָדער פון טאָג: געגראָבן די קאָרטשעס, פארגרייט האָלץ, צוגעפירט, אָנגעלאָדן און אויסגעלאָדן דעם אויוון. שאבייסענאכטס פלעגט מען מאכן דעם כעזשבן. מע צינדט אָן פײַער, הייבט מען אָן זיך צונויפקומען נאָך געצאָלטס. ס'ראָוו זײַנען עס געווען אָרעמע פויערים פון די נעענטערע דערפער, אלע אין לעכערדיקע געלאטעטע סערמענגעס. ווינטער אין פאָסטעלעס, זומער באָרוועס. מע בעט אויס בא בוניען א שטיק פאקפּאפיר און מע פארדרייט גראָבע ציגארן. אנדערע שטאָפּן אָן די ליולקעס, די קיך ווערט פול מיט געדיכטע וואָלקנס רויך. שויעל קומט ארײַן מיטן פעקל געלט. איטלעכער נעמט ארויס פון היטל זײַנע צעטעלעך, ער קערט זיי פון איין זײַט אף דער אנדערער, האלט זיי מיטן קאָפּ אראָפּ, ווייסט ניט, וואָס אין זיי איז אָנגעשריבן. ווען ער קריגט זײַן געמיינעם פארדינסט, האלט ער עס אומבאהאָלפן אין דער פארשווארצטער האנט, קוקט אף דעם מיט פײַן. ער ווייסט ניט, וויפל אים קומט, און ווייסט ניט, וויפל ער באקומט.

— האָסט מיך ניט אָפּגענארט, פאניע?

— נעם, נעם, זײַ רויק, ביז א קאָפּעקע.

דער פויער טאפּט די פּאפּירלעך, וועגט דעם מינץ, קוקט דעם באלעבאָס אין די אויגן.

---

געטאָן, אז ער ווייסט דאָך אפילע ניט, ווו עס געפינט זיך דאָס אײַנפאָר־הויז, ניט דעם נאָמען פונעם באלעבאָס. אין וואלד האָט ער זיך געווינלעך קלאָר פאָרגעשטעלט, דורכוואנגען ער איז ארײַן, ווהין ער דארף ארויס. א בוים צו א בוים איז ניט ענלעך. יעדער קוסט איז א סימען. און דאָ ציט זיך א הוילע, גלײַכע גאס און דו ווייסט ניט, ווו דו האלטסט מיט איר, ווו איז דער קאָפּ, ווו דער עק...“

איינמאָל האָבן מיר שפּאצירט מיט לוריען אין וואלד הינטער מאָסקווע, אין גאליצינאָ. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן איינער א יאָדלע. זי האָט אונדז איבערראשט מיט איר פאָרם. דער בוים איז געווען א טאָפּעלער, דערבײַ זייער הארמאָניש. און מיר האָבן צוגעטראכט א שפּיל: געפינען פארגלײַכן פאר דער דאָזיקער יאָדלע — א לירע, א היי־גאָפּל, א קאמערטאָן, הירשן־הערנער. אומגעריכט האָט נויעך גריגאָריעוויטש איבערגעריסן די שפּיל. ער האָט גענומען זיך אײַנהערן. עס האָט געזונגען א פויגל. דאָס איז געווען א פּאָשעטע מוזיקאלע פראזע פון צוויי נאָטן, וועלכע האָבן זיך אָן אופהער איבערגעכאזערט: „אוי־אויטי־אויטי...“

אוז אזוי עטלעכע מאָל. לוריע האָט זיך אײַנגעהערט ווי א פארקישעפּטער. אזא אויסדרוק פונעם פּאָנעם האָב איך געזען. סײַדן צווישן צוהערער אין דער קאָנסערוואטאָריע בייס קאָנצערטן פון וועלט־בארימטע מוזיקאנטן.

צום סאָף האָט לוריע געזאָגט:

— דאָס איז א בלויערל. — ארויסגערעדט האָט ער עס מיט אזא טאָן, ווי אשטייגער: „דאָס איז סוויאטאָסלאוו ריכטער“.

און דאָס פייגעלע האָט אלץ געצויגן דעם „אוי־אויטי“. איך האָב געפרעגט:

— דאָס איז אלץ, וואָס דאָס פייגעלע קען?

לוריע האָט אומצופרידן א קוק געטאָן אף מיר און א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף יאָ. מיר האָט עס אויסגעזען קאָמיש, און איך האָב געזאָגט:

— א צו אָרעמע שפּראך.

לוריע האָט געקוקט אף מיר קימאט מיט קאס און א מורמל געטאָן:

— צי דען זײַנען ניטאָ אזעלכע שרײַבער, וואָס א גאנץ לעבן כאזערן זיי איבער א צוויי־דרײַ נאָטן?..

ווען איך האָב זיך באקאנט מיט נויעך לוריעס ווערק, האָט שוין בא מיר ניט ארויסגערופן קיין כידעש דער איידעלער כוש פאר הער נאטור, מיט וועלכן זיי זײַנען אזוי דורכגעזאָפּט. פון זײַן ראָמאן שמעקט מיט וואלד.

יענער איז שוין פאַרנומען מיט אַן אַנדערן. „דאַכט זיך, קאַרגלעך, — טראַכט דער פּויער מיט ווײ. — פאַר אַזאַ האָרעוואַניע...“ פאַרוויקלט עס אין אַ שמאַטקע און פאַרשטעקט אין היטל אָדער אין קיסעט.

שויעל איז מערסטנטייל געווען פאַרנומען, אויב ניט אין סמאָליאַרניע, איז ניט ווײַט אַרום דער היים: ערגעץ אין וואַלד צוגענומען פאַרגרייטע קאָרטשעס אָדער ברענהאָלץ, ערגעץ אין אַ דאָרף זיך צונויפגערעדט מיט אַרבעטער. נאָר ווי ווײַט ער זאָל זיך ניט געפינען, איז ער צו אָוונט געקומען צוריק, געווײנלעך צופוס, זעלטענער — אויף אַן אויפגעכאַפּטער פור, אי דאָס, אויב ס'האָט זיך געמאַכט אַ גיך פערדל. ער האָט געהאַט אין זינען, אַז בוניע איז אַליין און וואַרט אויף אים.

אַרײַן אין שטוב, נאָר אַריבערגעטראָטן די שוועל, שיט ער אויס פריִער פאַר אַלץ דרײַ־פיר באַמערקונגען איינע נאָך דער אַנדערער, אָן אָפּשטעל:

— וואָס איז עפּעס באַ דיר בלוי אונטער די אויגן? צײַט פאַרמאַכן דעם קוימען. האָסט שוין טאַקע אויפגעהאַנגען די גאַרדינען אויף די פענצטער, מע זאָל ניט זען קיין ביסל זון?..

בוניע הערט אויס, גרייט עסן דעם מאַן און טוט, ווי זי פאַרשטייט.

שוין פון די ערשטע וואָכן האָט זי ניט איבערגעשאַצט איר גליק, שאַרף זיך צוגעקוקט צו דעם מענטשן, וואָס איר איז באַשערט געווען מיט אים אָפּלעבן אַ לעבן.

עפּעס איז געווען אין אים אַזוינס, וואָס האָט זי איינצײַטיק אי געפאַנגען, אי אויפגערייצט: אַ הייסער, אומגעדולדיקער קויעך, אַ ווילן אַלץ באַצווינגען, אַלץ איבערשטעלן, ווי אים געפעלט. דאָס איז געווען אין זײַן בליק, אין זײַן קאָל, אין זײַן שטעל, אין זײַן גאַנג, אין יעדן קער. די טיר האָט ער געעפנט, ווי אַ ווינט, און אין שטוב, קומענדיק פון אַ וועג, אַרײַן מיט אַן אימפּעט, ווי ער וואָלט ערשט האַלטן אין רעכטן גיין. זײַן שמייכל און זײַן צאָרן, זײַן גלעט און זײַן פאָרוואָרף זײַנען געווען אומגעריכט, אָן אַ האַקדאָמע. בוניע האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט זיך צוגעוווינען צום מאַן, פילן זיך מיט אים געמוג היימיש, זײַן ליבע האָט זי נאָך אַלץ אויפגענומען מיט האַרצקלאַפּעניש, מיט אַ געמיש פון פרייד און שרעק, ווי אַ שטורעם, וואָס קאָן צעברעכן און אָוועקטראָגן ווער ווייסט וווהין.

אַליין אַ שטילע, אַ ניכטערע, מיט אַ קלאָר, צאַרט געמיט, האָט זי נאָך איר שווערער יוגנט מער פון אַלץ געטרוימט וועגן אַ ליבלעכן אויפמערקזאַמען לעבנס־פרײַנט, און דאָס, וואָס זי האָט געפונען, איז געווען ניט ערגער און ניט בעסער, נאָר גאָר אַנדערש, ווי זי האָט זיך פאָרגע־שטעלט. אין וואַלדיקן שווײַגן, אין די איינזאַמע טעג האָט זי אַ סאַך איבערגעטראַכט. זי האָט אויסגעמיטן צוזאַמענשטויסן, נאָר אויך זיך ניט פאַרלאָרן, אויף איר אויפן אײַנגעהיט די אינווייניקסטע וועלט, צו וועלכער דער מאַן האָט אַזוי ווייניק אינטערעס געהאַט. ווען ער האָט גערעדט הויך, האָט זי גערעדט שטיל. ווען ער האָט זיך געקאַסט, איז זי געבליבן רויִק. זי האָט געזען אין אים ניט ווייניק גוטס און אָפּט פאַרשוויגן זאַכן, וואָס זײַנען איר ניט געווען צום האַרצן. ייִנגער פונעם מאַן מיט אַ יאָר זעקס, האָט זי געקוקט אויף אַלץ מיט אָפענע אויגן, און ווי נאָכגיביק זי איז ניט געווען, האָט אינווייניק אין איר זיך קיינמאָל ניט געלאָשן דאָס פלעמל פון אייגענעם געדאַנק.

---

אַמאָל איז ער ענלעך אויף קופּערן, אַמאָל אויף אַקסאַקאָוון. נאָר מער פון אַלץ איז דאָס לוריע, וואָס האָט אַרײַנגע־לייגט אין אָט דעם בוך די דיכטונג, מיט וועלכער ער איז געווען איבערפולט, און די קענטעניש פונעם מענטשנס האַרץ.

אויסער דעם ראָמאַן, „אין וואַלד“, ווייס איך נאָך עטלעכע דערציילונגען לוריעס. דאָס איז ניט קיין סאַך, נאָר גאַנץ גענוג, אַז מע זאָל פאַרשטיין, אַז ער איז אַ גרויסער קינסטלער. עמעס, איך האָב די ווערק געלייענט אין אַ רוסישער איבערזעצונג און מע קאָן מיר זאָגן, אַז די מײַלעס פון לוריעס ווערק, וועלכע איך האָב געלייענט, זײַנען טיילווײַז דעם איבערזעצערס פאַרדינסט. יאָ, פאַרשטייט זיך, נאָר דער איבערזעצער איז דאָך טאַקע לוריע אַליין...

ווען איך האָב שוין געוווּסט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר נויעך לוריע, איז זײַן האַרץ שוין געהאַנגען אויף אַ האָר, נאָר צײַטנווײַז פלעגט מען אין דעם פאַרגעסן — מיט אַזאַ שטאַרקער לעבנס־קראַפט האָט געעטעמט דאָס גאַנצע אויסזען פון אָט דעם מענטשן.

זײַן גוסט, געבילדעטקײַט, זײַן הייסע פאַרינטערעסירטקײַט אינעם גורל פונעם לאַנד און פונעם שאָלעם און די עפּעס ספּעציִעל פאַר אים כאַראַקטעריסטישע מוטיקע נאָבלקײַט האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַזאַ מענטשן, אַז יעדעס מאָל, ווען איך זע איצט עפּעס אַזוינס, וואָס איז שיין, דערמאָן איך זיך אין נויעך לוריען, ווײַל ער איז אויך געווען איינע פון די שיינקײַטן פון אונדזער וועלט.

ל ע וו ס ל א וו י ן

(פון זײַן בוך «Портреты и записки»,
מאָסקווע, „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, 1965)

אין א פרײַען טאָג פֿלעגן מאַן און װײַב גײן שפּאַצירן. זי גײט זיך ניט געכאַפּט, רײַסט אָפּ א בלימל, הײבט אויף א שװאָם, פֿאַרקוקט זיך אױף די ביימער, הערט זיך צו צו די פֿויגלען. און ער פֿאַרלויפֿט אַלעמאָל פֿאָרויס, שטעלט זיך אָפּ, קערט זיך אום און לויפֿט װידער אַװעק. אַז שױעל איז געװען אויסגערוט און גוט אופֿגעלײגט, פֿלעגט ער זיך נעמען הוקען, װאַרפֿן קוילעס אין דער װעלט אַרײַן, און דער װאַלד פֿלעגט הילכן. ער צעװאַרעמט זיך, הײבט ער אָן שפּרינגען איבער קוסטעס, װאָס אַמאָל איבער א העכערן, טרײַבט אונטער בוניען, זי זאָל אויך שפּרינגען. נאָר זי איז געװען קנאַפּ געשיקט אין אָט די זאַכן. פּלוצעם גיט ער זי א כאַפּ מיט אײן דלאָניע אונטערן געזעס און הײבט זי אויף הויך אױף דער אויסגעצויגענער רעכטער האַנט. זי שרעקט זיך, בײזערט זיך.

— און אױף דער לינקער, — פֿרעגט זי, װען ער שטעלט זי אַראָפּ אױף דער ערד, — װאָלסטו מיך אויך געקאָנט אַזױ אופֿהײבן?..

זומער אין די היצן פֿלעגן זײ אינצװײען גײן זיך באָדן צו דער איסע. דאָס טײַכל איז גע־פֿלאָסן הינטערן יעלניק. בוניע האָט ליב געהאַט דאָס אָרט. שמאָלע פּאַסן לאָנקע האָבן באַגלײט דאָס טײַכל בא בײדע ברעגן, אױף יענער זײַט האָבן זיך געזױגן פֿאַמעלעך שטײַגנדיקע פֿעלדער. בעהײמעס האָבן זיך דאָרט געפּאַשעט. דאָס װאַסער איז געװען דורכזיכטיק־רײן. דער גרונט — שטײַפֿער גרײַפּלדיקער זאַמד, זשװיר, װי ער האָט בא די אָרטיקע אײַנװױנער געהײסן. זײ באָדן זיך באַזונדער, אָפּגעטײלט אײנס פֿונעם צװײטן מיט אַן אָלכע. פֿריִער גײט ער אין װאַסער, נאָכדעם זי. ער זיצט מיטן רוקן צו איר, דאָך װאַרפֿט ער אַמאָל א בליק דורך די צװײַגן. דאָ, צװישן גראָז, װאַסער און זון, זעט אויס איר יונגער נאַקעטער קערפּער װוּנדערלעך רײן און שײַנענדיק. אָט די רײנקײַט פֿרײט אים טיף. נאָכדעם גײט ער לעבן איר אײַנגעהאַלטן־שטיל און כאַפּט אָפּ אױף איר א קוק פֿון דער זײַט, זוכט באַשטעטיקונג פֿאַר זײַן געפֿיל.

■

אױף די האַרבסטיקע יאָמטויווים זײַנען די באַלעבאַטים פֿון דער הוטע אַװעק צו זיך אין פּוילן. און די יישוװניקעס פֿונעם אַרום זײַנען פֿריִער אױף ראָשעשאָנע, דערנאָך אױף יאָמקיפּער, װי אַלע יאָר אױף די פֿאַרכטיקע טעג, זיך צונויפֿגעפֿאָרן מיט װײַבער און קינדער אין שטעטעלע: דער פּאָסעסאָר איז אַראָפּגעפֿאָרן אױף אַן אײגענער פּאָר פֿערד, אײַנגעשפּאַנט אין א לאַנגן הויך־אויסגעבעטן פֿורגאָן. בערע הער מילנער מיט די צװעלף זין און טעכטער האָט זײַנע דרײַ פֿורן אַרײַנגעשיקט איטלעכע פֿון אַן אַנדער זײַט, די מישפּאָכע זאָל ניט זײַן גרויס לײַטן אין די אויגן, און מע זאָל זי, כאַלילע, ניט איבערשרײַען. נעכעמיע דער ציגעלניק, א שטילער, א מידלעך־פֿאַרהאָרעװעטער, נאָר מיט פֿריש־ראָזע באַקן, גלאַנציק־שװאַרצע קוטשעראַװע האָר און שײנע װײַנשל־אויגן, האָט זיך אומעטום געװיזן אינצװײען מיט סאָרע זײַן װײַב — אין גאַס און אין קלײט, אָפּן װעג צו דער שול און פֿון דער שול. „די פּאָר טויבן", האָט מען זײ אין שטעטל גערופֿן.

דער גראָװער ביינישׁ איז געקומען פֿון זײַן טיפֿן העק. א שװערגופֿיקער, מיט א ברײט רויט פּאָנעם, װילד־פֿאַרװאַקסן פֿאַר אַלטקײַט, אָנגעגאָסן מיט קויעך, האָט ער אויסגעזען װי א מעכטיקער קאָרטש פֿון אַן אַלטן אָפּגעזעגטן בוים. ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אין די אויגן, און זעלטן װען עמעצער האָט געהערט פֿון אים א װאָרט, פֿונקט װי ער האָט פֿאַרגעסן די מענטשלעכע שפּראַך. צום דאַװנען האָט ער זיך שטאַרק געשלאָגן אין האַרצן, און מע האָט געשמועסט, אַז ס'איז ניט אומזיסט. א מײַסע מיט א רײַכן סויכער, װאָס איז פֿון א גרויסער שטאָט אַראָפּגעפֿאָרן אין דער געגנט. ס'איז געװען מיט עטלעכע און צװאַנציק יאָר צוריק. ביינישׁ האָט אים דעמלט געפֿירט און פֿאַרלוירן ערגעץ אין װאַלד. קרויווים זײַנען נאָכדעם גע־קומען אים זוכן, דעם סויכער, — פֿאַרפֿאַלן, קײן שפּור. ביינישׁ האָט זיך געמאַכט, אַז ער װײסט ניט פֿון װאָס צו זאָגן — ניט געזען און ניט געהערט. װוּ איז דער סויכער אַהינגעקומען — דער שנײ האָט אים פֿאַרשאָטן, צי א בײזע כײַע האָט אים צורעכט געמאַכט, צי עפּעס אַנדערס איז געשען, איז געבליבן פֿאַרהוילן.

לײזער איז אין שול געשטאַנען הינטער דער בימע, װי געװײנלעך. א רויטער, מיט א קאָפּ העכער פֿונעם איבעריקן עולעם, איז ער די גאַנצע צײַט פֿון דאַװנען געשטאַנען אופֿגעהויבן דאָס פּאָנעם, אומבאַװעגלעך און גראַד־אויסגעגלײַכט, װי א סאָלדאַט פֿאַר א גענעראַל, אַמאָל געשאָקלט מיט די ליפּן, מײנסטנס אָבער נאָר געהאַלטן אָפּן דאָס מויל, דערשראָקן, װען די שול האָט געמאַכט קוילעס אין עפּעס א נײַער טפּילע. װעלװל זאַרעצקי פֿרעגט אים אױף א טשיקאַװעס:

— אָט שאַלעמויזעסטו דאָך אַמאָל עפּעס. װאָס זאָגסטו דעמלט?

ענטפֿערט לײזער:

— וואָס הייסט, איך בעט גאָט.

— אַף וואָס, לעמאַשל, בעטסטו?

— וואָס הייסט, אַף קינדער, מײַן מאַלקע זאָל ניט מאַפּל זײַן. דאַדזשע איז דאָך באַ מיר אַן אײַנציקער. וואָס טויג עס? נו, און פאַר מײַן בולאַנעם, ער זאָל געזונט זײַן. אַליין איז ער דאָך אַ שטומע צונג. נו, און פאַר אַלעמען, פאַרשטייט זיך, עס זאָל זײַן גוט... ווײַטער קיין גרויסע טפילעס קען איך ניט. מ׳האָט מיך ניט געלערנט...

בוניען האָט מען געזען אין שטעטל צום ערשטן מאָל, און מ׳האָט זיך צו איר צוגעקוקט. דעם גווירס ווײַב האָט נאָכן דאַוונען געזאָגט אַפן קאָל, אַלע זאָלן הערן, איר מיינונג וועגן בוניעס יאָמטעוודיקן קלייד:

— אָט דאָס איז איר אויסשטײַער? מ׳האָט שוין געזען בעסערס...

נאָר דעם פּראָסטערן אוילעם איז דאָס יונגע ווײַבל געפעלן געוואָרן. ס׳איז איר אַלצייגס, ווי זי שטייט, זי רײַסט זיך ניט צום אויבנאָן, זי נעמט זיך ניט איבער מיט איר שיינקײַט און קאָן דאַפקע שטילערהייט אַ זאָג טאָן אַ היימיש ווערטל, פון וועלכן עס ווערט פריילעך אַפן האַרצן.

אַז מ׳האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז שוין טיפער הארבסט. וואָלקנס האָבן באַהאַלטן די זון. אין די פרײַע שאָען איז איצט בוניע געזעסן פאַרשפּאַרט, געהערט, ווי דער ווינט פאַרגייט זיך הינטער די ווענט, ווי דער וואַלד רוישט און שרײַט, ווי דער רעגן פּאַטשט אין די שויבן, און אַ פאַרקלעמטע געוואַרט, שויעל זאָל שוין גיכער קומען, צי ווער־ניט־איז זאָל אָנקלאַפּן אין טיר.

אין אַ כמאַרנעם פאַרנאַכט איז ראָבערט דער לעסניק אַרויס פון שטוב. בוניע האָט אים געזען דורכן פענצטער. אַ הויכער, אַ סטולעוואַטער, האָט ער געשפּאַנט מיט זײַער ברייטע שאַרנדיקע טריט, ווי אַף ליזשעס. ער איז אַרוף אַפן בערגל, זיך געשטעלט אין שאָטן פון אַ בוים און פון דאָרט לאַנג און ווי אויסשפּירנדיק געקוקט צום וואַלד, דערנאָך האָט ער פאַר־מאַכט די אויגן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, און פון זײַן צעעפנטן מויל איז אַרויס אַ גראָבשטימיק אויסגעצויגן געוווי, וואָס איז אַלץ אָנגעוואַקסן, זיך אויסגעלאָזט מיט אַ ווילדן ריטש און זיך אָפּגעריסן. אַ גרויל איז דער פרוי אַדורך איבערן לײַב. אַ צײַט האָט ראָבערט ווידער געקוקט און זיך אײַנגעהערט אומבאַוועגלעך, כאָטש מע האָט גאָרנישט ניט געהערט. ס׳איז באַמערק־לעך פינצטערער געוואָרן. דעמלט איז ער נאָכאַמאָל זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוווי. דאָס איז געווען אַ קאָל פון כײַישן עלנט און הונגער, אַ רוף נאָך שפּײַז און בלוט. אַז ער איז אַנשוויגן געוואָרן, האָט זיך דערטראָגן פון וואַלד אַן ענטפער, אַ דערווײַטערטע דומפּע שטים, נידעריק און געדיכט. דער לעסניק האָט אויסגעוואַרט אַ ביסל און איבערגעכאַזערט זײַן רוף צום דריטן מאָל. איצט איז דער ענטפער אָנגעקומען פון היפש נעענטער: פרײַער אַ גראָב אַלט קאָל, און באַלד זײַנען אַרײַנגעפאַלן עטלעכע בילנדיקע בײַקעלכלעך מיט אַ ליאַרעם און אַ געפּילדער. און אַן אופגערייצטע ברומערײַ האָט זיך דערהערט, און אַ ליאַזג פון ציין, און עמעצער האָט זיך דאָרטן צעסקאַווטשעט קלאָגנדיק, ווי אַ געשלאָגן הינטל. דערנאָך איז שטיל געוואָרן.

אַ פאַרציטערטע איז בוניע געזעסן אין שטוב, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס דאָס שוידערלעכע איבערופן זיך פונעם מענטשן מיטן וואַלד באַטײַט. זי האָט געוואָלט אָנצינדן פײַער און מוירע געהאַט צו רירן זיך פון אָרט.

— געהערט אַ געמבע? — איז שויעל אַרײַן פון דרויסן, ווי געוויינלעך, גלײַך מיט דעם, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן. — ס׳איז די זי. אַן אַלטע, ווײַזט אויס, און דער קליינער האָט, נעבעך, געכאַפּט פון איר דעם רעכטן פּסאַק.

— וואָס איז עס? — האָט בוניע אויסגעשעפּטשעט און אָנגעכאַפּט דעם מאַן פאַר אַ האַנט. — סאַראַ שרעקלעכע קוילעס... און ראָבערט — וואָס איז מיט אים, וואָס ווויעט ער אַזוי?

— גאָרניט. דאָס רייצט ער די וועלף. זיי לויפן דאָ אום טשאַטעסווײַז.

■

אין איינעם פון יענע האַרבסטיקע טעג, ווען עס איז געווען שטיל אין דרויסן און בוניע האָט אויסגעהאַנגען טריקענען אַפן פּלויט עטלעכע שטיקלעך פון אַ קליין געוועש, האָט זי געזען, ווי פונעם יעלניק באַווײַזט זיך און קומט אָן בערגל־אַרויף אַן אומבאַקאַנטע פרוי. עטוואָס אָנגעבויגן פאָרויס, אַ קלומעקל אַף דער פּלייצע, האָט זי געשפּאַנט גאַנץ מונטער, מיט אַ טראָט פון אַ געוווינטער גייערן. צוגעקומען, זיך אָפּגעשטעלט, האָט זי אַ הייב געטאָן די שאַרפע אויגן.

— איר זײַט שויעלס ווײַבל? כ׳האָב פון אײַך געהערט. פרעגט זשע, ווער בין איך.

— איר וועט שוין, מיסטאַמע, אַליין זאָגן.

— א געזונט אין אייך. אוואדע וועל איך זאָגן. שיפרע בין איך. שיפרע די מעשוגענע. קיין מענטשן שלאָג איך ניט, כאָלילע, ס׳איז נאָר אזא מין צונעמעניש. און א קאפּעלע מעשוגענע־וואטע בין איך טאקע אינדערעמעסן. ווער איז מיַין פריַינט? ווו שטייט מיַין בעט? נעכטן בא עמעצן, היַינט בא אייך, מאָרגן אין טיַיך...

— קומט אריַין אין שטוב, רוט אָפּ פון וועג, — האָט בוניע פאַרגעלייגט. שיפרעס פּאָנעם האָט זיך פארקנייטשט, ווי צום לאכן.

— אָפּרוען? קינד, איך בין געקומען צו אייך וווינען. א טאָג, א וואָך, א כוידעש — וויפל איַיך וועט געפעלן און וויפל מיר וועט געפעלן. עפּשער וועל איך מאָרגן גאנצפרי, ווען איר און די פייגעלעך וועלן נאָך שלאָפן, אוועקגיין און אפילע קיין גוטן־טאָג ניט זאָגן... וואסער איז דאָ געננג? וועל איך אויסוואשן די פאָלן.

— צו וואָס זאָלט איר זיך באמיִען? ערשט נעכטן געוואשן.

— און היַינט נאָכאמאָל. שיפרע עסט ניט קיין ברויט אומזיסט.

ס׳האָט ניט געהאָלפן קיין רייד. זי האָט געטאָן, וואָס זי האָט געוואָלט. פריִער פאר אלץ האָט זי גאָר אויסגעשיַיערט די קופערנע קיילים, צעהאנגען זיי אף דער וואנט, געשפּיגלט זיך מיט פארגעניגן אין זייער רויטן גלאנץ. „אָ!“, — האָט זי געמאכט איטלעכס מאָל, ווען א שטיקל ארבעט איז געווען אָפּגעטאָן. דערנאָך האָט זי זיך א נעם געטאָן צו די דילן, בערייש געריבן, געווישט, קיין ווינקעלע, קיין שפּארונקעלע ניט פארפעלט. געבראכט פריש וואסער פאר דער קיך, איז זי אוועק צו דער קרענעצע — אזוי האָט געהייסן דאָס פארצאמטע שטיקל אָרט אף דער ריטשקע אונטן אין וואלד — און געוואשן די פיס, די הענט, דעם האלדז, די אויערן, דאָס פּאָנעם, געזייפט, געשווענקט איין מאָל און נאָכאמאָל, געפּרוווט די הויט מיט די פינגער, צי זי סקריפּעט: „אָט איצט איז עס דערוואשן ביזן גרונט“. א זויבערע, א געשטילטע, איז זי ניט גע־כאפּט געגאנגען צוריק, אריַין אין שטוב, זיך געזעצט מיט ווירדע באם טיש.

— און איצט קאָנט איר מיר געבן עפּעס עסן, — האָט זי געזאָגט רויִק.

אָפּגעגעסן, האָט זי איַינגעדרעמלט זיצנדיק. איר קיַילעכיק ברייטנאָזיק פּאָנעם, צעקעסטלט פון קנייטשן, איידעלע, ווי א צייכענונג פון א דינעם בליַיער, האָט אויך אין שלאָף געלעבט. באוועגונגען, שאָטנס זיַינען איבער דעם געגאנגען. אזוי איז זי געזעסן, דרעמלענדיק עטלעכע מינוט, מיטאמאָל געעפנט די אויגן און וואָכיק־שארף אָנגעקוקט די פענצטער.

— אָט איז שוין קימאט אויס טאָג, — האָט זי געזאָגט, — איבעראיאָר אין דער ציַיט וועט שוין זיַין א קינדעלע, פארשטייט זיך, נאָר דערוויַיל איז אומעטיק אין די אָוונטן, הא?

— אומעטיקלעך, — האָט בוניע מוידע געווען, — און איר האָט ערגעץ קינדער?

— איך האָב ניט גאָרנישט. כ׳האָב איַיך שוין געזאָגט: ניט קיין קינד, ניט קיין רינד. איך האָב ניט און איך דארף ניט גאָרנישט. איר הערט? פארשפּארט מיך אין דעם מיילעכס פּאלאץ און גיט מיר זיַין פארמעגן — טפו! — שפּיַי איך זיך אויס און גיי וויַיטער. א מענטשן דארף איך, א מענטשלעך הארץ, אזא מענטשן, ווען איך באגעגן אים, איז ער פאר מיר אלץ — מיַין פּאלאץ, מיַין פארמעגן, מיַין בעסטער פארגעניגן. קינדער... ווער האָט איַיך געזאָגט, אז איך האָב קיינמאָל ניט געהאט קיין קינד? צו גיך ווילט איר בא מיר אלץ וויסן... אוי, וויי, ווו זיַינען מיַינע אויגן? די האנטעכער זיַינען דאָך פון פּלויט אראָפּגעפאלן.

און זי איז ארויסגעלאָפן אופהייבן די האנטעכער.

צו פארנאכט האָט אָנגעהויבן בלאָזן א ווינט. די ביימער האָבן זיך צערוישט. שויעל איז ניט געווען. ער האָט געזאָלט קומען אין אָוונט, אין געהייצטן אויוון האָט אף אים געוואַרט דאָס עסן. דער לאָמפּ האָט געברענט. בוניע האָט געשטריקט א זאָק פון א קניַילכל וואָל. שיפרע איז געזעסן מיט אָפענע אויגן און געהערט. דאָס גערויש אין דרויסן האָט זיך געשטארקט. פיַיפן האָבן זיך געהערט, כליפּן, וויי־אויסרופן, געוויין.

— אָך, רעדט ער ווערטער, — האָט שיפרע געזאָגט.

— ווער?

— נו, ווער — דער ווינט. אך, האָט ער וואָס צו דערציילן, מע זאָל נאָר פארשטיין זיַין לאָשן. ווינטער בא וועלכע טירן און פענצטער האָט ער זיך ניט געדרייט, אף וועלכע וועגן איז ער ניט אויסגעווען, וואָס האָט ער זיך ניט אָנגעזען. הערט, בוניע, הערט. אך, רייַסט ער שטיקער הארץ... נו, איך וועל זיַין בא איַיך עטלעכע טעג, נאָכדעם וועל איך דאָך אוועקגיין. וווהין וועל איך גיין? צום מילנער. איך זאָג ניט, כאָלילע, אז ער איז א פארדארבענער מענטש, א גאזלען. כאָלילע. ער איז נאָר א כאזער. א כאזער איז אויך א לעבעדיקע זאך, גאָטס א באשע־פעניש, נאָר פאָרט א כאזער. „א, שיפרע, איר זיַיט שוין ווידער דאָ?“ — וועט מיך די מיל־נערקע באגעגענען. געוויס בין איך דאָ. ערגעץ מוז איך דאָך זיַין. „פארוואָס זשע זאָלט איר ניט אָנקומען אף אן אָרט פאר א דינסט? מע זוכט היַינט דינסטן מיט ליכט“... זעט איר, דאָס

ניין. שיפּרע איז ניט געווען קיין דינסט און וועט קיין דינסט קיינמאָל ניט זײַן. ווו טאָגן, ניט נעכטיקן, אויסגיין ערגעץ אונטער א קוסט, און וועלף זאָלן הריזען מײַנע ביינער, נאָר ניט זײַן א דינסט בא יענעם... נאָר הערט איר, בוניע־לעבן, מעקאָנע זײַן שיפּרען איז שוין אוודע ניטאָ וואָס...

בוניע האָט שוין לאַנג אוועקגעלייגט איר זאָק און געהערט א צערודערטע, מיט פײַכטע אויגן. א צײַט זײַנען ביידע פרויען געזעסן שווײַגנדיק. אין דער שטילקײַט האָט בוניע אָנגע־הויבן:

עלנט, פון אלע ביי־מער ווײַט,
א ביי־מע־לע זיך שטייט...

פאַרענדיקט, געשוויגן א ווײַל און ווידער זיך צעזונגען. בענקשאַפט, ליבע, פּײַן און טרוים — אלץ, מיט וואָס דאָס הארץ איז פול, איז געווען אין דעם געזאַנג. דאָס איז געווען איר ענטפער שיפּרען אף דעם, וואָס ווערטער קאָנען ניט פאַרענטפערן. אזוי זײַנען זיי געזעסן, ביידע פרויען, אליין אין דער איינזאַמער שטוב, ארומגערינגלט מיט נאכט און רוישנדיקן וואלד, ביז שויעל האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

■

ס'איז געגאַנגען דער צווייטער ווינטער נאָך בוניעס כאַסענע. דאָס יאָר זײַנען געווען גרויסע שנייען. בוניע איז שוין געווען אין די הויכע כאַדאָשים און איז קימאַט אינגאַנצן ניט ארויס פון שטוב. די לעצטע עטלעכע טעג האָט דער שניי ניט אופגעהערט צו שיטן, און דערנאָך האָט אלץ געשטויבט און געוויכערט. פּעשע איז ארײַן געוווּיר ווערן צו בוניען און האָט פאָרן אוועקגיין אָפּגערופן שויעלן אף א סאָד, אז נאָך איר מיינונג איז צײַט פאָרן נאָך דער מומע איטען. ניט קיין אומגליק, אויב זי וועט דאָ זיצן אן איבעריקן טאָג, אן ערשטלינג איז קיין קליינינקײַט ניט.

שויעל האָט אָנגעטאָן דעם פּלאַשטש און איז אוועק אין דאָרף דינגען א פור. פון דאָרטן איז ער געפאָרן נאָך איטען. דאָס איז געווען א גרויסע בייזע ייִדענע מיט צוויי בראָדעווקעס בא ביידע זײַטן נאָז. אלעמען האָט זי געזאָגט „דו" און מיט אלעמען, באַזונדערס מיט די מענער, זיך געשאַפט, ווי מיט שיק־ייִנגלעך.

— אזוי, ביסט שוין געקומען? — האָט זי באַגעגנט שויעלן, ניט ענטפערנדיק אף זײַן „גאָט־העלף". — ווערסטו שוין א טאַטע, הייסט עס, ס'האָט דיר א סאַך געוווּנט געקאָנסט, ביסט, נעבעך, זייער אָפּגעקומען דערבײַ. און ווי פאָרט מען קעגן נאכט אין אזא דרייעניש? סײַדן דו ווערסט זיך אײַנשפּאַנען אין פאָר מיטן פערד, דעמלט זאָלט איר מיר געבן די בײַטש.

א ברייטע, אן אָנגעפּרינדעטע, האָט זי אין שליטן פאַרנומען דעם גאַנצן אויבנאָן און אפילע ניט געקלערט זיך אָפּרוקן, צו געבן א שטיקל אָרט פאַר שויעלן. ער האָט זיך געמוזט צומאָסטען ווי־ניט־איז לעבן אָנטרײַבער. אין אָנהייב איז מען געפאָרן דורכן פעלד. דער וועג איז געווען פאַרווייעט, קיין סימען פון קיין קאָלייע, א ווײַסלעך־רויכערנדיקע פינצטערניש האָט זיך גע־שפּרייט ארום און ארום, ווײַסלעכע צעפלויגענע פאַטלעס אין דער שווינדלענדיקער לופט. אז מ'איז געקומען צום וואלד, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז קיין וועג איז דאָ ניטאָ. מע האָט זיך געלאָזט פאָרן אין דער ברייט. אלע ווײַלע איז דאָס פערד געזונקען ביזן בויך, קוים ארויסגע־שלעפּט די פיס, און ענדלעך איז עס אינגאַנצן געבליבן שטיין, פאָכנדיק מיט די זײַטן. שויעל איז אוועק און געקומען צוריק מיט א יעדיִע, אז דער וועג איז דאָ ניט ווײַט. נאָר דאָס פערד האָט ניט געוואָלט רירן זיך פון אָרט, וויפל מע האָט עס ניט געשמיסן. איטע איז די גאַנצע צײַט געזעסן שווײַגנדיק, ווי דאָס האָט ניט צו איר. פּלוצעם האָט זי אויסגעשריִען:

— ביז איר וועט זיך דאָ פאָרקען, וועט זי דאָרט האָבן דאָס קינד!

— וואָס זשע טוט מען?

— אלע טאַטעס אזוי: אז ס'קומט צו עפּעס, איז וואָס טוט מען? וויפל איז פונדאַנען ביז דער סמאָליאַרניע דײַנער?

— א ווערסט צוויי.

— מיט א שמיצל צי אָן א שמיצל?

— צוויי ווערסט, ניט מער.

— איז קום, לאָמיר גיין.

שויעל איז אוועק פאָרויס, און זי נאָך אים. א גרויספּיסיקע, אָנגעטאָן אין מאַנצבלשע שטיוול, האָט זי העלדיש געשפּאַנט אין טיפן שניי, ניט אָפּגעשטאַנען אף קיין טראָט. ארײַן אין קיך, א ווײַס־פאַרשאָטענע, מיט א רויט־אָנגעשמיסן פּאָנעם, האָט זי פריִער פאַר אלץ ארײַנגעקוקט

דורך דער אָפענער טיר אין די צימערן אַרײַן: בוניע איז געשטאַנען, אָנגעהאַלטנדיק זיך מיט א האַנט בא דער שאַפע, און האָט אײַנגעהאַלטן געקרעכצט.

— פריִער פאַר אַלץ דערלאַנג אהער א גלעזל בראַנפן, — האָט איטע באַפוילן און פאַמע־לעך געגומען זיך אויסטאָן. — וועט מען זיך א ביסל אָנוואַרעמען. נישקאָשע, זי וועט צוואַרטן, אָן סאַקאַנעס...

דאָס קינד האָט בוניע געהאַט אין גרויסע ווייען ערשט אַף מאָרגן אין אָוונט.

שויעל איז געשטאַנען אין קיך, די פויסטן צונויפגעדריקט, שווער געאָטעמט מיט אַן אָפן מויל, די נאָז באַדעקט מיט א שוויס.

— נו, שוין, ביסט שוין פאַרטיק, א ייִנגל, — איז איטע אַרויס צו אים מיט דער בסורע, — מאַזלטאָוו, ביסט שוין א טאַטע. האָסט זיך שוין ספּראַוועט.

ער האָט געוואָלט אַרײַנקוקן אין שלאָפצימער, האָט זי אים אַוועקגעטריבן. דעמלט האָט ער געגומען פינף וועקסענע ליכטלעך, זיי אויסגעשטעלט אַפן פענצטער און זיי אָנגעצונדן. ס'איז געווען דער פינפטער טאָג כאַנעקע. די פײַערלעך האָבן באַלויכטן די פאַרפרוירענע שויבן און דאָס מוטנע שניי־געדריי אין דער נאַכט.

## באַקאַנטשאַפטן

אין א זומערדיקן פאַרנאַכט איז בוניע אַרויס א ביסל שפּאַצירן. זי האָט געפירט פאַר א הענטל איר ערשטלינג. נאָך קיין פולע דרײַ ניט אַלט, נאָר שוין גאַנץ שטײַף בא זיך, האָט ער בערייִש געפּאַטשט מיט די באָר־וועסע פיסלעך איבערן אָפּגעקילטן ווייכן וועג־שטויב. נעענטער אַרום דער הוטע, צו וועלכער זיי זײַנען שפּאַצירנדיק אָנגעקומען, איז דער באָדן געווען פאַרוואַלגערט מיט גלעזערנעם ברוך. דאָ האָט בוניע גענומען דאָס קינד אַף די הענט, אַזוי צו מיט אים ביז איינעם פון די אָפענע טויערן און זיך אָפּגעשטעלט פאַרן אַרײַנגאַנג.

באַם קליינעם דאַניע האָבן זיך די אייגעלעך צעעפנט. ער האָט געזען גרויסע פײַערן, געזען פײַערדיקע מענטשן. אַלעמאָל האָט עמעצער פאַריסן צו דער הייך א דינעם לאַנגן שטעקן און פון אים אויסגעבלאָזן אונטערן סאַמע דאַך א פײַערדיקן קײַלעך, וואָס איז אַלץ גרעסער געוואָרן, ביז מע האָט אים האַסטיק א לאָז אַראָפּ געטאָן און גענומען וויגן הין און צוריק. פײַערן האָבן געפּאַכט אַרוף און אַראָפּ, געצייכנט אין רוים בויגנס און רייפן, און דאָס האָט אויסגעוויזן שרעק־לעך און ווונדערלעך.

ביז זי איז געשטאַנען פאַרן טויער, איז הינטערן רוקן געוואָרן פינצטערלעך. אַפן וועג אהיים איז זיי אַנטקעגנגעגאַנגען דער טיף טונקעלער וואַלד, און דאַניע האָט אַלץ אויסגעדרייט דאָס קעפּל און איבער דער מוטערס אַקסל צוריק געקוקט צו דער פײַער־באַוועגונג, וואָס האָט זיך זייער גיך אָפּגערוקט און איז שוין אויסגעקומען אַזוי ווײַט, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעשפּיגלט ערגעץ דאָרטן, ווו די זון פאַרגייט.

מער האָט דאַניע די פײַערן ניט געזען — ניט אינגיכן, ניט אין א יאָר אַרום, ווען ער איז שוין אַליין אומגעלאָפן ווו ער האָט געוואָלט. די הוטע איז נאָך געשטאַנען אַף איר אָרט, ער איז געלאָפן אַרום דעם לאַנגן ביניען, אַרײַנגעקוקט פון איין זײַט און פון דער אַנדערער זײַט, גע־זוכט די פײַערדיקע מענטשן מיט די לאַנגע שטעקנס אין די מײַלער — ניטאָ, ווי קיינמאָל ניט געווען. א צײַט האָט ער ניט געוווּסט און ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווו זײַנען זיי אהינגעקומען.

דאָס איז געווען אין איינעם א זומערדיקן פרימאָרגן. דאַניע האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז א צײַט געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אומישנע זיי ניט געעפנט. ער האָט זיך געוואָלט קלאָר מאַכן עפּעס א זאַך. שוין ניט דאָס ערשטע מאָל האָט ער אויפוואַכנדיק זיך דערמאָנט, ווי ער איז געפלויגן. ער האָט עס געדענקט זעלטן דײַטלעך. ס'איז נאָר שווער געווען צו זאָגן, ווען דאָס איז געשען — אָט ערשט צי גאַנץ לאַנג צוריק.

העכער דער סמאָליאַרניע איז געווען א געמישט וועלדל, ווו דאַניע האָט אָפט שפּאַצירט מיט דער מאַמען. דאָרט האָט ער כאַלעמויעד־פּייסעך געקליבן לילאָווע בלימעלעך „שלאָף", וואָס מע האָט, ווי ס'איז געווען אײַנגעפירט בא די יישוווניקעס פון יענער געגנט, געפאַרבט מיט זיי אייער פאַר קינדער. דאָרטן האָט ער, ווי א בעקל, געהריזעט גלײַך פון די נידעריק אַראָפּהענגענדיקע בערעזע־צווײַגן די ערשט־אַרויסגעשפּרונגענע קלעפּיקע און ביטערע בלעטע־לעך. אָט דאָס וועלדל האָט מיט איין זײַט אַראָפּגענידערט צו א טיף אונטן ליגנדיקן אָלכע־ און ווערבע־פאַרוואַקסענעם טאָל, וואָס האָט זיך געשפּרייט ביז דער איסע. פון באַרג האָט מען געזען די לאַנקע אַפן צווייטן ברעג טײַכל און די ווײַטע פעלדער. אהין, צו יענער לאַנקע טאַקע, איז דאַניע פון אָט דעם באַרג געפלויגן פּראָסט און פּאָשעט: צעגומען די הענט, ווי פליגל, אָפּגעטיילט

זיך פון דער ערד און געשוועבט אין דער לופט הויך איבער די אָלכעס, איבערן בליאַסקענדיקן פּאַס וואַסער, ביז ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין שײַנענדיקן גראָז מיט די פיס, ווי א בושעל...

ער האָט באַשלאָסן אויסצופּאָרשן די זאַך. אין איין פרימאָרגן איז ער, גאָרנישט ניט זאָגנדיק דער מאַמען, אַוועק אין יענעם וועלדל צום באַרג זען, וואָס דאָ וועט מיט אים זײַן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם ראַנד, צעשפּרייט די הענט. פאַרן לאָזן זיך פליִען האָט ער געכאַפּט א קוק אַראָפּ, גלײַך דערפילט א ניט־גוטע שוואַכקײַט אונטערן לעפעלע, נאָר דאָס האָט אים אָפּגעהאַלטן ניט מער ווי אַף איין רעגע. אינדערעמעסן, ער איז דאָך שוין פריִער אַזוי געראָטן געפלויגן, פאַרוואָס זאָל ער איצט ניט קאָנען טאָן דאָס נאָכאַמאָל? ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט און מוטיק זיך א ריס געטאָן פון דער ערד אין דער לופט אַרײַן. א נעס, וואָס ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין א קוסט, אַניט וואָלט ער זיך געקײַקלט ביזן סאַמע אונטן. א צעדראַפּעטער האָט ער קוים מיט מאַטערניש זיך אַרופגעאַרבעט צוריק אַפן שיפּוי. אַזוי איז ער אַרויס ניט וויסנדיק, צי איז ער טאַקע אַמאָל געפלויגן פון דעם באַרג, צי ניין.

צו די כידושימדיקע דערשײַנונגען, וואָס ער איז ניט אינגאַנצן זיכער געווען, צי זיי זײַנען טאַקע דאָ אינדערעמעסן, צי עס דאַכט זיך אים נאָר, האָט געהערט אויך די באָבע ציוויע. עפּשער איז זי אָנגעפאָרן, ווען ער איז געשלאָפן, נאָר איר געפינען זיך אין שטוב איז פאַר אים געווען אַן אומגעריכטע אַנטפּלעקונג. אינמיטן לוסטיקן אַרומלויפן איבער די צימערן איז ער אָנגעשפּרונגען אַף עפּעס א קליינער דאַרער יידענע מיט א צעקנייטשט פּאָנעם און ברענענדיקע מעשוגעוואַטע אויגן, וואָס האָט אים אָנגערופן באַם נאָמען און אויסגעשטרעקט אים אַנטקעגן די הענט. אומצופרידן און א ביסל דערשראָקן האָט ער זיך אָפּגעוואָרפן פון איר און אירע אָרעמס און זיך אָפּגעטראָגן אין צווייטן צימער. די מאַמע האָט געזאָגט:

— ס'איז די באָבע. ניט שיין. גיי באַקען זיך.

האָט ער זיך אומגעקערט, זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער שוועל און פאָרזיכטיק אַרײַנגעקוקט — זי איז שוין ניט געווען. ער איז אַרײַן אין קיך, נאָכאַמאָל דורכגעלאָפן די צימערן — מע האָט זי ניט געזען. ער האָט שוין געמיינט, זי איז אַוועק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז פאָרט דאָ און האָט זיך, ווײַזט אויס, אַפילע ניט געקליבן אַוועקצוגיין. סײַ איר פאַרפאַלן ווערן, סײַ איר ווידער באַווײַזן זיך איז איטלעכס מאָל געשען אַזוי גיך און אומגעריכט, אַז דאַניע האָט איר גענומען נאָכקוקן, געהאַלטן זיך גענוג אָפּגערוקט, זי זאָל אים ניט קאָנען דערלאַנגען, און סאָפּקאָלסאָף געפונען דעם באַשייד: זי באַהאַלט זיך אין פינצטערן קאַמערל, ווו דאָס זעקל זאַלץ און די גרויפּנס ליגן. ער אַליין האָט ליב געהאַט אַמאָל זיך פאַרקלײַבן אַהין און שטיין דאָרט א ביסעלע אין דער פינצטער, נאָר איצט האָט ער מוירע געקראָגן פאַר דעם ווינקל. ער האָט געהערט, ווי די מאַמע האָט דער אַלטער אויסגערעדט, וואָס זי זיצט אין קאַמערל: ניט שוין, זשע איז קיין אָרט ניטאָ אין די צימערן? די באָבע האָט געענטפערט זייער בייז און אופגערעגט, מע זאָל זי ניט טשעפּען, מע זאָל זי לאָזן צורו, אַניט קאָן זי אַוועקפאָרן כאָטש באַלד. נאָר זי איז ניט אַוועקגעפאָרן ניט אין דעם טאָג, ניט אין די נאָענטסטע וואָכן.

ס'איז געווען ווינטער. באַטאָג האָט בוניע דעם זון וואַרעם אָנגעטאָן און אים אַרויסגעלאָזט א ביסל אין דרויסן. ער האָט אַרומגעטופּעט איבער די סטעזשקעלעך, א טרײַב געטאָן זשוטשקען, כאָניעס הינטל, אָפּגעטרייסלט דעם שניי פון עטלעכע קליינע סאָסנעלעך. דער פראָסט האָט געקניפּן אין די בעקלעך, נאָר ס'איז געווען שטיל, די קאַלטע לופט — פריש, א מעכײַע אײַנצוטעמען. איז ער אַוועקגעלאָפן נאָך צו דער קרענעצע א קוק געבן, וואָס דאָרטן טוט זיך. פּלוצעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט א געפּלעפטער: צווישן די יאָדלעס האָט ער דערזען עמעצן זייער ענלעך אַף דער באָבע ציוויע. נאָר אָנשטאָט די שטענדיק שוואַרצע האָר מיט די צירלעכע לעקעלעך זײַנען אַף איר קאָפּ איצט געווען צעשויבערטע גראָווע פּאַסמעס. א רעגע האָט זי זיך אומגעקוקט מיט פאַרדאַכט און אומרו און פּלוצעם אין גרויס אײַלעניש גענומען אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס אָנטאָן: דעם מאַנטל, די קליידלעך, די שיך, דאָס העמד, און פון די זאַכן איז מיט צעשטעלטע הענט אינדערלופטן אַרויסגעשפּרונגען א מעשונעדיקע נאַקעטע באַשעפעניש — ביינער און אײַנגעשרומפּענע הויט, ברוין און קנאַקנדיק אויסגעטריקנט, באַהאַנגען מיט ליידיקע טונקעלע זעקעלעך, דאָ און דאָרט באַוואַקסן מיט מאָך. זי האָט זיך א וואָרף געטאָן אין דער פּאָלאָנקע, ראַשיק עטלעכע מאָל זיך דאָרט אָפּגעטוקט, צוריק אַרויסגעשפּרונגען און גענומען אַפּגיך זיך אויסווישן. דאָס אַלץ האָט דאַניען אויסגעוויזן אַזוי אומגעוויינלעך און אַזוי שרעקלעך, אַז ער האָט געמאַכט פיס, ניט וואַרטנדיק, וואָס ווײַטער וועט זײַן.

זינט דעמלט איז ער שוין גאָר ניט זיכער געווען, אַז די באָבע איז א מענטש ווי אַלע מענטשן. גיכער, האָט זיך אים געגלייבט, איז זי איינע פון יענער רוכעס־וועלט און קישעףֿ־פאַרשוינען, וועגן וועלכע ער האָט זיך ניט ווינציק אָנגעהערט.

סײַ װען זי איז געזעסן לײדיק, סײַ װען זי האָט עפּעס געטאָן, האָט די באָבע ציװיע גערעדט צו זיך אַלײן. אירע רײד זײַנען נאָכגעגאַנגען דעם פּלאָנטער פֿון אירע געדאַנקען. אַז אָט האָט זי געהאַט אַ שטיק גאָלד, דעם עלטערן אײַרן, ביניאָמינקען, האָט אים גאָט צוגענומען. לײַט האָבן זיך מיט אים געבענטשט, גערעדט, אַז פֿון אים װעט אַמאָל אױסװאַקסן דער צװײטער ירמיאָהו-האַנאַװי. שױן דרײַסיק יאָר באַלד, װי ער איז ניטאָ. אײן זון איז איר געבליבן. איז אים באַשערט גאָר צו זײַן אַ סמאָליאַרניק און כאַסענע האָבן פֿאַר אַ כ׳װײס-װעמען...

— און אָט איז שױן די װױפּלטע נאַכט, אַז עפּעס אַ פֿלײעלע האָט זיך צוגעטשעפּעט, לאָזט ניט שלאָפֿן, אָט איז עס דאָ, אָט איז עס דאָרט, און פּרוּװסטו עס כאַפּן, װערט עס ניט, כאַטש טו זיך אַ מײַסע אָן... אױף יענער-װעלט, ליבינקע, אַז מע קומט אַראָפּ, באַגעגנט מען ניט לױטן שײנעם פּענעמל, נײן. מע פֿרעגט גלײַך: מאַ שמעכאַ? דאָס הײסט, װאָס פֿאַר אַ נאָמען האָסטו געהאַט און װאָס פֿאַר אַ נאָמען האָבן געהאַט דײַנע עלטערן? האָסט שײן געזונגען? האָסט נאָך עפּשער געטאַנצט אױך? און װער איז דער טאַטע דײַנער? אַן עקספּעדיטאָר? אַ דאַנק, װאָס כאָטש ניט קײן שוסטער. נאָר רוף מיר אָן, זאָל זײַן אַ זײדע, אַ פֿעטער, רוף מיר אָן, איך בעט דיך, כאָטש אײן ראָװ אין דער מישפּאָכע — ניטאָ. און איך קאָן אָנצײלן זיבעציק ראַבאָנים און-צאַדיקים נאָר פֿון מײַן צאַד אַלײן!.. די קאָפּ טײ, מישטײנסגעזאָגט, איז זי אױך קאַלט. טײ דאַרף זידן אין דער גלאָז, אַניט איז עס ניט קײן טײ, נאָר — טפֿו!.. נאַ דיר גאָר אַזאַ אָנשיקעניש — אַ פֿלײעלע. שױן, דאַכט זיך, אױסגעקלאַפּט די בעטגעװאַנט, אױסגעהאַנגען אױפֿן פֿראָסט, דרײַ מאָל געװאַשן מיט קאָכיקן װאַסער דעם פּאָל, און קומט די נאַכט — אַהאַ, עס איז דאָ. אַזאַ פּיצל, אַ גאָרניט, מע זעט עס אַפּילע ניט אָן מיטן אױג, און מע זאָל פֿון דעם ניט קאָנען פּאָטער װערן, כאָטש קלאָפּיר...

טאָמער פּרוּװט בוניע עפּעס אָפּענטפֿערן, װערט די אַלטע גלײַך צערײצט:

— איך רײד ניט צו קײנעם, איך רײד צו זיך אַלײן...

דאָס פֿלײעלע האָט זיך שױן ניט אָפּגעטשעפּעט. אינמיטן נאַכט, נאָכן ערשטן שלאָף שפּרינגט די אַלטע פּלוצעם אױף, װי אָן אָפּגעבריטע, און הײבט אָן טרײַבן דאָס פֿלײעלע, פּאַטשט זיך איבערן לײַב, שאַרװעט איבערן העמד, איבערן לײַלעך, קנײַפּט די קאָלדרע, די פּערענע — ניטאָ גאָרנישט, פֿאַרשװוּנדן, פֿאַרפֿאַלן, כאָטש עק זיך!

מער לײגט זי זיך שױן ניט. בוניע האָט אײנמאָל אַרױסגעכאַפּט זיך מיט אַ װאָרט, אַז זיבן ראַבאָנים װאָלט נאָך געװען צו גלײבן, נאָר זיבעציק איז שױן אַ גוזמע. זינט דעמאָלט האָט די אַלטע אין די בעכט, װען דאָס פֿלײעלע האָט ניט געלאָזן שלאָפֿן, זיך גענומען פֿאַר אָן אַרבעט: צונױפֿשטעלן דעם צעטל פֿון די זיבעציק. זי זיצט אױפֿן בעט און שאָקלט זיך אָדער צינדט אָן דאָס קיך-לעמפּל און נעמט אַרומגײן, צײלט דערבײַ אױף די פֿינגער און שעפּטשעט די נעמען פֿון אירע זײדעס און עלטערזײדעס, פֿעטערס, עלטערפֿעטערס, שװעסטערקינדער און גלידשװעסטערקינדער, איטלעכן מיטן טיטל פֿון דער שטאָט, װוּ ער איז געזעסן אױפֿן שטול, און פֿונעם כיבער, װאָס ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט. אױפֿן צװײטן צענדליק הײבט זי געװײנלעך אָן זיך טומלען, איבערכאַזערן שױן אָנגערופֿענע נעמען, ביז זי באַמערקט עס, זיפֿצט אָפּ שװער פֿאַר האַרצװײטיק און נעמט זיך פֿאַר דער צײלעניש באַנײַס אַ קאָן.

װוּנדערלעכס האָט זיך געטאָן, אַז בא דער באָבע ציװיען איז עפּעס, װי עס מאַכט זיך, פֿאַרפֿאַלן געװאָרן פֿון אונטער דער האַנט: אַ טיכל, אַ זאָק און דאָס גלײַכן. זי האָט קײנמאָל ניט געזוכט אױף די ערטער, װוּ אַזעלכע זאַכן ליגן געװײנלעך, נאָר באַלד זיך אַ נעם געטאָן קריכן אונטער די טישן, אונטער די בעטן, אָפּרוקן שאַפֿעס, איבערטרײסלען אַלץ אונטערן אױװן, אַרופֿקוקן צו דער סטעליע, עפּשער האָט זיך עס דאָרט אױפֿגעהאַנגען. װאָס מער זי האָט געזוכט, אַלץ מער צערודערט איז זי געװאָרן, פּלוצעם שטעלט זי זיך אָפּ אַ צעפּלאָמטע און רופֿט אױס:

— די קאַץ! די קאַץ!

ניט אַנדערש, הײסט עס, נאָר די קאַץ האָט זיך מיט דער זאַך געשפּילט און ערגעץ פֿאַרשלעפּט. און די אַלטע טוט זיך אַ לאָז מיט מױרעדיקן אימפּעט נאָך דער קאַץ. קלעטערט נאָך איר אױפֿן בוידעם, דראַפּעט זיך אַרױס דורכן פֿענצטערל אױפֿן דאַך, לױפֿט איר נאָך אין גאָרטן, אין װאַלד. װאָס אײַליקער די קאַץ אַנטלױפֿט, אַלץ פֿאַרדעכטיקער װערט זי אין די אױגן פֿון דער אַלטער. אַ פֿאַרמאַטערטע קערט זי זיך אום פֿון געיעג, קומט צוריק צו איר בעט, שאָקלט מיטן קאָפּ און שעפּטשעט, ביז זי באַמערקט: אָט ליגט דאָך עס, װאָס זי האָט געזוכט, פֿון אױבנאױף.

אײנמאָל האָט זי באַמערקט, װי אַ קראָ האָט אַ כאַפּ געטאָן פֿונעם פּלױט און אַװעקגעטראָגן אינעם שנאָבל אַ שמאַטקע, אין װעלכער ס׳איז פֿריִער געװען פֿאַרװיקלט פֿלײש.

— אַ! — האָט די אַלטע אױסגעשריִען. — אָט אַזױ קאָנען זײ אָװעקשלעפּן מי-יאָדײע װאָס!

זינט דעמאָלט, װיבאַלד ס׳איז בא איר עפּעס פֿאַרפֿאַלן געװאָרן, איז זי פֿריִער פֿאַר אַלץ אַרױסגעלאָפֿן אין דרױסן און מיט אַ פֿאַריסענעם קאָפּ און אױפֿגערעגטע אױגן, פֿול מיט סינע,

גענומען קוקן צו די פֿליִענדיקע פֿויגלען, צי טראָגט ניט עמעצער פֿון זיי די אווידע אינעם מויל. די קראָען האָט זי געמאָלדן א פארביסענעם קריג, שאָענלאנג זיי געטריבן פֿון ארום שטוב, געוואָרפֿן אין זיי שטיינדלעך, שפּענער, געפּאָכט מיט האנטעכער, געשאָלטן מיט ביטערע קללאָעס, ביז זי פֿלעגט מיד ווערן און, וואָרטשענדיק דערויף, וואָס קיינעם ארט עס ניט, קיינער קומט איר ניט צוהילף, אן אויסגעשעפּטע זיך אומקערן אף איר אָרט.

פרײַטיק באטאָג. ס'איז וואָלקנדיק אין דרויסן. צי זי האָט א קוק געטאָן ניט אין דער זײַט הימל, ווו מע דארף, נאָר פּלוצעם ווײַזט זיך איר אויס, אז ס'איז שוין זייער שפּעט, און זי הייבט אָן יאָגן די שנור, וואָס איז נאָך ניט אינגאנצן פארטיק מיטן צוגרייטן דעם שאבעס, זי זאָל באלד אלץ אוועקוואָרפֿן, צײַט בענטשן ליכט. בוניע פּרוווט זי בארויִקן: ס'איז נאָך צוויי שאָ ביז זון־פארגאנג, דער זייגער ווײַזט. ווערט די אלטע נאָך מער אופגערעגט: זי דארף ניט קיין זייגער! וואָס איז זי בלינד, כאָלילע, און ווייסט ניט קיין כילעק פֿון טאָג ביז נאכט? זי רעכנט אויס דער שנור אפגיך אלע אומגליקן, אף וועלכע זי מעג זיך ריכטן פאר דער שווערער זינד, שטעלט אויס אפֿן ברעג טיש די לײַכטער, וואָס זי האָט מיט זיך געבראכט, גרייט צו די ליכט, בענטשט אָפּ און זעצט זיך אין א זײַט מיט פארלייגטע הענט און ווארפֿט בליקן דורך דער אָפענער טיר אין קיך ארײַן, ווו די שנור האָט זיך געשטעלט צוואָגן די קינדער די קעפּלעך. זי צישעט, ברענט, קוים וואָס זי האלט זיך אײַן. און בוניע הייבט זיך ניט אָן צו אײַלן: פארטיק מיט די קינדער, וואשט זי זיך אײַן אליין, דערנאָך פארקעמט זי זיך, טוט זיך איבער, קוקט זיך אָן אין שפּיגל. ערשט איצט שטעלט זי אויס אפֿן טיש די פיר גרויסע לײַכטער מיט די צוויי קלענערע בא די זײַטן, שטעקט אין זיי ארײַן די ווײַסע סטעארין־ליכט און קוקט רויִק דורכן פענצטער. פֿון דער כמארע איז ארויס און זיך באוויזן דורך די שיטערע ביימער־שפּיצן די פֿײַערדיקע ראָד פֿון דער זון, אָנפילנדיק די שטוב מיט איר פארגייענדיקער שײַן.

— אָט זעט איר, שוויגער, איצט איז צײַט בענטשן ליכט.

די אלטע קוקט א פארוווּנדערטע אף די רויטלעך־געשטרײַפטע ווענט, אף די גליִענדיקע שויבן. פּלוצעם דערהערט זי, ווי אירע ליכט קנאקן — איינס האָט אויסגעברענט, און דער פלאם ראנגלט זיך, שווימענדיק איניינעם מיטן אומגעפּאלענעם קנייטל אין צעשמאָלצענעם רעשטל ביילעוו. א צווייטס האָט זיך אונטערגעגעבן מיטאמאָל, זיך אויסגעלאָשן, אָפּגייענדיק מיט א טשאדענדיק רויכל. „אוי!", — רײַסט זיך בא דער אלטער ארויס א קרעכץ. א שרעק! אלע אירע ליבע גייען אויס, איידער זיי האָבן צום שאבעס דערצויגן... און בוניע שטייט א רויִקע איבער אירע ערשט אָנגעצונדענע לויטערע פלאמען, די אויגן זײַנען פארדעקט מיט די צונויפגעשטעלטע פינגער, און די ליפּן באוועגן זיך, שעפּטשען, זי בעט פאר איר מאן און פאר אירע קינדער. און ווען זי נעמט אוועק די הענט פֿון פּאָנעם, לויכט זיך עס מיט יוגנט און מוטער־ערנסט. די אלטע קוקט, פינטלט מיט די אויגן פארלוירן, ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן. זי זעט באשײַמפּערלעך, אז דער שאבעס איז שוין אין שטוב, שוין שפּעט צו פאריכטן דעם פעלער. א דערשלאָגענע, א דערשראָקענע זיצט זי אײַנגעבויגן און שטיל, זי פארשטייט ניט, פארוואָס קומט עס איר, זי זאָל אזוי פארשעמט ווערן?..



אין דרויסן איז געווען אן אָדליגע. ס'האָט געקאָפּעט פֿון דאך. די טריט זײַנען געזונקען אין פּײַכטן קאשיקן שניי. די הוילע בערעזע אנטקעגן שטוב, א באקלעפּטע מיט וואָראבייטשיקלעך, ווי מיט הונדערטער באָמבל־גלעקלעך, האָט נאָכאנאנד געקלינגלט, געהילכט אינדערלופטן. דער טאטע איז געקומען פֿון וועג מיט מאטאָנעס: צוקערנע פישעלעך, שעפעלעך, קאטשקעלעך, א צוקערנער האָן. דער ווארעמער האָמענטאש האָט גערייצט דעם אפּעטיט. דער זיידע האָט געמאכט פֿון האָלץ א שווערן שרײַענדיקן גראגער. גוטע זאכן און פרייד האָבן זיך א שאָט געטאָן איינע נאָך די אנדערע. אזוינס איז נאָך ניט געווען.

נאָר דאָס אלץ, ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, איז געווען ניט מער, ווי אן אָנזאָג אף די כידושים, וואָס זײַנען געשען ערשט מאָרגן. סאָף טאָג, ווען מע האָט אין שטוב גענומען גרייטן דעם טיש צו דער פורימדיקער סודע, זײַנען פֿון וואלד ארויסגעפאָרן צוויי שליטנס מיט מאָדנע פארשוינען: די פּנעמער אויסגעשמירט בא וועמען מיט סאזשע, בא וועמען מיט פארב. אף די קעפּ פּאפּירענע היטלען, קרוינען און קאָלפּעקעס. די געמיינע פערדלעך האָבן קוים געשלעפּט די פיס, נאָר די פארשוינען אין די שליטנס זײַנען געווען שטארק פריילעך. אלע פאראמאָל האָבן געהוקעט, געטיוקעט, געשמיסן די פערד אין די מאָגערע זײַטן, ווער מיט דער בײַטש, ווער מיט א רוט, ווער ס'האָט גלאט געפּאָכט מיט דער האנט אינדערלופטן. א פידל האָט גערימפּלט, א פײַקל האָט געפײַקלט. אין דעם אָנטרײַבער פֿון דער ערשטער פור האָט דאניע

דערקענט איטשע כיטריקן — נאָך דער לאַנגער און שמאָלער באָרד. דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען שטאַרק פאַרענדערט: פאַרשמירט מיט קאַלך און פאַרליאַפּעט מיט רויטס, דעריקער די נאָז. כּעוורע האָבן זיך אַרויסגעוואַלגערט פון די שליטנס, און איטשע, ווי אַ היימישער אין דעם אָרט, האָט זיי אַרײַנגעפירט אין שטוב.

— אַ גוטן פּורים, רעב שויעל, זאָל אײַך גיין גוט און ווויל! אַ גוטן פּורים, ליבע בוניע, וואָס ס'איז גאָר ניטאָ צו אײַך קיין גראַם, זאָלט איר האָבן פון אײַערע קינדערלעך נאַכעס אַ יאַם! די געפילטע פיש, זע איך, שטייט שוין אַפן טיש, בראַנפן און ווײַן וועט, מיסטאָמע, זײַן. מיר זײַנען פּורימשפּילער, מיר זײַנען אַלעמען געפעלן, מיר וועלן די אַכאַשווייִרעש־שפּיל פאַר אײַך טאָן שטעלן. נאָכדעם וועלן מיר אַלע אײנייִנעם צום טיש זיך זעצן און די העלדזער, ווי גאָט האָט געבאָטן, טון טאָן באַנעצן. מאַכט אַ וואָרע!

אין שטוב איז געוואָרן ענג. זאַסיע, דעם לעסניקס ווײַב, איז מיט אַ קינד אויף די הענט אַרײַן אַנקוקן די מאָדנע געסט. אינגיכן זײַנען צוגעקומען פּעשע מיט דער טאָכטער, לייזער מיטן זון, דער אַלטער טראַכים. בוניע האָט אָפּגעלייגט איר אַרבעט, זיך צוגעזעצט און אוועקגעשטעלט דאַניען לעבן זיך.

די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן אָן איבעריקע שיִעס.

דער לופער[1] האָט געמאָלדן:

— שפּרינץ קאַוואַליער האַמאַן, קאָם היר אַרײַן.

— אַרײַן! אַרײַן!

אַ הויכער באַלעגאָלע־יונג מיט אַ מעשונע־גײַוועדיקן אָנשטעל איז אַרײַן פון קיך מיט די ווערטער:

— אָ, דאָ היר קאָם איך אַרײַן, שפּרינץ קאַוואַליער האַמאַן, מיט מײַן שטאַרקער מאַכט.

— וועלכער שוואַרצער־יאָר האָט דיך אַהער געבראַכט? — האָט אים דערויף אָפּגעענטפערט איטשע כיטריק־מאָנדרעכײַ, און די שפּיל האָט זיך צעפלאַקערט.

באַזונדערס האָט אַלעמענס הערצער געריַרט וואַשטי: אַ קליין קירזשנערל, אָנגעטאָן אין אַ ווײַבעריש קלייד, דאָס בערדל פאַרבונדן מיט אַ טיכל. וואַשטי האָט שוין דערמיט אויסגענומען, וואָס זי האָט ניט געוואָלט ווײַזן זיך פאַרן הויף אַ נאַקעטע, ווי דער ווילדער אַכאַשווייִרעש האָט עס פאַרלאַנגט. דערצו האָט דער קירזשנער וואַשטי געהאַט זייער אַ זיס קינדעריש־דין שטימעלע. און אַז זי האָט גענומען טײַנען:

— פּאָטער קיניג, פּאָטער קיניג, וואָס האָסטו געטאָן גרויסן אויף מיר דײַן צאָרן,
צי בין איך דען, צי בין איך דען מיט אַ פרעמדן מאַן פאַרומרייניקט געוואָרן?

און מע האָט דערהערט די ווערטער:

— ווער וועט שוין מײַנע שיינע לענדער פּאַראַס און מאָדײַ מאַכן אַרבון,
אַז איך, די קיניגין וואַשטי, מוז פון שיינער, זיסער, ליבער, ליכטיקער וועלט אוועקשטאַרבון? —

איז שוין טאַקע אומעגלעך געווען צו בלײַבן גלײַכגילטיק. די פרויען האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און הילכיק געזיפצט.

איטשע כיטריק־מאָנדרעכײַ האָט פריילעך געמאַכט דעם עולעם מיט זײַנע שטיק. דער קאַנצלער שרײַט אים אין אויער אַרײַן:

— אַלטער ייִד מאָנדרעכײַ!

— אַפן בויך שרײַ! — קומט אַפן אָרט דער ענטפער.

דאַן גייט עס ווײַטער:

קאַנצלער: דעם קיניג אַ שידעך ריידן?

מאָנדרעכײַ: אַ כידעש ריידן?

קאַנצלער: ניין, אַ שידעך ריידן.

מאָנדרעכײַ: זאָג זשע אַזוי.

דער רויטער לייזער האָט מיטאַמאָל אַ לאַך געטאָן אַזוי, ווי אַ וואָגן וואָלט זיך צעיאָגט איבער קאַרטשעס.

נאָכדעם האָט איטשע זיך אַ נעם געטאָן פּראָווען איבער דער קיניגלעכער פּאַר באַדכאָנישע קידושן:

הארײ — עס זאָל אײַך זײַן, קינדערלעך, וויבד און ווײ.

את — עס זאָל אײַך שמײַסן דער ווילנער קאַט.

מעקודעשעס — יאַק סאָבאַקאַ ברעשעש.

---

[1] אַ מין קאָנפעראַנסיע אין דער פּורימשפּיל.

בעטאבאס — דריַי יאָר זאָלט איר זיך וויקן אין קוואס און אפן פערטן זאָל מען איַיך ארויסוואַרפן אפן גאַס.

זו — פּאַצעלויטע בעלו קאָזו.

קעדאַס מוישע וועיזסראָעל — די קאַפּאָרע זאָלט איר איַינעמען פאר קאָל־ייִסראָעל.

איצט האָבן שוין אַלע געלאַכט אַזוי, אַז מאַנדרעכיַי האָט געמוזט רײַסן זיַין הייזעריקע שטים, מע זאָל אים הערן.

ער האָט געדאַרשנט:

— דו, מיילעך, אַז דו וועסט דאַרפן האָבן מעל אף שאַבעס, זאָלסטו גיין איבער אַלע מיסטן און צונויפקליַיבן אַלע שקראַבעס...

אַפילע שויעל, וואָס דער שפּאַס איבער עסטערן האָט אים לעכאַטשילע א ביסל געאַרט, האָט שוין אויך געשמייכלט.

דאָ האָט זיך באַוויזן די באָבע ציוויע. די גאַנצע ציַיט איז זי געזעסן אין פינצטערן קעמערל. פלוצעם איז זי אַרויס. בא דער טיר האָט מען זיך צערוקט, באַפריַיט איר א וועג. זי איז געבליבן שטיין בא דער שוועל און פון דאָרטן מיט אופגעבראַכטע ברענענדיקע אויגן אַנגעקוקט, וואָס דאָ טוט זיך.

— שויעל! — האָט זי אף א קאָל א רוף געטאָן דעם זון.

ער איז אַרויס צו איר. האָט זי גליַיך גענומען שעפּטשען:

— ווי דען, זי איז בא דיר טיַיערער פון דער מאַמען. איר זאָל זיַין פריילעך אפן האַרצן, איז בא דיר רעכט מאַכן פון דער שטוב א טעאַטער. האָסט גאָר קיין כאַרפּע ניט.

— איך זע ניט, וואָס איז דאָ, — האָט שויעל זיך פאַרענטפערט, — א יידישער מינהעג.

— א שניַידערשער מינהעג, א שניַידערשער! — האָט די אַלטע נאָך צאָרנדיקער זיך צעשעפּטשעט. — דו זעסט ניט... דאָס איז דאָך די מיַיסע, וואָס זי גיט צו דיר א שמייכל, זעסטו שוין ניט און הערסט שוין ניט גאָרנישט. איך רייד צו דיר — ווי צו דער וואַנט... אָ, אָ! — האָט זי אָן אָנגעצונדענע אופמערקזאַם געמאַכט שויעלן אף דער שפּיל.

מאַנדרעכיַי האָט זיך ווידער צערעדט, גענומען שיטן נאָכאַנאַנד, זינגענדיק מיט א ניגן פון סליכעס:

אַמאָל בין איך געווען א וויסטער באַלעבאָס,
האָב איך געהאַט א ציגעלע אָן א האָרן און אָן א נאָז,
אָן א נאָז און אָן א האָרן,
אף דיר, האַמאָן, מיַין באַלעבאַטישקיַיט געזאָגט געוואָרן.
ווי די ציגעלע איז אין שול אַריַינגעקומען,
אַזוי האָט זי די באָבע בריַינע אויבנאָן אַרופגענומען.
ווי די ציגעלע האָט אָנגעהויבן טאַל צו זאָגן,
אַזוי האָבן אַלע וואַיַבלעך און מיידלעך אָנגעהויבן צו וויינען און צו קלאָגן.

שויעל האָט געוואָלט צוליב טאָן דער מוטער, האָט ער געבעטן איינעם פון די שפּילער, זיי זאָלן עס מאַכן קירצער, נאָר מאַנדרעכיַי האָט זיך געטאָן זיַינס: „פּוץ פון די סליכעס אַראָפּ, אף אונעסאַנע־טויקעף אַרויף“, האָט ער געמאָלדן און זיך א נעם געטאָן אַרבעטן מיַיסים אף א ניַיעם שטייגער.

אונעסאַנע טויקעף, טאַטע,
קדושאַס האַיוים, מאַמע,
א גאַנצן יאָר דאַסט מען,
אַז עס קומט ראַשעשאָנע, בלאָזט מען.
א גאַנצן יאָר יענצט מען,
אַז עס קומט יאָמקיפּער, בענטשט מען.

— פאַרמאַך דיַין טרייפענעם מויל! — האָט די אַלטע פלוצעם אויסגעשריִען צו איטשע־מאַנדרעכיַיען מיט אַזא קאָל, אַז די שפּיל האָט זיך טייקעף אָפּגעשטעלט.

— וויי בין איך, — האָט ציוויע וויַיטער געליאַרעמט, — צווישן יידן צי ניין! מיַין טאַטע, אָלעווהאַשאָלעם, האָט זיי אפן שוועל ניט אַרופגעלאָזן, די יימאַכשמויניקעס... א שיינעם טאַכלעס האָט זי געמאַכט פון דיר און פון דער שטוב. גענוג פאַר מיר! קיין איין שאָ בליַיב איך דאָ מער ניט מיט איר, גענוג!

צווישן אוילעם איז געוואָרן א גערודער. איטשע האָט זיך א וויַילע אַרומגעקוקט, דערנאָך אויסגערופן:

— איז, הייסט עס, ניט געפידלט, מיילע... הײַנט איז פורים, מאָרגן איז אויס, גיט אונדז אַף בראַנפן און טרײַבט אונדז ארויס.

— קיינער טרײַבט אײַך ניט, — האָט בוניע געזאָגט, אופהייבנדיק זיך פון אָרט. — איר זײַט גוטע געסט. איך בעט אײַך, עסט מיט אונדז.

— דו הערסט, דו הערסט? — האָט די אַלטע אויסער זיך געשריִען, טײַטלענדיק מיט א פינגער אַף דער שנור. — מײַן פוס וועט דאָ מער ניט געדאַכט ווערן. טייקעף זאָלסטו מיר גיין נאָך א פור!

זײַטיקע מענטשן זײַנען זיך צעגאַנגען. די אַלטע האָט זיך צוריק באַהאַלטן אין איר קעמערל. די כעוורע פורימשפּילער האָבן נאָך א קורצן אייצע האַלטן זיך אָפּגעזאָגט זיך צו בלײַבן אַף דער סודע. שויעל האָט איבערגעגעבן איטשען א דרײַערל אַף דער קאָמפּאַניע. זיי האָבן זיך ארײַנגעוואָרפן אין די שליטנס און מיט פידל און פײַקל אוועקגעפאָרן ווײַטער — צו בערע דעם מילנער. דער יאָמטעוו, וואָס האָט זיך פאַר דאַניען אָנגעהויבן אַזוי פריילעך, איז פאַרשטערט געוואָרן.

## באַ די זילבערצווייַגס

די פײַערדיקע מענטשן מיט די לאַנגע רערן אין די מײַלער, וואָס דאַניע האָט אַנומלטן געזען, האָט ער ניט פאַרגעסן. איצט האָט ער שוין געוווּסט, פאַרוואָס זיי זײַנען מער ניטאָ, — דער פאָרעץ וויל ניט, זיי זאָלן זײַן. וועגן דעם פאָרעץ האָט דאַניע געטראַכט: ער דאַרף זײַן זייער א שטאַרקער און זייער א שלעכטער. טאָג און נאַכט טוט ער נאָר און קלערט וועגן דעם, וויאַזוי שלעכטס צו טאָן. כאָטש ער איז א מענטש, ווערדליק מע רעדט, נאָר ס׳קאָן זיך מאַכן, אַז באַנאַכט קערט ער זיך איבער אין א וואָלף און לויפט אום איבערן וואַלד. קיין וואָלף האָט נאָך דאַניע ניט געזען, נאָר געהערט אים וואָיען און אָפּט, איבערהויפּט אַפן געלעגער פאַרן שלאָף, זיך אויסגעמאָלט: אויגן ברענענדיקע אין דער פינצטער, אַן אָפענער פיסק, פון די גרויסע ציין קאַפּעט בלוט... א סקרוך גייט דעם יִנגל איבערן לײַב, שרעקלעך. נאָר שטאַרקער פון דער שרעק איז די היץ און דער אימפּעט. ס׳גדויערט ניט קיין רעגע, און א שײַט האָלץ פאַרשטאָפּט שוין דער בייזער כײַע דאָס מויל ביזן סאַמע שלונג. ער וואַרגט זיך, דער וואָלף, ער וואַרפט זיך, נאָר ער קאָן גאָרניט מאַכן — דאַניע קוועטשט שטאַרק אָן אַפן שײַטל האָלץ, לאָזט ניט אַרויסשפּײַען. „האו־האו, — בעט זיך די כײַע, — נעם עס ארויס“... „ע, ניין, וועסט מיך אופעסן“... „האו־האו־האו, לאָז מיך אָפּ. כ׳בין ניט קיין וואָלף, איך בין דער פאָרעץ. איך וועל דיר געבן, וואָס דו ווילסט, די שענסטע זאַכן“... „ניין, ניין, וועסט מיך הארגענען“... און דאָס יִנגל לייגט זיך אָן נאָך שטאַרקער, שטופּט דעם פלאָקן דער כײַע אין גאָרגל מיט אַלע קויכעס...

און אָט איז דער פאָרעץ מיט א סאַך געסט ארויפגעפאָרן אין וואַלד אַף א גרויס געיעג — טייל רײַטנדיק, טייל אַף ליניייקעס געשפּאַנט אין פּאָר נאַשפּיץ. מיט די יעגער זײַנען אָנגעקומען א סאַך הינט — איינציקע און טיטשקעס: איינע פלאַם־רויטע, מיט א געקרײַזלטער וואָל, אַנדערע ראָב און ווײַס, מאָדנע לאַנגע און שמאָלע, מיט שמאָלע קעפּ און זייער הויכע דינע פיס, נאָך אַנדערע — ברוינלעך־געלע, גרויסע, ווי קעלבער, זיצן וויכטיק אופגעהויבן די שווערע מײַלער, די שווארצע ליפּן שלאַבעריק אָפּגעהאַנגען באַ די ווינקלען. טוט איינער פון זיי א כאַפּ א דערעסנדיקע פליג, גיבן די ציין א ליאַזג, אַז עס קלינגט. און די פערד — גרויע, שווארצע, גניאַדע, מיט א גלאַנציקער פעל, געדעקט מיט רײַכע פּאַפּאָנעס. סאַרא שיינקײַט, סאַרא קויעך! דאָס יִנגל פלאַטערט, שלינגט די סלינע. ער זעט נאָר די הינט און די פערד, מער גאָרניט. פּלוצעם הערט ער, ווי דער טאַטע זאָגט: „בראָנסקי דער פאָרעץ, אָט איז ער“... דאַניע קוקט מיט שרעק און נײַגער. מענטשן באַוועגן זיך פאַרבײַ פענצטער, רײַטער פאָרן פאַרבײַ, נאָר וועלכער פון זיי איז דער פאָרעץ, איז אים געבליבן אומבאַוווּסט. די מאַמע האָט געזאָגט:

— ניין, ניט ווו גאָלד און זילבער, ניט ווו שיינע פערד און טײַערע קאַרעטעס שטייט אײַן די מענטשלעכקײַט... אַזוי יונג, אַזוי רײַך, האָט ער ניט אַנדערש געמוזט כאַסענע האָבן נאָר פאַר אַן אַלטער אַלמאָנע א פאַרזעעניש, וואָסי, זי האָט אים ארײַנגעבראַכט זיבעצן גיטער נאַדן. איז ער דאָך שוין קיין מענטש ניט. הײַנט מיט די זילבערצווײַגס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, מיט דער הוטע...

דאַניע האָט געהערט דעם שמועס. אים איז געווען זייער וויכטיק דאָס, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט. ער אַליין האָט דאָך געטראַכט, אַז דער פאָרעץ איז ניט קיין מענטש, נאָר עפּעס אַנדערש. לאָזט זיך אויס, אַז די מאַמע מיינט אויך אַזוי.

איניינעם מיט בראָנסקין און זײַנע געסט זײַנען אָנגעקומען א סאַך פויערים, אָנגעטריבענע פון די דערפער, ווער מיט ביקסן, ווער מיט פלעקער אין די הענט. ס׳איז אַן אַבלאַווע אַף וועלף,

איז דאַניע געוואָרן, און א גאַנצן טאָג האָט ער זיך צוגעהערט צום וואַלד. ס'איז געווען שטיל, דאָס געיעג איז געגאַנגען ערגעץ ניט נאָענט אַפּאַנעם, נאָר די שטילקייט, האָט געדאַכט, איז עפּעס אַן אַנדערע, אייִדער אַלע טאָג. דאַניע האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, געפֿילט, קימאַט געזען דאָס געראַנגל, וואָס איז געגאַנגען אין וואַלד. ער האָט געאָטעמט, געלעבט אײַנײַנעם מיט דער געיאָגטער כײַע און מיט אירע פֿאַרפֿאָלגער, אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק, געשטשירעט די ציין און געמאַכט: „הר־ר־ר...‟ באַלד „פּאַף־פּאַף‟ — אויסגעשאָסן פֿאַרן יעגער. דערנאָך א פֿאַרווונדעטער געשלעפּט א פֿוס, און די אייגלעך האָבן אויסגעדריקט ווילדקייט און פּײַן. און ווידער זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אַפֿן וואַלד, געזוכט אויף אים סימאָנים פֿון דעם, וואָס עס טוט זיך אין זײַן טיפֿעניש, געוואַרט אויף דעם, וואָס דאַרף זיך פֿון דאָרטן ווײַזן...

צום סאָף טאָג האָט מען אים אַרויסגעטראָגן. א געלבלעך־גרויער, א גרויסער, איז ער געהאַנגען איבערגעקערטערהייט, געבונדן מיט בײדע פּאָר פֿיס צו א גראָבן דראָנג, וואָס צוויי שטאַרקע פּויערים האָבן געהאַלטן זײַנע עקן אויף די אַקסלען. דער פֿאַרדרייטער קאָפּ מיטן ברייטן שטערן האָט זיך געהוידעט אין גאַנג און געוויזן די מוירעדיקע רײַס־ציין. די פּויערים האָבן אים דורכגעטראָגן דורכן יישעוו, דערנאָך אַרופֿגעוואָרפֿן אויף דער פֿור, וואָס איז געגאַנגען הינטער זיי.

אַזוי האָט דאַניע געזען אין איין טאָג אי דעם פּאָרעץ, אי דעם וואָלף.

— מאַמע, זאָג, ער איז א שיינער? — האָט געפֿרעגט דאַניע, ליגנדיק זיך שלאָפֿן.

— ווער?

— דער פּאָרעץ.

— א שיינער? איך ווייס ניט... איך וואָלט ניט וועלן, מײַן קינד, דו זאָלסט זײַן ענלעך צו אים.

— און זײַן פֿערד? האָסט געזען זײַן פֿערד?

— דאָס פֿערד איז שיין, זייער שיין.

■

אין אײנעם א פֿאַרנאַכט דעם זעלבן האַרבסט האָט זיך געעפֿנט די טיר, און בוניע האָט דערזען בא זיך די אַלטע פֿרוי זילבערצווײַג מיט איר טאָכטער ברײַנדל. כאָטש מע איז געווען שכײנים שוין א היפּש ביסל יאָרן, איז ביז דאַן אָבער ניט געווען דער פֿאַל, אַז עמעצער פֿון דער מישפּאָכע זילבערצווײַג זאָל איבערטרעטן די שוועל פֿונעם סמאָליאַרניקס הויז. בוניע האָט די געסט אויפֿגענומען רויִק, ניט אַרויסגעוויזן קיין פֿאַרוווּנדערונג, ניט נאָכגעפֿרעגט זיך אויף גאָרניש. זי האָט געטראַכט: „ס'איז זיי, נעבעך, ניט גוט, פֿאַרבייגט מען שוין דעם ייִכעס און מע זוכט צו וועמען זיך צוטוליען‟... זי האָט דערלאַנגט טיי. די אַלטע האָט געוואַרעמט די הענט בא דער גלאָז. קוקנדיק אויף דער טאָכטער, וואָס איז אָפּ פֿון טיש א ביסל פֿאַרברענגען מיטן קליינוואַרג, האָט זי שטיל גערעדט:

— געמײנט, מ'עט איר געבן דעם שיינעם כאָסן מיטן שיינעם נאַדן, און אַצינדערט וואָס? יאַך זאָג — לאָזט מען אַראָפּ פֿונעם וואַלד, מ'עט דאָ אָסגיין, נאָר דער זון מײַנער, לייבוש־דאָוויד, זאָל געזונט זאַן, וויל פֿון גאָרניש הערן...

דאָס האָט לייבוש־דאָוויד אײַנגערעדט די מישפּאָכע אַרײַנלייגן אין געשעפֿט דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן. ער האָט זיי אַלעמען מיטן האָב־און־גוטס אַריבערגענומען אין וואַלד. איצט האָט ער ניט גערוט, איטלעכס מאָל געפֿאָרן צו נײַע אַדוואָקאַטן. די לאָדעניש מיטן פּאָרעץ איז געוואָרן זײַן קרענק. דערווײַל איז די הוטע געשטאַנען פֿאַרלאָשן. די אַרבעטער זײַנען זיך צעפֿאָרן.

פֿון דער זײַט האָט מען ניט ווייניק געזען. ס'איז געווען א שפּאַן מיט א פּאָר פֿערד — פֿאַרקויפֿט. געווען דרײַ דינסטן — אָפּגעזאָגט. ערשט ווען בוניע איז אײַנגיכן נאָך דער אַלטערס באַזוך געווען בא די פּוילישע אין הויז, האָט זי באַגריפֿן, ווי גרויס דער קורבן איז. דער אַלטער זילבערצווײַג, רעב יאַנקעוו, איז געזעסן אין זײַן פֿאָטעל, די פֿיס אָנגעשפּאַרט אויף א בענקעלע, אין מויל די פֿאַרלאָשענע לאַנגע ליולקע, פֿון די אַקסלען ביז אונטער די פּיאַטעס פֿאַרדעקט, פֿאַרוויקלט מיט פֿאַטשיילעס און פֿלעדן. ווי שטענדיק, האָט מען פֿון אים זעלטן־ווען געהערט א וואָרט. די גראָוע האָר, דער הויכער שטערן, די האָרבאַטע נאָז האָבן אויסגעדריקט ווירדע, ער האָט נאָר באַקומען א געוווינשאַפֿט שטיל־שטיל מיט גאָר א קאַרגער באַוועגונג נאָכאַנאַנד שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי אויף א טויטן, איבער וועלכן מ'איז שוין מיד געוואָרן צו וויינען.

ווי פֿריִער, איז אומעטום געשטאַנען דאָס שיינע מעבל פֿון די טײַערע געהילצן, באַשלאָגן מיט פֿײַן־אויסגעאַרבעטע רײַכע שטאָפֿן, נאָר אויף אַלץ, צו וואָס מע זאָל זיך ניט צורירן מיט א פֿינגער, איז געלעגן א געדיכטער שטויב. קעלט און אָפּגעלאָזנקײַט האָבן געוועלטיקט אין די צימערן. ברײַנדל האָט זיך ניט געשיקט געפֿאָרעט באַם אייוועלע מיטן נאַסן האָלץ, וואָס האָט

געציִשעט, געריײַכערט, ניט געוואָלט ברענען. ס׳איז אַרײַן לײבוש־דאָוויד: דער סורדוט צעשפּי־ליעט, פון אונטערן זשיליעט הענגען די ציצעס, די הויזן — אין די שטיוול, דאָס קײַלעכיקע פּאָנעם אין ראַם פון די שוואַרצע באָרד און פּייעס — נאָך בלייכער, ווי שטענדיק, די אויגן — ווי פאַרטשאַדעט. אַרײַן, זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אַ ווײַל אויף די היימישע, אויפן גאַסט, גאָרניט געזאָגט, זיך ניט פאַרנייגט און אוועק צוריק.

פּלוצעם האָבן זיך פון די ווײַטע צימערן דערטראָגן קוילעס. אַ פרוי האָט זיך דאָרט צעטיי־נעט, צעיײַלעט און פון מאָל צו מאָל אַרויסגעלאָזט קוויטשערײַען, ווי אַ קאַץ, וואָס מע האָט איר פאַרקלעמט דעם עק. די אַלטע זײַנען געבליבן זיצן, נאָר אַנשוויגן געוואָרן און זיך צוגעהערט. די קוילעס האָבן זיך גענומען דערנעענטערן, ס׳זײַנען דערגאַנגען אויסגעשרייען: „אָסער זאָל דיר זאָן! נעם ליבערשט מאַן בלוט״... לײבוש־דאָוויד איז אַרײַן מיט אַן אַרופגעפּאָרענעם היטל, די הענט פאַרשטופּט שטײַף אין די קעשענעס. האַנדזיע, זײַן ווײַב, איז אים נאָכגעלאָפן, געכאַפּט פאַר די אַרבל, געשלעפּט צו זיך.

— ווי איז מיאָר, גאָזלען, ס׳אי דאָך אַ יערושע פון מאַאַן מאַמעשי!.. — האָט זי אויסגערופן מיט אַ ניגן, אין וועלכן ס׳איז געווען אויסגעדריקט די העכסטע מעגלעכע פאַרוווּנדערונג און אופגעבראַכטקײַט.

ער האָט די האַנט פון קעשענע ניט אַרויסגעלאָזט. די אויסגעבאַנקעוועטע אויגן זײַנען געווען אָנגעגאָסן מיט גרויזאַמער אײַנגעשפּאַרטקײַט.

— שווער און שוויגער, גוואַלד געשריגן, וואָס שוואַגט עץ? — האָט זי ניט אופגעהערט צו ליאַרעמען.

אַ לאַנגע, מיט אַ שמאָל פּאָנעם און אַן אויסגעצויגענער נאָז, האָט זי אויפן קאָפּ געהאַט אַן אופגעטורעמט שײַטל פון פלעכטלעך און לאָקנדלעך, און איר קלייד — פון רויטן זײַד, איבער־געצויגן מיט שוואַרצע שפּיצן, — איז געווען לאַנג ביז די פּיאַטעס, מיט אַ הויך־געשטעלטער טאַליע, אין די אויערן — אוירינגלעך, איטלעכס פון אַ מענגע קונציק־אײַנגעפּאַסטע דימענטלעך מיט אַ רובין אין דער מיט. קוקנדיק אויף עמעצן, איבערהויפּט ווען זי איז געווען אופגערעגט, האָט זי זייער אָפט געפינטלט מיט די אויגן. אויף איר וועגדונג האָט די שוויגער גאַנץ אײַנגעהאַלטן געענטפערט, אַז אירע פּערל האָט זי אָפּגעגעבן, ווי אַלע ווייסן, נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק, און איצט, אויב לײבוש־דאָוויד, זאָל געזונט זײַן, הייסט, מעג האַנדזיע געבן איר ציטער־שפּילקע. ס׳איז אַ שווערע צײַט, מוזן אַלע צולײַדן. מיסטאַמע וועט גאָט העלפן. דאָ האָט זיך די שנור אַנידערגעזעצט אויף אַ שטול און זיך צעוויינט, פאַרשטעלנדיק די טרערן מיט אַ האַנט, און זיך צערעדט מיט גרויס ראַכמאָנעס אויף זיך, אַז זי איז דאָ, נעבעך, אַליין, דער פאָטער און די מוטער זײַנען אויף דער עמעסער וועלט, נאָר, נישקאָשע, זיי הערן און זעען, וויאַזוי מע באַגייט זיך דאָ מיט זייער קינד. זיי וועלן ניט שווײַגן...

דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט, ווי בוניע וואָלט גאָר דערבײַ ניט געווען.

אַז האַנדזיע האָט זיך אַ ביסל אויסגעטײַנעט, האָט זי אָנגעהויבן כאַלעשן. מ׳האָט איר געגעבן צו שמעקן פון עפּעס פלעשעלעך און אָפּגעפּירט אין אירע צימערן. לײבוש איז אַרײַן צוריק צו די אַלטע און אַ צערודערטער גענומען אומגיין מיט ברייטע טריט הין און הער.

— יאָך וועל הערגיין ביז פּייטערבאַרג! — האָט ער פּלוצעם אויסגעשריִען. — ער איז טאַ־קעש פאַן בראָנסקי, אָבער יאָך בין לײבוש־דאָוויד זילבערצווײַג, און מ׳עט נאָך, מערטשעם, זען, ווער עלטער איז, ער וועט נאָך צאָלן, דער יִמאַכשמויניק, מיט גאָלד פאַר יעדן טראָפּן בלוט, וואָס ער פאַרצאַפּט אונדז. זײַט רויִק. יאָך וועל אים צושטעלן דעם ראַכטיקן כעזשבן. יאָך וועל נאָך, מערטשעם, אומקערן האַנדזיען איר צירונג און דיר, מאַמעשי, דײַנע פּערל מיט נאָכאַמאָל אַזויפיל צוגאָב. יאָך, לײבוש־דאָוויד, דײַן עלטערער זון, זאָג עס דיר צו...

און ער איז ווידער אוועק שפּאַנען איבער די צימערן.

# קינדער

צי ווײַל דאַניע איז אונטערגעוואַקסן און אָנגעהויבן אופמערקזאַם ווערן צו זאַכן, וואָס זײַנען אים פריִער ניט אָנגעגאַנגען, צי ווײַל דאָס יאָר איז געווען טאַקע באַזונדערס רײַך אין געשעענישן, נאָר קיינמאָל ביז אַהער האָט ער נאָך ניט געהאַט צו טאָן מיט אַזויפיל נײַסן, קיינמאָל איז דאָס קעפּל זײַנס ניט געווען פאַרנומען מיט אַזויפיל נײַע דערשײַנונגען, וואָס האָבן געטאָרעט, געכידעשט און אָנגעשטרענגט.

מיטאַמאָל, ווי צונויפגערעדט זיך, האָבן די ווײַבער פון דעם יִשעוו איינע נאָך דער אַנדערער זיך אַ נעם געטאָן אַרויסשיטן קינדערלעך אויף דער וועלט.

די ערשטע איז געלעגן געוואָרן פּעשע כאַניעס. ס׳איז געשען נאָך פרילינג־צײַט. פאַרנאַכט האָט בוניע געשיקט אַהין דעם זון לייענען אַ שיר־האַמײַלעס. ער איז געקומען, זיך אָפּגעשטעלט

פאַרן צימער פֿון דער קימפּעטאָרן, אַרײַנגעקוקט דורך דער אָפֿענער טיר. אינווייניק איז געווען האַלב־טונקל. פּעשע, אַ גרויסע, אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן טשיפּעק, איז געווען מיט ווײַסע לײַלעכער אונטערגעבעט און איבערגעדעקט. נאָך עמעצער איז דאָ געווען ערגעץ אין בעטגעוואַנט. אַלץ האָט געוויזן, אַז ער איז דאָ, אַלע האָבן אים געהאַט אין זינען, נאָר מ'האָט אים ניט געזען, קיין פּיפּס פֿון אים ניט געהערט. אָפּגעזאָגט דעם שיר־האַמײַלעס און באַקומען די זשמעניע געקאָכטע אַרבעס, האָט דאַניע אויסגערופֿן: „אַ גוטע נאַכט דעם יִנגעלע!“ ער האָט עס אויסגעשריִען מיט אַ הויך קאָל, אַז דער, וואָס מע מיינט אים, זאָל הערן, און גלײַך האָט ער אים דערפֿילט, אָט דאָס נײַע יִנגעלע, מאָדנע אייגן און לײַבלעך נאָענט, מאַמעש ווי אַ וואַרעם קעצל אין בוזעם.

אַ גאַנצן אָוונט איז דאַניע פֿול געווען מיט אָט דעם געפֿיל. ער האָט געהאַט אַ יִנגער ברודערל, נאָר ווען און וויִאַזוי ער האָט זיך באַוויזן, דאָס האָט ער ניט באַמערקט, וועגן דעם ניט געטראַכט. דאָס מאָל איז ער געווען אי דערפֿרייט מיטן נײַעם נעפֿעשל, אי פֿאַרכידעשט מיט דער פּלוצעמדיקייט פֿון זײַן אַרויסשפּרינגען אויף דער שײַן, אי אָנגעשטרענגט פֿון דער אומקלאָרקייט דערפֿון, וויִאַזוי ס'איז געשען. נאָר אינגיכן האָט ער עס פֿאַרגעסן, איבערהויפּט נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגעקוקט דאָס פֿאַרקרימטע פּענעמל. ס'איז אים ניט געפֿעלן געוואָרן, און דאָס ערשטע קרויוועשאַפֿט־געפֿיל איז באַלד פֿאַרשוווּנדן.

זומער איז געבוירן געוואָרן אַ יִנגל בײַ מאַלקע לייזערס. דאָדזשע, דער עלטערער זון, איז ביז אַהער געווען אַן אײנציקער בײַ איר. זי פֿלעגט אָפֿט פֿאַרגיין אין טראָגן, נאָר פֿלעגט מאַפּל זײַן נאָך אין די קליינע כאַדאָשים.

— צו וואָס טויגסטו, באַגראָבן ווער, אַוועק פֿון מײַנע אויגן, — פֿלעגט לייזער נאָכדעם טרײַבן זי פֿון זיך.

דעם זומער האָט ער איטלעכס מאָל, קומענדיק פֿון וועג, פֿריִער פֿאַר אַלץ געכאַפּט אַ קוק אויפֿן ווײַבס בויך. ער האָט ניט געגלייבט, אַז פֿון דאָרטן זאָל נאָך אַרויסקומען אַ לעבן, פֿונדעסטוועגן האָט ער זי מער ניט געשאָלטן, ניט געשטורכעט, פֿון אַ גוט וואָרט אָבער אויכעט זיך אָפּגעהאַלטן, געשוויגן און אויסגעוואַרט.

אינמיטן טאָג איז ער געקומען אַהיים אומגעדולדיק און באַומרויִקט. ער האָט נאָך אַלץ ניט געזאָגט גאָרנישט, שווײַגנדיק און פֿאַרשעריש נאָכגעקוקט נאָך יעדער האַווײַע און קנייטש פֿונעם ווײַב. אויף מאָרגן גאַנצפֿרי האָט ער באַשלאָסן, אַז ס'איז שוין צײַט. ער האָט אָנגעטראָגן וואַסער, אָפּגעשאַרט מאַלקען, ווען זי האָט געוואָלט אײַנהייצן דעם אויוון, און אַליין עס געטאָן. נאָכדעם אײַנגעשפּאַנט דאָס פֿערד און אַוועקגעפֿאָרן אין נאָענטן דאָרף ברענגען אַ באַבקע.

ער איז אַליין אַרײַן צו בוניען אָנזאָגן די בסורע.

— אַ באָכער, — האָט ער געזאָגט, — קומט מיט רעב שויעלען אויפֿן בריס.

ער האָט באַצײַטנס פֿאַרגרייט בראָנפֿן און באַשטעלט בײַ אַ באַקאַנטן פֿויער פֿיש, וואָס פּעשע האָט זיך גענומען אָפּקאָכן. אַ פּאָר טעג איז ער געווען אויף אַ וואָזקע. ערעוו דער סימכע האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים.

ס'איז געווען פֿאַר זון־פֿאַרגאַנג. ניט מאַלקע, ניט דאָדזשע זײַנען אים ניט אַרויס אַנטקעגן. ער איז אַרײַן אין שטוב, האָט ער דערזען ליגן אויף דער ערד עפּעס אַ לענגלעכס. מאַלקע איז אַ צונויפֿגעקאָרטשעטע געזעסן אויפֿן בעט און האָט, שטיל וואָיענדיק, זיך געשאָקלט. צוגעשפּאַרט צו בײדע בײַשטידלעך, זײַנען בײַ דער טיר געשטאַנען דאָדזשע און דאַניע.

— וואָס איז דאָס? — האָט לייזער אויסגעשריִען אין דער שטילקײַט.

ער איז געשטאַנען צעשפּרייט די פֿיס, אונטערשפּאַרנדיק די סטעליע מיט זײַן הייד, און געוואַרט, מע זאָל אים ענטפֿערן. מאַלקע האָט זיך נאָך הייסער צעוויינט, געשטיקט אין זיך דאָס קאָל, זיך ניט דערוועגט און ניט געקאָנט אויסריידן אַ וואָרט, געציטערט, ווי אין פֿיבער. לייזער האָט אַראָפּגעקניט צום קערפּערל, שטאַרק זיך צוגעבויגן, אײַנגעגעסן זיך אין דעם מיט די אויגן. ער האָט עס אַ נעם געטאָן אונטערן קעפּל, אַ דריי אויס געטאָן צו דער שײַן, דערנאָך מיט דער זעלבער האַסטיקײַט און פֿאַרשעריִשן נײַגער אונטערגעהויבן אַ הענטל, אַ פֿיסל און זיי געלאָזט אַראָפּפֿאַלן צוריק. אין חײַן בליק, אין זײַן גאַנצער האַנדלונג איז געווען אומגלויבן און קאַס.

— ווען? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן, אופֿשטייענדיק.

— אָט ערשט־אָ, נאָך קיין שאָ ניטאָ.

— אַ מולטער! — האָט ער אויסגערופֿן.

דאָדזשע האָט גלײַך דערלאַנגט, וואָס דער טאַטע האָט געהייסן.

לייזער האָט איבערגעדעקט דאָס טויטע קינד און מיטן בײַטש־שטעקל גענומען קלאַפּן אויף דער איבערגעקערטער מולטער. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך אויף אַ רעגע אָפּגעשטעלט, אונטערגעהויבן די מולטער, אָנגעקוקט דאָס קינד און באַפֿוילעריש געמאַכט: „נו!“ צוריק איבערגעדעקט און געבריאַזגעט, געהאָגלט מיט קלעפּ, ביז אַ שווייס האָט אים באַשלאָגן. דעמאָלט האָט ער צוגע-

נומען די מולטער און, א שטארק צוגעבויגענער, א פארשטומטער לאנג באטראכט דאס קער־פערל, זיך צוגעהערט. נייך, ס'האט זיך ניט גערירט, ס'האט ניט געאָטעמט, ניט ארויסגעוויזן קיין סימאָנים פון אופשטיין צום לעבן.

— וואס זאל איך איצטער טאָן מיט דיר? — האט ער אויסגעדונערט צו מאלקען. — ביסט א מאמע, וואס זיצסטו?

— איך קאָן ניט, — האט די פרוי א שולדיקע געשעפטשעט. — איך גיי אָפּ מיט בלוט.

— אך, פעגירע, אומגליק מײַנער! — האט ער אויסגעקרעכצט, זיך אראָפּגעזעצט אף דער באנק און פארן קאָפּ זיך אָנגעכאפּט.

דאָדזשע איז שוין געווען א באָכערל פון א יאָר צוועלף, פארן סמאָליארניקס יינגל ניט קיין פאָר, נאָר באטאָג, אז זיי האָבן זיך באגעגנט, האט ער ניט געקאָנט אײַנהאלטן זײַן צאר, זיך באקלאָגט: „אונדזער קליינינקער שטארבט”. דאניע איז ארײַן זען, וואס איז דאס אזוינס. א צײַט האָט ער געקוקט אף דעם, וואס עס טוט זיך באם וואָזאק אין שטיבל, און מיטאמאָל א דערשראָ־קענער זיך געלאָזט לויפן אהיים. ארײַנגעלאָפן, צוגעפאלן צו דער מוטער און זיך צעוויינט, גע־טוליעט דעם קאָפּ אין איר שויס, געמיט זיך אײַנצוימען די טרערן, אנשוויגן ווערן און ניט געקאָנט זיך שטילן. וויפל די מוטער האט אים ניט אויסגעפרעגט, געבעטן, ער זאל דערקלערן, וואס איז מיט אים, האט ער ניט געענטפערט, — זיך דערמאָנט, וואס ער האט געזען, און ווידער אויסגעבראָכן אין א געוויין.

ווי שווער ס'איז ניט געווען צו קוקן, ווען לייזער האט געקלאפּט מיטן שטעקן איבער דער מולטער, האט עס דאניע דאך פארשטאנען, געוואָרט, אז דאס אייפעלע וועט פון די קלעפּ זיך אופכאפּן, און אלץ וועט ווידער ווערן קלאָר און גוט. דערפאר האט ארומגענומען אזא שרעק, ווען ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז ס'איז פארפאלן. ס'איז געשען אזוינס, וואס מע קאָן ניט פאַ־ריכטן. איבערהויפּט האט ווי געטאָן פארן קליינינקן — וואס וועט איצט זײַן מיט אים, וויאזוי וועט ער עסן, וויאזוי וועט ער לעבן, וואס וועט מען טאָן מיט אים, וו וועט מען אים אהינטאָן, אז ער רירט ניט מיט קיין פינגער, אָטעמט ניט, קאָן שוין אפילע ניט וויינען.

אינמיטן נאכט האט זיך דאניע אופגעכאפּט און דערהערט הארצרײַסנדיקע וויי־געשרייען. ער איז אראָפּ פונעם געלעגער, אָפּגעבויגן א ברעג לײַלעך, מיט וועלכן די טיר איז געווען פאר־האנגען, און פון דער שוועל ארײַנגעקוקט אין צווייטן צימער, אהין, פונוואנען די גוואלדן האָבן זיך דערטראָגן. דאָרטן האט געברענט א לאָמפּ. דאס שטוב־מיידל איז דאָרט געווען און עפּעס א פרעמדע גרויסע יידענע. די מאמע איז געלעגן אין בעט מיט אָפּגעדעקטע פיס, און זי האט עס אזוי שוידערלעך געשריִען.

אָנגעטאָן אין איין קורץ העמדל, איז דאס יינגל געשטאנען א צערודערטער און זיך אײַנ־געהאלטן ניט אויסצוברעכן אין א געוויין. ער האט זיך פארשטעלט מיטן לײַלעך, מיטן בײַשטידל, מע זאל אים ניט באמערקן. אָט איז די מאמע שטילער געוואָרן אף א מינוט, אפילע עפּעס א זאָג געטאָן צו דער פרעמדער יידענע. יענע איז געווען רויק די גאנצע צײַט. דאניע האט שוין געמיינט, אלץ איז גוט, מע קאָן גיין צוריק שלאָפן, די ווײַזערס אפן פאַספּארעסצירנדיקן ציפער־בלאט אין דער פינצטער האָבן געוויזן צוועלף. פלוצעם האָבן זיך די געשרייען באנײַט אזוי, אז דאס יינגל איז אופגעטרייסלט געוואָרן, ניט געוווסט, וווהין זיך צו קערן — אנטלויפן און פאר־שטאָפּן די אויערן, צי געפינען יענעם, וואס איז שולדיק אין די ווייטעקן, און ווארפן זיך אף אים מיט די פויסטלעך און מיט די ציין. פול מיט שרעק האט ער געקוקט אף דער מאמען און אף דעם, וואס עס קומט מיט איר פאָר, וווּיל געדענקט, אז מע טאָר ניט קוקן, און ניט געקאָנט אָפּווענדן דעם בליק.

ביסלעכווײַז איז דאס ראכמאָנעס אף דער מאמען, וואס האט אים אָנגעכאפּט אין אָנהייב, באלד ווי ער האט זי געטראָפן אין דער פײַן, ניט געבליבן. עפּעס זייער א גרויסע האט זי אים גענומען אויסווײַזן, גאָר אנדערש ווי געוויינלעך, — מאמעש א ריזן. ס'איז קאָנטיק געווען, אז זי איז פארנומען מיט א וויכטיקער און זייער א שווערער זאך. דער גאנצער קערפּער אירער איז פארנומען דערמיט, אָנגעשטרענגט ביז לעצט. ס'האָבן זיך געפילט אין דעם קערפּער גוואל־דיקע קויכעס. די אויגן — שטרענג אָנגעצילט ערגעץ אין דער לופט צו דעם, וואס נאָר זי האט געזען, דאס פּאָנעם — טרויעריק־פאראקשנט, אזש רויט, די מעכטיקע קני אופגעשטעלט — א טויער, פון וועלכן עמעצער האט געדארפט אָנקומען. און אלע האָבן אף אים געוואָרט, אויך דאניע האט געוואָרט מיט אָפּגעשטעלטע טרערן, מיט פארביסענע ליפּן, קעדיי זיך ניט צעהיכצן.

און אָט איז יענער, דער אָפּגעוואָרטער, ארויס אף דער שײַן. ער איז געגאנגען, שווימענדיק אין דער מוטערס בלוט, וואס האט זיך צעגאָסן ברייט, ווי א טײַך. די פרעמדע האט זיך צוגע־בויגן, עפּעס געטאָן. א באפרײַענדיק אָפּעטעמען האט דורכגערוישט. דער מוטערס קאָפּ מיטן

פּלוצעם בלייך־געוואָרענעם פּאָנעם איז מיד געפֿאַלן אפֿן קישן, און בא דער פּרעמדער אין דער אופּגעהויבענער האַנט האָט זיך באַוויזן און זיך געמאָלדן מיטן ערשטן געשריי אַ פּיַיכט רויטלעך נעפּעשל. „אַ מיידעלע!..״ האָט דאַניע דערהערט, און געזען: די מאַמע האָט אַ שמייכל געטאָן.

דאַניע איז געשטאַנען אין דער טונקלקייט און געציטערט. מע זאָל זיך ניט דערוויסן, אַז ער האָט געקוקט, איז ער טייקעף אַוועק צו זיך אפֿן געלעגער און איינגעדעקט זיך איבערן קאָפּ. פֿון אונטער דער קאָלדרע האָט ער געהערט, ווי די ייִדענע זאָגט צום שטוב־מיידל:

— לאָז אים שלאָפֿן. ער וועט שוין מאָרגן געוווויר ווערן.

שפּעטער מיט עטלעכע וואָכן, איינמאָל אין אָוונט, ווען די קלענערע קינדער זיַינען שוין געשלאָפֿן און דאַניע איז געזעסן אַליין מיט דער מאַמען, האָט ער פּלוצעם אַ פֿרעג געטאָן:

— פֿריִער, איידער איך בין געבוירן געוואָרן, בין איך אויך געלעגן בא דיר אין בויך, ווי כאַנעלע?

בוניע האָט אים אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט.

— פֿאַרשטייט זיך, מיַין קינד, — האָט זי געענטפֿערט.

דאַניען האָט דאָס מאָל עפּעס מאָדנע גערירט, וואָס די מאַמע האָט אים אַזוי אָנגערופֿן: „מיַין קינד״... כאָטש זי פֿלעגט זיך אָפֿט ווענדן צו אים מיט דעם וואָרט, נאָר געוויינלעך האָט ער עס ניט באַמערקט.

— און לאַנג בין איך געלעגן בא דיר אין בויך? אַלע מאָל?..

— גענוג לאַנג.

פֿאַרן שלאָף האָט ער, ליגנדיק אפֿן בעטל, זיך פֿאַרגעשטעלט, וויאַזוי ער איז דאָרט געזעסן אין איַינגעטוליעטער אין דעם וואַרעמען פֿינצטערן שטיבעלע בא דער מאַמען אין בויך. איידער ער איז געבוירן געוואָרן, איז ער דאָרט געזעסן אַלע מאָל. פֿון דעם געדאַנק איז געוואָרן אַזוי ווויל און שטיל, אַזאַ גוטער פֿאַרשטענדלעכער אָנהייב, און אַלץ דורך דעם אָנהייב אַזוי פּאַשעט, אַזוי אייגן און ליב, ווי די היים...

# דער ביַיט

הינטערן וואַלד, אָנהייב דאָרף האָט בא די ליים־גריבער געוווינט נעכעמיע דער ציגעלניק. געלעבט האָט ער ניט ריַיך, קיין בראָנפֿן ניט געטרונקען. די קינדער זיַינען געווען זיַין איינציקע פֿרייד. זיי זיַינען געוואַקסן געזונטע און געראָטענע. נאָכן טאָג אַרבעט איז דער גרעסטער פֿאַרגעניגן זיַינער געווען, ווען דער בכאָר פֿלעגט אים שאַבעס נאָכן שלאָף צוטראָגן עפּעס פֿון דעם, וואָס ער האָט געגאַשט אין כיידער: פֿאַרטיַיטשן אַ פֿאַרשע כומעש צי דערציילן די מיַיסע וועגן דאָוויד־האַמעלעך און זיַין זון אַווישאַלעם. דעמלט האָט ער פֿאַרשטאַנען, צוליב וואָס ער לעבט אַף דער וועלט, און די האָרעוואַניע איז געווען בא אים אָנגעלייגט.

דריַי קינדער האָט נעכעמיע געהאַט. פּייסעך צום סיידער זיַינען זיי אַלע אין באַניַיטן אָנטאָן צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע געזעסן אַרום טיש, שיַינענדיק מיט די געצוואָגענע שוואַרצע קעפּ־לעך, די בלײַענדיקע באַקן צעפֿלאַמט נאָך די ביסלעך וויַין, וואָס מע האָט אָפּגעזופּט פֿון די קויסעס, און ווען נעכעמיע האָט געזונגען „לך כי לך, לך אף לך״[1], האָבן די גרעסערע אונטערגע־האָלפֿן, און די קלענסטע, וואָס איז נאָך קיין פֿיר ניט אַלט געווען, האָט צוגעקלאַפּט מיט די הענטלעך. אַף מאָרגן אינדערפֿרי, אַז נעכעמיע האָט געעפֿנט די אויגן, זיַינען די פֿענצטער געווען פֿאַרגאָסן מיט פֿרילינגדיקער זון, סאָרע, זיַין וויַיב, איז שוין געווען אופּגעשטאַנען, אין אַלע ווינקעלעך האָט יאָמטעוודיק געבלאַנקט, און דער ציגעלניק האָט געטראַכט, אַז ציכטיקער און ליכטיקער איז קיין שטוב ניט צו געפֿינען אין דער גאַנצער סוויווע און אַז קיין בעסערס און שענערס אין לעבן קומט אים ניט און ער דאַרף גאָר ניט.

נאָר באַטאָג האָט זיך די קליינע עפּעס באַקלאָגט, אַז דאָס קעפּל טוט איר וויי. די מוטער האָט צוגעלייגט די ליפּן צום שטערן און געפֿונען, אַז ער איז וואַרעם. צו אָוונט האָט שוין דאָס קינד געברענט, ווי אַ פֿיַיער. איין שכיינע האָט געזאָגט — ס'איז דיפֿטעריִע, די אַנדערע — סקאַרלאַטינע, נאָר אַלעמען איז געווען קלאָר, ס'איז אָן איַינהאָרע. מע האָט געשיקט נאָך דער אַלטער אַנטאָשע, דער שפּרעכערן. מ'האָט אויך געשיקט נאָך טשאַפּלינסקי, דעם פֿעלדשער. ער האָט רוישיק געסאָפּעט, באַוועגט מיט די וויַיסע וואָנצעס, געהייסן איַינגעבן דער קראַנקער פֿון עפּעס אַ פֿלעשעלע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, גענומען זיַין פֿאַרטעלע און איז אַוועק.

אינקורצן נאָך יאָמטעוו איז נעכעמיע מיטן צווייטן אָנהייב־פֿרילינגדיקן וועג געפֿאָרן אין שטעטל אַריַין. דער וועג איז געגאַנגען פֿאַרביַי דער סמאָליאַרנע.

[1] לעכאָ קי לעכאָ, לעכאָ אַף לעכאָ — אַ פּראַזע פֿון דער פּייסעכדיקער האַגאָדע.

— ווּהין שלעפּט איר זיך אין אזא בלאָטע? — האָט שויעל פֿונוויַיטן צום ציגעלניק אויס־געשריִען.

נעכעמיע האָט נאָר א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און טיף אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. הינטער אים אין וואָגן, מיט א טישטעך איבערגעדעקט, איז געלעגן זײַן מיזינקע. ער האָט זי געפֿירט באַ־האַלטן אפֿן ייִדישן בעסוילעם.

דרײַ מאָל איז דעם זומער נעכעמיע געפֿאָרן מיטן וועג, וואָס גייט פֿאַרבײַ דער סמאָליאַרניע אין שטעטל אַרײַן, און איטלעכס מאָל האָט זיך דער קאָפּ זײַנער געבויגן אַלץ נידעריקער. קיי־נער האָט אים שוין ניט אָפּגעשטעלט, ניט באַגריסט, ניט געפֿרעגט, וווּהין און נאָך וואָס ער פֿאָרט. מ׳האָט געוווּסט: דער טויט האָט זיך באַזעצט באַם ציגעלניק אין שטוב. באַגעגנטע האָבן באַגלייט מיט די בליקן די שרעקלעכע פֿור און זיך ניט דערוועגט איר נאָכצוגיין.

אַז נעכעמיע האָט דעם לעצטן אָפּגעפֿירט, האָט ער זיך געזעצט אַפֿן נידעריקן בענקעלע און באַהאַלטן דאָס פּאָנעם אין די הענט. פֿריִער האָט ער געוויינט, געזאָגט טילים, געבעטן גאָט, געטאָן זײַן אַרבעט אַף דער ציגעלניע, ווי ער איז עס געוווינט געווען צו טאָן זײַן גאַנץ לעבן. אַזוי — קאָלזמאַן כאָטש איינס איז נאָך געבליבן און ס׳האָט נאָך געשלאָגן אין דעם אָדער. איצט איז ער געזעסן צונויפֿגעפּרעסט די ליפּן, שטום. ס׳איז געקומען די צײַט פֿון דאַוונען — אין אָוונט, אינדערפֿרי, — איז ער ניט אופֿגעשטאַנען, דאָס מויל ניט געעפֿנט. סאָרע האָט אים צוגעטראָגן עפּעס עסן, האָט ער געטאָן א פּאָר זופּ, צעקײַט א קאַרטאָפֿל און ווידער פֿאַרדעקט די אויגן. מענטשן האָבן א צײַט לאַנג אויסגעמיטן זײַן שטוב. די ציגעלניע איז געשטאַנען פֿאַרלאָשן און פֿאַרלאָזט.

צום ערשטן מאָל האָט זיך נעכעמיע ווידער באַוויזן צווישן מענטשן אונטער יאָמקיפּער. ער איז, ווי אַלע ייִשוווניקעס, געקומען אַף יאָמקיפּער אין שטעטל אַרײַן. מע האָט אים און סאָרען זײַן ווײַב דאָ געקענט פֿון די פֿריִערדיקע יאָרן, זיי שטענדיק באַגעגנט מיט א שמייכל. ווי פֿריִער, האָבן זיי זיך געהאַלטן צוזאַמען, נאָר געגאַנגען זײַנען זיי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אָפּ־געשיידטע און געבראָכענע.

אין שול איז ער, ווי אַלע, געשטאַנען אין קיטל און טאַלעס. נאָר קיין מויל ניט געעפֿנט — ניט צו קאָלנידרע, ניט א גאַנצן טאָג אַף מאָרגן. די פֿולגעפּאַקטע שול האָט געזאָגט די טפֿילע־זאַקע, געברומט אײַנגעהאַלטן, געהודעט ווי א בינשטאָק. דער כאַזן מיט די מעשוירערים האָבן אָפּגעזונגען קאָלנידרע, און דער אוילעם האָט זיך צעשאָקלט, זיך צעהילכט, איטלעכער — פֿאַר זיך, אַף זײַן שטייגער, אַלע קוילעס צונויפֿגעגאָסן אין איין שטורעמדיקן געוויש, איבער וועלכן עס האָבן זיך דערהויבן דאָ און דאָרט באַזונדערע גוואַלד־אויסגעשרייען און געציקלטע ראָכ־מאָנעס־קעלכעלעך. קיינער האָט זיך מער ניט אומגעקוקט אַפֿן ציגעלניק. ערשט צום סאָף, אַז מע האָט זיך שוין גוט אָנגעשריִען און אינדערגרינג דערזאָגט די רעשטלעך, האָט עמעצער פֿון די דאַוונער געזען, ווי נעכעמיע שטייט שטײַף צוגעשלאָסן דאָס מויל, קוקט פֿאַר זיך, און דער מאַכ־זער ליגט געעפֿנט באַם סאַמע אָנהייב, קיין איין בלעטל איז ניט איבערגעקערט. פֿון צעטראָגנקײַט איז דער דאַוונער אליין א מינוט געבליבן שטיין מיט א פֿאַרמאַכט מויל, פֿאַרגעסן אין דער טפֿילע. וועגן דעם, וואָס ער האָט געזען, האָט ער קיינעם ניט געזאָגט.

אַף מאָרגן האָבן עס נאָך אַנדערע באַמערקט. מ׳האָט זיך איבערגעוווּנקען, אָנגעוויזן איינער דעם צווייטן אַפֿן ציגעלניק. עמעצער פֿון דער מיזרעך־וואַנט האָט עס ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן און זיך צעבייזערט: „אײ־אײ!“ און געגומען טײַטלען מיט א פֿינגער אַף נעכעמיען, אַפֿן מויל, אַפֿן מאַכזער און אַרוף צו דער סטעליע. נעכעמיע האָט אופֿגעהויבן אַן אָפּגעפֿרעמדטן פֿײַנפֿולן בליק און גאָרניט געענטפֿערט. א ייִד פֿון דער מיזרעך־וואַנט איז צוגעגאַנגען צום ציגעלניק.

— נעכעמיע, — האָט ער געזאָגט מיט צאָרן און שרעק, — וואָס טוט איר, ס׳עפּעס א שפּילכל?

— איך ווייס, — האָט דער ציגעלניק געזאָגט, — נאָר איך קאָן ניט...

— סטײַטש, ס׳עפּעס א קלייניקײַט, יאָמקיפּער, א פּיש אין וואַסער ציטערט, און מיט וועמען הייבט איר זיך אָן — מיט גאָט?

— איך פֿאַרשטיי. נאָר אַז איך קאָן ניט. די צונג קערט זיך מיר ניט איבער.

עמעצער האָט געזאָגט:

— וווּן ער עפֿנט א מויל, האָב איך מוירע, וועט זײַן ערגער. זאָל ער שוין גלײַכער שווײַגן.

דער ראָוו האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, מע זאָל דעם ציגעלניק לאָזן צורו.

די ייִשוווניקעס האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע היימען אין די וואַלדישע העקן. אין די האַרבסטיקע רעגנס, אין די ווינטערדיקע שנייען האָבן די צעוואָרפֿענע מישפּאָכעס זיך געהאַלטן איטלעכע לעבן איר פֿײַער, באַ איר אָנגעהייצטן אויוון, אַרום דער גרויסער שיסל מיטן וואַרעמען געקעכטס. אין די לאַנגע נעכט האָט א קריי פֿון א האָן, א מעקע פֿון א קעלבל, א געוויין פֿון א

קינד אָנגעזאָגט דעם וועג־מענטש, אז א יִשעוו איז נאָענט. אויב פון דעם יִשעוו האָט ניט געשמעקט מיט געפּרעגלטע גענדז, האָט געשמעקט מיט פריש־געבאקן ברויט. אויב א יונגע פרוי האָט ניט באגלייט דעם דורכפאָרער מיט א בליק פון דער שוועל, איז א הינטל נאָכגעלאָפן מיט א פרייִלעכער בילערײַ. נעכעמיעס שטוב איז געשטאנען עלנט און שטום. מע האָט געוווּסט, ער לעבט נאָך, און אויך סאָרע, זײַן ווײַב, לעבט. אין די אָוונטן האָט זיך דאָרטן געלויכטן פאַר־שעמט א זײַטיק פענצטערל. נאָר זעלטן ווען איבערן קוימען האָט זיך געוויזן א רויך. קיין פּאָנעם פון קיין אײַנוווינער האָט מען פאַר דער שטוב ניט געזען וואָכנווײַז, און יִדן צי ניט יִדן האָבן פארבײַפאָרנדיק ווידער און ווידער זיך דערציילט די געשיכטע, וויִאזוי דער ציגעלניק האָט אין צוויי כאדאָשים באגראָבן אלע זײַנע דרײַ קינדער, וויִאזוי ער האָט יאָמקיפּער נאָכדעם די ליפּן ניט אופגעמאכט צום דאוונען. זאָל עס קיינעם ניט טרעפן, וואָס אים האָט געטראָפן.

ס׳איז אריבער א ווינטער, א זומער און נאָך א ווינטער.

אין די ערעוופּייסעכדיקע טעג האָבן אָנגעהויבן אָנקומען גרוסן, אז נעכעמיע האָט געווײַסט די שטוב. נאָך יאָמטעוו איז מען געוווּיר געוואָרן, אז ער נעמט זיך ווידער צו דער ציגעלניע. די וואָזאקעס האָבן געבראכט די נײַעס. ס׳איז גאָר ניט דער נעכעמיע, האָבן זיי דערציילט. ער לאָזט זיך ריידן. ער האָט געבאקט מאצע און געקויפט ווײַן און פיש צום סיידער. ווי אלע יִדן.

קיינער האָט ניט געקאָנט זאָגן, וואָס דאָס הייסט, ביז פעשע איז כאלעמויעד געפאָרן אין שטעטל צוגאסט און אומישנע אויסגעקליבן דעם לענגערן וועג, פארבײַ דער ציגעלניע, קעדיי אליין זען, וואָס דאָרטן טוט זיך.

— ווו זײַנען אײַערע אויגן? — האָט זי נאָכדעם געלאכט פון די מאנצבלען. — סאָרע גייט דאָך שוין ארום אין די הויכע כאדאָשים — מיט אזא־אָ בויך!

די גאנצע סוויווע האָט געוואַרט אף דער געשעעניש, זיך נאָכגעפרעגט בא איטלעכן אָנגע־קומענעם פון יענער זײַט, ווו עס האַלט. אין דעם טאָג, ווען ס׳איז באוווּסט געוואָרן, אז סאָרע האָט געבוירן א יִינגל, האָבן באגעגנטע אף די וועגן זיך אָפּגעגעבן מאזלטאָוו און געטראָגן די בסורע ווײַטער ביז אין די פארוואָרפנסטע ווינקלען, ווו מע האָט דעם ציגעלניקס נאָמען פריִער ניט געהערט און מע האָט בא דער געלעגנהײַט געמוזט דערציילן די גאנצע מײַסע פון אָנהייב.

אפן בריס זײַנען זיך צונויפגעפאָרן געבעטענע און אומגעבעטענע. כוץ דעם קיבעד, וואָס דער ציגעלניק האָט געשטעלט, האָבן די געסט געבראכט מיט זיך ווער א פלאש פּייסאכאָווקע, ווער א היימיש־געבאקענעם האָניק־לעקעך, ווער א געשטאָפּטן אינדיק, א בוטל ווישניק, א סלוי ברוסניצעס־אײַנגעמאכטס.

בוניע האָט געבראכט א שיין אויסגענייט סאמעטן טפילן־זעקל, דער נײַגעבוירענער זאָל דערלעבן נוצן עס צו בארמיצווע. וועלוול זארעצקי, ווי ער האָט עס דערהערט, האָט ער אויס־גערופן, אז אויב אזוי, נעמט ער אף זיך באלד באשטעלן דראָשע־געשאנק א זילבערנעם קאָס, אף וועלכן עס וועט זײַן אויסגעקריצט דער נאָמען פונעם יעלעד, וואָס וועט אים־יִירצע־האשעם אמאָל ווערן א כאָסן. אין שטוב איז געווען ענג, גוף אף גוף, אלע האָבן געהאלטן קוואטערשאפט, אויך דער קליינער דאניע, ווען די עלטערן האָבן מיטגענומען אף דער סימכע. געהיט, מיט לויכטנדיקע פענעמער האָט מען איבערגעגעבן דאָס קינד איינער דעם אנדערן.

דערנאָך האָט מען געגעסן און געטרונקען. צו יעדן גלעזל זײַנען געגאנגען ווינטשעניש. וואָס מער מע האָט געטרונקען, אלץ מער האָבן זיך צעעפנט די הערצער, אלץ ווארעמער זײַנען געוואָרן די רייד. מע האָט שוין פארלאנגט ניט אנדערש, ווי נאָר מע זאָל שוין ניט וויסן פון קיין אומגליק און קיין בייז, און בלויז נאכעס און פרייד, בלויז טרייסט און גוטס זאָל מען הערן פון אלע זײַטן. מאָשיִעך זאָל שוין טאקע קומען. און אן עק זאָל עס נעמען צו אלע צאָרעס. ווײַל ס׳איז שוין צײַט, שוין צײַט...

נאָכן פינפטן גלעזל האָט זיך אופגעהויבן איטשע כיטריק.

— דאָס אלץ, — האָט ער געזאָגט, — זײַנען זייער פײַנע ווינטשענישן, האלעווײַ זאָלן זיי מעקויִעם ווערן. נאָר איך האַלט פון מאמאָשעסדיקס. יִדן, אָט האָט איר מײַן האנט און מײַן וואָרט בענעמאָנעס: איך בין שוין ניט קיין יונגערמאן, נאָר וויפל ס׳איז מיר באשערט יאָרן פון הײַנט און אף ווײַטער, טייל איך אָפּ א דריטל פון זיי פארן יעלעד יִיצכאָק בערעב נעכעמיע. ווער גיט נאָך?

קוילעס האָבן זיך צעהילכט פון די טישן, געשאנקען האָבן זיך א שאָט געטאָן:

— צוויי יאָר!

— דרײַ יאָר!

— א יאָר!

נאָר איינער א מייטשעטער קרעמער, וואָס איז געפאָרן פון עפּעס א יאריד, זיך אָפּגעשטעלט

און שוין פאַרבליבן אַפן בריס, האָט די אויגן ניט אופגעהויבן פונעם טעלער, געשטאָפּט אין זיך די געפילטע קישקע און זיך געמאַכט ניט הערנדיק.

— נו, — האָט ער געזאָגט, אָפּווישנדיק די ליפּן נאָך דעם, ווי די אויסגעשרייען האָבן זיך געשטילט. — מיילע, דעם יעלעד האָבן מיר שוין באַוואָרנט, ער וועט שוין, לאָמיר האָפן צו גאָט, לעבן און געזונט זײַן. נאָר פאַר דיר, נעכעמיע, האָב איך מוירע. איך מוז דיר זאָגן אָפן — מע טאָר ניט! איך בין עלטער פון דיר, מעגסטו זיך צוהערן. מע טאָר ניט פאַרלירן דעם ביטאָכן אפילע אַף איין רעגע. מע טאָר ניט, נעכעמיע!

דער ציגעלניק, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן שטיל, א געטרייסטער און א דערוואַרעמ־טער, מיט פאַרב אין די באַקן, איז מיטאַמאָל בלייך געוואָרן. ער האָט גאָרניט געזאָגט, נאָר פון די אויגן האָבן זיך א גאָס געטאָן טרערן. דאַניע, וואָס איז געזעסן צוזאַמען מיטן טאַטן, האָט, קוקנדיק אַף נעכעמיען, זיך צעוויינט אַפן קאָל, אַלע בא די טישן זײַנען אַנשוויגן געוואָרן, פאַר־ציטערט און אופגעבראַכט. מע האָט גלײַך אַף דער מינוט קיין ווערטער ניט געפונען צו ענטפערן דעם פרומען קרעמער, וואָס האָט אַזוי אומגעריכט פאַרשטערט די סימכע, דערמאָנענדיק יענעם יאָמקיפּער, וועלכן קיינער האָט הײַנט ניט געוואָלט געדענקען. איטשע כיטריק האָט זיך דער ערשטער אופגעהויבן פון אָרט. שטייענדיק האָט ער זיך קימאַט ניט אויסגעטיילט פון די זיצנ־דיקע, און זײַן קאָל, האָט זיך געדאַכט, גייט פון אונטערן טיש.

— בא זיך אין קלייט, — האָט איטשע אויסגעשריִען, — וועט איר מאַכן כעזשבוינעס, וויפל פון וועמען עס קומט. און דאָ עסט אָפּ, זאָגט א דאַנק און פאָרט געזונטערהייט!

ער איז, ווי געוויינלעך, געווען הייזעריק, דערצו שוין גאַנץ הויך אין דער מאַדרייגע. מיטאַ־מאָל האָט ער גענומען זעצן מיט דער פויסט זיך אין הארצן און גוואַלדעווען אַזוי, אַז ער איז זיך אַזש פאַרגאַנגען.

— דאָס, וואָס איך, איטשע דער עוויִען, מעג, דאָס טאָרט איר ניט, ווי איז אײַער נאָמען דאָרטן, רעב יאָקל בערעב פלעקל! איר לעבט פון פאַלשער מאָס און פאַלשער וואָג. ווען איר זאָלט אפילע דרײַ מאָל אין טאָג שלאָגן זיך אַלכעט, וועט איר נאָך אַלץ בלײַבן א באַלכויוו, און איך היפּער אַמאָל איבער א שטיקל אין דאַוונען אָדער נעם א טרונק בראַנפן אָן א שעהאַקל, קומט נאָך אַלץ מיר אַרויס. און וועגן נעכעמיען איז דאָך שוין אַוואָדע אָפּגערעדט, סײַדן ס'איז אין הימל קיין יוישער ניטאָ.

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט וועלוול זאַרעצקי.

— נו, דאָס רעדסטו שוין פון וועג, — האָט ער איטשען אָפּגעשטעלט, — גענוג. לאָמיר בעסער אָנגיסן די גלעזלעך. אַזוי־אָ. לעכאַיִם! ביזן דעק זאָל מען טרינקען, און קאָפּ זאָל מען האַלטן. טריי־ריי־ריי־ריי...

וועלוול האָט אָנגעהויבן א ניגן, און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט. איטלעכער האָט, ווי דער שטייגער, געזונגען פאַר זיך, געפלײַסט זיך אַרײַנלייגן אין געזאַנג וואָס מער האַרץ און אייגענעם אופטו, גאָר ווייניק געזאָרגט וועגן דעם, וויאַזוי עס קלינגט אַלץ אינאיינעם. דאָס איז געווען אָן אוילעם, וואָס זינגט צוזאַמען ניט דערפאַר, ווײַל אַלע האָבן גענומען אַף זיך צו האַלטן זיך בא איין אָרדענונג, איין אײַנגעשטעלטן גאַנג, נאָר ווײַל איינעמס געזאַנג רעגט און וועקט דעם אַנ־דערן, און דער ניגן איז פאַר איטלעכן באַזונדער א מיטל, א שפּראָך זיך אויסצוטײַנען, אויס־ריידן זײַן אייגן האַרץ. שויעל, א קנאַפּער זינגער, האָט געראַשט מיט זײַן שטאַרקן און ווילדן קאָל און געפּאַטשט מיט די צוניפגעדריקטע פויסטן אינדערלופטן.

נאָכן ניגן האָט מען ווידער געמאַכט א קויסע.

— נעכעמיע! — האָט שויעל אויסגערופן מיט פלאַקערנדיקע אויגן, נאָר ער האָט ניט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, ווי מע האָט אָנגעגאָסן נאָכאַמאָל.

— נעכעמיע! — האָט שויעל זיך אומגעקערט צו דעם, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן. — יידן! אַז דער אומגליק האָט אים געטראָפן, האָבן מיר אין דער מאַכשאָווע אַלע גערזינדיקט, אַלע. עמעס צי ניין? טאָרן מיר איצט ניט דערלאָזן, ער זאָל כאַלילע געשטראָפט ווערן... נעכעמיע... לאָזט מיך צו צו אים!.. נעכעמיע!.. אָט האָסטו מײַן טקיִעס־קאַף, איך גיב דיר אָפּ מײַן כיילעק אוילעמהאַבע און נעם דײַנעם. זײַט אײדעס, יידן, מיר בײַטן זיך, גיב דײַן האַנט...

דער ציגעלניק, אַן אָפּגעשוואַכטער און א צעראָדערטער, האָט אָנגעכאַפּט שויעלס אַקסלען און באַהאַלטן דאָס פּאָנעם אַף זײַן ברוסט.

— ניין, — האָט שויעל זיך ניט באַרויִקט, — גיב די האַנט, די האַנט... אַזוי־אָ — א טקיִעס־קאַף... און איצט לאָמיר בײדע אויסטרינקען.

צום טיש האָט מען ווידער דערלאַנגט עפּעס א געריכט. עסנדיק האָט וועלוול זאַרעצקי שטילערהייט גערעדט צו שויעלן, וואָס איז געזעסן רעכטס פון אים:

— אזעלכע זאכן טוט מען ניט. איך האָב געשענקט א דריטל פון מײַנע יאָרן, האָב איך שוין מײַנס אָפּגעלעבט, און פון דעם, וואָס איז מיר געבליבן, מיילע... נאָר אוילעמהאבע — דאָס איז גאָר עפּעס אנדערש. אזעלכע זאכן שענקט מען ניט.

אז מע האָט אָפּגעבענטשט און א טייל איז ארויס אין דרויסן, האָט זיך צו שויעלן צוגעזעצט דער מייטשעטער קרעמער. דורכויס ניכטער, נאָר א רויכל איבער די אויגן נאָכן פעטן עסן, האָט ער, שמייכלענדיק מיט זײַן טרוקן שטעכיק שמייכעלע, פּאמעלעך געיאָדעט דעם סמאָליאָרניק מיט פּסוקים און באַווײַזן, וואָס האָבן ניט איבערגעלאָזט קיין שום ספק, אז די מײַסע מיט יענעם יאָמקיפּער וועט דעם ציגעלניק אזוי גלאט ניט אָפּלויפן. דערווײַל האָט מען עס פאַרשוויגן, נאָר ס׳איז ניט פון די זאכן, וואָס קאָנען פאַרגעסן ווערן. ווער ווייסט, ווער ווייסט, ווי אזוי מע וועט אויבן דערוף א קוק טאָן, ווען עס וועט האלטן באם צושטעלן דעם לעצטן כעזשבן נאָך הונדערט און צוואנציק יאָר אף יענער־וועלט...

— איך מוז אײַך זאָגן, רעב שויעל, דעם עמעס. איר האָט געמאכט א שלעכטן בײַט, גאָר א שלעכטן בײַט.

שויעל האָט א צײַט שטיל און דערשראָקן געהערט, וואָס יענער רעדט צו אים. פּלוצעם איז ער אופגעשפּרונגען:

— איר זאָלט שוין אוועק פון מײַנע אויגן! — האָט ער אויסגעשריִען, ברענענדיק פאַר קאַס. — אניט צעטרעט איך אײַך, ווי א וואָרעם.

דער קרעמער האָט געקנייטשט מיט די אקסלען. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אָפּגערוקט. שויעל האָט זיך גאָר ניט געפילט שטײַף בא זיך. א צעטראָגענער האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט נעכעמיען און מיט דער קימפּעטאָרן. אין וועג האָט ער געשוויגן, ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. בוניע האָט געוווסט וועגן דעם טקיִעס־קאַף און ניט געמאכט פון דעם קיין וועזן. „ווי העלפט גאָט, — האָט זי געטראכט, — מע זאָל ניט פאַרשעמט ווערן אף דער־וועלט. יענע־וועלט וועט מען שוין זען, ווען מע וועט דאָרטן זײַן"... נאָר דעם מאנס האַרץ האָט זי געפילט.

— דו האָסט א ביסל צופיל געטרונקען, — האָט זי געזאָגט מיט ליבשאַפט, — נאָר איך גלייב... ער האָט, נעבעך, אזויפיל געליטן, נעכעמיע, מיין איך, טאָמער האָט ער אפילע געזינדיקט, האָט ער שוין זײַנס באקומען א סאך מער, ווי ער האָט פאַרדינט. עס דאַרף דיך ניט פאַרדריסן.

# דאָס דודעלע

דער יונגער בראַנסקי האָט זיך גע־לאָזט הערן אלע מאָל מיט אנדערע אופּ־טועכצן. ער האָט אראָפּגעבראַכט קאָמאַר־ניקעס[1]. א צײַט זײַנען זיי אומגעגאַנגען מיט די מעסט־מאכשירים אין די הענט און די קאָקאַר־דעס אף די היטלען, ארויסרופנדיק כידעש און פאַרדאַכט. מיטאמאָל זײַנען די פּויערים געוואָרן געוואָרן, אז פון זייערע אָרעמע אקער־פּלעצער און קאַרגער פּאשע זײַנען דאָ און דאָרט אראָפּ־געשניטן היפּשע פּאסן.

צו פאַרפעסטיקן די נײַ־אָנגעצייכנטע גרענעצן פון זײַנע גיטער האָט דער פּאַריץ באפוילן אײַנשטעלן אף אלע מעזשעס שטיינער, גענוג שווערע, אז ניט קיין צופאל, ניט קיין בייזער ווילן זאָל זיי ניט קאָנען אָפּרוקן. וואָס גרעסער דער שטיין, אלץ העכער דאָס געצאָלט פאַר געפינען און דערלאנגען אים אפן אָרט. נאָר אזעלכע שטיינער האָט מען זעלטן באגעגנט אין יענעם ווינקל. זײַנען פּויערים, לויטן וואָרט פונעם הויף, טעג און וואָכן אומגעקראָכן איבער די וועלדער, גע־זוכט, אויסגעגראָבן פון דער ערד אײַנגעזונקענע פאַרוואַקסענע ריזן. זיך צונויפגענומען צו צוויי, צו דרײַ, צוזאמען געהויבן, ארופגעלאָדן אף די וועגענער די איבערמענטשלעכע מאסע, געשאָלטן דעם פּאַריץ און זײַן געבײַן, אונטערגעריסן די געדערים, דערנאָך געקאַטעוועט די צונויפגעשפּאַנטע פערדלעך, געשלעפּט און צוגעשטעלט די שטיינער, וווהין מע האָט געהייסן.

לאָורין איז געווען א גרויסער בערדיקער פּויער מיט א מעכטיקן רוקן, מיט א היטל גע־דיכטע שטרויקאָלירקע האָר אפן קאָפּ, אין די אויגן — בלויע וואסערלעך, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך די זון, לויטערע, ווי בא א קינד. בא דער מיל, ווען ער איז דערבײַ, פאַרווײַלן זיך די פּויערים:

— לאָורין, אנו הייב אוף אָט דעם שטיין.

— מע קאָן, — זאָגט ער רויִק, גייט צו, שטעלט דעם שטיין אפן קאַנט, טוט אַרײַן די הענט אין לאָך און הייבט אוף, ניט ארויסנעמענדיק די ליולקע פון מויל. ס׳איז ניט קאָנטיק, ער זאָל

[1] ערדמעססער.

זיך באַזונדערס אָנשטרענגען. אָדער מע באַגעגנט זיך אין וואַלד, עמעצער ווײַזט אָן אויף אַ קרעפּ־טיק יונג ביימל:

— לאַוורין, — העצעט מען אים, — רײַס עס אויס מיט די וואָרצלען.

— צו וואָס, — ענטפֿערט ער, — עס וואַקסט, זאָל וואַקסן.

— אָבער דו וואָלסט געקאָנט, ווען דו ווילסט?

— כ׳ווייס ניט. כ׳האָב ניט געפּרוּווט.

ער האָט ליב געהאַט צו זײַן אין קאָמפּאַניע. ס׳הייבן זיך אָן הויכע רייד, קריגערײַען, זיד־לערײַען. אים פֿאַרטשעפּעט קיינער ניט, און פֿון אים הערט מען ניט קיין גראָב וואָרט. נאָר ווען עס דערגייט צו קלעפּ, שטעלט ער זיך אַרײַן אין דער מיט און צענעמט די שלעגער. און מיט לאַוורינען אַמפּערט מען זיך ניט. קיין בראָנפֿן האָט ער ניט געטרונקען, ווען מע האָט פֿאַרגעלייגט, זיך אָפּגעזאָגט: „איך טאָר ניט". און די פּויערים זײַנען איבעריקס ניט צוגעשטאַנען, געהאַלטן, אַז ווען אַ מענטשן איז געגעבן אַזאַ גוואַלדיקער קויעך, דאַרף ער טאַקע זײַן געהיט, אים ניט צערייצן. ערד האָט לאַוורין געהאַט ווייניק, איז ער אין דער פֿרײַער צײַט גערן געגאַנגען זעגן האָלץ, גראָבן קאַרטשעס. דעם זומער האָט ער צופֿאַרדינט באַ די שטיינער.

קיין בעריע אויף אופֿזוכן זיי איז ער ניט געווען. דערין האָט אים געהאָלפֿן פּעטרוק דור־דאָטשקאָ. יענער האָט אַליין קיין פֿערדל ניט פֿאַרמאָגט, דערפֿאַר איז ער געווען גרינג אויף אַ גאַנג און אויסגעבונדן אין אַלע פֿאַרוואָרפֿנסטע ערטער אַרום און אַרום. ער קומט צו לאַוו־רינען: אַזוי און אַזוי, ס׳איז דאָ אַ שטיין, נאָר אַ גרויסער, אַ כאַליערע אויף אים... „פֿאַר מיר איז אַלציינס, — זאָגט לאַוורין, — אַבי דאָס פֿערדל זאָל נעמען"... נאָכדעם קריגט פּעט־רוק עפּעס אַ קיילעך פֿונעם פֿאַרדינסט.

די פּויערים שלעפּן די שטיינער, און פּעטרוק לאַכט:

— פֿירט, פֿירט אויף אײַער קאָפּ.

— וואָס זשע לאַכסטו?

— און וואָס האָב איך צו וויינען? מײַן בעהיימע דאַרף קיין פּאַשע ניט. מײַן פֿעלד האָט קיין מעזשע ניט.

אַן אָפּגעריסענער, אַ באָרוועסער, איז פּעטרוק סײַ אונטערן גלעזל, ווי ס׳האָט זיך אָפּט מיט אים געמאַכט, סײַ ניכטערערהייט געווען פֿריילעך. שטענדיק און אומעטום האָט



ער מיט זיך געטראָגן א סאָסנאָווע פּײַפּעלע, דערפאַר טאַקע האָט מען אים געגעבן די צונעמע־ניש דודאָטשקא. מיטן פּײַפּעלע פּלעגט ער באַגעגענען א מענטשן און באַגלייטן א מענטשן — דאָס איז געווען זײַן גוט־מאָרגן און זײַן זײַ־געזונט. מיטן פּײַפּעלע פּלעגט ער אַרײַנפּאַלן אין די רייד אָדער ענטפערן, ווען ער האָט ניט געוואָלט עפּעס זאָגן צי ווערטער זײַנען געווען איבעריק. קינדער פּלעגט ער געווײנלעך פאַרסטאָמפּען דעם וועג און שפּילן פאַר זיי אַפן פּײַפּעלע, טאַנצן פאַר זיי, מאַכן שטיק. זיי פּלעגן אים שוין דערקענען פונדערווײַטנס און זיך באַלד לאָזן לויפן אַנזאָגן:

— דודאָטשקא, דודאָטשקא גייט!

פּעטרוק באַגעגנט זיך מיט איטשע כיטריקן. הייבט זיך אָן צווישן זיי א שמועס:

— פאַרייכערן האָסטו?

— נאַ, און א טרונק בראַנפן האָסטו?

— גראַדע נײן.

— וואָס זשע האָסטו?

— דאָס און דאָס האָב איך, וואָס אַלע האָבן.

— וואָס מיינסטו, ס׳איז דער איינציקער מאַיאָנטעק בא נאַש בראַט.

אָדער פּעטרוק פרעגט:

— איטשע, וואָס איז דײַן באָרד אַזוי צעדריפּעט?

— טאַקע? זע נאָר... ס׳א גאַנצע מײַסע. אַנומלטן זיץ איך בא א שאָכן, און אונטערן טיש ליגט די ציג. זי זעט, מײַן באָרד הענגט איר איבערן מויל, מיינט זי, ס׳איז מאָך, און פּרוווט עס קײַען. זי קײַט און קײַט, ס׳האָט קיין טאַם ניט, האָט זי עס אויסגעשפּיגן...

זינט א פּאָר יאָר האָט דער קאַצעוו זיך פאַרשאַפט א פערדל — קוואַר און קליין, מיט שטענדיק פאַרקלאַסטערטע פּיס, וועלכע ס׳האָט איבערגעשטעלט אַזוי, ווי זיי וואָלטן געווען פון האָלץ. איצט, אַז מע פּלעגט איטשען פרעגן: „וואָס הערט זיך?“, איז דער ענטפער געווען: „א קרומער איז צו מיר ניט גלײַך, איך בין אַפן פערד. ס׳איז נאָר, וואָס עס וויל ניט גיין, עסן עסט עס, ווי אַן עמעס פערד“...

און אָט איז דאָס פערדל איינמאָל געפאַלן אין וועג. דער קאַצעוו האָט געטאָן אַלץ, וואָס מע טוט אין אַזוינע פאַלן: אויסגעשפּאַנט, דערלאַנגט עטלעכע מאָל מיט דער בײַטש. נאָר דאָס פערדל האָט ניט געוואָלט אופשטיין. א צײַט איז איטשע געשטאַנען, געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך פאַרשטיי, — האָט ער געזאָגט, — ווען איינער שטאַרבט אונטער א דאַך, אַף זײַן בעט. קיינער לעבט ניט אייביק. נאָר אַזוי־אָ, אין דרויסן, אינמיטן וויסטן וואַלד — אַז אָך און ווי איז דיר...

ער איז געשטאַנען א האַלבע שאָ, א שאָ — קיינער פאָרט ניט, קיינער גייט ניט, האָט ער פאַר צאַרעס זיך געלייגט שלאָפן אין וואָגן.

אין שלאָף שטעלט זיך אים פאָר: ער גייט אין א וועג, גייט שוין זייער לאַנג, געדענקט שוין ניט, ווען ער איז אַרויס, און פאַר אים קײַקלט זיך א קעלבערנער קאָפּ — מיט פײַכטע קעלבערנע אויגן און ראָזלעך־ווײַסן, עטוואָס געעפנטן מויל. קײַקלט זיך, ווען ער גייט, שטעלט זיך אָפּ, ווען ער בלײַבט שטיין. איטשען איז ניט היימלעך.

— ווער ביסטו? — פרעגט ער.

— איך בין דײַן מאַזל, — ענטפערט דער קאָפּ.

— אַוועק פון מײַנע אויגן. איך קאָן אַף דיר ניט קוקן.

— איך וועל ניט אַוועק. איך בין דײַן מאַזל...

דאַ כאַפּט איטשע זײַן האַק, וואַרפט זיך אַפן קאָפּ און נעמט האַקן דעם קאָפּ. האַקט לאַנג, מיט ווייטעק און קאַס, ביז ער באַמערקט, אַז אונטערן האַק איז גאָרנישט ניטאָ, ס׳איז עפּשער גאָרנישט ניט געווען פון אָנהייב אָן...

און ווידער איז ער אַפן טרויעריקן וועג. וואָס האָט, דוכט זיך, ניט קיין אָנהייב, ניט קיין סאָף. ס׳איז נאָך ווי פינצטערער געוואָרן, נאָר ס׳טוט אים שוין ווי באַנק אַף דעם, וואָס ער האָט געטאָן. א געפיל פון עלנט קלעמט אים און א מוירע פאַר דער עלנט... פּלוצעם דערהערט ער, א פויגל זינגט איבער אים. און זינגען זינגט ער אַזוי ווייך, אַזוי זיס, אַז ס׳צעגייט דאָס האַרץ פון ראַכמאָנעס אַף זיך, ס׳איז אומעגלעך אײַנהאַלטן זיך פון געוויין. איטשע וויינט, כליפּעט, כאַפּט זיך אויף און זעט — פּעטרוק שטייט איבער אים און שפּילט אַף זײַן דודעלע.

— וואָס איז עס, איר שלאָפט ביידע? — האָט פּעטרוק געזאָגט, אָנווײַזנדיק אַפן ליגנדיקן פערד.

— ער וועט זיך שוין ניט אופכאַפּן...

— האָסט געוואָיעט, ווי א הונט קעגן דער לעוואָנע.

— ס׳האָט זיך מיר עפּעס געכאַלעמט.

— נאַ, טו א זופּ.

פּעטרוק האָט ארויסגענומען פון בוזעם אן ערשט אָנגעהויבענעם שטאָף בראָנפן. איטשע האָט צוגעגלעט די באָרד, קורץ עפּעס א שעפּטשע געטאָן מיט די ליפּן און צוגעלייגט זיי צום העלדזל. דערנאָך האָבן זיי זאַלבעצווייט אוועקגעשלעפּט דעם פייגער פון וועג אין די קוסטעס אַרײַן, ווו דער קאַצעוו האָט געשווינד און גיך אָפּגעטאָן זײַן רעכט. פּעטרוק איז געשטאַנען דער־בײַ און געקוקט.

— די וועלף דאַרפן דאָך אויך עפּעס עסן, — האָט ער איטשען געטרייסט, — און איצט קום, לאָמיר אים דערמאָנען, דײַן העלד, מיט וואָס גאָט האָט געגעבן.

און זיי האָבן זיך גענומען צו דער פלאַש: א זופּ איבער א זופּ. ווען עס האָט געהאַלטן נידע־ריקער פון דער העלפט, האָט מען זיך צעזונגען — דער קאַצעוו זײַנס, דער פויער — זײַנס. איטשע האָט פאַרלייגט פּעטרוקן א האַנט אפן אַקסל און אָנגעהויבן אים דרייען אין א סימכאַסטוי־רעדיקן טאַנץ. זיי האָבן זיך געדרייט, געהעפּעט, ווידער געטרונקען, דערגאַנגען ביזן דעק. אַרײַנ־געקוקט אין דער קיילע און געזען, אַז זי איז ליידיק, ניטאָ מער קיין טראָפּן, האָט פּעטרוק זי צעשמעטערט מיט א קנאַק אין בוים.

— און איצט לאָמיר זיך אײַנשפּאַנען, — האָט ער געזאָגט.

ער האָט גענומען אײַן האַלאַבליע און איטשע אײַן האַלאַבליע. „וויאָ! וויאָ־וויאָ!..״ האָבן זיי אונטערגעטריבן איינער דעם אַנדערן. די פּיס האָבן זיך געפּלאָנטערט. די רעדער זײַנען אַפּט ארויס פון דער קאָלייע. שוויס האָט זיך געגאָסן פון די פּענעמער, נאָר דאָס פּאָרל האָט געצויגן די מאַסע, געפּאַקט אײַנדערלופטן מיט די פרייַע הענט און ניט אופגעהערט צו ליאַרעמען לידער.

אונטערן בערגל פאַר דער סמאָליאַרניע האָט זיי דער ערשטער באַגעגנט דאַניע. דערזען ביידע זײַנע ליבלינגס צוזאַמען, דערצו נאָך אין אַזא שפּאַן, האָט ער זיך זייער דערפרייט. ער האָט זיך גלײַך א נעם געטאָן אונטערשטופּן דעם וואָגן פון הינטן. אַזוי איז מען דערפאָרן ביז דער שטוב.

# אן אײַזערנער קאָפּ

די באָבע ציוויע, וואָס איז געווען אוועקגעפאָרן מיט א צײַט צוריק, איז ווידער אראָפּגעקומען, דאָס מאָל אײנעם מיטן זיידן אריען, מיט בעטגעוואַנט און קופּערוואַרג, מיט א האַרטער קאַנאַפּע, א פליש־ווייקשאַפט און א גרויסן קופערט. עפּעס איז געשען מיט דער פּאַסעסיע, ווו דער זיידע האָט געדינט, — זי איז אריבער צו אַנדערע באַלעבאַטים, וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט זייערן א מענטשן. דער אַלטער איז געבליבן אָן א שטעלע, און שויעל האָט געמוזט נעמען טאַטע־מאַמע צו זיך. אין שטוב איז געוואָרן ענג. גלײַך דעם ערשטן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרדראָסן און בארויגעזן.

ווידער האָט די אַלטע זיך אויסגעקליבן דאָס פּינצטערע קעמערל, ווי אַן אָרט, וווהין זי פלעגט זיך אָפּשיידן אַף גאַנצע שאָען. און ניט דער מאַן, ניט דער זון האָבן זי דעמלט ניט גע־קאָנט ארויסנעמען פון דאָרט. ס׳הייבט זיך אָן דער טאָג, מע בעט זי עסן — זי וויל ניט. מע טראָגט איר צו טיי — זי נעמט ניט אין מויל. שפּעטער ווערט מען געוווּיר, אַז זי פאַסט — ס׳איז מאָנטיק, ס׳איז דאָנערשטיק, ס׳איז יאָרצײַט נאָך עפּעס א קאָרעוו. אַז שויעל איז צוגע־שטאַנען — פונוואַנען האָבן זיך צו איר מיטאַמאָל גענומען אַזויפיל טאַנייסים, פון וועלכע מע האָט פריִער ניט געוווּסט, האָט זי אים פאַרטרויט דעם סאָד:

— אַז איך קאָן מיט איר ניט זיצן באַ איין טיש! דער ביסן גייט מיר ניט אַײַן. איז שוין גלײַכער פאַסטן, ווייס איך, אַז איך טו כאָטש עפּעס פאַר דער נעשאָמע...

— און וואָס האָט זי דיר געטאָן שלעכטס? — וויל שויעל פאַרשטיין. צעלאַכט זיך די אַלטע:

— וואָסטו געוואָלט, זאָל זי מיר טאָן — שילטן, ווערגן? פאַר מיר איז גענוג א קוק. ווי אין כומעש שטייט: און אַן אייביקע סינע וועט זײַן צווישן דיר און דער שלאַנג, זי וועט דיר בײַסן די פּיאַטעס, און דו וועסט איר פּלעטן דעם קאָפּ. אַן אייביקע סינע...

— ביסט מעשוגע! — האַלט שויעל ניט אויס.

זי שפּרינגט אַזש אונטער, אַזוי ווערט זי אָנגעצונדן פון דעם וואָרט.

— דאָס בין איך מעשוגע, איך? מיר ברענט מען די טריט, מײַן לײַב שטעכט מען מיט נאָדלען, און איך בין נאָך מעשוגע!..

אַז זי זעצט זיך שוין צום טיש מיט אַלעמען, איז איר דאָס עסן קיינמאָל ניט געפעלן — צופיל זאַלץ, ווייניק זאַלץ, שמעקט מיט רויך. פּלוצעם טוט זי א שאַר פון זיך דעם טעלער מיטן שטיקל פלייש און רופט אויס מיט שוידער:



— עסט ניט, ס'איז טרייפע!

אַלע ווערן אַף א רעגע צעטומלט — פארוואָס? פונוואַנען נעמט זי עס?

— איך האָב א לעק געטאָן, — זאָגט זי, — מער דאַרף איך ניט. הענט און פיס ציטערן מיר. עסט ניט, זאָג איך אײַך. רירט זיך ניט צו, האָט ראכמאָנעס אַף זיך!..

בוניע מאַכט זיך ניט הערנדיק, עסט און שווײַגט, און טרערן שטייען איר אין די אויגן.

דאַניע האָט עס אַלץ געזען, פון דער באָבען האָט ער זיך דערווײַטערט, זיך אויס־געדרייט, וויפל זי האָט אים צו זיך ניט גע־צויגן, געקוקט אין א זײַט, קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, וויפל זי האָט אים ניט גע־טאָרעט.

— וואָס הייסט, דו ווילסט מיך ניט קענען, — איז ציוויע געוועזן אויסער־זיך... — ביסט דאָך א נאָמען נאָך מײַן טאַטן, דײַן עלטערזיידן, אַלעווהאשאָלעם, א הייליקער ייד געווען, אַן אײַזערנער קאָפּ, דיר צו לענ־געריע יאָר.

נאָר דעם יינגל האָבן ניט גענומען קיין שום רייד. ער האָט נאָר שטילערהייט שפּע־טער באַטאַפּט זיך דאָס קעפּל, צי ס'איז ניט פון אײַזן, ווי בא דעם עלטערזיידן. לאָזט זיך אויס, אַז ניין.

דאַניען איז געגאַנגען דאָס זעקסטע יאָר, און מע האָט גערעדט וועגן דעם, אַז ס'איז צײַט אים אָנהייבן לערנען אַלעפבייס, נאָך סוקעס דאַרף מען ברענגען אין שטוב א מעלאַמעד.

— הוליע, הוליע, זשערעבטשיקל, ס'איז דײַן זומער. אינגיכן טוט מען דיר שוין אָן א צײַמל... — האָט בוניע געזאָגט, קוקנדיק, ווי איר ערשטלינג לויפט ארום אין דרויסן. ציוויע האָט עס געהערט, איז זי אופגעקאָכט געוואָרן:

— וואָס הייסט, ווי רעדט מען עס אַזוי מיט א קינד. א שיינעם לײַט ווערסטו פון אים מאַכן...

און ווען ער איז אַף א מינוט ארײַן נאָך עפּעס אין שטוב און געוואָלט ארויס צוריק, האָט אים די אַלטע אָנגעכאַפּט פאַר אַן ארבל און מיט א קניפּ אויסגעקוויטשעט:

— זיץ, וואָס קאָנסטו ניט אײַנזיצן...

דאָס יינגל איז געווען אַזוי פארפּלאָמט אין זײַן טועכץ, אַז ער האָט נאָר א ריב געטאָן די האַנט און איז אוועקגעלאָפן.

געוויינלעך האָט די אַלטע גאָר ווייניק זיך געקימערט וועגן די אייניקלעך, בלויז פאַר זיך אין די רייד אָפּט אויסגעדריקט איר אומצופרידנקײַט מיט דער שנור, וואָס טויג אַזוי פאַר א מאַמע, ווי זי פאַר א טענצערן. נאָר דאָס מאָל איז איר עפּעס צוגעפאַלן. זי האָט זיך אוועקגעזעצט פאַר דער אָפענער טיר, די אַקסלען אונטערגעהויבן, דעם בליק אָנגעצילט, ווי א קאַץ, וואָס טשאַ־טעוועט אַף א פייגעלע. אַזוי איז זי געזעסן און קיין אויג ניט אראָפּגענומען פונעם אייניקל, וואָס האָט אין סטאַניק און קורצע פּלידערלעך עפּעס געבויט, געמײַסטרעוועט אַפן בערגל אונטער דער זון. זי האָט געוואָרט לאַנג, און ס'איז איר ניט נימעס געוואָרן, ביז זי האָט זיך דערוואַרט — דאַניע איז סאַפּקאָלסאַף געקומען צו לויפן. און אין דער רעגע, ווען ער האָט געהאַלטן אין פאַר־בײַגיין, האָט זי אים אַן דער מינדסטער וואָרענונג א כאַפּ געטאָן מיט די דאַרע קרעפטיקע פינ־גער פאַרן לײַב, צוהאַלטנדיק מיט דער צווייטער האַנט, ער זאָל ניט אוועק. דערלאַנגט איין קניפּ און טייקעף א צווייטן און א דריטן.

דאָס יינגל איז אופגעציטערט געוואָרן, זיך אויסגעריסן און, א פאַרכידעשטער און אופגע־בראַכטער, ווילד פאַר ווייטעק און אופגעבראַכטקײַט, גענומען זוכן, צו וואָס אויסלאָזן זײַן קאַס. זײַן בליק איז געפאַלן אַף דער פּאָליצע מיט דער באָבעס טעלער, האָט ער זיך א נעם געטאָן שלײַדערן זיי אין דער ערד און טאָפּטשען, צעקנאַקן זיי מיט די פיס. דאָס איז אים געווען קאַרג, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו דער באָבעס געלעגער, אראָפּגעוואָרפן די קישנס. פעדערן זײַנען אינ־דערלופטן געפלויגן. ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט שטילן, געקריצט מיט די ציינדלעך,

געווײנט, צונויפגעדריקט די פויסטלעך, זיך געדרייט, געזוכט וואָס נאָך עפּעס אופטאָן, ביז די מוטער איז אָנגעלאָפן און אים צוגענומען.

די אַלטע האָט דאפקע ניט געמאַכט קיין ראַש. זי האָט אויסגעזען פאַרוואונדערט און אפילע דערשראָקן. א גאַנצן טאָג איז זי געזעסן שטיל און פאַרטראַכט. שויעל איז געקומען, געוויר געוואָרן, וואָס עס איז געשען, אַרופגעלייגט דעם זון אף א קני און אים אָפּגעשמיסן. דאַניע האָט ניט געווײנט, ער האָט פריִער פאַרשטאַנען, אַז ס׳וועט זײַן אַזוי. און שטאַרקער פונעם ווייטעק איז געווען די מידקײַט נאָכן געוויטער אינײַנעם מיט א טיפער אינערלעכער באַפרידיקונג פון דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. נאָכן אויספירן דעם פּסק האָט די אַלטע צוגערופן שויעלן מיט א פינגער.

— אויסן אויג מײַן טאַטע, עלעוו־השאָלעם, — האָט זי געזאָגט מיט א ווונק אפן אייניקל. — נאָכדעם איז ער דאָך געווען רעב אקיווע דער אײַזערנער קאָפּ, און גאַנץ וואָלפּע האָט זיך מיט אים געבענטשט. נאָר קליינוויַז, דערציילט מען, פלעגט ער אויך אַזוי־אָ פלוצלינג אַרויסשפּרינגען מיט א מוירעדיק פײַער, פּאַשעט אַלע אין שטוב פלעגן פאַרציטערט ווערן.

# די ערשטע פּוסטקע

די לאָדעניש וועגן דער הוטע האָט זיך נאָך געצויגן, און לייבוש־דאָוויד האָט ניט גערוט, געשריבן פּאַפּירן, געפאָרן צו אַד־וואָקאַטן. נאָר ס׳האָט שוין, אַפּאַנעם, געהאַלטן זייער שמאָל. פּעשע פלעגט אָפט אַרײַן צו בוניען אף א מינוטקעלע זיך אויסייצען: אָט האָבן איר די פּוילישע געבראַכט א פּאָר סערוועטן, כאָניע זאָל דערפּאַר ברענגען פון שטעטל, וואָס זיי דאַרפן דאָרט האָבן אף דער וואָך. איז ווי מיינט בוניע — די סערוועטן האָבן דעם ווערט? אָדער: די פּוילישע בעטן, כאָניע זאָל זיך נאָכפרעגן, עפּשער איז דאָ א באַלן אף א טוץ זילבערנע לעפל.

צו שויעלן פלעגט מען אָפט שיקן פון די זילבערצווײַגס לײַען א פינפערל, א צענערל. לייבוש־דאָווידס עלפּיאָריק טעכטערל קומט אַרײַן זייער ערנסט און זייער וויל־דערצויגן, מיטן פאַרנייג און מיטן נייטיקן קורצן שמייכעלע דערצו, גלײַך נאָך דעם — ווידער אָפּגעזונדערט און אײַנגעשלאָסן. „דער טאַטעשי האָט געזאָגט, מ׳עט מערטשעם אָפּגעבן אַלץ אינײַנעם מיטאַמאָל...", גיט זי איבער, וואָס מע האָט איר געהייסן, און רוקט זיך אָפּ א טראָט, וואַרטן, ביז מע וועט איר דערלאַנגען דאָס, נאָך וואָס זי איז געקומען.

איינמאָל איז פּעשע אַרײַן מיט א סאָד.

— אין די פּוסטקעס, נו, ווו די אַרבעטער האָבן אנומלט געווינט, איז א סוואָרע, אַז עס זיצן שוין דאָרטן אַנדערע...

— ווער?

— ווער... איך וויל זייער נאָמען קעגן נאַכט ניט אויסריידן. פריִער האָט מען פון זיי ניט געהערט, און איצט איז א מוירע פאַרבײַצוגיין. ס׳איז דער ריכטיקער סימען: זיי האָבן דער־שמעקט, אַז ס׳איז שוין נאָך אַלעמען, קיין מענטשן וועלן דאָרט מער ניט וווינען.

סאָף זומער, אין א קאַלטלעכן גאַנצפרי, זײַנען צום גרויסן הויז צוגעפאָרן א רײַטער און א קאַליאַסקע מיט צוויי פאַרשוינען. דאָס זײַנען געווען דעם פּאָרעצס פּאַרוואַלטער און מיט אים דער סטאַנאָוואָי מיטן אוריאַדניק. ראָבערט איז אויך געווען דאָ און נאָך עטלעכע פון די לעס־ניקעס. עמעצער האָט דערציילט, אַז די אַלטע זײַנען שוין געווען אופגעשטאַנען און די פענצטער אין זייער העלפט געעפנט, ווען די געסט זײַנען אָנגעפאָרן. לייבוש־דאָוויד האָט אַרויסגעקוקט, און טייקעף זײַנען אַלע פענצטער צוריק פאַרמאַכט און פאַרלאָדנט געוואָרן. איצט איז מען גע־שטאַנען פאַר א פאַרשלאָסענער שטוב. מע האָט געקלאַפּט אין איין טיר, אין א צווייטער — קיינער האָט זיך ניט געוויזן. די פאָרשטייער פון דער פּאָליציי זײַנען אין די פריִערדיקע יאָרן ניט איין מאָל געווען מיט א באַזוך בא די הוטע־באַלעבאַטים און קיינמאָל פון זיי ניט אוועק מיט ליידיקע הענט. דער סטאַנאָוואָי האָט געזאָגט:

— מענטשן שלאָפן נאָך, לאָמיר צוואַרטן.

דער געפּאַקטער פאַרוואַלטער מיט די קאָטערישע וואָנצעס איז געווען אומגעדולדיק:

— פּסיאַ קרעוו, — האָט ער זיך געהיצט, — אפילע דער פּאַן בראָנסקי שטייט שוין אוף אין דער צײַט.

פונדעסטוועגן האָט מען צוגעוואַרט א ביסל. אינעם הויז איז אַלץ ניט צו מערקן געווען קיין שום באַוועגונג. דער פאַרוואַלטער האָט עפּעס געזאָגט דעם לעסניק, און ער האָט גענומען קלאַפּן אַזוי, אַז די ווענט האָבן געציטערט. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן.

— א שטאַרקער שלאָף, — האָט זיך לוסטיק געמאַכט דער סטאַנאָוואָי, נאָר דער פאַרוואַל־טער איז גאָר ניט אופגעלייגט געווען צו שפּאַסן.

— ברענג אהער א לאָם, — האָט ער באַפוילן ראָבערטן, — און ברעך אויף די טיר.
— ניין, — האָט אים איינגעהאַלטן דער סטאַנאָוואַי, — דערוף האָבן מיר קיין רעכט ניט.
— וואָס זשע אייצעט איר צו טאָן? — האָט דער פּאַרוואַלטער געפרעגט בייז.
— קלאַפּן, ביז מע וועט עפענען.
די איינוווינער פונעם יישעוו, דערוואַקסענע און קינדער, זיינען געווען פאַרזאַמלט פאַרן הויז. מ׳האָט שוין געוווּסט, אַז דאָס איז מען געקומען אַרויסוואַרפן די זילבערצווייגס, און כאָטש מע האָט זיי ניט ליב געהאַט און זעלטן דערמאָנט זייער נאָמען אָן א ביטער ווערטל, האָט מען זיי דאָך מיטגעפילט אין אומגליק און איצט מיט אומרו געוואַרט, וואָס דאָ וועט זיין. ראָבערט האָט דערווייל געטאָן, וואָס זיין באַלעבאָס האָט אים געהייסן. ער האָט געבראַכט א שווערע, גרויסע האַק, איז שטילערהייט צוגעגאַנגען צו דער טיר, געפונען די נייטיקע שפּאַרונע, פאַרלייגט דעם ברייטן שאַרף, און איידער מ׳האָט זיך אַרומגעזען, איז שוין די אַרבעט געווען אָפּגעטאָן.
— פּראָשע פּאַנאַ, די טיר איז אָפן, — האָט דער פּאַרוואַלטער געמאָלדן דעם סטאַנאָוואַי און איז גלייך אַוועק צום אַריינגאַנג.
אין דער רעגע האָט זיך פון אינוויייניק דערהערט א שאָס.
דער סטאַנאָוואַי, וואָס איז געגאַנגען פון הינטן, האָט זיך אָפּגעשטעלט א געפּלעפטער. באַלד זיך געמאַכט מוט און אַריין אין שטוב. די לאָדן אף די פענצטער זיינען נאָך אַלץ געווען פאַר־מאַכט, אין די צימערן פינצטערלעך, און דאָס אויג האָט נאָך דער דרויסנדיקער שיין וויניק־וואָס באַמערקט אין דער ערשטער מינוט. שפּעטער א ביסל האָט מען אָנגעהויבן זען. אין דער מיט בא די פּאָרטיערן פאַר אַן אינוויייניקסטער טיר איז געשטאַנען לייבוש־דאָוויד בלייך, ווי קאַלך, די גרויסע אויסגעבאַנקעוועטע אויגן פאַרטראַגן, ווי אין היץ. די שטוביקע האָבן אים צוגע־האַלטן, אַרומגענומען, איינגעשטילט, און ער האָט זיך געריסן פון זייערע הענט.
— אַרעסטירט אָט דעם יידן, — האָט אויסגערופן דער פּאַרוואַלטער, — ער האָט אין מיר געשאָסן.
בריינדל איז צוגעלאָפן. שטענדיק שטיל, איינגעהאַלטן, פאַרטרויערט, שטענדיק צוגע־קלעפּט צו די עלטערן, האָט זי אין דער שווערער שאָ, ווען אַלע אין שטוב זיינען געווען צעבראָכן און פאַרלוירן, מיטאַמאָל גענומען אף זיך די זאָרג פון איינער א געזונטער אין א מישפּאָכע שלאַף־געוואָרענע, וואָס מוז אַלעמען ראַטעווען.
— איך בעט אייך, פּאַנאָוויע, דעם פּאַן זשאַנדצע האָט זיך אויסגעוויזן. קיינער האָט ניט געשאָסן, — האָט זי גענומען איינריידן די געסט.
— דערלויבט, — האָט דער פאָרשטייער פון דער מאַכט דערווידערט, — איך האָב אַליין געהערט דעם שאָס. איך מוז מאַכן א פּראָטאָקאָל.
— מע דאַרף ניט קיין פּראָטאָקאָל. איך בעט אייך, — האָט אים בריינדל אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און גענומען זיי גלעטן און דריקן. — איך בעט אייך זייער. דער ברודער האָט געוואָלט... ס׳איז דען א קלייניקייט, אַלץ פאַרלוירן, בעטלער געוואָרן... האָט ער געוואָלט... מאַכן א סאָף צו די יעסורים... נו, בייסן געראַנגל האָט דער רעוואָלווער אַליין אויסגעשאָסן. איצט ווייסט דער פּאַן פּריסטאַוו דעם עמעס.
— וואָס דערציילט איר דאָרט מייסעס, — איז דער פּאַרוואַלטער גראָב אַריינגעפאַלן אין די רייד, — ער האָט געשאָסן אין מיר, און איך פאַרלאַנג ניט אַנדערש, נאָר צונויפשטעלן א פּראָ־טאָקאָל.
דאָ האָט דאָס מיידל אָפּגעלאָזט דעם סטאַנאָוואַי און זיך טייקעף א נעם געטאָן צום פּאַר־וואַלטער.
— ווי קאָן עס דער פּאַן זשאַנדצע זאָגן אַזאַ זאַך? זאָל דער פּאַן א קוק טאָן אף דער שטוב, אף די מענטשן. דער פּאַן האָט דאָך די מעגלעכקייט צו פאַרגלייכן דאָס, וואָס עס איז, מיט דעם, וואָס געווען... צי איז מען ניט גענוג דערנידעריקט און צעטראָטן? און אָט באַלד, מע ווייסט דאָך, באַלד וועט מען אַרויסגעוואָרפן ווערן אף דער גאַס, ערגער פון די ציגיינער, איז וואָס נאָך פאַר א סאַטיספאַקציעס פעלן דעם פּאַן? עפּשער וויל ער, מע זאָל אים קושן די הענט, איז אָט־אָ קוש איך זיי. עפּשער פאַלן צו די פיס — איז אָט בין איך גרייט פאַלן...
— ניין, ניין, — האָט ער דאָס מיידל אָפּגעשטעלט, — זאָל די פּאַניענקע אַזוי ניט ריידן. נאָר וואָס הייסט שיסן אין מענטשן, וואָס זיינען געקומען אויספילן זייערע געזעצלעכע פליכטן? איר ווייסט, וואָס עס קומט דערפאַר? סיי־ווי, אין אַזאַ איניען דאַרף זאָגן זיין וואָרט דער פאָרשטייער פון דער מאַכט.
דאָ האָט זיך בריינדל צוריק איבערגעוואָרפן צום סטאַנאָוואַי.
— אָ, דעם פּאַן פּריסטאַוו קען זי דאָך שוין פון לאַנג. ער איז דאָך אַליין די פיינקייט און די גערעכטיקייט. ער קאָן ניט טאָן קיין אַוולע, זי ווייסט עס ווויל. און זאָל דער פּאַן פּריסטאַוו

אָפּגיין מיט איר א ביסעלע אין א זײַט, ניט אַלע מעגן הערן, וואָס א פּאַניענקע רעדט מיט אַן עלעגאַנטן מאַנצבל. איז יאָ... צום באַדויערן, האָט זי מער גאָרניט, כּוץ אָט דעם פינגערל אַפן פינגער. דער היפּשער שטיין אין דער מיט איז א ריינער ברילִיאַנט, א מאַטאָנע צום געבורטסטאָג עטלעכע יאָר צוריק, זאָל אים דער פּאַן פּריסטאַוו שענקען זײַן פּאַני, איך בעט אים זייער, פון גאַנצן האַרצן, דאָס וועט איר פאַרשאַפן אופריכטיקן פאַרגעניגן...

איצט האָט מען געעפנט די לאָדן, און דער סטאַנאָוואָי האָט איבערגעלייענט דעם באַשלוס וועגן אַרויסזעצן. באַלד האָט מען געעפנט אויך די טירן. די געקומענע האָבן גענילט. איידער די שטובלײַט האָבן גענומען פּאַקעווען די זאַכן, האָבן די לעסניקעס אָנגעהויבן אַרויסטראָגן דאָס מעבל.

דער גראָוער רעב יאַנקעוו איז אַרויס פון הויז, ווי שטענדיק, מיט דער ליולקע אין מויל, אַפן שפּיץ קאָפּ — א שוואַרץ זײַדן קאַפּל. ער האָט זיך פאַרנייגט צו באַקאַנטע, מיט א באַקאָשע־ווונק אָנגעוויזן, מע זאָל אַרויסרוקן זײַן פּאָטעל אַף א פרײַ אָרט. מע האָט עס געטאָן, און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט. מער האָט ער זיך צו גאָרנישט געמישט. געזעסן, געקוקט אַף דעם, וואָס עס טוט זיך, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, טאָמער האָט צו אים עמעצער גערעדט, אַמאָל צוליב פרײַנטלעכקײַט פאַרלוירן א וואָרט.

האַנדזיע איז געווען פאַרנומען מיט צונויפלייגן באַזונדער אירע זאַכן. פּלוצעם צעגוואַלדעוועט זי זיך, אַז ס'איז איר פאַרפאַלן געוואָרן עפּעס א קלייד. זי לאָזט זיך עס זוכן אין אַלע קערב און פּעק, צעוואַרפט, מאַכט אומאָרדענונג און ווערט ענדלעך שטיל — זי האָט עס געפונען אויבנוף, באַ זיך אונטער דער האַנט. פון מאָל צו מאָל זעצט זי זיך אַנידער, דערמאָנט זיך אָדער דערזעט עפּעס אַזוינס, וואָס נעמט באַם האַרצן, און הייבט אָן כאַלעשן.

לייבוש־דאָוויד, וויבאַלד ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז אַלץ איז שוין פאַרשפּילט, ניט צו ענדערן, איז ער דורך א הינטערטיר אַוועק אין וואַלד. עמעצער פון די קינדער איז אים נאָכגעגאַנגען, האָט ער אַוועקגעטריבן, געפּאָדערט, מע זאָל אים לאָזן אַליין, געדרעוועט, געוואָרפן זיך מיט די פויסטן. דעמלט איז ברײַנדל אַוועק צו אים. זי איז מיט אים געבליבן דאָרט אין וואַלד גאַנץ לאַנג. און ווען זיי זײַנען ביידע אָרעם־צו־אָרעם אָנגעקומען צוריק, האָט מען געזען — דער מענטש איז געבראָכן און געשטילט. ער איז שוין אין שטוב ניט אַרײַן. ברײַנדל האָט אים געשטעלט א שטול באַזײַט מיטן פאָטער. דאָרט איז ער געזעסן שווײַגנדיק, ביז אינווייניק איז מען פאַרטיק געוואָרן מיטן פּאַקעווען די זאַכן.

אַלץ איז שוין געווען אין דרויסן. דאַניע איז אומגעלאָפן איבער די פּוסטע צימערן. מיטאַמאָל האָט א פינצטערניש גענומען פאַלן פון די פענצטער. דאָס האָט מען אָנגעהויבן פאַרמאַכן די לאָדן.

אָט זײַנען שוין אויך די טירן געווען פאַרשפּאַרט און פאַרשלאָסן און מיט טשוועקעס פאַרקלאַפּט.

דער ברייטער מיט שטאַכעטן אַרומגעצאַמטער הויף איז געווען פאַרשטעלט מיט פײַן־פּאָלירטע שאַפעס און בעטן, אַלערליי טישן און טישלעך פון פאַרשיידענער פאָרם, מאַסיווע קושעטקעס און איידעלע קאַנאַפּקעלעך, פאַרוואַלגערט מיט קויבערס און קוישן, קליידוואַרג און קיילים. פאַרוואָרפן און פאַרוקט צווישן די זאַכן איז געזעסן די מישפּאָכע — אַלע אינײנעם. אַלע הונגעריק, אויסגעמאַטערט און פאַרלאָשן. דער הימל איבער זייערע דאַכלאָזע קעפּ איז נאָך דערווײַל געווען ליכטיק־בלוי. די זון איז געהאַנגען נידעריק איבערן וואַלד. אַלץ אַרום איז געווען פאַרפלייצט מיט וואַרעמער אָראַנזשעווער שײַן, נאָר פון די איינצלנע נאָענטע ביימער זײַנען געפאַלן לאַנגע שאָטנס — שליכים־אָנזאָגער פון דער אָנקומענדיקער נאַכט...

די פרויען פונעם ישעוו זײַנען דורכן טאָג עטלעכע מאָל געווען באַם הויז. שפּעטער אויך מיטגעבראַכט עפּעס פון עסנוואַרג — א טשוהון געקאָכטע קאַרטאָפל, א רעטשענעם קוכן, א קעז. אַפילע די שטענדיק דערשלאָגענע מאַלקע, וואָס איז זעלטן־ווען ערגעץ אַוועק פון שטוב, איז געקומען צום הויז. א צײַט האָט זי געקוקט אַף דעם, וואָס עס טוט זיך, ווי אַף א בייזוואונדער, ביז א שרעק איז אַף איר אָנגעפאַלן. זי האָט זיך צעכליפּעט, גענומען ציטערן מיטן גאַנצן צעשטערכעטן קערפּער. אַזוי, אין געוויין און ציטערניש, אַוועק אַהיים און זיך מער ניט געוויזן.

פאַרנאַכט האָבן אָנגעהויבן זיך צונויפפאָרן די מאַנצבלען: פריִער כאָניע מיט זײַנע צוויי פורן — אַף איינער ער אַליין, אַף דער צווייטער יאַנקל, זײַן עלטערער זון, נאָכדעם לייזער מיט זײַן בולאַנעם.

דערלאַנגענדיק עסן דעם מאַן, האָט פּעשע דערציילט די נײַס פון טאָג.

— די פּוילישע האָבן געבעטן פרעגן, צי וועסטו מיט יאַנקלען קאָנען מאָרגן אָפּפירן זיי צו דער סטאַנציע, — האָט זי פאַרענדיקט איר באַריכט. — זיי רעכענען אַוועקשיקן די מענטשן און די נייטיקסטע זאַכן, און לייבוש־דאָוויד מיט ברײַנדלען זאָלן דאָ בלײַבן באַוואָרגן דאָס מעבל.

כאַניע האָט געגעסן די לינדזן מיט די האַלעשקעס און זיך ניט געאײַלט עפּעס צו זאָגן.

— איצט קאָן מען בא זיי פאַר קליינגעלט קריגן, וואָס דו ווילסט, — האָט פּעשע צוגעגעבן נאָך א קורצן שווײַגן, — א קאָמאָד, אן אַלמער, א בופעט.

— ענגלעך. ווו וועלן מיר עס שטעלן?

— ניט נאָר מעבל. זיי דאַרפן געלט אַף הויצאָעס, וועלן זיי פאַרקויפן וואָס דו ווילסט. פאַר דיר א זילבערנעם קאָס אַף פּייסעך...

— אוהו, — האָט כאַניע געמאַכט מיט א פול מויל. "דער פאַרשלאָג וועגן דעם קאָס איז אים געפעלן געוואָרן.

— איך בין אַנומלטן געווען בא זיי, — האָט ער געזאָגט נאָכדעם, אַז ער האָט מיט א ברעג טישטעך אויסגעווישט די ליפּן, — זיי האָבן א זייגער, וואָס מאַכט קוקו צו איטלעכער שאָ. א קוקאָווקע שפּרינגט אַרויס און מאַכט קוקו אַזויפיל מאָל, וויפל די צײַט באַווײַזט. אויב וואָלוול, דאַרף מען נעמען.

— אַוואַדע וואָלוול. איצט זאָלן זיי זיך נאָך יאַקרעווען?

א געזעטיקטער איז כאַניע אַריבער צום בענטשן. שעפּטשענדיק די טפילע, האָט ער שטײַף און פאַרגעניגנדיק אָנגעקוקט מיט זײַנע ציגײַנערשע אויגן דאָס אַנטקעגנזיצנדיקע ווײַב. זי האָט א צופרידענע זיך געשמאָלצן אונטער זײַן בליק, ענטפערנדיק אים מיט א רייצנדיק צוגעלאָזט שמייכעלע.

— איז פאַרוואָס ניט, — האָט ער געזאָגט, אויפשטייענדיק פון טיש, — מע קאָן געבן די פורן, מע דאַרף זיך נאָר באַדינגען.



א וואָך שפּעטער איז שיפרע געגאַנגען דורך דעם יִשעוו. זי האָט שוין, ווײַזט אויס, געהערט פון דער געשעעניש און איז גלײַך אַוועק צום פּוסט־געוואָרענעם הויז. אַרײַן אין הויף, באַטראַכט די פאַרמאַכטע טירן און פענצטער, אַרויס צוריק, זיך צוגעזעצט אַף א פּניאָק און פונווײַטן אַלץ געקוקט אַפן הויז, געשאָקלט מיטן קאָפּ. אַזוי געזעסן גאַנץ לאַנג, אײַנגעדרימלט, זיך אויפגעכאַפּט. דערנאָך איז זי, ווי געוויינלעך, אַוועק צו בוניען.

— איך האָב בא זיי קיינמאָל קיין גלאָז וואַסער ניט אויסגעטרונקען, — האָט זי געזאָגט, — פּריצים־יִדן געווען, ניט מער, וואָס אָן הינט. איינמאָל האָב איך פאַרבלאָנדזשעט צו זיי אַפן גאַנעק, האָט מען דורך דער דינסט מיר אַרויסגעשיקט א קאָפּעקע. פונוואַנען ווייסט איר, אַז איך קוק אויס אַף אײַער קאָפּעקע? עפּשער וויל איך גאָר איבערוואַרטן דעם רעגן? איר זעט דאָך, אַז עס גיסט אין דרויסן... פונדעסטוועגן, איצט, אַז זיי זײַנען כאָרעוו געוואָרן, קלעמט עפּעס באַם האַרצן. איך געדענק, ווי דער יִשעוו האָט זיך אָנגעהויבן בויען... גייסט אין וועג און טראַכסט זיך: נאָך א ווערסט, נאָך עטלעכע ווערסט וווינען מענטשן אין וואַלד. באַנאַכט לויכטן זיך פענצטער. איר געדענקט די הוטע? סאַראַ פײַערן, סאַראַ שײַן. וואָס איז עס פאַר א שײַן אינמיטן דער פינצטערניש? דאָס לויכט זיך דער מענטש מיט זײַן אַרבעט. די ערד איז ניט פּוסט און ניט וויסט... און דאָ גייט עס גאָר אַף צוריק: פאַרלאָשן די פײַערן, פאַרטריבן די מענטשן...

# א גוטער אָנהייב

די לעצטע פורן, וואָס האָבן צוגעשטעלט דעם רעשט זאַכן, זײַנען נאָך ניט געקומען צוריק פון דער סטאַנציע. און אַפן פּוסט־געוואָרענעם הויז האָבן צוגעשיקטע אַרבעטער שוין אויפגעבראָכן דעם דאַך, געשלײַדערט אים שטיקערווײַז צו דער ערד, צענומען די קראָקוועס און די ווענט. דערנאָך דאָס זעלבע געטאָן מיט דער הוטע און מיט די וווינונגען פון די אַרבעטער. די טירן און די פענצטער און דאָס געזינטערע געהילץ האָט מען טיילווײַז ערגעץ אַוועקגעפירט, טיילווײַז צעשלעפּט, געבליבן איז פוילס און ברוך, אײַנגעוואַלגערטע אויוונס און סטאַרטשענדיקע האַלבע קוימענס.

דאַניע האָט איצט געהאַט א סאַך וואָס צו טאָן. אַף די ערטער פון די געוועזענע געבײַדעס האָבן זיך געעפנט אָן א שיר גריבער און לעכער. אומעטום האָט מען געמוזט אַרײַנקריכן, אַרײַנקוקן. נאָר די גרעסטע נײַס איז געווען דער פרײַער שטעך, וואָס איז פריִער געווען פאַרשטעלט דורך דער הוטע און האָט זיך איצט פּלוצעם אַנטפּלעקט פאַר די אויגן. ער האָט זיך געצויגן פאַרבײַ וואַלד און ערשט נאָכדעם זיך צעלייגט ווי עס דאַרף צו זײַן אין דער ברייט און אין דער לענג. בא דער סאַמע גרענעץ האָט דאַניע דערזען אַזוינס, וואָס האָט אים דעם אָטעם פאַרכאַפּט, — דער הימל איז געלעגן דאָרטן אָנגערירט אין דער ערד. ניט ערגעץ הינטער טײַכן און בערג, נאָר אַפן גלײַכן פעלד, און גאָר ניט אַזוי ווײַט...

אין א זײַט פֿון דער היים, פֿארגעסן טאטע־מאמע, איז דאָס ייִנגל געשטאנען א פֿארצױ־בערטער פֿאר דעם װוּנדער. ס׳האָט זיך אזױ געגלוסט אין אײן פֿלי זיך אריבערטראָגן צו יענעם לופֿטיקן ראנד, א קוק טאָן, װאָס געפֿינט זיך פֿון יענער זײַט, אָדער כאָטש נאָר זיך א שאר טאָן, א דריי טאָן זיך אין יענעם אָרט, א לײַכטן טאפּ טאָן עס מיטן הענטל. דאניע האָט געפּלאָטערט פֿון באגער. פֿון פֿלאָטערן איז ער אריבער אין געלױף, אלײן ניט באמערקט, װען דאָס האָט זיך אָנגעהױבן. ער איז געלאָפֿן מיט אלע קױכעס, די בעקלעך האָבן געפֿלאַמט, ער האָט געסאָפּעט, װי א הינטל אין א הייסן טאָג, נאָר ער האָט זיך געצװוּנגען צו לױפֿן אלץ װײַטער, געמאכט עטלעכע שפּרונג צוליב פֿרײלעכקײַט, אריבער אף פֿוסטריט, קעדיי איבערכאפּן א ביסל דעם אָטעם, און דערנאָך װידער געלאָפֿן, אונטערגעטריבן זיך, װי א פֿערד, אזױ לאנג, ביז ער האָט שױן מער ניט געקאָנט, געמוזט זיך אָפּשטעלן.

װען דאניע האָט זיך אומגעקוקט אף צוריק, האָט ער געזען, אז ער האָט דורכגעמאכט א היפּש שטיקל װעג. נאָך שאַרפֿער איז געװען דער פֿארדראָס, װאָס דער ברעג, װעלכן ער האָט געמיינט צו דערגרייכן, איז אף קײן האָרעלע ניט נעענטער געװאָרן. פֿארקערט, ער האָט זיך װי נאָך מער אָפּגערוקט. װי פֿריִער, איז דער הימל געלעגן אָנגעאַרירט אין דער ערד. הײסט עס, יענער װוּנדערלעכער ברעג איז טאקע פֿאראן אינדערעמעסן. ס׳איז ניט קײן פֿארפּירעניש. נאָר אפּאָנעם, אז דערלױפֿן אהינצו איז ניט פֿון די גרינגע זאכן...

מיט א שװוּער הארץ איז ער געגאנגען צוריק. פֿון מאָל צו מאָל געכאפּט א קוק אהינטער — ס׳איז דאָ. װען ער קאָן פֿליִען, װאָלט ער אײנס און צװיי געװען דאָרטן. אמאָל איז ער געפֿלױגן — שױן לאנג זײער. בײס ער איז געװען א קלײנינקער. נאָך איצט כאָלעמט זיך אים אָפּט, אז ער פֿליט. נאָר װען ער פּרוּװט עס מאכן אפֿדערעמעסן, קאָן ער שױן ניט, פֿארגעסן װיִאזױ...

פֿון די ביניאָנים ארום דער הוטע איז פֿארבליבן א קלײן שטיבל נעענטער צו דער סמאָ־ליאַרניע, װאָס שױעל האָט געפּױעלט באם הױף, מע זאָל עס לאָזן גאנץ. אין דעם שטיבל האָבן זיך יענעם הארבסט אריַינגעקליבן די באָבע מיטן זיידן. העכער א ביסל איז געשטאנען א כורװע — פֿיר פֿארגעסענע װענט אָן טיר און פֿענצטער, מיט א דורכגעבראָכענעם דאך. דאָ איז געװען די װױנונג פֿון די ניט־גוטע.

װעגן די ניט־גוטע האָט דאניע פֿריִער ניט געהערט, זײ זאָלן האָבן א באשטימט אָרט. מיט־אמאָל האָט זיך ארױסגעװיזן, אז זײ זײַנען דאָ גאָר נאָענט. פֿארנאכט איז ער פֿון ערגעץ געגאנ־גען פֿארבײַ דער פֿוסטקע, דערזען די טונקעלע פֿענצטער־עפֿענונגען און געמאכט פּיס אזױ, װי א װיכער װאָלט אים אװעקגעטראָגן. נאָר אף מאָרגן באטאָג האָט ער זיך אומגעקערט צו דעם אָרט. א צײַט געקוקט, זיך צוגעהערט, האַלטנדיק זיך פֿונדערװײַטנס, פֿארגאנגען פֿון אײן זײַט, פֿון אן אנדער זײַט, ארום און ארום. דערנאָך איז ער צוגעקומען נעענטער. יאשטשעריצעס זײַנען אומגעלאָפֿן איבער די װענט. ער האָט אריַינגעהוקעט דורך א פֿענצטערל: „האָ־האָ!“, האָט עס אָפּגעהילכט מיט א װידערקאָל. נאָכאמאָל: „האָ־האָ!“, דער זעלבער ענטפֿער. דעמלט איז ער צו צו דער טיר, אָנגעקלאָפּט מיטן געשװכטן פּיסל אין דער שװעל: טוק־טוק־טוק! און אױסגעװאַרט — שטיל... אריַין אינװײניק. פּוסט. איבערן קאָפּ דורך א גרױסן לאָך אין דער סטעליע זעט זיך דער הימל.

דאניע האָט פֿריִער פֿארשטאנען, אז ס׳װעט זײַן אזױ. ס׳איז דאָך טאָג, און זײער צײַט איז די נאכט...

מיט דער נאכט זײַנען בא דאניען געװען גאָר ניט קײן גלאטע באציִונגען. ער פֿלעגט אָפּט פֿארזאמען בא זײַנע שפּילן און באשעפֿטיקונגען ביז שפּעטלעך אין אָװנט: לעבן דער ריטשקע אונטן, װוּ ער האָט אײַנגעשטעלט א מיל־רעדל און געקוקט, װי דאָס לױפֿנדיקע װאסער פּאטשט עס אונטער און עס דרײט זיך; בא די קאַריערן מיטן ריינעם ליכטיקן זאמד, װאָס איז אמאָל געגאנגען פֿאר דער גלאָז־שמעלצערײַ און איצט האָט דאניע דאָרט געבױט שטיבעלעך און אױװנס; אָדער אין װאלד בא מאלינעס, בא ניס, צי ערגעץ אפֿן פּלאַץ פֿון דער סמאָליאַרניע. אלע װינקעלעך און באהעלטענישן ארום דער שטוב אף א האלבן װערסט און מער זײַנען אים באַ־קאנט און געװױנט, זײַנען טײלן פֿון דער היים. װען ער דערמאָנט זיך, אז מע דאַרף גײן, איז שױן אָפּטמאָל גאנץ פֿינצטער. מיט אײן בליק כאפּט ער אוף די שװאַרצע טיפֿקײַט פֿונעם װאלד און די אױסגײיענדיקע ליכטיקײַט פֿונעם הימל איבער אים. אין אָנהײב לױפֿט ער א ביסל. ער װערט מיד, לאָזט ער זיך גײן שטיל. אין דער שטילקײַט װאכט אוף דאָס געהער. א שישקע פֿאלט אראָפּ, א צװײַגל טוט א קנאק אונטער די טריט, א זשאבקעלע שפּרינגט איבער דעם װעג, א סאָװע שרײַט אױס. אלץ באנעמט ער און שטעלט עס גלײַך אפֿן אָרט. די שטאמען, די צװײַגן רײַבן זיך אין אים, פֿארטשעפּען, און ס׳איז אים גוט פֿון זײער נאָענטקײַט. זײ זײַנען הײמישע, זײ פֿארשטעלן אים, באשיצן פֿון אלדאָסבײז, נאָר פֿון די בלױזן און צװישנס קוקט, דוכט זיך, עפּעס דראָענדיקס. ער גײט ארױס פֿון הינטער די בײמער, דערזעט ער דעם אָפֿענעם

רוים. דאָ איז ניט אזוי געדיכט פינצטער, ווי אין וואלד, דאָך הערשוועט שוין דער אונטן אָף דער גאנצער ברייט און הייך. דערוויַיל איז דער טונקל נאָך שיטערלעך, האלב דורכזיכטיק, נאָר עפּעס ארבעט זיך, שפּינט זיך אין אים נאָכאנאנד, ער ענדערט זיך, ווערט געדיכטער פאר די אויגן. און אָט אין דער לייַדיקייט דערפילט דאניע, ווי די שליכים פון דער נאכט באפאלן אים פון אַלע זייַטן. זיי ווימלען מענגעסווייַז איבער זייַן קאָפּ, פאר זייַן פּאָנעם, צווישן די פיס, ארום און ארום, פליִען פארבייַ, נעמען אים דורך. מע הערט ניט קיין שאָרך, מע פילט ניט קיין גוף, נאָר עפּעס שוועבט אָן אופהער — מיליאסן שאָטנס. זיי טוען אים גאָרניט, ער גייט דורך זיי, ווי דורך דער לופט, נאָר זיי פלאטערן, באוועגן זיך, קוליען זיך, שווינדלען, פילן אָן דעם רוים...

מורעשקעס לויפן איבערן לייַב, נאָר דאניע ווייסט — פאר דעם איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן. אזא איז די נאכט — גאָלע סוידעס און דאכטעניש. און ער האָט אין די אונטן אָפּט אומיסטן זיך ארויסגעגאנוועט פון שטוב, אוועק אפן בערגל אָדער צו דער קרענעצע, געשטאנען דאָרט א מינוט, אויסגעשפּירט די פינצטערניש, געשפּילט מיט דער שרעק, זיך אויסגעפּרווט, — נאָכדעם א געשטארקטער זיך אומגעקערט צום פייַער.

קיין באהעלטעניש אין וואלד איז פאר אים ניט געווען פארשטעלט, קיין סטעזשקעלע ניט פארצאמט, אַלע ערטער אין דעם גאנצן קרייַז ארום שטוב — זייַנע, ער — זייער האר און באצווינגער. און אָט האָט זיך באוויזן עפּעס א פּוסטקע — און ווילן איז ניט צולאָזן צו זיך. וויפל מאָל האָט ער אין די אונטן זיך פארמאָסטן בייַצוקומען אָט דאָס שטיבעלע, געלאָפן אין יענער זייַט און שטענדיק געבליבן שטיין פונווייַטן, זיך אייַנגעהערט — דוכט זיך, גאָרניט, און אַלץ ניט געקאָנט זיך דערנענטערן. אָף א צייַט האָט ער אוועקגעוואָרפן דעם געדאנק און שפּעטער ווידער זיך דערמאָנט, ניט געקאָנט רוען.

■

נאָך סוקעס איז אראָפּגעקומען דער מעלאמעד. דאניע האָט געמוזט שטארק פארייַסן דאָס קעפּל אים אָנצוקוקן, אזוי הויך איז ער געווען. א באָרד האָט ער געהאט א מעשענע, אין כוואַליעס, אויגן — גרויסע און פייַכטע, ווי בא א קו. אז ער האָט זיך אנידערגעזעצט און אונטערגעהויבן די יארמעלקע, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער שארבן איז אויבן הויל, גלאַט, אָן איין האָר. די פּערלגרויפּן מיט די פּאסאָליעס, וואָס מע האָט דערלאנגט צום טיש, האָט ער געזופט מיט אזא ראַש, אז דאניע האָט פארכידעשט אופגעהערט עסן, א מינוט לאנג דאָס אויג ניט אראָפּגענומען פון דעם גאסטס מויל און וועלנדיק אויספרווון, צי ער קאָן אויך, עטלעכע מאָל א צי געטאָן פון לעפל אָן ערעך אָף אזא אויפן, ווי יענער האָט עס געמאכט. פון דער מוטערס בליק האָט דאניע פארשטאנען, אז מער דאַרף מען ניט.

דאָס איז געווען דעם יידנס ערשטע מעלאמדעס. דאָס ווייַב האָט אים ארויסגעטריבן אָף קנעלונג, געטייַנעט, אז אין קלייטל, מישטיינסגעזאָגט, וועט זי זיך באדרייען אָן אים, זאָל ער באזונדער עפּעס פארדינען, ווי בא לייַטן מענער. בוניע האָט מיט אים גערעדט, ער זאָל מיטן יינגל זייַן ווייך, אים ניט שלאָגן, האָט ער געזאָגט:

— מאכמעס איך בין אזא הויכער, מיינט מען, איך בין א גאזלען.

אינדערעמעסן האָט ער מוירע געהאט אפילע פארן גאָנער, זיך געלאָזט לויפן מיט די לאנגע פיס, ווען יענער פלעגט זיך צעשיפען און אויסציִען דעם האלדז. אין אונטן האָט ער זיך ניט אייַנגעשטעלט אליין ארויס אין דרויסן נאָך זייַנע באדערפעניש, דאניע האָט אים יעדעס מאָל געמוזט פירן.

דער אָנהייב איז געווען אפן צווייטן טאָג אינדערפרי.

— געדענק, זאָלסט לערנען מיט כיישעק, — האָט שויעל אָנגעזאָגט דעם זון.

— אין א גוטער שאָ, — האָט צוגעווונטשן די מוטער.

און זיי האָבן זיך ביידע געשטעלט אין א זייַט קוקן, ווי זייער קינד וועט זיך דאָס ערשטע מאָל נעמען צום אלעפבייס. פון דער סטעליע, ווי עס פירט זיך, איז אפן טיש אראָפּגעפאלן א פּיאטאקל. נאָר אָף דאניען האָט עס ניט געמאכט קיין רוישעם. ער האָט באמערקט, ווי דער טאטע האָט עס צוגעוואָרפן הינטן־ארום איבער זייַן אקסל, וויל פארשטאנען, אז מיט דעם קלייַנעם שווינדל וויל מען אים צוגעבן פלייַס צום לערנען, אין דער צייַט, ווען ס׳איז איבעריק, אים אליין איז די זאך טשיקאווע.

דער מעלאמעד האָט זיך געוואָלט איבערנעמען פאר די באלעבאטים, וואָס זייַנען געשטאנען דערבייַ, ווייַזן, אז ער קען אין דער מעלאכע אלערליי געגנג, האָט ער אָנגעוויזן דעם יינגל, אז דער קאָמעץ איז ענלעך אָף א ציגן־בערדעלע, און אייַנגעקנעלט:

— באַמערק זשע, פֿאַרגעדענק זשע...

נאָכדעם, אַז ער האָט איבערגעפֿרעגט, ווי ווײַט זײַן קאָמעץ אַלעף, האָט דאַניע געענטפֿערט: „מע!"... די מאַמע האָט געלאַכט, דאָס ייִנגל האָט שיר ניט געוויינט. נאָר ווײַטער איז עס דאָפּקע געגאַנגען גאָר ניט שלעכט.

קיין גרויסער קענער איז דער מעלאַמעד ניט געווען, ער האָט געלערנט אַזוי, ווי מע האָט קינדווײַז אים געלערנט. דאָס ייִנגל האָט גאַנץ גיך באַנומען דעם סײכל פֿון דער זאַך, און מער האָבן די עלטערן ניט פֿאַרלאַנגט.

מיט קעסט איז מען אויך אויסגעקומען רויִק. דער ייִד איז געווען גאָר ניט קיין איבער־קלײַבער. זײַן איינציק באַליבט מײַכל איז געווען ציבעלע מיט ברויט. צו דער דאָזיקער סודע פֿלעגט ער זיך זעצן מיט אַ האַנטעך באַ דער האַנט. די שאַרפֿקײַט פֿון דער ציבעלע פֿלעגט אים פֿאַרגיין אין דער נאָז — ניט אין די אויגן, נאָר אונטער דער יאַרמעלקע. ער הייבט זי אונטער, ווישט אָפּ מיטן האַנטעך די טראָפּנס שווייס, פּאַקט אַ ווײַל איבערן שאַרבן, אים אָפּ־צוקילן, און נעמט זיך ווײַטער צו דער אַרבעט. בײַסט אײַן מיט אַ כראַמשטשק און גלאָצט אויס די קיִעשע אויגן. דאָס האָט אים שוין אַ זעץ געטאָן די היץ, און דער פֿליך איז שוין ווידער נאַס.

דעריקער אָבער האָט ער געדאַרפֿט אַ סאַך שלאָפֿן. אָנהייב אָוונט, אַלע אין שטוב זײַנען נאָך וואַך, אַפֿילע דאַניע, איז הענעך (אַזוי האָט דער מעלאַמעד געהייסן) שוין אָף זײַן געלעגער. ער שלאָפֿט זיך דורך אַ שאָ־אַנדערהאַלבן, זעצט ער זיך אַנידער, ווי ער איז, אין די אונטערשטע וועש, מיטן טאַלעסקאָטן איבער די קני. די גרויסע אויגן ווילד־צעעפֿנט, שאָקלט זיך און זינגט אָפֿן קאָל מיט אַ יאָמטעוו־ניגן עפּעס אָנגלידערדיקע ווערטער, וואָס מע קאָן זיי ניט באַנעמען. אין אָנהייב האָט מען ניט געוווסט, וואָס דאָס איז, צי זאָל מען לאַכן, צי זאָל מען זיך שרעקן. מע האָט אים געפּרוווט וועקן, שרײַען אין אויער אַרײַן, טרייסלען פֿאַר אַן אַקסל. ער האָט ניט גע־הערט, פֿאַרטאָן אין זײַן יאָמטעוודיקן געזאַנג, ווײַטער זיך געשאָקלט, אויסגעאַרבעט אַלערליי קונציקע האַלדזשטיק, זיך פֿאַרגאַנגען אָף אַ בײַקעלכל, זיך צעלאָזט אין ברייטע פֿײַערלעכע טענער. קיין וואָרט קאָן מען ניט כאַפּן, בלויז „אַ־אַ־אַ־אַ, האַלאַ־הולאַ, האַלאַ־הולאַ, הי־הי־הי־הי־הי, הו־האַ, האַ־האַ, הולאַ־האַלאַ, האַלאַ־הולאַ..." אַזוי לאַנג, ביז ער הייבט אָן מיד ווערן, די אויגן קלעפּן זיך אים, און ער לייגט זיך צוריק אַנידער אָן אײַנגעשטילטער. אָף מאָרגן, אַז מע פֿרעגט אים, וואָס איז עס מיט אים געווען באַנאַכט, ווייסט ער ניט פֿון וואָס צו זאָגן, געדענקט ניט גאָרנישט.

דער זיידע אַריע, ווען ער איז געווען באַ אַזאַ פֿאַרשטעלונג, האָט באַרויִקט די שטובלײַט, אַז זאָלן זיי זיך ניט כידעשן. דאָס איז נאָך אַ קליינקײַט. ער האָט געהערט פֿון שענערע פֿאַלן. פֿאַראַן אַזוינע, וואָס קריכן אין שלאָף אָף גלײַכע ווענט און גייען איבער דער סטעליע מיט די פֿיס אַרוף, ווי די פֿליגן. וויאַזוי מאַכן זיי עס, מיט וואָס פֿאַר אַ קויעך? הע־הע, דאָס איז גאָר ניט פּאַשעט. מע שמועסט, אין דעם איז פֿאַרמישט די לעוואָנע. אַז אָף דער לעוואָנע איז דאָ אַ פּאָנעם, ווייסן אַלע, יעהוישוא־בין־נונס פּאָנעם. איז אַ סוואָרע, אַז יענע, וואָס האָבן אין זיך די מעשוגאַס, שטאַמען טאַקע פֿון אים, פֿון יעהוישוא־בין־נון. ציט עס זיי צו זייער שטאַם, צו דער לעוואָנע...

דאַניען האָבן דעם זיידנס רייד צערודערט מער, ווי דעם רעבנס מעשונעדיקע געזאַנגען. וואָס וואָלט געווען, ווען ער שטאַמט אויך פֿון יעהוישוא־בין־נון און נעמט פּלוצעם גיין איבער דער סטעליע מיט די פֿיס אַרוף — סאַראַ ווונדער און סאַראַ שרעק! טאָמער כאַפּט ער זיך אוף אָף איין רעגע, זאָגט דער זיידע, רײַסט ער זיך אָפּ און ווערט דערהאַרגעט. ניין, ניין, נאָר ניט אופֿכאַפּן זיך!..

דאַניע איז פֿאַרן שלאָף אַרויס אין דרויסן, אָפֿן הימל איז געווען די פֿולע לעוואָנע. עמעס טאַקע, זי האָט אַ פּאָנעם. ער האָט עס ביז אַהער גאָר ניט באַמערקט. אַ פּאָנעם און אויגן. זי קוקט, זי זעט, און אַ פֿאַרשעמטער האָט זיך דאָס ייִנגל אָפּגערוקט פֿונעם באַלויכטענעם אָרט, איז אַריבער צו טאָן, וואָס ער האָט געדאַרפֿט, אין שאָטן.

■

אָנהייב ווינטער איז די באָבע ציוויע פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן. דאַניע האָט אָפֿט אָפּגעטראָגן אין קליינעם שטיבעלע אַ טעפּל געקעכטס, אַ קריגל הייסע מילך. דעמלט האָט ער געזען, ווי די באָבע ליגט אַ פֿאַרטראָגענע, די שיטערע גראָווע האָר צעוואָרפֿן איבערן קישן. זי סאָפּעט פֿאַר היץ, קרעכצט, דאָס טונקעלע פּאָנעם שטאַרק פֿאַרקנייטשט פֿון אָנשטרענגונג, די אויגן שליסן זיך און מאַכן זיך אוף. דאַניען איז שטאַרק טשיקאַווע געווען צו קוקן אָף דעם, ווי זי הייבט אונטער מיט איר אָטעם די קאָלדרע אָף דער ברוסט. ער האָט דאָס מויל צעעפֿנט פֿאַר

נײַגער. אַז די מאַמע האָט אים נאָכדעם געפֿרעגט אױף דער קראַנקער, װאָס זי מאַכט, האָט ער געענטפֿערט קאַלט: „גאָרניט"... און איז גלײַך אַװעק צו זײַנע באַשעפֿטיקונגען.

ער האָט זיך דאַן געפֿונען באַ טראַכימען. אין דער שוליאַרניע זײַנען קײן פֿענצטער ניט געװען. די טאָג־שײַן איז געפֿאַלן דורך דער אָפֿענער טיר. די הרובע האָט זיך געהייצט. דאַניע האָט געקוקט אַפֿן גרױסן פֿײַער, װי עס דרײט זיך אונטערן געװעלב, פֿאַרלױפֿט אין דער טיף און פֿאַרשװינדט דאָרטן אין אַ זײַט, אין דער ליוכטע אַרײַן. ער איז געשטאַנען שטיל, װי ער װאָלט געװוּסט, אַז מע װעט אים באַלד זוכן, און ניט געװאָלט מיט אַן איבעריקער באַװעגונג, מיט אַ הױכן קאָל אַרױסגעבן, װוּ ער געפֿינט זיך. און עמעס טאַקע, ס'איז ניט אַריבער קײן שאָ, װי דער רעבע האָט זיך באַװיזן.

— קום, דער טאַטע רופֿט.

אין קלײנעם שטיבעלע האָט ער געטראָפֿן דעם טאַטן און דעם זײדן, בײדע באַם טיש, באַ אָפֿענע סידורים. זײ האָבן עפּעס נאָכאַנאַנד געזאָגט שטיל און הײס, מיט פֿאַרװײנטע אױגן. די באָבע איז געלעגן אױף איר אָרט, דאָס שװאַרצלעכע פּאָנעם אַרױף, מיט אַן אָפֿן מױל, פֿון װעלכן ס'האָט זיך געלאָזט הערן אַן אָפּט איבערגעריסן כריפּען און כאָרכלען, װי זי װאָלט שװענקען דעם האַלדז. שויעל איז צוגעגאַנגען צום זון.

— דער באָבען איז זײער שלעכט, — האָט ער געזאָגט. — װײן, מײַן קינד, בעט גאָט, ער זאָל איר העלפֿן, עפּשער װעלן דײַנע טרערן פּױעלן.

דאַניע האָט אָנגעקוקט דעם טאַטן און גאָרניט געענטפֿערט. ער האָט זיך נאָר געװוּנדערט, װיאַזױ זאָל ער װײנען, אַז עס הײבט זיך אים ניט אָן צו װעלן. ער האָט דאָפּקע געװוּסט, אום װאָס עס גײט, מע האָט װעגן דעם גערעדט אין שטוב די לעצטע טעג. זײ האָבן מוירע, די באָבע זאָל ניט שטאַרבן. און אים אַרט עס ניט. װער דאַרף זי, אױב זי האָט אַזױ פּײַנט די מאַמע, זאָל זי גײן... קוקנדיק אױף אירע גסיסע־מאַטערנישן, האָט ער גאָרנישט ניט געפֿילט, ס'האָבן אים נאָר פֿאַרװײַלט אירע האַװײַעס און איר אױסזען.

מיטאַמאָל האָט זי אַ הײב געטאָן דעם קאָפּ פֿונעם קישן. אױפֿן פּאָנעם האָט זיך אױסגעדריקט אַ מוירעדיקע אָנשטרענגונג. די אָפֿענע אױגן זײַנען געװען אױפֿגעבראַכט, האָבן געשפּריצט מיט קאַס.

— אַ־קיש! אַ־קיש! אַ־קיש! — האָט זי הײזעריק, מיט קױעך זיך צעשרײַען אין דער לופֿט אַרײַן אױף עמעצן, װעלכן זי האָט דאָרט, װײַזט אױס, געזען.

די דערװאַקסענע האָבן פֿאַרכידעשט אָנגעקוקט דאָס מעשונעדיקע בילד, ניט פֿאַרשטאַנען, װאָס דאָס באַטײַט. נאָר דאַניען איז געװען קלאָר: די באָבע טרײַבט פֿון זיך דעם מאַלעך־האַמאָװעס, װאָס געפֿינט זיך איצט דאָ אין שטוב, זי װיל זיך ניט איבערענטפֿערן אין זײַנע הענט.

באַלד איז זי צוריק אָפּגעפֿאַלן און טײקעף נאָך דעם געװאָמען שטיל װערן. דאָס טונקעלע פּאָנעם איז ליכטיקער געװאָרן, אַ רױקײַט האָט זיך אױף דעם אױסגעגאָסן. מיט רו און אָפּגע־שײדטקײַט האָט געװײט איצט פֿון איר גאַנצן װעזן, װי זי װאָלט זיך מיט פֿאַרמאַכטע אױגן איבערגעגעבן עפּעס אַ גרױסן װאַסער, װאָס האָט זי אױפֿגענומען אױף זײַן אױבערפֿלאַך און טראָגט פּאַמעלעך אַװעק מיט זיך.

— געשטאָרבן, — האָט דער טאַטע געזאָגט, און דאַניע האָט שױן אַלײן געזען, אַז דאָס איז אַזױ.

— פֿאַרװאָס װײנסטו ניט, — האָט דער פֿאָטער גערעדט, — ביסט שױן ניט קײן קלײנינ־קער. װײן און זאָג עפּעס, זאָג, װאָס דו קענסט.

דאָ האָט דאַניע זיך דערמאָנט עפּעס, װאָס ער האָט אַנומלטן געהערט. ס'איז אים דעמלט זײער געפֿעלן געװען: „הינטל־קאַפּינטל־לאַמטעדרינטל..." און ער האָט געװמען זוכן, װאָס נאָך קאָן מען זאָגן אַזױ. אַ שנײעלע האָט אָנגעהױבן פֿאַלן פֿאַרן פֿענצטער. „שנײעלע־קאַפּײעלע־לאַמטע־דערײעלע". עמעצער האָט איבערגעדרײט דעם שפּיגל מיטן פּאָנעם צו דער װאַנט — „שפּיגעלע־קאַפּיגעלע־לאַמטעדעריגעלע. בעטעלע־קאַפּעטעלע־לאַמטעדרעטעלע. באַבעלע־קאַפּאַבעלע־לאַמ־טעדעראַבעלע..."

# אין װעג

דער זײדע אַריע האָט ליב געהאַט צו זאָגן װעגן זיך:

— איך האָב מיר אָפּגעלעבט מײַנע יאָרן ניט רײַך. דערפֿאַר מיט אַ קלאָרן קאָפּ.

ער איז אַ גאַנץ לעבן געװען אַ מענטש באַ יענעם: אַן עקאָנאָם באַ אַ פּאָסעסאָר, אַ נעמאָן אין אַ ברױז, אַמאָל געגאַנגען מיט סאָכרישע אָקסן אין די נאָענטע שטעט. אין װעג איז ער געװוינט געװען גוט אָפּעסן אַפֿן כעזשבן פֿון באַלעבאָס, נעמען אַ שאַרף ביסל בראָנפֿן. סײַ אין

עסן, סיי אין דער ארבעט, סיי אין א שמועס מיט א מענטשן האָט ער פּיינט געהאַט צו כאַפּן. „אַלע קאַליקעס זײַנען געמאַכט געוואָרן כאַפּנדיק", — איז געווען זײַן ווערטל. אַליין איז ער געווען געבויט זעלטן אין דער מאָס — ניט הויך, ניט גראָב, א מעסיק פאַרלענגערט פּאַנעם מיט א געטאַקטער נאָז, ניט קיין גרויס, אָפּ צווייען געטיילט בערדל. אָף דער עלטער, אַז די האָר זײַנען אים שוין ווײַס געוואָרן, איז נאָך דאָס פּאַנעם געווען ראָז און שטײַף־אָנגעגאָסן. אין די קליינע אויסיעלעך איז ער געווען ניט קיין שאַרפער ווייסער, און מע האָט אים זעלטן־ווען גע־קאָנט טרעפן מיט א סייפער אין דער האַנט. ער איז אויך געווען ניט צופיל פרום, אָן היץ געטאָן, וואָס עס קומט פון אים, געהאַלטן זיך בא דעם געדאַנק, אַז פאַרן ריבוינע־שעל־אוילעם, ווי פאַרן באַלעבאָס, ביסטו געגנוג יויצע מיט א קײַלעכיקן כעזשבן, אַבי נאָר די אונטערשטע שורע זאָל ווי־ניט־איז שטימען. וואָס צו, איז אומגעזונט — אומעטום, אין אַלע זאַכן.

זײַן פאַרגעניגן איז געווען פאַרברענגען מיט א מענטשן. ער האָט געוווּסט א יאָם מיט געשיכטעס, זיי האָבן זיך בא אים קיינמאָל ניט אויסגענומען. ער האָט געקאָנט שאָענווײַז אָפּזיצן, טרינקען טיי מיט ניט געיילטע קליינע זופּלעך און פאַמעלעך דערציילן אָדער הערן, ווי יענער דערציילט. די באַקן רויטלען זיך, באַדעקן זיך מיט א פּײַכטלעך גלאַנצל, א שמייכל פון האַנאָע שפּילט אָף זיי, זיצן זיצט ער רויק, דערציילט געלאַסן, בייס א גרעסערער פּויזע שטרעקט ער אויס דעם טײַט־פינגער (א צייכן, אַז ס'איז נאָך ניט גאָר, ס'וועט נאָך עפּעס זײַן ווײַטער) און האַלט אים אַזוי אופגעהויבן, ביז די דערציילונג מאַכט איר נײַעם טראָט.

אַז ער איז אריבער צום זון, האָט ער גענומען אָף זיך די אופזיכט איבער דער סמאָליאַרניע, און שויעל האָט זיך מער אָפּגעגעבן מיט זײַנע נײַע געשעפטן — מיט די דעליאַנקעס. אין א פרײַער שאָ, ווען אין דער סמאָליאַרניע איז ניט געווען וואָס צו טאָן, און אָף זיצן און שמועסן האָט זיך אויך ניט געזען קיין באַלן, האָט דער אַלטער זיך געפונען אַן אַנדער ארבעט: געווײַסט די קופערנע קיילים, פאַרלייט דעם בלעכענעם זײַער, אָנגעשלאָגן דעם צעבער, אָנגעדראָטעוועט א ליימענעם טאָפּ. ליידיק זיצן האָט ער פּײַנט געהאַט, בלײַבן מיט דער באָבן צו לאַנג אויג־אָף־אויג איז אים גאָר ניט געווען צום הארצן. ער האָט אויסגעמיטן א קריג מיט איר און קיינ־מאָל ניט געפרוווט זי איבערשפּאַרן, נאָר אויך ניט ליב געהאַט, זי זאָל אים א דייע זאָגן. „דו ביסט דו, און איך בין איך"... — פלעגט ער זי געוויינלעך אָפּשטעלן, ווען זי פלעגט אָנהייבן אָנגרײַפן, נאָר אָף יעדנפאַל האָט ער געזוכט צו האַלטן זיך פון איר וואָס ווײַטער. נאָך איר טויט האָט זיך ניט באַמערקט, ער זאָל זײַן שווער פאַרטרויערט.

דאַניע האָט שוין לאַנג אויסגעטיילט דעם זיידן און איצט זיך צוגעבונדן צו אים מיטן גאַנצן הארצן, גערן געהערט זײַנע מײַסעס און צוגעקוקט זײַנע טועכצן. אויך דער זיידע איז געווען צו אים צוגעלאָזט. דער אַלטער האָט געהאַט א קופערט. דאָרט איז, כוץ אַנדערע זאַכן, געלעגן באַהאַלטן זײַן געצײַג: העמערלעך, זועגעלעך, עגבערלעך, אַלערליי אָפּצוועגעס, פּײַלן, דלאָטעס, נאָלן, שטאַמעסקעס. קיינער, אויסער אים, האָט זיך צו זיי ניט געטאָרט צורירן. טאָמער איז ניט געווען מיט זיי וואָס צו טאָן, האָט ער זיי אָפּט גלאַט א ביסל ארויסגענומען, געקוקט אָף זיי, באַטאַפּט, אראָפּגעבלאָזן א שטרויעלע, א שטויבעלע, געפּוצט, אונטערגעשאַרפט, ווו מע האָט געדאַרפט. יעדעס שטיקל אינסטרומענט, ווי ביכלאַל יעדע זאַך בא אים, האָט געהאַט זײַן גע־שיכטע — ווען און ווו, בא וואָס פאַר א געלעגנהײַט איז אים געראָטן צו פאַרשאַפן זיך אַזא מין זעלטנס, אַזא וווּנדער, ווײַל אַלץ, וואָס האָט געהערט אים, איז פאַרעכנט געווען צו די אויסדערוויילטע און אומפאַרגלײַכלעכע זאַכן, נאָך אַזוינס איז ניט צו קריגן אין דער וועלט.

כוץ געצײַג איז אין קופערט, אײַנגעוויקלט אין א שטיקל פּוליאַר, געלעגן א גרויסער מויערקאַפּ, ברוין און פאַרלמוטערדיק קאָלירט. פון צײַט צו צײַט פלעגט אריע ארויסנעמען דעם מויערקאַפּ, פריער צולייגן זיך צום אויער, נאָכדעם געבן דעם אייניקל, ער זאָל צולייגן, און זיי פלעגן הערן, ווי עס רוישט דער יאָם. אין אָדעס, דערציילט מען, ליגט דער יאָם באַם סאַמע ברעג, נאָר עס קאָן זיך מאַכן, אַז ס'איז א ליגן. די אָדעסער זײַנען מוירעדיקע באַרימער. אַליין האָט דער אַלטער קיינמאָל אָדעס ניט געזען, נאָר — סטאַם, עס לייגט זיך ניט אָפּן סייכל... דער יאָם האָט, לויט זײַנע פאַרשטעלונגען, געהערט מער צו דער מײַסע־וועלט, איידער צו די ערטער, ווו הײַנטיקע מענטשן וווינען. אין יאָם איז דער ליוויאָסן. ראַבי באַר־באַר־כאַנע איז געשווומען אין יאָם...

פרילינג־צײַט, באַלד ווי דער וועג איז טריקענער געוואָרן, האָט דער אַלטער גענומען צושטיין, שויעל זאָל אים דערלויבן נעמען דאָס פערד אָף א פּאָר טעג. ער מוז צופאָרן צו דער טאָכטער. קלאָר געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מוז ער גראַד איצט אַזוי נייטיק צו איר פאָרן, האָט ער ניט געקאָנט, געררעדט האַלבע ווערטער: „אַזוי... מיסטאָמע דאַרף איך"... זיך געברויגעזט, זיך געבלאָזן, נאָר ניט אָפּגעלאָזט די זאַך, ביז ער האָט געפּויעלט.

דאָס פערד האָט שויעל אײַנגעהאַנדלט דעם לעצטן הארבסט. עטלעכע אויסגעביטן איינס נאָכן אנדערן אין פארלויף פון א קורצער צײַט, ביז ער האָט זיך פארשאפט לויט זײַן גוסט — א רויטלעך פערד, ניט קיין גרויס, נאָר א רירעוודיקס. דאניע האָט עס שוין געגלעט, געגעבן עסן גראָז פון דער האנט, עטלעכע מאָל אונטערגעפּאָרן מיטן טאטן אין נאָענטע ערטער און אפילע באקומען צו האלטן די לייצעס א ביסל. זומער, איז אָפּגערעדט געווען, לערנט אים דער טאטע רײַטן אָן א זאָטל. מיטאמאָל א פרייד — דער זיידע נעמט אים מיט זיך אין דער נעסיע.

דער וועג, ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, איז געווען יענער, וואָס הינטער דער הוטע, דורכן פעלד, ווו דאניע איז אנומלטן געלאָפן צום האָריזאָנט און ניט דערלאָפן. איצט האָט ער געקוקט פון דער בריטשקע צום אָפענעם הימל־פּאַס, וווהין מ'איז געפאָרן, געזעסן שטיל און געוואַרט, וואָס דאָ וועט זײַן. דעמלט איז דער ברעג אויסגעקומען א סאך נעענטער, ווי איצט, פעסטער און בוילעטער... דער זיידע האָט גערעדט צום פערדל:

— ברענסט, רײַסט זיך, אך, אך... וווהין? וואָס האָסטו דערפון? ווילסט אויסנעמען בא דײַן באלעבאָס? נאָר איצט בין איך באלעבאָס, ניט שויעל. איך האָב צײַט. בארויק זיך. טאָמער וועט מען דארפן לויפן, וועל איך דיר אָנזאָגן...

מ'איז שוין געפאָרן לאנג... דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט דאניע דערפילט, אז ער איז אויסער די גרענעצן פון דער היים, ער איז ארײַן אין א נײַעם אומבאקאנטן רוים, וואָס ציט צו זיך זייער, זאָגט נאָכאנאנד עפּעס צו, טוט אמאָל עפּעס א ווײַז, נאָר דאָס וויכטיקסטע לייגט ער אַלץ אָפּ אף שפּעטער. דערפון האָט זיך אין הארצן פארגאנוועט אזא קלעמענדיקער אומרו. דאָס ערשטע מאָל האָט דאָס יינגל פארזוכט דעם טאַם פון א ווײַטן וועג, נאָכאמאָל און נאָכאמאָל האָט ער זיך פארקוקט צום האָריזאָנט, דאָרשטיק צו וויסן, וואָס הינטער אים איז.

ערשט ווען מ'איז צוריק ארײַן אין וואלד, האָט ער צווישן די באקאנטעביימער ווידער דערפילט זיך ווי אין א שטוב.

— אמאָל, — האָט דער זיידע געזאָגט נאָך לאנגן שווײַגן, — פלעגט מען אין די ערטער קאָנען טרעפן א בער אויך. איצט זעט מען זיי ניט. געפּאטערט ביז איינעם. וויפל איז אין דעם, ווי יוזעפקא האָט דעם לעצטן דערהארגעט? א יאָר צוואנציק, עפשער צוויי און צוואנציק, ניט מער...

דער וועג איז דאָ געווען אָפּט איבערגעפלאָכטן מיט גראָב־ארויסטארטשענדיקע וואָרצלען. דאָס פערדל איז געגאנגען פוסטריט.

— דאָ זײַנען מיר פריער געפאָרן פארבײַ א שטוב, — האָט דער זיידע ווידער אָנגעהויבן. — פון דער לינקער זײַט איז געשטאנען אָן אלטער פויער, האָסט אים מיסטאמע געזען. דאָס איז יוזעפקא. שוין בא די אכציק, מיין איך. א דעמב, נאָר דער מויעך א ביסל ניט מיט אלעמען. ס'איז געשען מיט אים א מײַסע.

ער איז אמאָל געווען א יעגער. געגאנגען אף בערן מיט דער ראָגאטינע, ניט איינעם אוועק־געלייגט. פריצים נעמען זיך צונויף גאנצע קאָמפּאניעס מיט פערד, מיט הינט, מיט אויבערמע־שאָרסים און אונטערמעשאָרסים. מע טרובעט, מע האווקעט. עס טוט זיך. יוזעפקא גייט אליין. ער קען אף אויסוויינינק אלע פּושטשעס און לעכער. ער טוט א קוק אפן מאָך, טוט א שמעק די לופט, איז געגוג פאר אים, מער דארף ער ניט.

ס'איז געווען באוווסט, מע האָט געשמועסט, אז אין וואלד איז נאָך פארבליבן איינער — א לעצטער. נאָר ווו איז ער? פריצים האָבן געזוכט, געגישטערט. איינע — פון דער זײַט, די אנ־דערע — פון יענער זײַט. איינער האָט געוואָלט אויסכאפּן דאָס געווינס בא דעם אנדערן. מ'איז געגאנגען אין געוועט און שוין באצײַטנס פײַן ארײַנגעגאָסן. בעקיצער, מע האָט געטרובעט, גע־האווקעט — ניטאָ. יוזעפקא שווײַגט. מע פרעגט אים, וואָס זאָגט ער עפּעס דערצו, ווו קאָן ערגעץ זײַן דער בער? „א כטאָ יאָהאָ זנאיע”... ער ווייסט ניט, הייסט עס.

גאָרניט. מיילע, ניטאָ איז ניטאָ. מאלע וואָס מע רעדט, כאלוימעס. און דעמלט, ווען ס'איז אָפּגעפאלן דער ראַש, האָט יוזעפקא איינמאָל שטילערהייט גענומען זײַן געצײַג און איז פאר שאַ־ריִען, קיינער זאָל אים ניט זען, ארויס און אוועק מיט יענע סטעזשקעלעך און סימאָנים, וואָס ער נאָר אליין האָט געוווּסט. נאָכדעם האָט ער דערציילט. א טאָג מיט א נאכט איז ער געגאנגען. ערשט אפן צווייטן טאָג אָנגעקומען אפן אָרט. ער איז דאָ, זעט יוזעפקא, — א גוואלדאָוונער אל־טער בער ליגט, קוקט מיט די בלוט־פארלאָפענע אייגעלעך און פּרוווט אפילע ניט אנטלויפן.

„איך ווייס, — זאָגט דער בער, — איך ווייס, ווער דו ביסט, און גוט, וואָס דו ביסט געקו־מען”... מע קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי יוזעפקא איז צעטומלט געוואָרן... „איך בין שוין דער איינ־ציקער, זאָגט דער בער, דער לעצטער. איך האלט זיך ווײַט פון די מענטשן און זייערע טשערע־דעס. וועמען קאָן איך שלעכטס טאָן? לאָז מיך אויסלעבן מײַנע יאָרן. דארפסט מײַן פעל? וועסט שוין לאנג אף איר ניט וואַרטן”...

יוי... אַף אַזאַ באַגעגעניש האָט זיך יוזעפּקאַ ניט געריכט. די האַנט הייבט זיך אים ניט אויף. וואָס זשע טוט מען? אַוועק צוריק מיט ליידיקן — פּאַסט עפּעס ניט, ס'ווילט זיך ווייַזן, אַז אַט האָבן כ'ווייס וויפל פּריצים מיט הינט גאָרניט געקאָנט מאַכן, און ער, דער פּויער פון ווערכליעס, איז געגאַנגען און האָט געבראַכט. נאָר וואָדען? זינט דעמלט איז ער געוואָרן אויס יעגער. די ערשטע טעג איז ער דאַפקע געווען גאַנץ פריילעך, דערציילט אַלץ, ווי ס'איז געווען, געוויזן אַלע־מען די פעל. טאַקע זייער אַ גרויסע, אַ גוואַלדאַוונע פעל. נאָר שפּעטער, ווינטער־צייַט, איז מיטאַמאָל געוואָרן ניט גוט... באַטאָג — ניט אַזוי, נאָר באַנאַכט — מע קלאַפּט אין טיר, אין די פענצטער, אין די ווענט. דער בער קלאַפּט. וואָס וויל ער? גאָרניט. דו, הייסט עס, האָסט מיך דערהאַרגעט, און איך בין דאָ. כאַפּ זיך אַרויס אַף אַ מינוטקעלע, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן... זינט דעמלט איז ער ניט מיט אַלעמען, יוזעפּקאַ, וועגן דער ביקס איז שוין אָפּגערעדט. ער רירט זיך צו איר ניט צו...

דער וועג איז געוואָרן בלאָטיקלעך און שוואַרץ. אַ בריקל האָט זיך באַוויזן, עטלעכע האַלב־איבערגעפוילטע קלעצער אויסגעלייגט אין דער ברייט. דער זיידע איז אַראָפּגעפּאָרן מיט אַ זייַט גלייַך איבערן וואַסער אָנצופּאָיען דאָס פערד.

— און איצט קאָן מען אַליין אויך נעמען אין מויל, — האָט ער געזאָגט, ווען מ'איז צוריק אַרויס אַפן שטייַפן וועג.

ער האָט צעבונדן אַ פּעקל מיט עטלעכע אייער־קיכלעך, אופגעהיטע, גאַנצינקע, ווי ער האָט עס ליב געהאַט. איין קיכל געגעבן דעם אייניקל, דאָס צווייטע אָפּגעלייגט פאַר זיך. דערנאָך אַרויסבאַקומען פון אַ קעשענע אַ פלאַטשיקע פלאַש, אַ גרינבלעך־געלע, פון פּאַליוועטער ליים. געמאַכט אַ בראָכע, אָפּגעזופּט, פאַרביסן, אַלץ אַקוראַט, ניט געכאַפּט.

— ווילסט אַ לעק? — האָט ער זיך געווענדט צו דאַניען. — אָבער טאַקע נאָר אַ ביסעלע, וויַל ס'איז זייער שטאַרק.

דאָס ייִנגל האָט צוגעוווּנקען, אַז — יאָ, ער וויל. ער האָט באַקומען די קיילע, זי איז געווען אַ שווערע און אַ גליטשיקע, ער האָט געמוזט זיך צוהעלפן מיט דער צווייטער האַנט. אַזוי האָט ער פאָרזיכטיק צוגעטראָגן דאָס העלדזל צו די ליפּן, אַ צי געטאָן, אַראָפּגעשלונגען. ס'איז דאַפקע אַראָפּ גלאַט, נאָר עפּעס אומגעריכט הייס און גיך זיך צעגאַנגען איבערן לייַב. דאָס מויל איז פול געוואָרן מיט באַטאַמטן פייַער, און נאָך עפּעס אַ בייַגעשמאַק האָט זיך געשפּירט — ווי פון ליים, אַנגעצויגן, אַפּאָנעם, פון דער קיילע, אין וועלכער דאָס געטראַנק איז לאַנג געשטאַנען. מיטאַמאָל זייַנען צוגעפאַלן מאָדנע פריילעכע פאַרלאַנגען: אופשטעלן זיך אין דער בריטשקע און פאָרן שטייענדיק, מאַכן אַפן זיידן: האַוו־האַוו, און אַ ביס טאָן אים אַף קאַטאָוועס אין דער נאָז, לאַכן אַף אַ גראָב קאָל: כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!.. נאָר דאַניע האָט געוווּסט, אַז מע דאַרף זיך אייַנהאַלטן, זייַן ערנסט, אַניט וועט מען עפּעס מיינען. דער זיידע האָט שוין אַזוי אויך אָפּט געכאַפּט אַף אים אַ קוק און געשמייכלט.

— אַלטער בראַנפן, — האָט ער געזאָגט, — נאָך פון יענער צייַט, ווען איך האָב געדינט אין ברויז.

פּלוצעם האָט זיך דאָס פערדל פאַר עפּעס דערשראָקן. גענומען כראַפּען, אייַנשפּאַרן זיך, שטויסן זיך אַף צוריק. עטלעכע טריט ווייַטער זייַנען אין דער קאָליע געלעגן צוויי ברוינע שלענגלעך. אַריע האָט אָנגעצויגן די לייצעס, דערלאַנגט דעם פערדל אַ פּאָר שמיצלעך, און ס'האָט אַ ריס געטאָן פאַרויס.

— זע נאָר, זע, סאַרא סאַך! — האָט דאַניע אויסגערופן, אַרומקוקנדיק זיך אַף די איבערגעפאָרענע שלענגלעך.

— די ראָד האָט זיי צעשניטן, דאָס וואַרפן זיך די שטיקלעך, — האָט דער זיידע געזאָגט. — קליינינקע, נאָך גאָר קינדער מיסטאַמע, אַרויס אַפן וועג זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען. אָ־אָ־ו־ו, אַז די מאַמע זייערע וועט זיך דערוויסן!.. גלייַכער אַוועק פון דעם אָרט וואָס גיכער.

די בריטשקע איז געשפּרונגען איבער די קאָרטשעס, געטרייסלט, געראַשט. דאַניען זייַנען רינגען געגאַנגען פאַר די אויגן, די ביימער האָבן זיך געהוידעט. ער האָט זיך נאָכאַנאַנד אומגעקוקט אַף צוריק. ס'האָט געדוכט, אַז אַט באַווייַזט זי זיך, אַט־אָ זעט ער זי שוין, די גרויסע מאַמע־שלאַנג. זי איז געוווּיר געוואָרן, וואָס מע האָט דאָ אָפּגעטאָן מיט אירע קינדער, און יאָגט זיך נאָך דער פור, בלישטשעט, פלאַמט פאַר נעקאָמע און קאַס, פון אָפענעם פּיסק שטעקט אַרויס דער גיפט. זי לייגט זיך צונויף און טוט זיך אַ וואַרף, און יעדער וואַרף איז עפּשער צוואַנציק טריט, אַט־אַט קומט זי אָן... דערנאָך איז עפּעס זייער שטיל געוואָרן. דער הימל, די ביימער, דאָס פערד האָבן זיך מער ניט געזען. ס'איז געבליבן נאָר דעם זיידנס פּלייצע...

אַז דאַניע האָט זיך אופגעכאַפּט, האָט דער וועג אויסגעוויזן מאָדנע אַנדערש, כאָטש ס'איז נאָך אַלץ געווען וואַלד, עפּשער דערפאַר, וואָס באַ די זייַטן זייַנען געשטאַנען אומגעווייַנלעך

גרויסע שטאַמען, א כאָל ריזן איינע אין איינע, וויפל דאָס אויג האָט פאַרנומען אין דער טיף. דער זיידע האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד, איז אַראָפּ פון וואָגן און אויך דעם אייניקל פאַרגעלייגט.

— קוקסט אָף די סאָסנעס? פײַנע סאָסנעס, ניטאָ וואָס צו ריידן. פונדעסטוועגן איז עס נאָך ווײַט פון דעם, וואָס מע קאָן זען אין בעלאָוועזש, — האָט ער געזאָגט, טוענדיק וואָס מע דאַרף. — יוי... פאַראַן דאָרט איינע א יאָדלע... קריך אַפּן וואָגן און נעם די לייצעס. נאָר ייַאג ניט. א מע־כײַעדיקער טאָג. וועט געדויערן נאָך א שאָ... פאַראַן דאָרט איינע א יאָדלע... אין וועלכן טאָג זײַנען באַשאַפן געוואָרן די ביימער? איך געדענק עפּעס ניט אַקוראַט. בעקיצער, פון יענעם טאָג אָן שטייט זי, קאָנסט זיך אויסמאָלן די הייך פון אַזאַ יאָדלע. הײַנט די גרעב. אַנדערע זאָגן — א ווערסט גאַנג ארום און ארום, אַנדערע — א מײַל. גיכער, פאַרשטייט זיך, איז צו גלייבן, אַז א מײַל. הײַנט די הייך. זי שפּאַרט אָן אין די וואָלקנס...

קיין יידישער פוס טאָר דאָך קיין טראָט ניט שטעלן אָף דער ערד פון בעלאָוועזש. וואָסי, דער קייסער האָט דאָרט א פּאַלעץ, קומט אַהין אָפּט אָף געיעג, און ער האָט פײַנט יידן. מיילע, האָט ער פײַנט, ס'איז ניט קיין נײַס, נאָר ס'איז א סוואָרע, אַז דער קייסער ווייסט דאַפּקע ניט פון דער יאָדלע, און איך, זעסטו, ווייס.

אָן אַלטער פּאָליאַק האָט מיר דערציילט, בײַס דעם מעטעזש[1] האָט ער מיט נאָך עטלעכע באַהאַלטן אין א לאָך אונטער אירע וואָרצלען די פּוילישע קאַזנאַ, אָן אויצער גאָלד מיט בריליאַנטן... יוי... „איך בין שוין דער איינציקער, האָט ער געזאָגט, וואָס ווייסט פון דעם סאָד. אַלע איבעריקע זײַנען שוין ניטאָ. דיר, אריע, האָט ער געזאָגט, וואָלט איך דאַפּקע דערציילט, ווו און וואָס, נאָר איך טאָר ניט. איך האָב געשוואָרן“... יוי... ער איז שוין אויך אַוועק פון דער וועלט, און קיינער קאָן שוין ניט אָנווײַזן, ווו דער אויצער ליגט באַגראָבן אונטער דער יאָל. נאָר ווו שטייט זי, די יאָדלע, ווו געפינט מען זי אין אַזאַ פּושטשע? עפּעס א וואָרטעלע בעלאָוועזש?

ארויס פון וואַלד, איז מען ארײַנגעפאָרן צווישן פעלדער. גרינע, שיטערלעך אופגעגאַנגענע פּאַסקעלעך קאָרן און האָבער. א גרויסער הילצערנער ציילעם, טונקל פון אַלטקײַט און רעגנס. אָף אים יעזוס אין א פּאַרטעכל פון גראָבן לײַוונט. א באַרוועסער פּויער מיט א שטעקן און א טאָרבע. און ס'האָט געדוכט, דער ציילעם, דער פּויער, ווי דער אָרעמער קאָרן, קומען פון דער באַרויבטער ערד, זײַנען איר געוויקס.

ווײַטער א ביסל האָט זיך אָנגעהויבן א דאָרף. פּויערשע שטיבלעך מיט פּאַרצאַמטע הייפלעך, א נאַקעטע קרעטשמע מיט א לאַנגער סטאַדאָלע. לעבן דער סטאַדאָלע איז געשטאַנען א מיידל. דער זיידע האָט עפּעס געזאָגט. נאָר דאַניע האָט ניט דערהערט, ער איז געווען פאַרוווּנדערט און קימאַט דערשראָקן פאַר דער אומגעריכטער שיינהײַט, וואָס ער האָט דערזען. זי איז געשטאַנען באַם ברונעם מיט די פיס אין בלאָטע, און דאָס פּאָנעם מאַט־ווײַס, מיט גרויסע טיף־טונקעלע אויגן, מיט א סאַמעט־שוואַרצן וואָלקן האָר אַפּן קאָפּ. זי האָט באַגלייט די פאַרבײַפאָרנדיקע מיטן בליק. מ'איז שוין ווײַט אַוועק פון דעם אָרט, און דאָס יינגל האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט קומען צו־זיך.

— א שיינע, האַ? — האָט דער אַלטער, פאַרשטייענדיק, צוגעוווּנקען דעם אייניקל. — נאָר וואָס טויג די שיינקײַט, אַז זי איז... יוי... קיין כידעש ניט, א קרעטשמע. א שליאַכטיטש פאַרפאָרט אַמאָל אויסטרינקען, א סויכערל א הײַנטוועלטיקער. דער נעמט זי פאַר א באַק, יענער פאַר עפּעס אַנדערס. זי איז שוין געוווינט צו אַלצדינג.

דאַניע האָט פון דעם זיידנס רייד פאַרשטאַנען נאָר איינס — אַז עפּעס רעדט ער אָף איר ניט גוט. און ס'האָט אים ווי געטאָן, געדראַפּעט, ווי מיט נאָדלען. ס'האָט זיך ניט געוואָלט הערן. דער אַלטער האָט זיך געשפּינט זײַנס.

— אַנומלטן בין איך אין סלאָנים געשטאַנען אכסאַניע באַ דעם קרעטשמערס א קרויווע. אויך פון יענע ווײַבלעך. פאַרן אַוועקפאָרן דערלאַנגט זי מיר א קעסטעלע, אײַנגעוויקלט אין ראָזע פּאַפּיר, איבערגעבונדן מיט א גרין בענדעלע — ווי אין אַן אַפּטייק. „איר פאָרט, זאָגט זי, פאַרבײַ, וועט איר עס איבערגעבן מאַריאַשען“. דאָס הייסט, איר טאָכע, דעם קרעטשמערס טאָכטער. „עפּשער מעג איך וויסן, פרעג איך, וואָס דאָס איז?“ — „ניין, זאָגט זי, דאָס איז א סעקרעט“... ניין איז ניין. איך לייג עס ארײַן אין בוזעם־קעשענע, געזעגן זיך אָפּ און זעץ זיך אָף דער פור. ארויסגעפאָרן בין איך שפּעט אין אָוונט. א שטאָט, ביז מע קויפט אַלץ אײַן און מע טוט אַלץ אָפּ. א פינצטערע נאַכט. קיין סימען פון לעוואָנע. איך פאַרלאָז זיך מער אַפּן פערד ווי אָף די אויגן. בעקיצער, זען איז דאָ ניט שייַעך. איך טאַפּ אָן — א פּיצל קעסטעלע פון קאַרטאָן, א גרינגינקס, גיי טרעף, וואָס דאָרטן איז. יוי... איך האָב שוין לאַנג געהערט וועגן איינער א זאַך, אַזאַ מין פּראָשעק א זעלטענעם, וואָס רופט זיך פודער. פריִער האָט מען פון אים געוווּסט נאָר באַ די גאָר

[1] מעטעזש — בונט. געמיינט דעם פּוילישן אופשטאַנד פון 1863—1864.

גרויסע פּריצים. ווי קומט ער צו דעם קרעטשמערס טאָכטער? עפּשער א פּרעזענט פון כ׳ווייס וועמען, ס׳קאָן זיך אַלץ מאכן. ניט אנדערש, טראכט איך, אז זי רײַבט זיך אײַן מיט דער זאך דאָס פּאָנעם, עלע ניט, פּונוואנען נעמט זיך אזא ווײַסקײַט? איך צעוויקל דאָס קעסטעלע, עפן פּאמעלעך — ווידער א פּאפּיר. איך רײַס דורך א לעכעלע, טונק אײַן א שפּיץ פינגער — ווייך, ווי גוטע ווייצענע מעל, איך טו א שמיר מיטן פינגער איבער דער האנט, יוי... דער פלעק לויכט זיך אין דער פינצטער... איצטער פארשטייסטו שוין?

דאָס האָט דאניע פארשטאנען, און ס׳איז אים געווען צום הארצן. איר פּאָנעם דארף זיך לויכטן אין דער פינצטער. באנאכט, אף א סטעזשקעלע אין וואלד... און דער אלטער, ווי ער וואָלט אונטערגעהערט דעם ייִנגלס געדאנק, האָט ווײַטער פאנטאזירט:

— דער זייגער בא אײַך אין שטוב איז אויך, ווײַזט אויס, אָנגעשמירט מיט אזא מין זאלב צי טאקע מיט דעם פּראָשעק. באנאכט, רעדט מען, יוי... רײַבט זי זיך אײַן דאָס גאנצע לײַב און לויפט ארום אין וואלד, צום וועג, טאָמער פאָרט עמעצער. ניט מיט איטלעכן, פארשטייט זיך, נאָר אויב זי ווארפט אף א פּאסאזשיר אן אויג, הייבט זי אָן מיט אים די עמעסע שפּיל. און גיי דעמלט זײַ א צאדיק.

נאָכן האלבן טאָג איז מען אָנגעקומען צו א וואסער.

— שימענס מיל, — האָט דער זיידע געזאָגט.

מ׳איז אראָפּ פון וואָגן. ארײַן אין א ווײַסלעך־פארשטויבטן הילצערן געבײַ, וואָס האָט זיך אײַנגאנצן געהוידעט פון נאָכאנאנדיקער קלאפּערײַ. אלע אינווייניק זײַנען געווען ווײַס. גרויסע ווײַסע ווּיעס און ברעמען, ווײַסער פּוך אף די באקן. בא אנדערע — זעק אף די קעפּ. ס׳האָט דושנע געשמעקט מיט ווארעמען מעל־שטויב. דורך די בלויזן צווישן די דיל־ברעטער האָט מען געזען, ווי דאָס וואסער יאָגט אונטער די פיס. ס׳האָט געדוכט, אז מע שווימט. עמעצער א גרויפּארמאָכיקטער איז צוגעגאנגען, געשמייכלט דורכן מאָך, עפּעס גערעדט, וואָס מע האָט ניט געהערט אין ראַש, ארופגעפירט די געסט מיט עטלעכע טרעפּ אף אן אָרט, וווּ דאניע האָט געזען, ווי מע פארשיט די קערנער אין קויש, געזען דעם מילשטיין אין זײַן שווינדלענדיקן קרײַז־גאנג. דערנאָך איז מען אוועק אין שטוב, וווּ מע האָט שוין געווארט אף די געקומענע.

א האלבע טוץ מיידלעך, איינע קלענער פאר דער אנדערער, האָבן זיך אויסגעשטעלט ווער ווײַטער, ווער נעענטער, באקוקט מיט נײַגער דאָס ייִנגל. דאניע האָט זיי קימאט ניט באמערקט, ער האָט זיך נאָך אלץ אײַנגעהערט אין דער מיל. ווי דורכן כאָלעם, האָט זיך דערמאָנט די הוטע, — פײַערדיקע מענטשן, פײַער־באוועגונגען אינדערלופטן. אזוי מאכט מען גלאָז. און דאָ — א שטוב אף לויפנדיקן וואסער, א געקלאפּער, א געדריי. און אלע מענטשן — ווײַסע, באוואקסן מיט ווײַסן פּוך. אזוי מאכט מען מעל... די מיידלעך, אָנגעלערנט פון דער מוטער, זײַנען איינע נאָך דער אנדערער צוגעגאנגען צום שוועסטערקינד, דערלאנגט די הענטלעך, געפרעגט:

— וואָס מאכט דער פעטער שויעל? וואָס מאכט די מומע בוניע?

דאניע האָט ניט געענטפערט, ניט געוווּסט, וואָס וויל מען פון אים.

צום עסן האָט מען דאניען באזעצט לעבן דער עלטערער, זיי זײַנען געווען קימאט אין איינע יאָרן. זי האָט אים צוגערוקט דעם לעפל, געפרעגט, צי ס׳איז אים ניט ענג, אלץ געוואָלט צוליב טאָן. די דערוואקסענע האָבן צווישן זיך גערעדט: „עפּשער שלעכטע כאָסן־קאלע...“ נאָר דאָס ייִנגל האָט געטראכט: זאָלן זיי ריידן, וואָס זיי ווילן. ער ווייסט שוין, ווער זײַן קאלע וועט זײַן... און אפילע ניט געוואָלט קוקן אף דער שכיינע.

צוריק איז מען ארויסגעפאָרן אף מאָרגן נאָכמיטיק. דער אלטער האָט זיך בא דער טאָכטער לאנג ניט פארהאלטן. ער איז נאָך לוסטיקער געוואָרן, א וואָרף געטאָן א שפּאסוואָרט און געזאָגט:

— דאָ נעמען מיר זיך רעכטס. אזוי וועט זײַן א ביסל ווײַטער, דערפאר א בעסערער וועג.

קעגן זײַן געוווינשאפט האָט דער אלטער איצט נאָכאנאנד אָנגעטריבן דאָס פערדל, אונטערגעגעבן דעם כיישעק: „פריילעכער, ייִנגעלע, פריילעכער!..“ אף די באקן האָט אים געשפּילט די פארב. און ער איז אינגאנצן עפּעס זייער אופגעלעבט געוואָרן, גלײַך ווי אָט דער נײַער וועג, מיט וועלכן מ׳איז איצט געפאָרן, האָט אים געזאָלט ברענגען אין עפּעס א באזונדערס וויל אָרט, וווּהין ס׳האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אָנקומען.

בא עפּעס א שטוב אינמיטן א קליין דערפל האָט ער זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט.

— דאָ וועלן מיר אָפּרוען, — האָט ער געזאָגט, כאָטש דאָס פערד האָט נאָך גאָר ניט אויסגעזען מאַט.

א ייִדענע איז ארויס פאר דער טיר, געשמייכלט פרײַנטלעך אנטקעגן די אָנגעקומענע.

— א גוט־מאָרגן, גאָלדע, — האָט דער אלטער זי באגריסט.

— א גוטער גאסט, א גוטער גאסט, — האָט זי גערעדט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — און

דאָס איז אײַער אייניקל? צו וואָס זאָל די פור שטיין אין דרויסן, אָט עפן איך דעם טויער, וועט איר פֿאַרפֿאָרן אין דער סטאַדאָלע.

ביז דער אַלטער האָט אויסגעשפּאַנט, האָט די באַלעבאָסטע ארויסגעשטופּט פֿון שטוב צוויי שיקערלעכע פּויערים: „גייט, גייט, איר וועט מאָרגן קומען". די געסט האָט זי פֿאַרבעטן אין אַלקער.

— זיצט, איך בעט אײַך, אָט באַלד, א ווײַלינקע, קום איך אויך.

און זי האָט זיך א נעם געטאָן גיך אופֿראַמען אין פֿאָדערשטן צימער. אויסגעווישט דעם לאַנגן טיש, די בענק, פֿאַרקערט דעם לײמענעם דיל און אויסגעשאָטן מיט פֿרישן געלן זאַמד, געשטעלט דעם סאַמאָוואַר. דער אַלטער האָט דורך דער האַלב-אָפֿענער טיר מיט פֿאַרגעניגן צוגעקוקט, ווי די ייִדענע באַוועגט זיך בערייש און פֿלינק. אָפּגעטאָן די אַרבעט, איז זי אַוועק הינטער עפּעס א פֿאַרהענגל און אין עטלעכע מינוט אַרום זיך באַוויזן פֿון דאָרטן אָן אָפּגעוואַשענע, אין א ריין קלייד, אפֿן קאָפּ — א בלאַס-ראָז טיכל מיט קליינע גרינע קווייטעלעך.

— זינט די טאָכטער האָט כאַסענע געהאַט, בין איך שוין טאַקע, ווי זאָגט מען עס, אַליין, ווי א שטיין, — האָט זי, אַרײַנקומענדיק, זיך באַקלאָגט פֿאַרן גאַסט מיט א זיפֿצל און פֿול מיט בײַן פֿאַרבויגן דעם קאָפּ אף א זײַט.

דאָס איז געווען א ייִדענע פֿון א יאָר עטלעכע און פֿערציק, נאָך א גאַנץ שטײַפֿע, א יאָדער-דיקע, מיט גאָר ווייניק קנייטשן אפֿן פּאָנעם. די באַקן האָבן געגלאַנצט, ווי אָפּגעשײַערטע, און אין די אויגן האָט געשפּילט דער ניט אויסגעבראָכטער גלי פֿון פֿינף יאָר אַלמאָנעשאַפֿט. א ביסל איז זי געשטאַנען און געשמועסט. דערווײַל איז פֿאַרטיק געוואָרן דער סאַמאָוואַר, און מ'האָט זיך געזעצט טרינקען טיי. דער אַלטער האָט, ווי זײַן שטייגער, געטרונקען א סאַך און לאַנג, ניט גע-כאַפּט, פֿריִער א זעקס-זיבן גלעזער מיט מילך, דערנאָך ערשט עטלעכע גלעזער אָן מילך. דעם ייִנגל איז לאַנגווײַליק געוואָרן. דער אײַנגעגעסענער רייעך פֿון שענק, מיט וועלכן די לופֿט אין שטוב איז געווען דורכגעזאַפּט, האָט געשטיקט. ער איז אַרויס אין דרויסן — צום ברונעם, צו דער קוזניע. ווען ער האָט מיט א שאָ שפּעטער זיך אומגעקערט, איז דער זיידע אַלץ נאָך געזעסן באַם טיי, קעגן אים — די באַלעבאָסטע, די הענט פֿאַרלייגט אונטערן בוזעם. זי האָט אים געקוקט אין די אויגן און געשמייכלט, און ער, א פֿאַרויטלטער, האָט געטײַנעט און עפּעס דערציילט, קימאַט ניט באַמערקט דאָס אַרײַנגעקומענע אייניקל און, קאָנטיק, נאָך אפֿילו ניט אָנגעהויבן קלערן וועגן פֿאָרן ווײַטער. אז דאָס ייִנגל, וואָס האָט ניט געוווּסט ווו זיך אַהינטאָן, האָט גענומען טאָרען דעם זיידן, מע זאָל שוין שפּאַנען דאָס פֿערד, האָט דער אַלטער געזאָגט:

— שויעל מיט די ביינער. נאָר ער אײַלט זיך.

און די באַלעבאָסטע האָט צוגעגעבן פֿון איר זײַט:

— די זון פֿאַרגייט דאָך שוין. נעכטיקט איבער, איר וועט אָפּעסן וועטשערע, איך וועל אײַך מאַכן א גוט געלעגער, און פֿאַרטאָג וועט איר זיך אַרויספֿאָרן.

דערויף האָט דער אַלטער געענטפֿערט מיט א קאָמפּלימענט, אז אויב גאָלדע זאָגט, זײַנען עס גאָלדענע ווערטער, און אַזוי דאַרף מען טאָן. וועגן וועטשערע טראַכט ער נאָך ניט, ער האָט גע-טרונקען טיי, איז דערווײַל פֿאַר אים גענוג. נאָר דעם ייִנגל דאַרף מען געבן עפּעס עסן. ער איז, קאָנטיק, מיד פֿון וועג, זאָל ער זיך לייגן פֿריִער. גאָלדע האָט דערלאַנגט סמעטענע, דערצו וואַ-רעניקעס מיט קעז, און אַריע האָט בא דער געלעגנהײַט דערציילט, וויאַזוי מאַן און ווײַב עסן וואַרעניקעס אף אוקראַיִנע: דער מאַן זעצט זיך באַם טיש, זי אַנטקעגן אים, און אינמיטן — א שיסל מיט וואַרעניקעס, אזא בארג, אז די מענטשן זעען ניט איינער דעם אַנדערן. „האָסטו שוין אָנגעהויבן?" — שרײַט זי פֿון הינטערן בארג. „אוהום", — מאַכט ער מיט א פֿול מויל. א צײַט איז שטיל. מע האָרעוועט, עס גיסט זיך שוויס. „האַלטסטו שוין עפּעס ווײַט?" — פֿרעגט זי זיך נאָך. „אוהום"... — מער הערט מען פֿון אים ניט, נאָר — אוהום. עס גייט ניט אריבער קיין שאָ, ווײַזט זיך א פֿענצטערל, — מע דערזעט זיך אין פֿריידן. „ווי געפֿעלן דיר הײַנט מײַנע וואַרעני-קעס?" — איז די באַלעבאָסטע א באַלן צו וויסן. „אוהום..." — מאַכט ער און רײַבט ווײַטער, האָט מוירע איבערצורײַסן די אַרבעט אפֿילו אף א מינוט.

די מײַסע האָט אָפּגעווישט פֿון דעם ייִנגלס האַרצן דעם מינדסטן פֿאַרדראָס אפֿן זיידן. ס'איז נאָר טונקל געוואָרן, האָט מען אים אויסגעבעט אין אַלקער. ער האָט זיך געלייגט און איז באַלד אײַנגעשלאָפֿן. עטלעכע שאָ שפּעטער, אז ער האָט געעפֿנט די אויגן, איז דער זיידע געזעסן אין צווייטן צימער באַם טיש, קעגן אים — גאָלדע. זיי האָבן, ווײַזט אויס, אָפּגעגעסן, נאָר נאָך ניט געבענטשט. פֿאַר זיי — אָפּגעליידיקטע טעלער, א פֿלעשל זובראָווקע — ביז האַלב, צוויי גלעז-לעך. ביידנס פּענעמער האָבן געגלאַנצט בא דער שײַן פֿונעם לאָמפּ. זיי האָבן געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן שטאַרק פֿאַרטיפֿט און פֿאַרטרוילעך שטיל געשמועסט.

(פֿאָרזעצונג קומט)

# דרײַ קינסטלער

שײַע בראַנשטיין, כאַים סימקין און יוסעף זיסמאַן זײַנען אין די צוואַנציקער יאָרן דערצויגן געוואָרן אין אַ קיעווער ייִדישן קינדערהיים. דאָס דאָזיקע קינדערהיים, וואָס האָט זיך געפונען אף רעפין־גאַס, 13, איז געווען אַ מוסטערהאַפטער קינדער־אַנשטאַלט. פיל אופמערקזאַמקײַט האָט מען דאָ געשענקט דער עסטעטישער דערציִונג.

מיטן קרײַז פון מאָלערײַ האָט אָנגעפירט דער באַקאַנטער קינסטלער עמאַנויל שעכטמאַן, וועלכער איז געפאַלן אפן שלאַכטפעלד אין דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע. אונטער זײַן אָנפירונג האָבן בראַנשטיין, סימקין און זיסמאַן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אפן קונסט־געביט. ווײַטער איז די ביִאָגראַפיע פון יעדערן פון זיי געווען אַזאַ.

שײַע בראַנשטיין איז געשיקט געוואָרן זיך לערנען אין קיִעווער ייִדישן קונסט־טעכניקום, וואָס בעראָש פון אים איז געשטאַנען דער באַוווסטער קינסטלער־פעדאַגאָג מ. עפשטיין. שפּעטער האָט בראַנשטיין פאַרענדיקט דעם לענינגראַדער אינסטיטוט פון מאָלערײַ און אויך דעם מאָסקווער קונסט־אינסטיטוט, אין וועלכן עס האָבן אונטעריכט אַזעלכע מײַסטערס, ווי פאַוואָרסקי און פיאָדאָראָוו.

בראַנשטיין וווינט איצט אין מאָסקווע. זײַנע ווערק זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן אף פיל אַלפאַרבאַנדישע אויסשטעלונגען. די לעצטע יאָרן פאַרנעמט אין זײַן שאַפונג דאָס הויפּט־אָרט די קאָלווירטישע טעמע. ער אַרבעט איצט אף לינאָגראַוויורן, וועלכע זײַנען באַשטימט פאַר דער אויסשטעלונג, געווידמעט דעם 50־יאָריקן יובילײ פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, און אף אַ ציקל גראַוויורן אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „דאָרט, וווּ לענין האָט געלעבט“.

אַ ריי ווערק פון שײַע בראַנשטיין גייען אַרײַן אין די פאָנדן פונעם מוזיי אף פּושקינס נאָמען, פון דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי, פון מוזיי פאַר פּלאַסטישער קונסט און אַנד.

כאַים סימקין האָט געענדיקט דעם מאָסקווער אינסטיטוט פון מאָלערײַ־קונסט. מילכאָמע־צײַט איז ער געווען אפן פראָנט. סימקין איז הויפּטזאַכלעך אַ פּאָרטרעטיסט. זײַנע ווערק זײַנען עקספּאָנירט אף אַ ריי אַלפאַרבאַנדישע אויסשטעלונגען.

סימקינס פּאָרטרעט פון אַנטאָן טשעכאָוו איז אָפּגעדרוקט אין אַ מאַסן־טיראַזש. איינס פון זײַנע לעצטע ווערק איז דער טאָפּל־פּאָרטרעט טשעכאָוו — לעוויטאַן.

יוסעף זיסמאַן האָט זײַן בילדונג באַקומען אינעם קיִעווער ייִדישן קונסט־טעכניקום און שפּעטער אין מאָסקווער קונסט־אינסטיטוט (אונטער דער אָנפירונג פונעם פאָלקס־קינסטלער יאָהאַנסאָן). זיסמאַן אַרבעט דעריקער אף פּייזאַזשן. אָן אָנגעזעען אָרט אין זײַן שאַפונג פאַרנעמט אויך דער פּאָרטרעט. זײַנע שאַפונגען האָט מען געקאָנט זען אף די אויסשטעלונגען אין מאָסקווע, לענינגראַד, נאָוואָסיבירסק, ביראָבידזשאַן. י. זיסמאַן וווינט אין לענינגראַד.

**נאַכמען ראָזענבערג, געוועזענער דערציִער פון קיִעווער ייִדישן קינדערהיים**

# כראָניק

## טאַנכום קאַפּלאַנס אויסשטעלונג אין לאָנדאָן

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פופציקסטן יאָרצײַט פון שאָלעם־אַליכעמען איז אין לאָנדאָן געעפנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון 40 איליוסטראַציעס צו שאָלעם־אַליכעמס ווערק, וועלכע עס האָט געשאַפן דער באַקאַנטער ייִדישער קינסטלער טאַנכום קאַפּלאַן.

די אויסשטעלונג האָט אָרגאַניזירט די לאָנדאָנער בען־אורי־גאַלעריי.

## מוזיק צו קולבאַקס לידער

דער באַוווסטער ווײַסרוסישער קאָמפּאָזיטאָר פאָלקס־אַרטיסט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד יעווגעני ציקאָצקי האָט געשאַפן מוזיק צו מוישע קולבאַקס לידער „וועלדער שטייען באַ די זײַטן“ און „דער וואַלד שלאָפט אײַן, עס שלאָפט די וועלט“, וועלכע גייען אַרײַן אין זײַן פּיעסע „בויטרע“.

## מאַרק זשיטניצקיס נײַע בילדער

דער קינסטלער מאַרק זשיטניצקי האָט פאַרענדיקט אַ סעריע נײַע בילדער „קיינמאָל ניט פאַרגעסן“ וועגן די מערדערײַען פון די היטלעריסטן אין ווײַסרוסלאַנד.

באַזונדערס צייכענען זיך אויס די בילדער „דאָס שטעטל ברענט“, „די לעצטע שײַן“, „די ליקווידאַציע פון מינסקער געטאָ“, „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג“.

## אווראָם אַבטשוקס בוך אין רוסיש

אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ איז דערשינען אין רוסיש אווראָם אַבטשוקס בוך „בלעטלעך פון דער פאַרגאַנגענהײט“, אין וועלכן עס גייט אַרײַן זײַן ראָמאַן אונטער דעם זעלבן נאָמען און אַ ריי דערציילונגען.

אַ. אַבטשוק געהערט צום עלטערן דאָר ייִדישע שרײַבער. ער האָט נאָך ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע אָנגעשריבן אַ ריי ווערק וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין רוסלאַנד. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע איז ער געווען איינער פון די אַקטיווסטע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

דער איבערזעצער פון דעם בוך און אויטאָר פונעם פאָרוואָרט איז שמואל גאָרדאָן.

בער גרין
(ניו־יאָרק)

# אין טאָמפּקינס סקווער

גאָט מײַנער,
כ׳האָב נאָך אין קיין פּאַרק ניט געזען
אַזױפיל אָרעמעלײַט, אַזױפיל זקיינים אין עלנט
באַ מאַלעכהאַמאָװעס׳ שװעלן,
װי דאָ אין טאָמפּקינס פּאַרק.

אַזױפיל קראַנקע, קרומע, מאַט פון שװערע יאָכן,
פון פּראַצע צעבראָכן,
פון לעבן אײַנגעבױגן,
מיט צאַנקענדיקן פלעמל אין אױגן,
ס׳ביסל לעבן־זאַפט אױסגעדאַרט,
פון לעבן אָפּגענאַרט,
אַקסלען צאַפּלען, צוקן,
הױקערס פון דאַלעס אָפן רוקן.

העלדן פון מי — פון ערדס טיפן,
פון יאַמישע שיפן,
קאַנאַװעס געגראָבן, קלײדער גענײט,
קעסלען געהײצט, הימלקראַצערס געבױט.
זוניקע זין פון אוקראַינע, פּױלן,
מײַסטער פון שטאָל, שטײן און קױלן.
אױסגעקריצט אָף פּענעמער, אָף פּאַרמעט־הױט:
„צענדליקער יאָרן לעבן — צענדליקער יאָרן
נױט".

גאָט, װאָס פאַר א צװילינג
איז דאַלעס מיט פרילינג?!

זע: זײ שפּאַנען מיט דריבנע טריט,
ס׳האָבן זיך די קױכעס אױסגעלאָזט,
אין אָדערן גלײװערט דאָס בלוט,
עס לאָזט ניט נאָך דער פראָסט...
זײ שפּאַנען אָף שטעקן אָנגעשפּאַרט,
אין דימיען: ביטערע שטיקער לעבנס —
א קאָשמאַר...
יאָרן פאַרװעלקטע, װי װאָלקנס גרױ־שװערע,
כװישעכן אין אױגן כאָרעװע, אױגן אָן טרערן.

אָף אַלטע ברידער־בײמער פון שטורעם צעבױגן,
זײ קוקן מיט בענקשאַפט און גאַפן:
„ס׳האָט פלאַם פון יוגנט געברענט אױך אין
אונדזערע אױגן.

אױך מיר האָבן פרוכט געבראַכט, אױך מיר האָבן
געשאַפן"...

באַם שװעל פון מאַלעכהאַמאָװעס
טרײַבט מען ניט קײן קאַטאָװעס.
ס׳איז דער טאָג פון פרילינג הײַנט צעהעלט,
נאָר זײ קוקן מיט בליקן בײזע צו דער װעלט,
מיט שטומען פּײַן און מיט צאָרנדיקן צאַר:
— איז דאָס אונדזער סכאַר?..

גאָט, װאָס פאַר א צװילינג
איז קראַנקער עלנט מיט פרילינג?!

# עס רעדט „ספּוטניק"

קענסטו אַרױסברענגען די מאַזאָלעס אין זײער צײַט און דעם בער מיט זײַנע קינדער אַרױספירן? װײסטו די געזעצן פון הימל? איִעװ, לח (אין יעהױאָשעס איבערזעצונג)

Per Aspera ad Astra...
(דורך די הײכן צו די שטערן)

איך פלי אין די הימלשע גרענעצלאָזע רױמען
און טראָג אָף מײַנע פליגלען
מענטשנס העלסטע טרױמען.
שאָלעם־אַלײכעם, לעװאָנע, שטערן, שאָלעם־
אַלײכעם!
כ׳שטרעק אױס מײַן האַנט צו אײַך — א צײכן,
אַז כ׳װעל צו אײַך דערגרײכן.

ס׳האָט בען־אָדאָם מיך צו אײַך געשיקט —
צװישן ערד און הימל א פלײִענדיקע, לײַכטנדיקע
בריק.

ס׳האָט מענטשנס פרײַער גײַסט
מיך געפורעמט דורך דורעס.

א שאָליעך פון שאָלעם און וויסן
צו די הימלשע מענוירעס.

ס׳האָט בען־אָדאָם מיך צו אייַך געשיקט —
צו דער אומענדלעכקייַט צילט מייַן בליק.
ס׳האָט מיר ברודער־מענטש געהייסן:
פּאָרש, דערלערן
די סוידעס פון מייַנע ברידער־שטערן.

זעט די וווּנדער פון באפרייַטן מענטש און
פארצייכנט:
איך אליין, א קינד פון מענטשלעכן שטאָלצן
שטערן,

האלט אין ווערן
א לעוואָנע א נייַע, א נייַער שטערן.
זייַט מעכאַדעש די לעוואָנע די נייַע!
איך פליגל אין די הויכע הייכן
צווישן די הימלשע קרייַזן,
איך פלי ארום וועלט אין וועלט־אַל,
צווישן פּלאַנעטן אין זייער צירקלען און קרייַזן.
סאַראַ ליכטיקייַטן און ברייטקייַטן
אין מייַן רייַזן,
אין מייַן קרייַזן
ארום וועלט!

עפנט אוף די טויערן, איר הימלשע ספערן,
עס פירט מייַן שטערן־וועג צו אייַך,
פּלאַנעטן און קאָמעטן, לעוואָנע און שטערן.
עס פירט מייַן וועג אין רוימען הימלשע צו
אייַך —
צום „מילך־וועג", צום „פייַערדיקן הימלשן
טייַך".
איך פלי אין גרענעצלאָזע רוימען,
אף פליגלען מייַנע ליכטן
בען־אָדאָמס העלסטע טרוימען.

שאָלעם־אַלייכעם, שייַנענדיקע שטערן,
פינקלדיקע מעטעאָרן, —
זינגט אייַערע קאָסמישע געזאַנגען
פון מיליאַנען יאָרן.
שאָלעם אייַך אין די וועלט־רוימען,
שאָלעם אין הימלשע געוועלבן,
שאָלעם אייַער טיפער בלויער לאזור,
שאָלעם דער הימלשער הארמאָנישער סטרוקטור!

קום צו נעענטער, קום אהער,
אָ, ליכטיקער „גרויסער בער"[1]
מיט דייַנע זיבן גאָלדענע, גליִענדיקע שטערן!

זייַט געגריסט, הימלשע צעזונגענע שטראַלנדיקע
קסאָוויאָדן,
איר, צוועלף מאַזאָלעס, און איר, בליציקע,
פילקאָליריקע פּלעיאַדן,
שאָלעם דיר, שיינהייַט הימלשע, שוועסטער
לעוואָנע,
און דיר, נאָענטער ברודער מארס,
א גרוס א הייסן פון פארבענקטער שוועסטער
ערד.

אָ, זונען־וועלטן,
אָ, שטערן, זונען־ריזן
אין ווייַטסטע ווייַטן,
צו אייַך וועל איך רייַטן.
אָ, שטערן, אין גערטנער הימלשע
ווי בלומען־קראַנצן צעהאַנגען —
נעמט אוף א גרוס פון ערדישע געזאַנגען!

אָ, הימל און ערד, איר וועט איצט שווערן
נאָענטע מעכוטאָנים צו ווערן!..

# „ביטניקעס"

כי בימיו נפלגה הארץ[2]
„בראשית", כה

ווי מיט פאַנען שווארצע, פאַכען זיי מיט בייזע בערד
קעגן הארטער, זינדיקער, אטאָם־דראָענדיקער ערד.
מיט פיס בארוועסע ברודנע בלאָנדזשען זיי איבער וועגן קרומע
מיט לאנגווייַל פרוכטלאָזן און פראָסטיק־פרעסנדיקן אומעט.
זיי ווייסן ניט פון נעכטיקן און ווייסן ניט פון טאָגן —
אין פאלדן פון מאלבושים פינצטערע קלאָלעס צו אלעמען זיי טראָגן.
ס׳איז דער דאָר פון קלאָגן און פון פלאָגן,
דער דאָר־האפלאָגע, געשלאָגן און דערשלאָגן.
זיי שעלטן — און ווייסן ניט וועמען,
זיי האסן זייער סוינע — און ווייסן ניט: ווער איז ער, ווער?

---

[1] נאָמען פון א שטערן־גרופּע.
[2] קי ווע׳אמאָוו ניפלעגאָ האָארעץ — ווייַל אין זייַנע צייַטן איז צעטיילט געוואָרן די ערד.

זייערע וואַכן לײדיקע, אומגלײביקע, און כאַדאָשים יִיִעשדיקע,
אויסגעהוילטע, פאַרשעמען
אונדזער וואַרעמע, ערלעכע, ליבהאַרציקע ערד.
ווי אין אוילעם־האַטויהו בלאָנקען זיי אַף מידבער־זאַמדן עלנט, פאַרלוירן, —
ניט פון נעכטן, ניט פון היינט — ניט געשטאָרבן, ניט געבוירן.
אַף כוואַליעס צעבויטעטע פון יאַמען פאַרנעפּלטע שווימען זייערע טעג
אָן זעגלען, אָן ליכט־זייל, אָן קאָמפּאַס, אָן אַ מאָרגן, אָן אַ רעגנבויגן, אָן אַ ברעג.
קראַנק דער געדאַנק. געשלאָגן דער דאָר,
און אַלץ אַזוי פּכאַדימדיק־אומקלאָר:
וואָס איז שעקער און וואָס עמעס, וואָס צעמישעניש און וואָס וואָר?
כוישעכדיק־פאַרפלאָנטערט, מיט געפּאַרן געלאָדן דער ווילדער געפילן־וואַלד —
יונג נאָך די יאָרן, די קויכעס מיד און אַלט.
קיין ליכטיקייט, קיין ליבע. די געדאַנקען צעשויבערט, צעפּאַטלט.
ווער גלייבט עס אין גלויבן, אַז אַלץ איז מען מעוואַטל?
די מענטשהייט? וווהין שפּאַנט זי?
ווער אַנט זי? ווער קאָן זי באַנעמען?
מיט וועמען זשע גייט מען? מיט וועמען?
טויט זיינען די טוירעס פון דוירעס אין די ביכער
און אויסגעלאָשן אין הימלען די שטערן —
ס׳האָט זיי זייער באָדן קיין ליבע ניט געגעבן,
קיין ליבע ניט געלערנט.

---

# די שפּיל ארום א שטעקן

פון דער סעריע „געשיכטן מיט אן אלטן ארטיסט"

אָנגעהויבן האָט זיך עס ווי שטענדיק. ווי א שפאס. דער אלטער ארטיסט האָט צוגענומען בא זײַן פרײַנט, דעם ניט־יונגן שרײַבער, דעם באמבוק־שטעקן און געשפילט מיט אים. די קליינע געזעלשאפט, עלטערע אקטיאָרן, האָבן צוגעקוקט מיט נײַגער, זיך געריכט אף א לייצאָנעסדיק שפּיצל מיצאד זייער עלטערן קאָלעגע. און אינעמעסן, דעם שרײַבערס שטעקן האָט שוין ניט איין מאָל געדינט אלס אָביעקט פאר א וויץ איבער זײַן באלעבאָס. ער ציטערט איבער דעם שטעקן שיר ניט אָבערגלויבעריש. און ווי אפצולאָכעס פארגעסט ער אים אָפט אָט בא א באַקאנטן אָט אין א מאגאזין אָדער אין פּאָטשט. אָבער שטענדיק געפינט ער אים. דער אלטער ארטיסט האָט אָפט אויסגענוצט די טעמע פאר א גוטמוטיקן שפאס. דאָס מאָל האָט זיך אָבער באקומען עפּעס, אף וואָס ניט די אקטיאָרן, ניט דער שרײַבער האָבן זיך ניט געריכט.

דער ארטיסט האָט אוועקגעשטעלט דעם שטעקן הארט פאר זיך און גאָר ערנסט א זאָג געטאָן צו זײַן פרײַנט:

— פאניע שרײַבער, איך האָב איצט כיישעק צו דערלאנגען אײַך מיט אָט דעם שטעקן. און ניט אף קאטאָוועס. איר זאָלט דערפילן. און ניט נאָר אײַך, נאָר אלע אײַערע קאָלעגן, די ייִדישע שרײַבער.

— שטעקענעס? און אלע ייִדישע שרײַבער? מיט וואָס פארדינט אזא קאָוועד?

— איר האָט גוט געזאָגט. עס איז א קאָוועד. און דעריבער וואָלט איך די שטעקענעס דערלאנגט נאָר די שרײַבער, וואָס זײַנען עס ווערט. צווישן זיי — אויך איר. הערט, פאניע שרײַבער. מיר האָבן מיט אײַך ניט איין מאָל זיך געגריבלט אין דער פראגע, פארוואָס בא די אמאָליקע ייִדן איז ניט געווען קיין טעאטער, ווי ס'איז געווען בא די גריכן. עמעס?

— עמעס. אָבער ניט נאָר קיין טעאטער איז ניט געווען.

— ריכטיק. איר האָט אין אונדזערע דיסקוסיעס מיט רעכט פארענטפערט, אז די סיבעס דארף מען זוכן אין דעם פרימיטיוון סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צושטאנד פון ייִדישן פאָלק אין יענער צײַט. דער גריכישער פּאָליס, דער גרויסער אורבאניסטישער צענטער, ווו ס'איז אָנגעגאנגען אן אינטענסיוו פּאָליטיש־געזעלשאפטלעך לעבן, האָט געבראכט צום וווּקס פון דער קולטור ביכלאל און מעמיילע אויך פון דער קונסט, פון טעאטער. עס דערמאָנט זיך מיר אײַער א וויץ: דער ייִדישער גאָט איז געווען און געבליבן אן אלטער באָכער, ער האָט געפירט איין־איינציקע אייפערזיכטיקע ליבע — מיט א פאָלק ייִסראָעל. די גריכישע געטער האָבן געהאט ווײַבער און קעפּסווײַבער. דאָ איז א פלאץ פאר קאָנפליקטן. די גריכישע דראמאטורגן האָבן דעריבער געהאט שטאָף פאר זייערע דראמען און קאָמעדיעס.

— און א טעאטער. און אייפעריקע צושויער.

— ריכטיק. אָבער שוין א גוטע פּאָר הונדערט יאָר, ווי אונדזערע מאסן זײַנען ארויס פון אונטער דער אבסאָליוטער מעמשאָלע פונעם קלער. שוין מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָבן זיך באוויזן פורים־שפּילן, מעכירעס־יוסעף־שפּילן. מיר פארמאָגן שוין א כאָשעווע, גאָר כאָשעווע ליטעראטור אין העברעיִש און ייִדיש און אויך אף ייִדישער טעמאטיק אין אנדערע שפּראכן. פארוואָס זשע פעלט איצט קיינעם ניט אײַן אויסצונוצן דראמאטורגיש אונדזער מיטאָלאָגיע? פאניע שרײַבער, איך רעד פון אונדזער מיטאָלאָגיע, פונעם כומעש־עפּאָס!

— איך הער אײַך.

— גוט. הערט. איך הייב אָן פון אוראָמען. דער עפּיזאָד מיטן שיר־שיר ניט ברענגען ייִצ־

כאָקן ווי א קאָרבן. אווראָמען כאַלעמט זיך, אז עלאָהים מאָנט בא אים א קאָרבן, א שווערן קאָרבן. זײַן זון, דעם איינציקן, דעם באַליבטן זון ייִצכאָקן. דאָס ווײַטערדיקע געדענקט איר אַלע. און אין מײַן טעאַטער־קאָפּ שפּילט עס זיך אָפּ אַזוי. אווראָם האָט שטאַרק ליב ייִצכאָקן. ייִצכאָק דאַרף ווײַטער פֿלאַנצן דעם שטאַם, זײַן, אווראָמס, שטאַם. אווראָם ציטערט איבער ייִצכאָקן. און אָט די אויסערגעווייניקלעך שטאַרקע ליבע שרעקט אים. אים, וואָס האָט איבערגעריסן מיט אַלע געטער פֿון זײַן אורשטאַם און זיך באַהעפֿט צו איינעם, צו איין גאָט. אים פֿאַרפֿאָלגן נאָך די דערינערונגען פֿון זײַן געוועזענער סוויווע. אים פֿאַרפֿאָלגט א פּאַכעד, אז עלאָהים קאָן בא אים מאָנען דעם קאָרבן. מיט וועמען זיך באַראַטן? וועמען פֿאַרטרויען זײַן שרעק? איינער איז דאָ. זײַן געטרײַער קלוגער עלִיעזער. פֿירט ער דאָך אָן מיט דער גאַנצער גרויסער ווירטשאַפֿט. און ווי קלוג ער פֿירט זי אָן, און ווי געטרײַ.

...באַנאַכט אין סטעפּ, ווײַט פֿון די געצעלטן. אווראָם זיצט אָף א שטיין. עלִיעזער קוויערט פֿאַר אים. שטיל. נאָר די שטערן, אָן א צאָל שטערן, ווינקען זיך איבער. עלאָהימס שטערן. אווראָם דערציילט אויס פֿאַר זײַן געטרײַען קלוגן קנעכט די שרעק, וואָס פֿאַרפֿאָלגט אים. „עלִיעזער, עלאָהים מאָנט בא מיר א שרעקלעכן קאָרבן. ער מאָנט בא מיר ייִצכאָקן...“ עלִיעזער איז קלוג. ער גלייבט ניט אין קיין שום עלאָהים... אָבער דאָס קאָן ער אווראָמען ניט זאָגן. ער האָט אָן אייצע. „האַר מײַנער, אווראָם, הער מיך צו. מיר וועלן מאַכן א שפּיל, מיר וועלן אָפּנאַרן דעם עלאָהים“. אווראָם ציטערט אוף. „אָפּנאַרן דעם עלאָהים? עלִיעזער, דו הערסט, וואָס דו רעדסט?“ — „שרעק זיך ניט, מײַן האַר, א שפּיל וועלן מיר מאַכן, עס וועט געפֿעלן דעם עלאָהים. געטער האָבן ליב שפּיל... און עלאָהים איז אויך ניט מער ווי א גאָט. דו וועסט אַרויספֿירן ייִצכאָקן אין וואַלד, אים אוועקלייגן אָפֿן געשטעל, וועסט האַלטן דאָס מעסער אין דער האַנט, אָט־אָט, און עס געשעט דער קאָרבן. אָבער עלאָהים האָט שוין כאַראָטע. ער שיקט א מאַלעך מיט א באַרנדל. און אז דאָס באַרנדל טוט א מעקע, וואַרפֿט אווראָם אוועק דאָס מעסער, בינדט אָפּ דאָס קינד און נעמט עס אַראָפּ פֿונעם געשטעל. דאָס באַרנדל וועט ייִצכאָקן פֿאַרבײַטן. אַזוי, מײַן האַר, איך וועל שוין זען, אז דאָס באַרנדל זאָל טון א מעקע צו דער צײַט... אָבער האָב אין זינען, מײַן האַר, א מעסער קאָן פֿאַרפֿירן. א מעסער קאָן ווערן באַלעבאָס אפֿילע איבער א טאַטן...“ אווראָם הערט. עס שווינדערט אים. אָפּנאַרן דעם עלאָהים? ער קוקט אַרוף צו די שטערן. וועט עפּעס קומען א רעמעז פֿון זיי? גאָרניט. „עלִיעזער, מײַן געטרײַער עלִיעזער, איך פֿיל, אז ניט קיין באַרנדל מאָנט עלאָהים. ער פֿאָדערט עפּעס פֿון מײַן אייגן בלוט און פֿלייש...“ עלִיעזער טראַכט. עס איז אים א ראַכמאָנעס אָפֿן אַלטן. און א געוואַגטער געדאַנק בליצט אוף. „מײַן האַר, וועסט געבן עפּעס פֿון דײַן אייגן בלוט און פֿלייש. יאָ, איך ווייס, וואָס עלאָהים פֿאָדערט פֿון דיר. הער, מײַן האַר, אַלצדינג באַם מענטשן נוצט צו עפּעס, צום טון און צום טראַכטן. נאָר א שטיקל הויט באַ מאַנספּאַרשוינען, וואָס נוצט צו גאָרנישט... דאָס גיב אוועק פֿון דיר, פֿון ייִצכאָקן. פֿון דײַן גאַנצן שטאַם. עלאָהים וועט עס אָנעמען. און ייִצכאָקן וועט א באַרנדל פֿאַרבײַטן...“

זיי טוען אַזוי. עלִיעזער וואַרט אין געדיכטעניש אָפֿן אָפּגערעדטן אָרט מיט א באַרנדל. אווראָם ברענגט ייִצכאָקן רײַטנדיק אָף אָן אייזל. ער וויל אים דערציִען, ווײַזן, וויִאַזוי מע איז מאַקריוו א לעמעלע. דאָס קינד איז נײַגעריק. עס איז דאָך אויך א שפּיל. ער האָט נאָר געהערט וועגן דעם, אָבער קיינמאָל ניט געזען.

...מע זעט ניט קיין לעמעלע... דאָס קינד הייבט אָן זיך צו שרעקן. דער האָלץ־געשטעל איז געמאַכט, דאָס מעסער געשאַרפֿט... „פֿאָטער, ווו זשע איז דאָס לעמעלע?..“ — „עלאָהים וועט אונדז ווײַזן דאָס לעמעלע“. אָבער אווראָמס קאָל קלינגט ניט זיכער. דאָס קינד — אינסטינקטיוו — לאָזט זיך לויפֿן. נאָר אווראָם כאַפּט ייִצכאָקן, בינדט אים, לייגט אים אוועק אָפֿן געשטעל. אָט הייבט ער אוף דאָס מעסער. דאָס באַרנדל טוט א מעקע, אָבער אווראָם וואַרפֿט דאָס מעסער ניט אוועק. ער איז פֿאַרגליווערט. אָט — און עס געשעט!.. נאָר עלִיעזער וואַכט.

— אווראָם!..

א מוירעדיק געשריי. און ווידער: „אווראָם!..“ דאָס מעסער פֿאַלט אַרויס פֿון אווראָמס האַנט. עלִיעזער וועט שוין פֿאַרשפּרייטן א לעגענדע וועגן א מאַלעך. עלאָהים וויל ניט קיין מענטשלעכע קאָרבאָנעס, ער פֿאַרלאַנגט נאָר א קליין שטיקל אומנוציקע הויט. ווער עס באַהעפֿט זיך אין אווראָמס שטאַם, טאָר קיין מענטשלעכע קאָרבאָנעס ניט ברענגען. ער קומט אָפּ מיט א שטיקל הויט.

דער אַלטער אַרטיסט האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פֿון שטערן. אָפּגעאָטעמט. האָט ער דאָך אָפּגעשפּילט די גאַנצע האַנדלונג און אויך געווען דער נאַראַטאָר. ער האָט געשפּילט אווראָמען, עלִיעזערן און ייִצכאָקן. מ׳האָט געזען דעם סטעפּ און די שטערן. דעם סטעפּ און דעם וואַלד.

נאָך א מינוט פּויזע האָט ער ווידער גערעדט:

— ...אוורהם האָט אָפּגענאַרט דעם עלאָהים. אָבער די שפּיל האָט אים געקאָסט טייַער — ער האָט פאַרלוירן די ליבשאַפט און דעם צוטרוי פונעם קינד. יִצחאָק האָט ניט פאַרגעסן דאָס בינדן אים, דאָס אוועקלייגן אַפן געשטעל, דאָס מעסער, דעם פאָטערס ווילדן בליק אין די אויגן. ער האָט מוירע פאַרן פאָטער, זייַן גאַנצע ליבשאַפט גייט איבער צו דער מוטער. די מוטער... זי קוילעט ניט גאָרנישט. אויך ניט קיין בארנדל. זייַן צוטרוי גייט צו עליִעזערן. ער מייַדט אויס דעם פאָטער, ווייַכט פון אים. אוורהם זעט עס, ער פאַרשטייט. ער נעמט עס אָן פאַר גוט. מיס־טאם האָט דאָס געמיינט עלאָהים מיטן קאָרבן. א שווערער קאָרבן. יִצחאָק וואַקסט אונטער, דער פאָטער וויל אים אַרייַנפירן אין דערווירטשאַפט. אומזיסטע טירכע. יִצחאָק האָט ניט קיין שום אינטערעס פאַר ווירטשאַפט. אַף גאַנצע טעג וואַרט ער פאַרפאַלן אין סטעפּ. און קומט ער צוריק, טוליעט ער זיך אין געצעלט בא דער מוטער.

„קינד מייַנס אייניציקס, זון מייַנער אויסגעבעטענער, וואָס איז מיט דיר? דערצייל אויס פאַר דער מאַמען. וואָס פּלאָגט דיך? האָסט עפּשער א מיידל ליב געקראָגן?" יִצחאָק שווייַגט. ער דערוויסט זיך פון די פּאַסטעכער, אַז ער האָט ערגעץ א ברודער... א ברודער!.. ער שטייט צו צו עליִעזערן. ער וויל וויסן, ער מוז וויסן אַלצדינג. עליִעזער דערציילט אים. יִצחאָק דערשרעקט זיך. „אין דער מידבער פאַרטריבן? מיטן קינד? און דאָס האָט געטאָן אוורהם? מיט זייַן קינד און קינדס מוטער?!.." עליִעזער באַרויִקט אים. „זיי זייַנען לעבן געבליבן. א מאַלעך האָט זיי געבראַכט טרינקען און עסן". יִצחאָק איז שוין אָבער א דערוואַקסענער און דערפאַרענער. „עליִעזער! און דער מאַלעך האָט אויך געהייסן עליִעזער?" — „יאָ, דער מאַלעך האָט געהייסן עליִעזער. און אויסגעפּירט זייַן הארס, אוורהמס, שליכעס. נאָר סאָרע האָט ניט באַדאַרפט וויסן, ווייַל פרויען זייַנען אייפערזיכטיק. און אייפערזוכט... און אוורהם האָט ליב סאָרען, שטאַרק ליב..." — „און ווו זייַנען זיי אַצינד, מייַן ברודער און זייַן מוטער?" — „ניט ווייַט. אין דער מידבער. א גרין אינדזעלע דאָרט פאַראַנען. א וואַסער־קוואַל און טייטלביימער. א גרויסער איז ער, דייַן ברודער. א שטאַרקער. א יעגער איז ער. ער באַדאַרף שוין ניט קיינעמס הילף." — „עליִעזער, איך וויל גייען צו מייַן ברודער!.." — „גיי ניט, ער וועט דיך הארגענען. א ווילדער איז ער. און טראָגט א האס אַף דייַן מוטער. גיי ניט". — „איך וועל גייען!..."

פויזע. אַלע אויגן געווענדט מיט כידעש צום אַלטן אַרטיסט. וואָס איז מיט זייער קאָלעגע פון א סאַך יאָרן צוזאַמענאַרבעט? און ער, דער אַלטער בינע־קינסטלער — זייַן בליק איז ערגעץ ווייַט, ניט הי... ער רעדט ווייַטער, אימפּראָוויזירט און שפּילט.

— ...יִצחאָק גייט. ער דערנענטערט זיך צום קליינעם אָאזיס. אָט שטייט ער דאָרטן, זייַן שלאַנקער, שטאַרקער ברודער. א בויגן אין דער האַנט. ווי קרעפטיק ער איז! און ווי ענלעך צו זייַן פאָטער, צו אוורהמען! אָט אַזא האָט ער געמוזט זייַן, אוורהם, ווען ער איז געווען יונג. נאָר אָ־דער איז טינקעלער, וועט ער שיסן אין אים? אַלצייַנס. יִצחאָק וועט צוגייען. יִשמאָעל באַ־מערקט אים. ער קען אים. שוין מערערע מאָל געזען אים בלאָנקענדיק אין סטעפּ. שוין ניט איין מאָל געהאַלטן הערבייַ, ער זאָל צילן אין אים א פייַל, נאָר די האַנט פּאָלגט ניט. ער ווייסט ניט פאַרוואָס. און אָט — ער גייט אהער. וואָס זוכט ער דאָ? יִשמאָעל ריכטעט דעם בויגן, ער וועט אויסשיסן אין אים. נאָר ער קאָן ניט. וואָס איז מיט דיר, יִשמאָעל? יִצחאָק איז שוין גאָר נאָענט. ער שטרעקט אויס די הענט און פליסטערט ארויס איין וואָרט: „ברודער..."

דער בויגן פאַלט ארויס פון יִשמאָעלס האַנט, ער נעמט ארום דעם שוואַכן יִצחאָק. ער ענטפערט: „ברודער". האָגאָר קומט ארויס פון געצעלט. זי קוקט פאַרווונדערט אַף דעם פרעמדן יונגלינג, וואָס האַלדזט זיך מיט איר זון. עמעצן דערמאָנט זייַן פּאָנעם... וועמען? יִשמאָעל זאָגט צו איר: „מוטער, דאָס איז יִצחאָק..."

און האָגאָר... זי האָט נאָך אַלץ ליב אוורהמען. זי האָט אַזויפיל יאָרן אין הער שטיל געהאָפט, אַז ער וועט אמאָל נאָך קומען צו איר. ער וועט זיך דערמאָנען אין איר. איר בלוט האָט געברענט אין די אָדערן, ווי די ליבע אין הארצן. געבערענט מיט הער סרייפע פון דער מיזרעך־זון. ער איז ניט געקומען. און אָט איז געקומען זייַן זון, איר זון — איר געוועזענער הארנטעס. און ווי ענלעך ער איז צו אוורהמען! זי קוקט אַף ביידע, אַף יִשמאָעלן און יִצחאָקן. ביידע זייַנען ענלעך, נאָר ווי פאַרשיידן... זי האַלט אייַן די טרערן, וואָס שפּאַרן איר אין אויג, זי נעמט אָן יִצחאָקן פאַר א האַנט: „זייַ געבענטשט בא אונדז, זון פון מייַן הארנטע". יִצחאָק ענטפערט: „נייַן, מוטער פון מייַן ברודער, ניט דער זון פון דייַן הארנטע איז געקומען, נייַערט דער ברודער פון דייַן זון".

— יִצחאָק הייבט אָן אָפּט צו קומען צו יִשמאָעלן. יִשמאָעל וויל אים אויסלערנען די קונסט פון יאַגד. נייַן, יִצחאָק טויג ניט פאַר קיין יעגער. צו דעם וועט מיט יאָרן שפּעטער טויגן יִצחאָקס זון — אייסעוו. אים וועט יִשמאָעל אויסלערנען די דאָזיקע קונסט. ער, אייסעוו, וועט אויך נעמען פאַר א ווייַב יִשמאָעלס טאָכטער, אַזוי וועט זייַן יִצחאָקס ווילן... אָבער יִצחאָק אַליין טויג ניט דערפאַר. ער געדענקט, יִצחאָק, ווי ער איז געלעגן אַפן האָלץ־געשטעל... אָבער

ער סמאַקעוועט די געריכטן, וואָס האַגאַר גרייט צו פֿונעם יאַגד. גייט ישמעאל אַליין יעגערן. יִצחק זיצט מיט האַגאַרן, הערט אירע מײַסעס און לידער פֿון אַן אַנדער שטאַם. נאָר זיי געפֿעלן אים. עפּעס זיס־טרויעריקס איז פֿאַראַן אין זיי. און קומט ער צוריק, גייט ער אין געצעלט פֿון דער מוטער. ער זיצט און שווײַגט. אַוורהם ווייסט, וווּהין יִצחק גייט, און מאַכט זיך ניט ווייסנדיק. זאָל נאָר שׂרה ניט וויסן. און שׂרה... שׂרה האָט זיך אײַנגאַנצן אָפּגעשיידט פֿון אַוורהמען. אָפּגעזונדערט אין איר געצעלט, זיצט זי און קוקט אַרויס און שעפּטשעט נאָר: „יִצחק, זון מײַנער". און אַז יִצחק קומט, דאַרף זי שוין גאָרניט מער. גאָרניט. און — שׂרה שטאַרבט.

אַ לאַנגע שווערע פּויזע. די אַלטע געניטע אַקטיאָרן קוקן זיך איבער מיט פֿאַרשטענדעניש. זיי איז באַוווּסט: אַן אַלטע טיפֿע וווּנד נאָיעט אין זייער קאָלעגעס האַרץ. אָבער דער אַלטער אַרטיסט גלײַכט זיך אויס, שטעלט פֿעסטער אַוועק זײַן פּרײַנטס שטעקן. רעדט ווײַטער:

— ...שׂרה איז געשטאָרבן. אַוורהם באַוויינט זי. יִצחק לאָזט ניט קיין טרער. ער איז ווי פֿאַרשטיינערט. איצט האָט ער קיינעם ניט מער. ער בלאָנקעט אין סטעפּ. וווּהין זיך קערן מיט זײַן טרויער? ווּ געפֿינען אַ טרייסט? ער גייט צו האַגאַרן. ישמעאל האָט שוין ווײַבער. פֿרעמד איז זיי יִצחק. איין האַגאַר איז גענייגט צו אים מיט שטילער פֿרײַנטשאַפֿט. זי ווייסט שוין, וואָס ס'איז געשען. יִצחק זעט: אויף די טונקעלע באַקן האַגאַרס רינען ליכטיקע טרערן. טײַערע האַגאַר! זי האָט מוחל געווען איר פֿאַרדראָס. און עפּשער באַדויערט זי איצט, וואָס זי האָט אַמאָל אָפּגעשפּעט פֿון איר האַרנטע דער אַקאָרע, עפּשער האָט זי באַגריפֿן, וואָס פֿאַר אַ טיפֿע פּײַן דאָס איז פֿאַר אַ פֿרוי, ווען מע וואַרפֿט איר פֿיר, אַז זי איז אַן אַקאָרע? יִצחק ווערט איצט פֿאַרפֿאַלן אויף גאַנצע טעג און נעכט. אַוורהם דערציילט זײַנע מענטשן, אַז ער כּאַווערט זיך ניט מיט קיינעם, ניט מיט באָכערים, ניט מיט מיידן. אָבער ווער ווייסט? אַוורהם איז פֿול מיט שווערער זאָרג. ער מוז זיך ווידער ווענדן צו זײַן געטרײַען קלוגן עליִעזערן.

...ווידער אין סטעפּ. ווײַט פֿון די געצעלטן. אַ שיטערע פֿינצטערניש הילט זיי אײַן. נאָר שטערן, עלאָהימס שטערן, אָן אַ צאָל קוקן... וווּהין קוקן זיי? אַוורהם עפֿנט זײַן האַרץ פֿאַר עליִעזערן. „עליִעזער, געטרײַסטער מײַנער. הער דו אויס מײַן שווערע זאָרג. מײַן גאַנץ לעבן שטייט פֿאַר מײַנע אויגן. שטייט און פֿאָדערט. כ'האָב פֿאַרלאָזט מײַן לאַנד, מײַן געבורט־אָרט. אַזוי האָט געוואָלט עלאָהים. כ'האָב מײַן פֿאָטערס הילצערנע געטער צעבראָכן און מײַן פֿאָטערס האַרץ, מיך באַהעפֿט צו עלאָהים. איך האָב געהערט עלאָהים מיר זאָגן: אַ נײַעם שטאַם זאָלסטו אויפֿשטעלן, אַ שטאַם, וואָס וועט זײַן פֿאַרבונדן מיט אַ ניט־געזעענעם עלאָהים. האָסט מיר די אויגן געעפֿנט, עליִעזער, אַז עלאָהים וויל ניט קיין מענטשלעכע קאָרבאָנעס, נאָר אַ ביסל הויט פֿונעם לײַב פֿון די מענער פֿון מײַן שטאַם. איך האָב געפּאָלגט, אין אַ נײַ לאַנד, אין אַ מידבער אַ מענטשלעכן ישׁעוו פֿאַרפֿלאַנצט. מיט מײַן געליבטער שׂרהן זיך געלאָזט אַהערצו, אין פֿרעמדער ווײַט. דו ביסט אַן איידעס, וויפֿל מי כ'האָב אַוועקגעלייגט. ברונעמער געגראָבן, אַ גרויסע ווירטשאַפֿט דעראָבערט, מיט שאָף, רינדער, קעמלען און אייזלען. מיט אַ סאַך פֿאַסטעכער געטרײַע און קנעכט, וואָס האָבן זיך צו מײַן שטאַם באַהעפֿט און צו עלאָהים. און דאָס זאָל אַלץ אונטערגיין? יִצחק... דער יורעש פֿון מײַן און שׂרהס שטאַם... ניט ער קען און ניט ער וויל קענען די ווירטשאַפֿט. און דו ווערסט אויך אַלט און האָסט שוין דײַן אייגענע ווירטשאַפֿט. מיך שרעקט, עליִעזער, אַז יִצחק וועט זיך דאָך באַהעפֿטן צו איינער פֿון די טעכטער פֿון הי. און זיי זײַנען לײַכטזיניק, די טעכטער פֿון הי. און באַ זייערע געטער האַלטן זיי זיך, ניט באַ עלאָהים... עליִעזער, מיך שרעקט, די ווירטשאַפֿט וועט פֿאַרלוירן גיין, און מײַן שטאַם, דער נײַער שטאַם, מײַנער און שׂרהס און עלאָהימס... עליִעזער, הער מיך צו, איך האָב מוירע, אַז עלאָהים צערנט אויף מיר דערפֿאַר, וואָס כ'האָב אים אָפּגענאַרט... אַ שפּיל זיך געמאַכט מיט אים...

עליִעזער, דער קלוגער עליִעזער, פֿאַרשטייט. ער ווייסט דאָס האַרץ פֿון זײַן אַלטן האַר. איז דאָך אַוורהם געווען גוט צו אים. אים געלאָזט אַן אייגענע ווירטשאַפֿט אויסבויען און אים פֿאַר אויס קנעכט דערקלערט. ער האָט שוין אַליין געטראַכט וועגן אַלעמען, נאָר געוואַרט, זאָל דער אַלטער האַר אַליין רײדן צו אים. „האַר מײַנער, איך האָב גענוג געטראַכט וועגן דעם, כ'האָב געשוויגן, ווײַל מוירע געהאַט, זאָלסט ניט טראַכטן קיין שלעכטס אויף מיר, אַז איך וויל, זאָלסט מיך דערקלערן פֿאַר דײַן יורעש..." — „ניין, עליִעזער, איך קען דיך. איך ווייס, ווי געטרײַ און ערלעך דו ביסט. איך ווייס, ווי ערלעך האָסט געהאַלטן שׂרהן... ווער ווייסט, ווען ניט דו, צי וואָלט איך געווען דעם ניסאָיען בײַגעשטאַנען... אָבער ייצחאַק... איך האָב געפּרוווט אים אין דער ווירטשאַפֿט אַרײַנפֿירן. אומזיסט. כ'האָב געפּרוווט איינמאָל מיט שׂרהן דערפֿון רײדן, עפּשער וועט זי אים זאָגן, האָט זי זיך צעוויינט. און שׂרהס אַ טרער, — עליִעזער, שׂרהס אַ טרער..." — „האַר מײַנער, אויך איך האָב געפּרוווט רײדן מיט אים וועגן פֿאַסטעכער, שאָף, ברונעמער, מײַנע רייד זײַנען געגאַנגען פֿאַרבײַ". — „עליִעזער, געטרײַער מײַנער, אויך איך האָב געפּרוווט — און אומזיסט. דו ווייסט דאָך, אַז פֿון דעמלט אָן האָט ער זיך דערווײַטערט פֿון מיר. און איצט,

אז סארע איז שוין נישטא, האט ער זיך אינגאנצן אפגעפרעמדט". — „האר, ער האט סארען שטארק ליב געהאט..." — „איך ווייס עס, עליעזער".ביידע שווייגן. שטיל אין סטעפ. נאר די שטערן, עלאהימס שטערן, פון די הייכן ווינקען. וואס ווינקען זיי?

„האר מיינער, דו הערסט מיך?" — „איך הער, עליעזער". — „האר מיינער, אומזיסט דיין שרעק, אז עלאהים צערנט אף דיר. זעסט דאך, אז דיין רייכטום וואקסט פון יאר צו יאר. קיין איין שאף, קיין איין רינד איז ניט געפאלן פאר די אלע יארן... קיין שום קראנקייט צווישן דיין דינערשאפט. אלע האבן זיך באהעפט צו דיר און צו עלאהים... אלע זיינען דיר געטריי, ווי צו א פאטער. עלאהים צערנט ניט אף דיר, נאר יצחאק... עפעס איז אין אים צעבראכן. און דאס דארף מען גאנץ מאכן". — „וויאזוי עליעזער? פון מיר ווייכט ער..." — „וויאזוי? מיט א קלוגער טיכטיקער פרוי, וואס ער וועט ליב קריגן. ליבע היילט אויס". — „עליעזער, ווו איז פאראן אזא פרוי? איך וואלט זי אפגעגילדט. ווייסטו פון אזא פרוי?" — „מיין האר, שיק מיך קיין פאדן־ארם צו די מענטשן פון דיין שטאם. די מיידלעך פון דיין שטאם זיינען טיכטיק און קלוג, זיי פארשטייען זיך אויס אףווירטשאפט און אף ליבע... עפשער וועל איך אזא מיידל געפינען, א ווייב פאר דיין זון".

דער אלטער אווראם לויכט אוף. יא, אט דאס טאקע האבן עלאהימס שטערן צוגעווונקען. ער נעמט ארום עליעזערן. „עליעזער, געטרייער מיינער, זיי געבענטשט. נעם צירונג, נעם מאטאנעס, נעם מיט דיר מענטשן און גיי. און זאל עלאהים באגליקן דיין וועג".

אווראם קוקט אף די שטערן. עפעס טראכט ער נאך. עליעזער ווארט. „עליעזער, איך בין אלט. שווער מיר, אז אויב איך שטארב פריער, זאלסטו דיין אייצע אויספילן. ברענג א מיידל פאר מיין יצחאקן, א מיידל פון מיין און סארעס שטאם. שווער מיר, עליעזער". עליעזער שווערט.

א לאנגע און שווערע פויזע. און מיט א לייכטער מאדוליאציע אין טאן זעצט פאר דער אלטער ארטיסט:

— ...כאווער שרייבער, האט איר זיך אמאל פארטראכט וועגן די פרויען־געשטאלטן אין אונדזער אלטן עפאס? איך מיין, דעריקערשט — די פיר אימאעס, די מוטערס פונעם שטאם. האט איר אמאל א טראכט געטאן, וואס פאר א גרויסער מייסטער האט ער באדארפט זיין, דער, וואס האט זיי געשטאלטיקט? און ווי פאשעט רעאליסטיש, ווי מענטשלעך... איר זייט א שרייבער, איר האט געלייענט מיסטאם ניט ווינציקער ווי איך, אבער מיר, אין מיין לאנגיאריקער קאריערע איז אויסגעקומען א סאך נאכצוטראכטן וועגן געשטאלטן... און צווישן די פיר וווּנדערלעך רעאליזירטע געשטאלטן גאר באזונדערס — ריווקע. קנאפ, זייער קנאפ גיט זיך אפ דער אנאנימער מייסטער מיט איר. אבער וויפל ארט פאר פיינער אריינדיכטונג. קימאט א קינד נאך, אבער וויפל כאראקטער! „מירן פרעגן דאס מיידל", — זאגן איר פאטער און ברודער אף עליעזערס פארשלאג, אז דאס מיידל זאל שוין פארן מיט אים. דאס מיידל ענטפערט אן פאלשער שעמעוודיקייט. זי וועט גיין מיט דעם פרעמדן מאן. וועגן וואס טרוימט זי? וויאזוי שטעלט זי זיך פאר דעם, וואס דארף ווערן איר מאן? און פארוואס פאלט זי אראפ פונעם קעמל, ווען זי דערזעט יצחאקן? פאר שרעק? פאר אנטוישונג? און ווייטער שטייט געשריבן, אז ווען זי הערט, אז דאס איז יצחאק, דעקט זי זיך איבער מיטן שלייער. איז עס דען נאר צוליבן מינהעג? פארלירט זי ניט דערביי אויך א טרער? דער אווטאר שווייגט. ער איז ניט סענטימענטאל. ער גיט נאר צו: „און יצחאק האט זי אריינגעבראכט אין געצעלט פון זיין מוטער. און ער האט גענומען ריווקען און זי געמאכט פאר זיין פרוי. ער האט זי ליב געקראגן. און יצחאק האט געפונען א טרייסט נאך זיין מוטער".

דאס איז זייער אידל געצייכנט. מיר זעען יצחאקן מיט זיין טיפער בענקשאפט נאך דער מוטער. די יונגע, זייער יונגע פרוי האט אים פארפולט דעם בלויז אין הארצן. זי איז אים געווארן די פרוי און די מוטער. גאר אן אידעלע ליבע. אבער... אבער זי, ריווקע? האט זי אים אויך ליב געקראגן? זי, א צארטע בלום אין אנהייב בלי, און ער — א פערציקיאריקער, א זעליש־איינגעבראכענער שוין אין זיין קינדהייט, א טעמפעראמענטלאזער און שוואך אין כאראקטער. די יארן גייען. אווראם איז שוין נישטא. ער איז געשטארבן, און צו קווורע האבן אים געבראכט יצחאק און ישמאעל — זיינע זין. פאניע שרייבער, דאס ארט אין עפאס איז וויכטיק. צווישן יצחאקן און ישמאעלן איז נישטא קיין סינע. און נאך אן ארט דערמאנט זיך: ווען אייסעוו, יצחאקס זון, וועט איינזען, אז זיין פאטער איז געערגערט דערפון, וואס ער האט גענומען ווייבער פון „די טעכטער פונעם לאנד", גייט ער, קעדיי צו פארגיטיקן זיין פאטער, און נעמט ישמאעלס טאכטער פאר א ווייב. ישמאעל איז, הייסט עס, פונעם שטאם. אבער מיר האלטן דערווייל בא ריווקען. אווראם שטארבט. עליעזער איז שוין, ווייזט אויס, אויך נישטא. אף וועמען האלט זיך די גרויסע ווירטשאפט? אף איר, דער טיכטיקער אראמייערן...

דער אלטער ארטיסט האט זיך דערווארעמט. מע זעט בעכוש, אז דאס געשטאלט פון ריווקען

רעגט אים, איז אים גאָר נאָענט צום האַרצן. זײַן שטערן קנייטשט זיך און גלײַכט זיך אויס. ער אימפּראָוויזירט ווײַטער. נאָר צי איז עס געווען בלויז אימפּראָוויזאַציע? דער שרײַבער קלערט. ניין, ס׳איז ניט בלויז אימפּראָוויזאַציע. דאָס געשטאַלט איז געוויס פֿאַרבונדן מיט אַ לעבעדיקער מאָדעל, אַ נאָענטן מענטשן.

— ...ריווקע... די שלאַנקע יונגפֿרוי, די פֿון פֿרעמד געקומענע אַראַמייערן, לעבט זיך גיך אַרײַן אין דער נײַער סוויווע. אָריענטירט זיך אין דער ווירטשאַפֿט און אין די אינטימע פֿעדעם פֿון דער מישפּאָכע. זי איז טאַקטיש און געדולדיק. מוטיק נעמט זי אָף זיך דעם שווערן יאָך. ייִצכאָק ווערט גיך, פֿאַר דער צײַט, אַלט. צוויי זין פֿאַרמאָגט זי. איינער איז גלײַכגילטיק צו דער ווירטשאַפֿט, צו דער טראַדיציע פֿונעם שטאַם. אַ יעגער איז ער. עפּשער האָט אים ייִשמאָעל די קונסט אויסגעלערנט. די זאָרג פֿאַר דער ווירטשאַפֿט, פֿאַרן שטאַם, אַווראָמס שטאַם (און אַווראָם אַליין איז שוין בישכיינעס מיט עלאָהים אַן אָביעקט פֿון קולט...), די זאָרג טראָגט שוין זי, ריווקע. אָט די זאָרגן מאַכן זי נאָר קרעפֿטיקער און כאַראַקטער־שטאַרקער. די ווירטשאַפֿט העלפֿט פֿירן דער צווייטער זון, יאַנקעוו. ער איז שטענדיק לעבן איר, מיט איר. די גאַנצע ליבשאַפֿט אירע, די ניט־אויסגעלעבטע פֿרויִשקײַט געפֿינט אַ טרייסט אין אים. ער וועט אויך זײַן דער ווײַטער פֿלאַנצער פֿונעם שטאַם... אַ שווערע פֿראַגע פּלאָגט זי. די בכוירע... האָבן די בכוירע הייסט: זײַן דער האַר, דער באַפֿעלער. עס הייסט אויך זײַן דער פֿאָרשטייער פֿונעם קולט, דער, וואָס רעדט מיט עלאָהים. און דער בכאָר שלעפּט זיך אַרום מיט די „טעכטער פֿונעם לאַנד“... ער האָט שוין ווײַבער פֿון די טעכטער פֿונעם לאַנד. און ער איז דער עלטסטער און דעם פֿאָטערס ליבלינג. ייִצכאָק איז בלינד. גאָרניט גייט אים מער אָן. דאָס איינציקע — ער האָט ליב דעם געשמאַקן ביסן פֿון זײַן זונס, אייסעווס, יאַגד. און באַשטימט ער אייסעוון פֿאַרן עלטסטן — וואָס וועט ווערן מיט דער ווירטשאַפֿט? מיטן שטאַם? די קלוגע אַראַמייערן שטעלט אָן יאַנקעוון: „קויף אָפּ די בכוירע בײַ דײַן ברודער. ער לאַכט דאָך סײַווי פֿון איר“. יאַנקעוו פֿאָלגט. זי דערוויסט זיך, אַז ייִצכאָק האָט באַשטעלט אייסעוון, ער זאָל ברענגען עפּעס יאַגד און בראָטן פֿאַר אים זײַן באַליבט מײַכל, — וועט ער אים געבן די לעצטע בראָכע. ריווקע לערנט יאַנקעוון אויסנאַרן די בראָכע, און יאַנקעוו מוז אַנטלויפֿן פֿאַר אייסעוון, פֿאַר זײַן באַאוולטן ברודער.

אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אין שטעקן, זיצט דער אַלטער אַרטיסט. איינער אַן עלטערער אַקטיאָר ווענדט זיך צום שרײַבער. „אַ פֿילם, אַ פּרעכטיקער פֿילם“. דער שרײַבער שווײַגט. דער אַלטער הייבט אויף דעם קאָפּ — און צום שרײַבער:

— פֿאַניע שרײַבער, איר האָט שוין לאַנג דעם שטעקן? איר קוקט מיך אָן. איר ווילט אוודאי פֿרעגן, ווי קומט אַהער די פֿראַגע וועגן שטעקן... הערט. איר טראָגט זיך אַרום שוין זײַט יאָרן מיטן שטעקן. אָט פֿאַרגעסט איר אים ערגעץ, לויפֿט איר אום אים זוכן. אָבער... איז אײַך ניט אַמאָל אַרויסגעשווומען אַן אַסאָציִאַציע מיט אַ שטעקן אַן אַנדערן? איז אײַך אַמאָל ניט געקומען צו כאָלעם יאַנקעווס זאָג צו אייסעוון, ווען זיי באַגעגענען זיך נאָך פֿערצן יאָר: כי במקלי עברתי את הירדן הזה — אָט מיט מײַן שטעקן האָב איך אַריבערגעשפּאַנט דעם דאָזיקן יאַרדן...

דער אַקטיאָר, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן פֿון אַ צווישנרוף, טוט זיך אַ פּאַטש אין שטערן. ער האָט, הייסט עס, זיך דערמאָנט דאָס אָרט. ער שטויסט זיך שוין אָן, וואָס ווײַטער וועט קומען. אָך, טעאַטער, טעאַטער!.. אָבער דער שרײַבער איז אויסערלעך רויִק, כאָטש אין די אָדערן פּולסירט דאָס בלוט געגנוג האַסטיק. דאָס איז זײַן זעלבסטדיסציפּלין. ווען ער וועט בלײַבן אַליין מיט זיך, וועט ער דאָס אַלץ ערשט איבערקאָכן. דער אַלטער אַרטיסט רעדט ווײַטער:

— ...ריווקע דערוויסט זיך, אַז אייסעוו קלײַבט זיך הארגענען יאַנקעוון. זי אייצעט איר ליבלינג, ער זאָל אַוועק צו איר ברודער קיין פּאַדן־אַראַם. נאָר אָף אַ קליין שטיקל צײַט. ביז אייסעוון וועט דער צאָרן זיך שטילן. ייִצכאָק זאָגט אים אָן, ער זאָל נעמען אַ פֿרוי פֿון די טעכטער פֿון זײַן שטאַם. יאַנקעוו אַנטלויפֿט. אָבער אָנשטאָט עטלעכע טעג פֿאַרבלײַבט ער פֿערצן יאָר. עס האָט זיך אַרײַנגעמישט ניט עלאָהים, נאָר דער אוניווערסאַלער גאָט — ליבע... דאָס קאַפּיטל, דער ראָמאַן יאַנקעוו—ראָכל, די פּערעפּעטיִען יאַנקעוו—לאָוון—ראָכל—לייע באַדאַרפֿן ניט קיין אַרײַנדיכטונג. דער שטאָף איז אַזוי פֿול און דראַמאַטיש, יעדער געניטער פֿאַכמאַן וועט עס עקראַניזירן. אָבער פֿאַראַן אַן אָרט, אַ באַזונדער אָרט, ווו אַ טאַלענטירטער דראַמאַטורג האָט אַ מעגלעכקײַט צו שאַפֿן אַ שאַרפֿע עמאָציִאָנעלע דראַמאַטישע סיטואַציע. אייגנטלעך, איז די סיטואַציע גרייט פֿאַראַן. דאָס אָרט — די באַגעגעניש פֿון די צוויי ברידער נאָך אַ צעשיידונג פֿון פֿערצן יאָר. יאַנקעוו נאָך פֿערצן יאָר דינען בײַ לאָוועגן קערט צוריק מיט אַלעם זײַנעם, אַ באַלאָדענער מיט פֿרויען, קינדער, שאָף, רינדער, קעמלען. זײַן ציל — דאָס געבורט־אָרט, דאָס אָרט, וואָס איז פֿון עלאָהים באַשטימט פֿאַר אַווראָמס שטאַם. ניט נאָר ער אַנטלויפֿט פֿון זײַן שווינדלערישן שווער, עס איז זײַן מאָראַלישער כיוו אומצוקערן זיך אַהין. ניט קיין פֿאַר־

מעגן ווארט אף אים. דאָס פארמעגן האָט געיארשנט אייסעוו. ער, אייסעוו, האָט שוין פון לאַנג דאָס פארן שטאם באשטימטע אָרט. יאנקעוו דארף צוריקערן אהין. אָבער דער וועג ליגט פארבײַ אייסעווס ווין־לאנד. א באגעגעניש איז אומפארמײַדלעך. וועט עס זײַן פרידלעך? וועט קומען צו בלוט־פארגיסונג? אייסעוו איז שטארקער. ער פארמאָגט א סאך דערוואקסענע קרעפטיקע לײַט מיט זיך. יאנקעוו, ער ווייסט שוין דורך זײַנע געטרײַע לײַט, אז אייסעוו גייט אים אקעגן מיט פיר הונדערט באוואָפנטע מענער, — שיקט ער אים מאַטאָנעס, גרויסע מאַטאָנעס. און ניט מיטאמאָל, נאָר פארטיעסווײַז... און זאָגט אָן זײַנע מענטשן, אז אויב אייסעוו פרעגט: „וווהין ציט דאָס אַלץ?", זאָל מען ענטפערן: „מאַטאָנעס פון יאנקעוון צו זײַן האר צו אייסעוון"... ער אנערקענט, הייסט עס, אז די בכוירע איז אייסעווס. ער קומט ניט מאָנען יערושע. ער שיקט נאָך מאַטאָנעס. און דאָס ווירקט. מע באגעגנט זיך. און דאָ הער איך יאנקעווס ווענדונג צו אייסעוון.

דער אלטער ארטיסט האָט זיך אופגעהויבן. אָנגעשפארט אפן שרײַבערס שטעקן, א הינ־קעדיקער, ער רעדט צו אייסעוון.

„...ברודער מײַנער... איך ווייס, דו האָסט טארומעס אף מיר. איך האָב דער ערשטער אונדזער פאָטערס בראָכע גענומען. אזוי איז געווען דער ווילן פון אונדזער מוטער. וואָס האָב איך גענומען פון דער בכוירע? קוק, ברודער. אָט — דעם שטעקן, אף וועלכן איך שפאר מיך אָן. דער שטעקן... דאָס איינציקע, וואָס איך האָב פארהיט אין דער פרעמד. מיט אָט דעם שטעקן, וואָס דו זעסט, בין איך אריבערגעגאנגען אָט דעם יארדן, ווו מיר שטייען. און דער שטעקן האָט מיר די גאנצע צײַט — פערצן יאָר! — געהאלטן אין איין דערמאָנען, אז איך האָב א גרויסן כויוו אף מיר. אז איך דארף אונדזער שטאם ווײַטער פלאנצן. און געגעבן מיר דעם שטעקן האָט אונדזער מוטער. „נעם, מײַן זון, אָט דעם שטעקן, א צווײַג פון א בוים, וואָס אונדזער זיידע אווראָם האָט מיט זײַנע הענט דאָ, אין דער וויסטעניש, געפלאנצט. היט אים. ווו דו וועסט ניט זײַן, וועט ער דיר דערמאָנען אין דײַן געבורט־אָרט. איך האָב אים געהיט. פערצן יאָר האָב איך בא אונדזער פעטער לאָוון אָפגעהאָרעוועט. באטאָג האָט מיך געבראָטן די זון, באנאכט — געפרעסן די קעלט. מיט מײַן מי און פלײַס, מיט מײַן וויסן, וואָס כ'האָב באם אלטן עליִעזער איבערגענומען, האָב איך אונדזער פעטער לאָוון רײַך געמאכט. און אויך איך האָב דאָס פאר־מעגן, וואָס דו זעסט. ברודער מײַנער, ניט נאָך קיין יערושע גיי איך, איך באדארף זי ניט. ברוד־דער מײַנער, דו האָסט זיך אליין אן אייגענעם שטאם פארפלאנצט אף פרוכטבארער ערד, רײַך אין וואסער. זאָל עס דיר זײַן מיט גליק. איך גיי פלאנצן מײַן שטאם. נעם אָן, ברודער מײַנער, מאַטאָנעס, און זאָל דאָס זײַן א סימען, אז דײַן ברודער־הארץ האָט זיך אומגעקערט צו מיר. זאָל קיין סינע ניט זײַן צווישן אונדז און אונדזערע קינדער".

דער אלטער האָט זיך צוריקגעזעצט. ער איז געווען באשײַמפערלעך אויסגעשעפּט. דאָס בינטעלע עלטערע אקטיאָרן האָבן זיך איבערגערעדט נאָר מיט די אויגן. און דער שרײַבער... אָן אלטע פראגע האָט אים אין דער שטיל גענאָגט: וויפל זײַנען זיי פאראן, די גליקלעכע קינסטלער, וועלכע לעבן זיך אויס קינסטלעריש אינגאנצן? ווינציק. עס בלײַבט דאָס ניט־דער־זאָגטע, דאָס ניט־דערשפּילטע. און עפשער איז דאָס ניט־דערזאָגטע און ניט־דערשפּילטע דאָס סאמע איקערדיקע? און עפשער פארקערט? זײַנען עפשער גאָר די אנדערע די גליקלעכע?..

— פון וואָס טראכט איר?

דער ארטיסט קוקט מיד־שמייכלענדיק אף זײַן פרײַנט. דער שרײַבער פילט אלעמענס בליקן צו אים געווענדט, אָבער קיין ענטפער האָט ער ניט. דער אלטער הייבט זיך אוף.

— קומט, מײַן פרײַנט, איר וועט מיך באגלייטן. אָט האָט איר אײַער שטעקן. א גוטע נאכט! א קאלטע, זייער קאלטע הארבסט־נאכט. ווינציק דורכגייער, און אויך זיי אײַלן זיך.

— עפשער נעמען א טאקסי?

דער אלטער — נאָר מיט א שאָקל פון קאָפּ: ניין. זיי גייען פארבײַ א סקווער. פוסט. דער אלטער גייט ארײַן, דער שרײַבער נאָך אים. זיי זעצן זיך.ביידע שווײַגן. דער סקווער איז פוסט. דאָס ליכט פון די גרויסע לאָמפּן פאלט קאלט אף אָוולדיקע בענק. באם שרײַבער אין קאָפּ צינדט זיך אָן א לעמפּעלע: די בענק בענקען... ניט באמערקט, ווי זײַן פרײַנט האָט זיך אופגעהויבן.

— זיצט, זיצט... איך וועל שוין דערקריכן אליין אהיים. פארגעסט ניט אײַער שטעקן.

דער שרײַבער אליין. ער פרוווט אין געדאנק געפינען א פארבינדונג צווישן דעם גאנצן אָוונט מיט דעם אופבליץ „די בענק בענקען". ניט געפונען. און זיך געטרייסט:

— צי זײַנען מיר דען אימשטאנד צו געפינען אלע פארבינדונגען? די בענק בענקען...

זיך אופגעהויבן, גענומען דעם שטעקן. א מערקווירדיקע שפּירונג: דער שטעקן, זײַן אלטער שטעקן, האָט עפּעס פארלוירן פון זײַן מאמאָשעס. שטעקן, וואָס ווילסטו, אָ, שטעקן? אויך דו? אָ! א קינסטלער האָט געשפּילט א שפּיל מיט דיר. און א קינסטלער מאכט פון טויט לעבעדיק. אזוי, ברודער־שטעקן, אזוי!..

# סקולפּטורן אפן זאמד

צווישן די זעקס הונדערט מענטשן, וואָס רוען יעדן כּוידעש אינעם אַפּרו־הויז „פּרי־באַלטיקאַ“, איז האַרבסט־צײַט געווען איינער אַ ליבהאָבער אַ סקולפּטאָר — איסאַק באַבראָוו. לויט דער גרונט־פּראָפעסיע איז באַבראָוו אַ מאַטעמאַטיקער, ער אַרבעט אין נאָוואָסי־בירסק אין אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

נאָך מיטיק און נאָך דער אָזויגערופענער שטילער שעה גייט באַבראָוו אַרויס אפן פּליאַזש מיט אַ שטעקל אין דער האַנט. אָנגעטאָן איז ער אין קורצע לײַוונטענע הייזלעך — שאָרטן, און אין אַ ברייט־אויסגעשניטענער מײַקע, וואָס וואָלט מער געפּאַסט פאַרן גיבער יורי וולאַסאָוו, זי דעקט ניט אָזויפיל צו, וויפל זי אַנטבלויזט. עס שטאַרצט פון איר אַרויס דרײַ פּערטל פונעם האָריקן ברוסטקאַסטן צוזאַמען מיט די שאַרפע שליסלביינער. דעם ברוסטקאַסטן האָט די זון שוין עטוואָס צוגעברוינט, און ער גלאַנצט, ווי ער וואָלט באַדעקט זײַן מיט ראָזלעכן עמאַל.

אַ סוואָרע, אַז די פּוטיאָווקע איז באַבראָוון טאַקע נייטיק געווען, ער דאַרף זיך אומבאַדינגט פאַריכטן, אַרופציִען עטלעכע קילאָ, דאַן וועלן די פּיס ניט אויסזען אַזוי לאַנג און די געקרײַזלטע הויכע טשופּרינע וועט מער אַנטשפּרעכן זײַן פּאָנעם מיט די אײדעלע קינבאַקן. עמעס, ער איז נאָך יונג, אין יענעם עלטער, וועגן וועלכן מע זאָגט: אַבי די ביינער זײַנען גאַנץ, פלייש וועט אָנוואַקסן...

עס דוכט, אַז באַלד וועט ער זיך אָנשליסן צו איינער פון די קאָמפּאַניעס און קאָמפּאַניעלעך, וואָס שפּאַצירן אַרום איבער דעם נאַסלעך־ווייכן גוט־אײַנגעטראָטענעם ברוינעם זאַמד־פּאַס, האַרט באַם ראַנד פון יאַם, אָדער אַז ער וועט בימכּילע אַראָפּוואַרפן די שאָרטן און די מײַקע און נעמען שפּאַלטן דעם יאַמסוף.

איינע פון די מײַלעס פון ריגער שטראַנד איז דאָס, וואָס עס איז דאָ אומעגלעך דערטרונקען צו ווערן: מע דאַרף גיין אַ קילאָמעטער, ביז דאָס וואַסער דערגרייכט ביז די קנעכל, און קומט מען צו צום אָרט, וווּ עס איז טיפער און מע קאָן אָנהייבן שווימען, זײַנען צעשטעלט אָן אַ שיר צייכנס, וועלכע וואָרענען, אַז ס׳איז געפערלעך און אַז מע דאַרף זיך אומקערן צוריק.

ניין, באַבראָוו לאָזט זיך ניט אף קיין שפּאַציר און שפּרינגט ניט אין יאַם אַרײַן. ווי אף קאַטאָוועס, שפּילנדיק זיך, טוט ער מיטן שטעקעלע אַ ריץ איבערן זאַמד, פירט דורך איין ליניע, אַ צווייטע, און אין געציילטע מינוטן זײַנען שוין פאַראַן די קאָנטורן, דער סילועט פון אַ מענטשלעכער פיגור. דער זאַמד נעענטער צום ראַנד פון יאַם איז פײַכט, דין און פּילבאַר. דאָס שטעקעלע אין דער האַנט רירט זיך נאָר צו, ווערט אַ גריבל, אַ בערגל. די אַרבעט גייט פליִיסיק. דער קאָפּ פון דער סקולפּטור איז נאָך ניטאָ. נאָר עס זײַנען שוין פאַראַן די פּיס. לויט די פינגער, וואָס שטאַרצן אַרופצו, איז צו זען, אַז דער מענטש ליגט אפן רוקן. עס זײַנען שוין אויך דאָ אָנשוילעכע סימאָנים, אַז ס׳איז אַ פרוי.

דער שפּאַצירנדיקער עולם הייבט זיך אָן אינטערעסירן. די מאַנצבלען גייען צו נעענטער, אייניקע אַזוי נאָענט, אַז זיי שטערן באַבראָוון אַרבעטן. די פרויען בלײַבן צניִעסדיק שטיין פונדערווײַטנס, זיי שטעלן זיך פאָר, אַז דער באָכער מײַסטערעוועט מיסטאָמע ניט גאָר קיין פײַנע צאַצקע, אַניט וואָלטן די מאַנצבלען אַזוי אים ניט באַפאַלן און זיך פריילעך ניט איבערגעוווּנקען איינער מיטן צווייטן. בלויז איין עלטערע דאַמע, אַ לאַנגע און אַ פלאַכע, ווי אַ ברעט, האָט מיט דער געוואַגטקײַט פון אַן אויסגעדינטן סאָלדאַט, וואָס גאָרניט שרעקט אים ניט, פאַרקערעוועט צום מאַנצבלשן רעדל און דרייסט זיך אײַנגעשלאָסן אין דעם. דורך די טונקעלע זון־ברילן האָט זי גלײַך באַמערקט, אַז בײַ דער פיגור איז איין ברוסט העכער פון דער צווייטער, זי האָט אויך דערזען אַ פּאָר אַנדערע בלויזן און פּאַכמענעריש אָנגעוויזן אף זיי. בִּיכלאַל איז זי געווען אַ ביסל אַנטוישט, זי האָט זיך גערעכנט אף עפּעס אַנדערש.

דער יונגערמאַן האָט זיך דערווײַל געטאָן זײַנס, קיינעם ניט געהערט. ער האָט נאָר געבעטן די מענטשן, וואָס שטייען צוקאָפּנס, ניט פאַרשטעלן די שײַן.

וואָס מער עס פורעמט זיך אויס בײַ אים די פיגור, אַלץ ווייניקער וויצן, אַלץ ערנסטער די פּנעמער. די פרוי האָט אויסגעטאָן די טונקעלע ברילן און מאַכט שוין מער ניט קיין באַמער־

קונגען. אלע קוקן שוין מיט אנדערע אויגן, מיט אן אנדער אינטערעס. גראציִעז האָט זיך באַקומען דער קערפּער. איצט קלעפּט ער דעם קאָפּ — א שיינעם שטאָלצן קאָפּ, וואָס ליגט אָנגעשפּאַרט אף דער דלאָניע פון דער רעכטער האנט. די צווייטע האנט איז פרײַ אָפּגעוואָרפן אין א זײַט. פונקט ווי א לעבעדיקע, ליגט א יונג מיידל אפן פליאזש און רוט.

אין אָפּרו־הויז, אַרוּף־באַרג, קלינגט מען צום אָונטברויט. נאָר דער סקולפּטאָר האָט נאָך ניט געענדיקט די ארבעט. און מיט אים צוזאמען פארהאלטן זיך די צושויער. עס גייט זיי שוין אָן יעדער נײַער שטריך, יעדע נײַע ליניע. דערבײַ איז מען ניט קאַרג אף קאָמפּלימענטן:

— מאָלאָדיעץ!

— אן עמעסער סקולפּטאָר!

— ער וואָלט זיך געדארפט לערנען אין א קינסטלערישער אקאדעמיע.

— זיך לערנען? ער איז שוין א געלערנטער!

עס פארגייט די זון. עס באַווײַזט זיך אפן מײַרעווודיקן הימל־ראנד, נאָענט צום ברעג, א רעגנבויגנדיק לייטערל, און דער רויטער זון־קײַלעך לאָזט זיך צוערשט אראָפּ אפן אייבערשטן טרעפּל, פארהאלט זיך א ווײַלע, טוט זיך א גליטש אפן צווייטן, דערנאָך אפן דריטן טרעפּל און אזוי ווײַטער, נידעריקער און נידעריקער, ביז א ניט־געמינערטער אף א האָר, א גאנצער און פולער, אָנגעגאָסן מיט רויטער זאפטיקײַט, ווערט דער קײַלעך ניט דערטרונקען צוזאמען מיטן לייטער.

באָבראָוון טוען שוין ווי די הענט, וואָס האָבן אזוי פאוואָליע מיטן שטעקעלע איבערגעגראָבן א היפּש ביסל זאמד. עס ציִען די פיס, וועלכע ער האָט עטלעכע שאָ געהאלטן אײַנגעבויגן. ער רייניקט אָפּ די שאָרטן, גלײַכט זיך אויס, כאפּט א לענגערן בליק אף דער אָפּגעטאָנענער ארבעט, בייגט זיך ווידער אָן, פאריכט עפּעס. ארום איז ציכטיק־ריין, ווי אף א גוט אָרגאַניזירטער בויונג. קיין איין הײַפל זאמד נעמט ער ניט אָן נוצן. דאָרטן, ווו ס׳איז איבעריק, טראָגט ער עס איבער אהין, ווו עס איז נייטיק. ענדלעך דרייט ער זיך אויס מיטן רוקן צו דער סקולפּטור און לאָזט זיך גיין ארופצו איבער די הילצערנע טרעפּלעך, וואָס פירן צו די קאָרפּוסן און צו דער אויסגעצויגענער איינשטאָקיקער גאָרקיך. אים באגלייט א גאנצע קאָמפּאניע נײַע אָנהענגער און פארערער.

בא איין טיש מיט איסאקן זיצט עלזע קאלנין — א ריגער מיידל, וואָס האָט פריִער קנאָפּ אופמערקזאמקײַט געווענדט אף איר שאָכן, געהאט אפילע פארדראָס, האלעמײַ עס איז איר ניט אויסגעפאלן א שענערער, פרייִלעכערער און יינגערער שוטעף, איידער דער דאָזיקער געלבלעכער מאנספּארשוין, וואָס מע קאָן ניט פארשטיין, צי איז ער געל פון דער נאטור, צי די זון האָט עס אים אזוי אָנגעבראָטן, צי עפּשער איז ער ביכלאל אזא פון א ניט גרינגע לעבן. ער איז א באַשיידענער, זייער א העפלעכער, שמייכלט אײַנגעהאלטן און שווײַגט. די מײַכאָלים מאכט ער גיך פארטיק מיט א גלענצנדיקן אפּעטיט, אָבער ער האלט פון עטיקעט און הייבט זיך קיינמאָל ניט אוף פריִער פון די איבעריקע, דערבײַ איז בא אים אזא מינע אפן פּאָנעם, ווי ניט אים, נאָר ער האָט אן אנדערן פארהאלטן, און שוין גאָר קינדעריש קומט אויס דער „דאנק“, וואָס ער זאָגט נאָכן עסן צו אלעמען און צו קיינעם ניט. עלזע האָט ניט ליב אזעלכע שטילע אידעלע פארשויגען. ארום איר טומלט זיך שטענדיק. דאָרט, ווו זי איז, איז לעבעדיק און פריילעך. גאנצפרי לויפט זי ארויס אינעם בלויען באָד־קאָסטיום אפן פליאזש מיט א רייף אין דער האנט און הייבט אָן מאכן אזעלכע שטיק, אז אלע שטוינען: אן עמעסע צירק־ארטיסטקע. די רייף דרייט זיך בא איר ווי א וויכער — צוערשט ארום דער ברוסט, דערנאָך לאָזט זי זי אראָפּ נידעריקער, און די רייף דרייט זיך אפן בויך, ווײַטער — אף די קנעכלעך — און פאלט ניט אראָפּ. דער באָד־קאָסטיום מינעט זיך און גלאנצט, ווי די ליסקע פון א צאפּלדיקן פיש. ווען עמעצער פון די מאנצבלען וויל איבערכאזערן די זעלבע קונצן און ס׳באקומט זיך ניט בא אים, ווײַזט עלזע, וויאזוי מע דארף עס טאָן, דערבײַ מאכט זי א פּאָר אזעלכע באוועגונגען, אז דער אוילעם גאפט.

מיט קיינעם פון די יונגעלײַט שפּאצירט זי ניט באזונדער, זי האָט א סוויטע, אָבער קיין אויסוואָל האָט זי נאָך ניט געמאכט, זי זוכט איר פּאסיקע פּאָר. איצט, ווען זי האָט באם טישל דערהערט די סענסאציִאָנעלע נײַס וועגן איר שאָכן, אז ער איז א סקולפּטאָר, האָט זי גרויסאַרטיק, ווי א קיניגן, וואָס ווייסט, אז איר פאָרשלאָג וועט מיט פארגעניגן אָנגענומען ווערן, א זאָג געטאָן צו באָבראָוון:

— קומט, איר וועט מיר ווײַזן אײַער מאכערײַקע, — און האָט אים גענומען אונטער דער האנט.

אלע זומערשפּרענקלעך, וואָס ווערן געוויינלעך אין אָונט בלאסער און ניט אזוי אָנזיכטיק בא באָבראָוון אפן פּאָנעם, האָבן איצט זיך צעברענט, ווי אין א העלן באטאָג. ער איז ארויס מיט איר פון דער גאָרקיך, באגלייט זי ביזן בערגל, פון וועלכן מע גייט אראָפּ צום יאם, און זיך אָפּגעשטעלט:

— אָט דאָרט איז די... מאכערייַקע, איר וועט זי געפינען, — האָט ער מיט א פינגער אָנגעוויזן אין דער טונקל.

— אך, סארא איידלמאַן איר זייַט, — האָט זי איראָניש באמערקט, — אייַך קומט אפילע ניט אפן זינען, אז איך קאָן זיך איבערשרעקן אף טויט? מע זאָגט, אז די סקולפּטור איז ווי א לעבעדיקע...

זי האָט אים לייַכט א צי געטאָן צו זיך, און ביידע זייַנען אוועק לענגויס דעם ברעג. מיט־אמאָל — א ביסל מיט א קיוון, א ביסל אינדערעמעסן האָט עלזע א געשריי געטאָן. זי איז שיר ניט ארופגעטראָטן אף א מענטשן.

א באַגאָסענע מיט אָראנזשעווער לעוואָנע־שייַן, האָט די פיגור אפן זאמד איצט נאָך מער, איידער פריער, געהאט דעם אָנבליק פון א לעבעדיקן וועזן. די אויסגעהוילטע אויגן האָבן געפינקלט, די באשאָטנטע פינגער פון די הענט און פון די פיס האָבן, דוכט, עטוואָס זיך באוועגט.

ניט־געייַלט האָבן זיי זיך געלאָזט גיין ווייַטער, און ניט פארקערעוועט אף צוריק דאָרטן, ווו דער אוילעם פארענדיקט געוויינלעך דעם אָוונטיקן שפּאציר און קערט זיך אום. דורכגעמאכט א גוט שטיקל וועג, האָבן זיי זיך צוגעזעצט אף איינער פון די בענק, וואָס זייַנען מיט געאָמעטרישער פּינקטלעכקייַט צעשטעלט לענגויס דעם פּליאזש. די באנק איז געווען פייַכט, באדעקט מיט אָוונט־טוי. עלזען איז געוואָרן קאלט, און זי האָט זיך ארונטערגערוקט אונטער באָבראָווס רעקל. באָבראָוו האָט שוין געוווּסט, אז זי איז געווען א כאסענע־געהאטע, אז זי האָט זיך געגעט, און איצט קלייַבט זי זיך ווידער כאסענע האָבן, נאָר דער נייַער כאָסן אירער געפעלט איר ניט. עלזע האָט אָן אופהער געפּלאפּלט.

— איך האָב אָן עקלהאפטן כאראקטער, — איז זי זיך מוידע געווען. — נאָר איין זאך האָב איך שטענדיק ליב — די רייף. זי ווערט מיר קיינמאָל ניט הערעסן.

בא באָבראָוון האָבן געקלאפּט די אָדערלעך אף די שלייפן און ס'האָט געטיאָכקעט דאָס הארץ. ער איז געווען איבעראשט פון דער צוטריטלעכקייַט פון דער שיינער יונגער פרוי, וואָס זיצט לעבן אים. ער האָט זיך באמיט ארויסרופן אין דימיען זייַן איידל־צניִעסדיק ווייַבל, וועלכער ער האָט ביז איצט ניט פאראטן אפילע אין געדאנק.

— דערציילט מיר כאָטש עפּעס... פון אייַער שווייַגן בין איך שוין פארפרוירן געוואָרן. — עלזע האָט זיך צונויפגעצויגן אין א קנייַלכל, ווי זי וואָלט אף אָן עמעס געציטערט פון קעלט. — איר זייַט שוין לאנג א סקולפּטאָר?

— איך בין ביכלאל ניט קיין סקולפּטאָר, — האָט באָבראָוו געענטפערט מיט זייַן געוויינלעכער באשיידנקייַט. — ס'איז בא מיר ניט מער ווי א בייַזאך. איך האָב צו טאָן מיט ציפערן, און נאָך א טאָג ארבעט, ווען די אָנצאָליקע ציפערן הערן ניט אוף צו שווינדלען פאר די אויגן, איז בא מיר די בעסטע זאך נעמען א שטיקל ליים און קלעפּן. כ'קלעפּ אלץ, וואָס עס קומט אפן זינען, — מענטשן, כייַעס, שיידים... ס'איז אָן אויסגעצייכנטער אָפּרו. בא אונדז אין אינסטיטוט, אָנגעהויבן פונעם דירעקטאָר ביזן פּראָגראמיסט און לאבאָראנט, האָט זיך יעדערער זייַן מעשוגאס. איינער איז א פישפאנגער, דער אנדערער איז א יעגער, דער דריטער איז א מוזיקאנט אף א בלאָז־אינסטרומענט, בלאָזט ארויס די נעשאָמע, אלע צעלויפן זיך, ווען זייַן טראָמבאָן נעמט רעווען. צוויי זייער כאָשעווע וויסנשאפט־דאָקטוירים קלייַבן מארקעס, קאָנקורירן צווישן זיך מיט די קאָלעקציעס. א זעכציקיאָריקער געלערנטער ווארט מיט אומגעדולד אפן זומערדיקן אורלויב — ער וויל שוין גיכער קלעטערן אף די בערג. אז מע האָט ליב די גרונט־פּראָפעסיע, די גרונט־ארבעט...

— מייַן ארבעט איז אזא, אז עס איז ניטאָ וואָס ליב צו האָבן, — האָט עלזע א צוק געטאָן מיט אָן אקסל.

— אויב ס'איז ניט קיין סאָד... — האָט באָבראָוו זיך פארינטערעסירט.

— קיין שום סאָד ניט. איך בין א פאריקמאכערשע. אין מאנצבלשן זאל.

— כ'שטעל זיך פאָר, וויפל אומשולדיקע מאנצבלשע קעפּ איר צעקאליעטשעט פאר א טאָג, — האָט באָבראָוו זיך א וויצל געטאָן.

— דערווייַל האָט אף מיר קיינער זיך ניט געקלאָגט. עמעס, עס טרעפט, אז א נערוועזער קליִענט טוט זיך א קנייטש, ווער איך ניט איבעראשט...

עס איז שוין געווען שטאָק־פינצטער. פארשוווּנדן איז דער אונטערשייד צווישן יאם און ברעג, אלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין געדיכטער בלויער מאסע.

— צייַט זיך אומצוקערן, — האָט באָבראָוו זיך אופגעהויבן פון דער פייַכטער באנק.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, ווידער זייער פאמעלעך, איבערן אייַנגעטראָטענעם זאמד הארט באם יאם־זוים. אין אָפּרו־הויז זייַנען זיי געקומען, ווען אין די קאָרפּוסן איז שוין געווען אויסגעלאָשן די ליכט און די טירן — פארמאכט.

עלזע האָט געהייסן באַבראַוון אונטערשטעלן דעם רוקן. זי איז פלינק ארופגעשפרונגען אף אים און דורכן פענצטער אריינגעקראָכן אין איר פּאַלאַטע.

אופגעשטאַנען איז עלזע זייער פרי, אפילע פריִער פונעם הארמאָניסט, וואָס וועקט און רופט צו דער פרימאָרגנדיקער גימנאַסטיקע. שטיל איז געווען דער יאַם, קיין מינדסט וועלכל האָט ניט באַומרויקט די שימערירנדיקע אומענדלעכע אויבערפלאַך. די מעוועס זיינען אויך געפלויגן שטיל און נאָענט צום ברעג, שטיל זיך אראָפּגעזעצט, ווי מוירע האָבנדיק אופצורודערן דעם ארום. די זון, א קאַלטע, אָן אויסגעוואַשענע, איז ארויסגעשווומען פון וואסער, ווידער מיט איר רעגנבויגנדיקן לייטערל, איצט שוין צוליב אופהייבן זיך ארופצו, אפן הימל. עלזע האָט זיך אויסגעבאָדן, א פּאָר מאָל א דריי געטאָן די רייף ארום די לענדן, פּלוצעם זיך אין עפּעס דער־מאָנט און ראשיק זיך געלאָזט לויפן איבערן זאמד. זי איז געלאָפן און געזוכט. צי העט האָט זי פארגעסן דאָס אָרט?

די סקולפּטור איז ניט געווען. נאָך פריִער פון עלזען איז אפן פּליאזש געקומען די אופ־ראַמערן און מיט דער לאָפּעטע און מיטן בעזעם געמאַכט פון דער פיגור א בערגל, דערנאָך איז דורכגעפאָרן א לאַסטמאַשין, וואָס נעמט צונויף דעם שמוץ פון די אורנעס, און דאָס בערגל אויסגעגלייכט. עס איז נאָר געבליבן א טונקעלער שפור אפן זאמד. עלזען האָט זיך אויסגעדוכט, אז דעם פּליאזש פעלט עפּעס זייער א גוטע, אויסטערלישע זאַך. זי האָט אָנגעכאַפּט איינעם א דיקלעכן מאַנצבל, וואָס האָט אין א בלויער טיובעטייקע און אין א בלויען כאַלאַט געשפּאַנט מייִסע קאָמענדאַנט איבערן ברעג, און אָן אופגעקאָכטע אים געגומען דערווייזן, וואָס פאַר א פאַרברעכן מע איז באַגאַנגען:

— עס איז דאָך געווען אָן עמעס קונסט־ווערק, אלע זיינען געווען אנציקט!

— אף זאמד בויט מען ניט, — האָט יענער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

גופע דער סקולפּטאָר איז אויך געבליבן גלייכגילטיק און ניט געהאַט קיין שום פאַרדראָס. ער איז געווען אפילע צופרידן. „די נעכטיקע האָט ניט געטויגט“, — האָט ער א ברומקע געטאָן מער צו זיך אליין, ווי צו עלזען, ווען יענע איז א צעהיצטע אריינגעקומען צו אים גלייך אין דער פּאַלאַטע און אָנגעזאָגט די טרויעריקע נייַס. נאָך פרישטיק האָט ער פּאַוואָליע מיטן שטעקעלע זיך גענומען צו דער ארבעט. דאָס מאָל האָט ער אויסגעקלעפּט א מיידל, וואָס ליגט און לייענט. די פיגור האָט זיך אים זייער איינגעגעבן און ווידער בא אלעמען ארויסגערופן אנציקונג. אָבער זי האָט עקזיסטירט נאָך וויניקער, ווי די נעכטיקע. ווען דער אוילעם איז אוועק עסן מיטיק, איז א כעוורעמאַן א צולאָכעסניק ארופגעטראָטן צוערשט אף דער האַנט פון דער סקולפּטור, דערנאָך אפן האַלדז, ווייטער האָט ער זיך גענומען צום קאָפּ, צום בויך און אזוי צוביסלעך אינגאַנצן זי כאָרעוו געמאַכט.

די קנאַפּע פיר וואָכן, וואָס באַבראַוו איז געווען אין אָפּרו־הויז, האָט ער יעדן טאָג געמייִסט־רעוועט, אָבער קיין איין ווערק זיינס האָט ניט עקזיסטירט אפילע קיין מעסלעס. די לעצטע סקולפּטור, וואָס ער האָט געמאַכט פארן אָפּפאָרן, האָט עלזע באַשלאָסן צו פארהיטן ווי ווייט מעגלעך לענגער. זי איז אופגעשטאַנען, ווי נאָר ס'האָט גענומען שאַריִען, און אוועקגעלאָפן אפן פּליאזש, אפילע פארגעסן מיטצונעמען די רייף. זי האָט געוויילט קומען פריִער פון די אופּראַ־מערנס, פריִער פון דער מאַשין און פון אלע אנדערע אָנשיקעניש. דאָס מאָל האָט זיך אָבער באַ־מיט גופע דער יאַם. אינמיטן דער נאַכט האָט ער א ביסל פרייִער אָן אָטעם געטאָן, ארופגעלאָזט די כוואַליע העכער אפן ברעג און אָפּגעלעקט די פיגור. טרעטנדיק איבערן נאַסן זאמד, האָט עלזען זיך געדוכט. אז דער זאמד סקריפּעט בא איר אף די ציין. „אָט אזוי ווערט אלץ אראָפּגע־שווענקט, — האָט זי א טראַכט געטאָן, — און ס'בלייבט גאָרניט. הוילער נאַסער זאמד“. א מאָד־נער אומבאַקאַנטער אומעט האָט זי ארומגעכאַפּט. זי האָט אף א ווײַלע צוגעמאַכט די אויגן, און ווען זי האָט זיי געעפנט, האָבן זיי גלייך בא איר אופגעלויכטן און זיך צעשייִנט. פון די טרעפּלעך, אף דרייִ פערטל פאַרגראָבענע אין זאמד, האָט פריילעך און מונטער, מיט א לידל, געשפּאַנט באַבראַוו, אָנגעטאָן אין אָן עלעגאַנטן אָנצוג פון לאַווסאַן, מיט א פּעטראַוון הוט אפן קאָפּ. צום לעצטן מאָל איז ער ארויס א קוק טאָן אפן יאַם און אריינוואַרפן אין אים א מאַטבייע — אזוי איז שוין איינגעפירט. די גרעסטע אפיקאָרסים טוען עס פארן אָפּפאָרן אהיים.

— אראָפּגעשווענקט, — האָט עלזע אָנגעוויזן אפן אָרט, וווּ עס איז געווען די פיגור.

— דער זאמד איז איצט גוט און עס איז קיל. ס'וועט זיין גרינג צו ארבעטן. — באַבראַוו האָט, ניט פארטראַכטנדיק זיך, אויסגעטאָן דאָס רעקל, געפונען א פאַסיק שפּענדל, וואָס דער יאַם האָט ארויסגעוואָרפן, און זיך גענומען צו דער מלאָכע.

— איר דאַרפט דאָך שוין אוועקפאָרן, — האָט זיך עלזע געוווּנדערט.

ווען דער אוילעם פונעם אָפּרו־הויז האָט ארויסגעשאָטן אפן יאַם־ברעג, האָבן זיי דערזען א נייִ פּרעכטיק געשטאַלט — א מיידל מיט א רייף. אלע האָבן גלייך דערקענט עלזען.

קלאַפּט די פלעקעלעך אין דער זויל
און וויל ניט טרינקען,
וויל ניט עסן —
און לאָזט גאָר ניט ארויס פון מויל
עסטער, עסטעריניע די פרינצעסן.
און פון זײַן פענצטערל
צעטראָגט זיך אינעם געסל
זײַן לידל וועגן עסטער דער
פרינצעסן:
„אוי, עסטער, עסטערל מײַן גאָלד,
איך האָב דיך האָלט,
איך האָב דיך האָלט...“
און זי,
זי זיצט אָף דער פּיפּיוּקע
אין די פּאַלייען,
וואָס אָף הינער־פיסלעך שטייען,
און עסט א סקאָרינקע א שוואַרצע —
קיין קוילעטש קאָן זי ניט פאַרדייען,
עס קאָן כאָלילע ווערן קאַליע
איר אויסגעטאָקטע טאַליע.

נאָר ווען דער פּעטער פּיניע
האָט די שיכעלעך געבראַכט,
האָט עסטער די פרינצעסן
זיי באַטראַכט
און האָט פון נאַכעס אויש געלאַכט...
און ער האָט אָנגעטאָן
דאָס שיכל אָף איר פיסל
און האָט דעם בליק
פון איר ניט אָפּגעריסן.

האָט עסטער, עסטעריניע
די פרינצעסן,
אין אַלעמען, אין אַלץ פאַרגעסן
און זיך א וואָרף געטאָן
דעם פּעטער אָף די אַקסל
און איז צו אים אַזוי שוין צוגעוואַקסן.
פון דעמלט אָן
זײַנען פאַרגאַנגען יאָרן,
דער פּעטער איז שוין גראָו געוואָרן.
נאָר פון זײַן פענצטערל
צעטראָגט זיך אינעם געסל
זײַן לידל וועגן עסטער דער פרינצעסן,
וואָס האָט א לעבן ניט דערשלאָפן,
ניט דערעסן,
און גליקלעך פאַרט געווען,
און גליקלעך פאַרט געווען.

# מײַן ניגן

## די ליד, וואָס איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן

ווען ס'ווערט די שטאָט פאַר קליין און גרויס א וויג,
ווען בלאָנד און גרײַז אין טיפן שלאָף זיך וויגן, —
איך הער: ס'קלאַפּט אין מײַן האַרץ די ליד,
וואָס איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן.

זי צינדט אין אויגן אָן א ליכט בא מיר,
ווען רונד אַרום א שפּור פון שײַן ניטאָ שוין.
און צום פאַרשנייטן בייגעלע פּאַפּיר
עס אײַלט, עס אײַלט, עס אײַלט מײַן מאַמעלאָשן.

די ליד — אָט ווי א ווילדע כײַע טוט אָף מיר א שפּאַר,
אָט ווי א פּאַווע ווייך זי פליט אַראָפּ פון אויבן.
איך ליג, די אויגן, דאַכט זיך, צוגעמאַכט,
נאָר ניין, א גאַנצע נאַכט פאַרמאַך איך ניט די אויגן...

ווען ס'ווערט די שטאָט פאַר קליין און גרויס א וויג,
ווען בלאָנד און גרײַז אין טיפן שלאָף זיך וויגן, —
איך הער: ס'קלאַפּט אין מײַן האַרץ די ליד,
וואָס איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן.

## א ליבע־מאָטיוו

זייגערמאַכער, זייגערמאַכער, פאַריכט אין מיר מײַן זייגער,
עפּעס גייט ער אײַנגעהאַלטן, כאָטש קלאַפּיר.
איידער איך דערזע מײַן שיינע, איידער,
קריכן אַרויס די אויגן שוין בא מיר.

זייגערמאַכער, זייגערמאַכער, פאַריכט אין מיר מײַן זייגער,
עפּעס לויפט ער — קלאַפּט און טיאַקקעט אָן א שיר.
איידער כ'רעד זיך אָן מיט איר, מײַן שיינער, איידער,
אַנטלויפט זי שוין פון מיר.

זייגערמאַכער, זייגערמאַכער, פאַריכט אין מיר מײַן זייגער,
אָט ער לויפט און אָט ער שטעלט זיך אָפּ.
דו מיינסט, זי זאָגט מיר „ניין"? זי זאָגט מיר „וואַרט" קעסיידער,
אוי, זי דרייט א קאָפּ...

## פון וואָס זײַנען געמאַכט מײַן מאַמעס הענט...

מײַן מאַמעס הענט.
פון וואָס זײַנען געמאַכט מײַן מאַמעס הענט,
די דאַרע הענט מיט אָדערלעך צעאַקערטע ביז גרונט? —

גענוג, זיי זאָלן צורירן זיך צו א ווונד,
און עס פארשווינדט דער וויי, וואָס בריט, וואָס ברענט.
מײַן מאמעס הענט...

און טיילן זיי דאָס שטיקל ברויט, דאָס הארטע, פונקט ווי שטיין, —
זיי שנײַדן דען דאָס ברויט? זיי שנײַדן זיך אליין,
און יעדער ביסן — זויער־זיס, באַם הארצן אזש ער נעמט.
מײַן מאמעס הענט,
פון וואָס זײַנען געמאכט מײַן מאמעס הענט?

די שטענדיק האָרעווענדיקע, שטענדיק פאָרענדיקע הענט,
בא יעדן אָך־און־בראָך
זיי וואָלטן אונטערלייגן זיך געקענט —
מײַן מאמעס הענט,
פון וואָס זײַנען געמאכט מײַן מאמעס הענט?

## די אלמאָנע

שוין צוואנציק יאָר זי מאכט ניט צו קיין אויג,
באנאכט ער קומט צו גיין, מיט אומרו אָנגעלאָדן.
אמאָל איז ער דער רעגן, וועלכער קלאָפּט אין שויב,
אמאָל דער ווינט, וואָס פאָרעט זיך ארום די לאָדן.

עס טרעפט, ער קוקט פונקט ווי א שטערן פון דער ווײַט,
אין אויג בא איר עס האַלט זיך קוים א טרער אײַן:
זי גלייבט, אז ער איז דאָ און אז ער שרײַבט,
נאָר אז עס גייט א בריוו פון דאָרטן צוואנציק יאָר און מערער.

## איך בין ניט דער לעצטער דיכטער אין יידיש

געוואַלט האָט דער טאַליען
דערשטיקן, פארסאמען
באַם וויגל מײַן ניגן —
דאָס לאָשן מײַן מאמעס.

געמיימעסט, געשניטן,
געשאָכטן, ווי רינדער,
און קיינעם געמיטן, —
אפילע קיין קינדער.

הײַנט פוילן די ביינער
פון היטלער דעם טאַליען,
און יידישע לידער
זיך כוואַליען, זיך כוואַליען.

זיי וועלן נאָך קומען,
די דיכטער, איך ווייס עס,
מיט מעכטיקע שטימען,
מיט הערצער מיט הייסע.

און הויך וועלן קלינגען
די לידער אָן ייִעש.
איך בין ניט דער לעצטער
דיכטער אין יידיש.

## בא דער באָבע

מײַנע קינדער ווילן, כ׳זאָל זיי צו זייער באָבע פירן,
זיי ווילן זען זייער באָבע.
פארוואָס טאַקע זאָלן זיי ניט זען זייער באָבע?
די באָבע — זי גאַרט דען ניט זען די אייניקלעך אירע?..

מײַנע קינדער ווילן, כ׳זאָל זיי צו זייער באָבע פירן,
און אין דרויסן איז מײַ, און פון צווײַגעלעך קנאָספּן זיך שיילן.
שווײַג איך. איך פּרוּוו זיי מיט שווײַגן דערציילן,
זײַנען זיי קינדער און גיך דעם געדולד זיי פארלירן.

גייען מיר, גייען. געבליבן שוין הינטער דער פּלייצע די שטאָטישע ראָגן.
א וואַלד א געדיכטער. א שטילע פאַרטונקלטע וועלט.
און אָט איז דאָס פעלד. און די גרוב. עס יאָגט אָן א קעלט,
און די פיס, די פיס ווילן ווײַטער ניט טראָגן...

כאַפּ איך זיך אוף ווי פון שלאָף: „קינדער, נו טײַערע, שטייט,
מע טאָר דאָ ניט לויפן, שטעלט אָפּ זיך א ווײַלע".
און טראַכטן איך טראַכט זיך: „וואָס ווילסטו, וואָס האָסטו צו זיי, —
זײַן בא דער באָבע און ניט קענען בא איר זיך פאַרווײַלן?.."

## אהין און צוריק

אהין, ווו בלוי און גרוי זיך מישן אויס אינײנעם,
עס ציִען פייגל, מײַדן הויכע טורעמס,
און שטרענגע געאָמעטרישע פיגורן
זיי שרײַבן אָן אין הימל אינעם רײנעם.

אף זייערע העלדזער — העלע רעגנבויגנס ציטערן,
די אויגן — פול מיט זון און פינקלען ווי די רענדלעך.

און פרישער טוי, ניט אויסגעטריקנט אף די ליפּן נאָך,
זיי נעמען מיט אין ווײַטע לענדער.

און איבערלאָזן נעסטן אָפענע עס איז זיי שווער.
כאָטש דאָס וועט שפּעטער צוגעבן זיי קויכעס אף די וועגן,
ווען זיי אזא מעהאלעך וועלן דאַרפן דעקן,
קערנדיק זיך נאָכאמאָל אהער...

## אן אַדע די ייִדישע מויכער־ספּאָרימניקעס

די פאַרדינסטפולע מויכער־ספּאָרימניקעס
פעסקין, קיל אא. געשענקט.

אין וויניצע, אין מאָסקווע קיין אײַנהאָרע ניט,
איר זײַט נאָך דאָ — אָ, ייִדישע מויכער־ספּאָרימניקעס.

אין די גרויסע שטעט, אין קלײנע־קלײנע שטעטעלעך
הער איך, ווי עס קלאַפּן אײַערע שטעקעלעך.

איבער וויניצע, איבער מאָסקווע טראָגט זיך א געלעכטער:
שאָלעם־אליכעם לאַכט אין יאָרן אין די זעכציקער.

און פון דאָרט, פון אונדזער בוך — אזא מין כידעש! —
פּושקין רעדט צו מיר אף רײנעם ייִדיש.

אלט זײַט איר, די אויגן ווישט איר אָפט מיט טיכעלעך.
זיך אליין פאַרקויפט איר אמאָל ביכלעך אויך...

לאַנגע יאָרן אײַך, געזונט און ווייסט פון צאָרעס ניט,
ייִדישע געטרײַע מויכער־ספּאָרימניקעס.

## אָנהייב

א שניי, א פראָסט א רעכטער,
איך גיי צו דיר, איך גיי.
כ'וועל נעמען דײַן געלעכטער
און אָנצינדן דעם שניי.

און פונקען וועלן שפּריצן,
ברילִיאַנטן — האלב אומזיסט.

א סקריפּענדיקער, היציקער —
דער פראָסט אונטער די פיס.

און לאַנג אף מײַנע ליפּן
וועט שטיין און ניט צעגיין
דער אָנזאָג פון דײַן ליבע —
דער שניי פון דײַנע ציין.

---

ס. וועריטע

■

# קינדער, קינדער...



קאיאַר האָט דער עשעלאָן מיט עוואַקויִרטע זיך אָפּגעשטעלט אַף ניט קיין גרויסער אײַזנבאַן־סטאַנציע. בראָכע האָט ארויסגעקוקט דורכן וואַגאָן־פענצטער אפן גרוי־אָנגעפּעלצטן הימל, אַף די בערג מיט שניי. דער וואָקזאַל, דער פּעראָן, דיביימער ארום וואָקזאַל — אַלץ איז פאַרשאָטן מיט שניי.

— זעליק, — האָט בראָכע געגומען וועקן דעם מאַן, — טו נאָר א קוק, וויפל שניי!..

זעליק, א קרעפּטיקער פאַרשוין פון א יאָר דרײַ־פיר און פופציק מיט ברייטע אַקסל און גרויסע שטאַרקע הענט (עטלעכע און דרײַסיק יאָר האָבן די דאָזיקע הענט געשמידט אײַזן), מיט א רויט פּאָנעם פון שטיין לעבן פײַער האָט אויסגעריבן די אויגן, געכאַפּט א קוק אין פענצטער און געזאָגט:

— סיביר...

— ווי איז מיר, סיביר!.. — האָט בראָכע געבראָכן די הענט. — מירן דאָ אומקומען פון קעלט!..

זעליק האָט איר גאָרנישט ניט געענטפערט. ער האָט אָנגעטאָן דאָס וואַטאָווע לײַבל, די אויסגעקראָכענע קוטשמע. (אין גרויס אײַלעניש, די פאַשיסטן זײַנען שוין געשטאַנען אפן רעכטן ברעג דניעפּער, האָט מען זיך עוואַקויִרט אין וואָס מע איז געשטאַנען און געגאַנגען: בראָכע אין איר וואָכעדיקן הוילעך, זעליק אין די בגאָדים, אין וועלכע ער האָט געאַרבעט אין קוזניע.) ער האָט ארויסגעשלעפּט פון אונטער דער באַנק די שטיוול מיט די אויסגעקרימטע אָפּצאַסן, זיי באַטראַכט און מיט א זיפץ געזאָגט:

— טרוקן, ווי א ביין... עס וואָלט ניט געשאַט זיי אויסשמירן מיט טראָן.

ארופגעצויגן די שטיוול אַף די גרויסע, גראָבע אָנעטשעס, איז ער מיט דער קאָנסערוון־פּושקע אין דער האַנט (אפילע קיין טשײַניק ניט גענומען מיט זיך) ארויס פון וואַגאָן ברענגען אָקרעפּ און באַקומען אין עוואַקאָפּונקט די פּײַקעס ברויט פאַר זיך, פאַר בראָכען.

בראָכע האָט ארויסגענומען פון קוישל א ריין פּילקעלע, פאַרשפּרייט דאָס טישל לעבן וואַגאָן־פענצטער. דערנאָך ארויסגענומען אַן עמאַלירט קווערטל, צוויי שטיקלעך צוקער, צוויי ריפּטעלעך ברויט און צוגעזעצט זיך וואַרטן אַף זעליקן. פּלוצלינג האָט זיך מיט א טראַסק געעפנט די וואַגאָן־טיר, און זעליק איז א פאַרסאָפּעטער ארײַן אין קופּע. ער האָט אוועקגעשטעלט די ליידיקע קאָנסערוון־פּושקע אפן וואַגאָן־טישל און ארויסגעבראַכט בלויז איין וואָרט:

— שוין!..

— וואָס? — האָט בראָכע א דערשראָקענע געפרעגט. — קיין אָקרעפּ נישטאָ?..

זעליק האָט שווער אָפּגעאָטעמט, זיך צוגעזעצט אַף דער באַנק לעבן בראָכען און מיט א פאַרטויבט קאָל איבערגעכאַזערט:

— שוין!..

— שוין? — האָט בראָכע פאַרבראָכן די הענט. — וואָס שוין? ווען שוין?

— שוין געקומען, — האָט זעליק געענטפערט, — שוין... ווײַטער פאָרט מען ניט...

■

סיביר... שניי און שניי. די הילצערנע הײַזער זײַנען ביז די פענצטער אין שניי. די טראָטוארן, אויך הילצערנע, סקריפּען, קרעכצן אונטער יעדן טראָט און פון דעם דרײַסיקגראַדוסדיקן

פראָסט (אין סיביר הייסט עס א „פרעסטל״, דאָ טרעפן פרעסט פון פערציק גראַדוס און הע־כער). די ברונעמס זײַנען פאַרפאַנצערט מיט אײַז. שעפּסט אָן אַן עמער וואַסער (עמער אויך הילצערנע), זעצט פון דער וואַסער אַ פּאַרע.

אַט פאַרט פאַרבײַ אַ שליטן, דאָס פערדל איז אַ קליינס, און עס איז באַוואַקסן מיט לאַנגע האָר, דער שליטן איז ענלעך אַף אַ ברייטער דייזשע, די סיביריאַקעס רופן אים „דראַווני״... וואָלקנס דאַמף הייבן זיך איבערן פערד, אַ ווײַסער פראָסט האָט באַדעקט די פעל, די גריווע פונעם פערד, פון דער אונטערשטער ליפּ הענגט אַראָפּ אַ ווײַסע אָנגעפרוירענע באָרד...

סיביר... שניי און שניי... פראָסט און אײַז...

בראַכע און זעליק גייען איבער דער גאַס און זוכן מיט די אויגן דאָס הויז, וווּ זיי וועלן וווינען. זיי כידעשן זיך, וואָס מע באַגעגנט אַזוי ווייניק מענטשן אַף הער גאַס, וואָס מע זעט קיינעם ניט אין די הויפן, לעבן די ברונעמס. טאַקע גאָרניט, ווי אין זייער שטעטל אַפן ברעג דניעפּער. דאָרט טרעפסטו שטענדיק באַקאַנטע, מע שטעלט זיך אָפּ כאַפּן אַ שמועס, שכיינים רופן זיך איבער, שטייענדיק פון ביידע זײַטן פּלויט, לעבן די ברונעמס שטייט מען מיט קאָראָמיסלעך אַף די אַקסל, מע הערט און מע דערציילט פרישע נײַס.

סיביר... שניי... קעלט און פראָסט... און זיי זײַנען דאָ עלנטע, שוין ניט קיין יונגע. וויאַזוי זשע וועט מען לעבן אין דעם ווײַטן קאַלטן לאַנד?

■

די באַלעבאָסטע פון דעם הויז, וווּ דער שטאָטראַט האָט באַשטאַט דאָס עוואַקוירטע פּאָרפאָלק אַף קוואַרטיר, האָט זיי פרײַנטלעך באַגעגנט. זי האָט געזאָגט:

— מײַן מאַן איז אַפן פראָנט. איך לעב דאָ מיט מײַן טעכטערל. וווינט, וווּ אײַך געפעלט.

זעליקן איז געפעלן די קיך, און ניט אַזוי די קיך, ווי דער גרויסער אויוון, וואָס פאַרנעמט דרײַ פערטל קיך. בראַכע האָט ניט הערוויידערט. זאָל זײַן אין קיך, אַבי אַ דאַך איבערן קאָפּ, דאַך פון יויצע וועגן האָט זי געפרעגט בא דער באַלעבאָסטע:

— מיר וועלן אײַך ניט שטערן, מאַרפע?

— ענג זועט איר מיר ניט מאַכן. איר קאָנט ברענגען אײַערע זאַכן.

זעליק האָט גענומען רײַבן די הענט, ווי אים וואָלט פּלוצעם קאַלט געוואָרן, און אַ מורמל געטאָן:

— הם... זאַכן...

בראַכע האָט מיטן עק טיכל אויסגעווישט אַ ווינקל אויג:

— קוים מיטן לעבן אַרויס.

מאַרפע האָט אַ זיפץ געטאָן, דערלאַנגט בראַכען אַן אײַזערן קעסעלע, אַ ליימען קריגל, אַ שיסל מיט צוויי הילצערנע לעפל.

דערנאָך האָט מאַרפע פאַרבעטן די געסט פאַרזוכן איר באָרשטש און די פּעלמענעס (עלעהיי אונדזערע קרעפּלעך. די סיביריאַקעס האַלטן זיי אַפן פראָסט).

נאָך וועטשערע, ווען זיי האָבן זיך געלייגט שלאָפן אַפן אויוון, האָט זעליק אַ טאָפּ געטאָן דעם קוימען, צופרידן אַ מורמל געטאָן:

— נו, נו, סיביר.

בראַכע האָט אונטערגעבעט דאָס וואַטאָווע לײַבל, וואָס מאַרפע האָט איר געשענקט, מיט אַ זיפץ אויסגעגלײַכט די ביינער און, צוטוליענדיק זיך צו זעליקס אַקסל, געזאָגט:

— ווייסט, זעליק, ס'איז גאָר ניט אַזוי קאַלט אין סיביר.

■

אינדערפרי טוט בראַכע אָן דאָס קורצע וואַטאָווע לײַבל, די אַלטע צערעפּעטע וואַליקעס (אויך אַ מאַטאָנע פון מאַרפען) און גייט אַרויס אַפן גאַנעקל. זי טוט אַ קוק אַפן הימל, אַף דער זון, וואָס האָט זיך נאָרוואָס אַרויסגעריסן פון דעם נעפל, טוט אַ הויך אַף די שפּיץ פינגער און לאָזט זיך פאַוואָלינקע אַראָפּ מיט די סקריפּענדיקע הילצערנע טרעפּלעך אין הויף אַרײַן. לעבן טויער בלײַבט זי שטיין, שטעלט צו די דלאָניע צום שטערן און קוקט... זי קוקט לאַנג. דער פראָסט צופּט, בײַסט. זי רײַבט די הענט, הויקערט זיך, קלאַפּט אַ פוס אין אַ פוס. זי שטייט און וואַרט.

אַט גייט זי, די בריווטרעגערן (גיך, גיך גייט זי), זאָגט אָפּ דעם גוטמאָרגן, און ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערן:

— נישטאָ, מאַמאשע... מע שרײַבט... יעדער מינוט איז טײַער, שלאָגן דעם פאַשיסט איז ניט קיין שפּילכל.

בראָכע, אַן אײַנגעהויקערטע, ווי זי וואָלט אַף אַ קאָפּ קלענער געוואָרן, קערט זיך אום צוריק אין שטוב.

אין פּירהויז רייניקט זי אָפּ מיטן בעזעם די וואַליקעס, עפנט שטיל די טיר און גייט פּאַוואָ־לינקע אַרײַן אין קיך, וווּ זעליק זיצט און טרינקט טיי. ער פרעגט זי גאָרנישט ניט. לויט די טריט, לויט דעם הויקערן זיך, לויט דעם, ווי זי זעצט זיך צום טיש, ווי זי נעמט שיילן די קאַר־טאָפליעס, פאַרשטייט ער, זעליק, וואָס עס טוט זיך באַ איר אין האַרצן.

און ס'איז קיין כידעש ניט. שוין דרײַסיק יאָר, אַז מע לעבט ווי איין גוף מיט איין נעשאָמע. ער גיסט איר אָן אַ גלאָז טיי, לייגט אַוועק לעבן דער גלאָז אַ ריפּטל ברויט, אַ שטיקל צוקער, ברומט שטיל, ווי אַ טויב:

— אַ גלעזל וואַרעמס, בראָכע. אַ כּיעס.

זי וואַרעמט די הענט אין דער גלאָז, און אַ טרער קײַקלט זיך אַראָפּ איבער איר צעקנייטש־טער באַק. זעליק זופּט מיט ראַש די טיי פון שאָל, פאַרבײַסט מיט ברויט, זאָגט מיט גרויס ביטאָכן:

— אַ בריוו וועט זײַן, אָט וועסטו זען.

בראָכע דערציילט, וואָס איר האָט זיך געכאָלעמט. אַ פייגעלע האָט זיך איר געשטעלט אַפן קאָפּ און מיטן שנאָבעלע אַ פּיק געטאָן איר אין שטערן...

— זעסט, — רופט זיך אָן זעליק און קערט איבער די ליידיקע גלאָז מיטן דנאָ אַרויף, — אַ בריוו וועט זײַן!

— זי איז דאָך אַזאַ גוטע, אונדזערביילקע, — צעכליפּעט זיך בראָכע, — טײַערע נעשאָמע פלעגן זי די כאַווערטעס רופן. געדענקסט, זעליק?

ער שאָקלט מיטן קאָפּ.

ווען ביילקע, די באַסיעכידע זייערע, איז געבוירן געוואָרן, האָט די מוטער געזאָגט:

— אַ מאַטאָנע פון גאָט, אַ טאָכטער...

האָט זעליק מיט אַ זיפץ געזאָגט:

— אַ זון...

— אַ זון איז ליכט אין די אויגן, — האָט בראָכע געענטפערט, — אַ טאָכטער — אַ באַלזאַם צו די ביינער.

איר שטענדיק פאַרדײַגעט פּאָנעם האָט דעמלט געלויכטן:

— דערפאַר וועט מען זי פאַר קיין סאָלדאַט ניט נעמען...

פאַר קיין סאָלדאַט האָט מען זי טאַקע ניט גענומען, זי איז אַליין געגאַנגען.

אין אַ גרויסן שינעל, אין אַ פּילאָטקע אַף די שוואַרצע קוטשערן, מיט אַ טאַש פון רויטן קרייץ איבערן אַקסל, האָט ער זי פאַרגעדענקט, דער טאַטע. אַזוי האָט זי אויסגעזען, ווען דער עשעלאָן האָט גערירט, ווען זי האָט מיט אַ טיכל אין דער האַנט געפאָכעט צו אים.

— עך, מאַמע, טײַערע מאַמע מײַנע! פאַר קיין סאָלדאַט האָט מען זי ניט גענומען, זי איז אַליין געגאַנגען.

■

שפּאַנענדיק אַף דער אַרבעט (צוועלף שאָ אין דעפּאָ, און, אויב מע דאַרף, אַרבעט מען מער אויך. ס'איז מילכאָמע־צײַט. און קויעך, גאָט צו דאַנקען, איז נאָך פאַראַן), שטעלט זיך זעליק אָפּ לעבן אַ רעפּראָדוקטאָר. קימאַט אַף יעדן ראָג קוקן זיי אַראָפּ, די שוואַרצע טעלער, פון די סטויפּעס. ער לייגט צו די האַנט צום אויער, הערט די סוואָדקעס פון פראָנט. דערנאָך פרעגט ער באַ אַ רויטאַרמייער, וואָס שטייט דאָ:

— ווי מיינט איר, כאַווער? איר זײַט דאָך אין קורס...

דער רויטאַרמייער, אַ יונגער יאַט, באַ וועלכן די געלע הערעלעך זעען זיך קוים אַף דער אייבערשטער ליפּ, פאַריכט דעם שינעל (זעט אויס, ערשט היינט באַקומען אים פון צעכהויז), פאַרציט שטײַפער דעם גאַרטל, לייגט צו צוויי פינגער צו דער פּילאָטקע און ענטפערט מיט גרויס ערנסט:

— נישקאָשע, פּאַפּאַשאַ, מיר וועלן אים בײַקומען...

דאָס וואָרט „מיר" רעדט ער אַרויס אַזוי שאַרף, אַזוי האַרט, ווי ער וואָלט גערעדט אין נאָמען פון דער פילמיליאָניקער רויטער אַרמיי...

זעליק טוט אַ קוק אַף דעם באָכערל מיט אַ פאָטערלעכן בליק און פרעגט:

— ווי מיינסטו, זונעניו, גיך וועט זיך עס ענדיקן?

— לויט אונדזער כעזשבן, — טוט דער סאָלדאַט אַ גלעט די סימאָנים פון די וואָנצעלעך אויף דער איבערשטער ליפּ, — ניט פריִער פון יול, און קאָן זײַן צום אָקטיאַבער־יאָמטעוו. דאָרטן, — ווײַזט ער מיטן פינגער אויף אַרויף, — ווייסט מען...

ער לייגט צו אַ פינגער צו די ליפּן, פאַרזשמורעט כיטרע אַן אייגל, ווי ער וואָלט געבן אָנצוהערן, אַז ניט אַלץ קאָן מען דערציילן און ניט אַלץ קאָן מען אויסזאָגן. מילכאָמע, פראָנט... פאַרשטאַנען?

און ניט נאָר זעליק — אַלע, וואָס שטייען לעבן רעפּראָדוקטאָר, הערן מיט גרויס אָפּשײַ דעם רויטאַרמייער. באַ זיך אין ראַטע איז דאָס דאַזיקע באַכערל אַ פּאַשעטער סאָלדאַט און דערצו אַ „נאָוואָבראַנעץ“, אָבער דאָ צווישן דעם רעדל מענטשן, וואָס הערט די סוואָדקע פון פראָנט, איז ער איינער פון די, וועלכע שלאָגן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פאַר לענינס שטאָט, איינער פון די, וועלכע האָבן פאַרשטעלט פאַרן סוינע דעם וועג צו מאָסקווע, איינער פון די, וועלכע האָבן זיך העכער הונדערט טעג געהאַלטן אין אָדעס, וועלכע באַגיסן מיט בלוט יעדן שטיין אין דער שטאָט סעוואַסטאָפּאָל.

אַן עלטערע פרוי קוקט אויף דעם סאָלדאַט און ווישט די אויגן.

זעליק לאָזט זיך גיין. פאַר זײַנע אויגן שטייט נאָך אַלץ דער יונגיטשקער סאָלדאַט, וואָס זשמורעט כיטרע אַן אייגל:

— נישקאָשע, פּאַפּאַשע, עס וועט זײַן גוט...

■

אויסגעשלאָפן זיך אויפן וואַרעמען אויוון, אָפּגעגעסן „שטשי“[1] און פּעלמענעס (בראָכע האָט זיך שוין אויסגעלערנט קאָכן די סיבירער מײַכאָלים), זעצט זיך זעליק צו אויף דער באַנק לעבן פאַרפרוירענעם פענצטער, קוקט, קלײַבט פאַרגעניגן, ווי בראָכע ניאַנטשעט די קליינע נאַטאַשע (מאַרפע אַרבעט אין נײַ־וואַרשטאַט, נייט וואַטאָווע לײַבלעך און הויזן פאַרן פראָנט). בראָכע זינגט נאַטאַשען דאָס זעלבע לידעלע, וואָס זי פלעגט זינגען ביילקען:

אונטער נאַטאַשעס וויגעלע, שטייט אַ ווײַסינק ציגעלע...

באַזונדערס האָט ליב זעליק צו קוקן, ווי בראָכע צוואָגט די קליינע, ווי זי קעמט איר די ווײַסע ווייכע הערעלעך. אָט אַזוי פלעגט בראָכע צוואָגן ביילקעלען, קעמען אירע שוואַרצע קאָטשערלעך, אַזעלכע געדיכטע, אַז דאָס קעמל פלעגט זיי ניט נעמען. ביילקעלע שרײַט, רײַסט זיך פון די הענט, און ער, זעליק, מאַכט פון דער אונטערשטער ליפּ אַ ווײַנשעלע. ביילקעלע צלאַכט זיך און לאָזט טאָן מיט זיך, וואָס מע דאַרף. בראָכע קושט זי און שעפּטשעט:

— ליכטיק פּאָנעם מײַנס...

נאַטאַשקע וויינט ניט, ווען מע צוואָגט זי און מע קעמט זי. זי טאַפּט מיט די הענטלעך בראָכעס צעקנייטשטש פּאָנעם.

בראָכע לאַכט, קושט זי אין קאָפּ, שעפּטשעט:

— ליכטיק פּאָנעם מײַנס...

זעליק רײַבט אַן אויג, זעט אויס, אַ גערשטן וואַקסט אויף דעם אונטערשטן אויגן־לעפּל...

שלאָפן לייגט מען זיך פרי. נאַטאַשע שלאָפט מיטן זיידן און מיט דער באָבע (דער אויוון איז אַ גרויסער און אַ וואַרעמער און די באַבוניאַ דערציילט איר מײַסעלעך). אין שטוב איז שטיל. דורך אַ שטיקל שויב, וואָס איז אָפּגעגאָן, קוקט אַרײַן אַ בייזע לעוואָנע און אַ קליין נאַקעט שטערנדל, אַ פאַרפרוירנס, נעבעך. אויפן וואָקזאַל רופן זיך איבער לאָקאָמאָטיוון, עס קלינגען בופערן, און עס קלאַפּן וואַגאָן־רעדער, קלאַפּן אָן אויפהער.

עשעלאָנען, עשעלאָנען, קײַלעכיקע מעסלעסן טראָגן זיך עשעלאָנען אויף מײַרעוו, אויפן פראָנט...

— שלאָפסט, בראָכע?

בראָכע ענטפערט ניט. ער ווייסט אָבער, אַז זי שלאָפט ניט. איר אַקסל, פילט ער, ציטערט פון פאַרשטיקטן געוויין.

— עך, בראָכע, בראָכע! וועסט דאָך אַזוי פון טרערן בלינד ווערן.

אינדערפרי גייט ער אין דעפּאָ. און בראָכע טוט אָן די קאַצאַווייקע (אַזוי הייסט באַ איר דאָס וואַטאָווע לײַבל, וואָס מאַרפע האָט איר געשענקט), די צערעפּעטע וואַליקעס, גייט אַרויס אויף דער גאַס, שטעלט זיך לעבן טויער און וואַרט.

---

[1] אַזאַ מין באָרשטש.

דער פראָסט ברענט, סאַרפּעט, און זי שטייט און וואַרט... פון קעלט טרישטשען די ביימער. די שטאָט איז, דוכט זיך, דורך און דורך דורכגעפרוירן. אפילו די פערד מיט די ווײַסע בערד שלעפּן זיך קוים. לעבן דער ברויט־קראָם שטייען פרויען אין פעלצן, פעלצלעך, פאַרוויקלטע אין שאַלן, שאַלכלעך, ניט זיי רײדן, ניט זיי רירן זיך, ווי דער פראָסט וואָלט זיי פאַרקאַוועט.

בראַכע טופּעט מיט די צערעפּעטע וואַליקעס, רײַבט די הענט, הויכט אָף די שפּיץ פינגער און וואַרט.

אָט גייט די בריווטרעגערן. זי זאָגט שטיל דעם גוטמאָרגן און אײַלט צו דער צווייטער שטוב... עס סקריפּען די הילצערנע טרעפּלעך אונטער אירע פיס. זי קלאַפּט אָן אין פענצטערל. א גרוס פון פראָנט — א גוטער, צי א שלעכטער, ווער ווייסט?..

און בראַכע שטייט נאָך אַלץ לעבן טויער און וואַרט.



זי האָט זיך דערוואַרט.

— מאַטושקאַ! א בריוו!

זי האָט געוואָלט אנטקעגנלויפן דער בריווטרעגערן און ניט געקאָנט זיך רירן פון אָרט. זי האָט בלויז אויסגעשטרעקט די הענט.

א בריוו אין א קאָנווערט (פון פראָנט קומען אָן בריוו צונויפגעלייגט אין א דרײַעק), דער אדרעס מיט געדרוקטע אויסיעס, א קאַזיאָנע בריוו, אַזעלכע בריוו לייענט מען מיט א ווײ־געשריי, מיט א געיאָמער, מיט א קלאָג.

די בריווטרעגערן קלאַפּט שוין אין א צווייטער טיר, און בראַכע שטייט נאָך אַלץ מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אין טויער. זי האַלט דעם בריוו אין די פאַרקליאַקנעטע פינגער. ווער ווייסט, וויפל זי וואָלט אזוי געשטאַנען, ווען די קליינע נאַטאַשע קלאַפּט ניט אָן אין פענצטער, רופט זי מיט א וויינענדיק קאָל:

— באַבוניאַ, כ׳וויל עסן!

עס ווערט איר מיטאַמאָל הייס, ווי ס׳וואָלט געווען טאַמעז, זי צעשפּיליעט די קאַצאַווייקע, דאָס קאָפּטל, באַהאַלט דעם בריוו אין בוזעם, דער קאָנווערט לייגט זיך איר ווי א שטיין אַפן האַרצן.

— באַבעניו, כ׳וויל עסן!..

עס דוכט זיך איר, אַז זי. א בייליקע רופט זי. א ברעקל קינד בייליקע, האָדעווען דאַרף מען זי, צוואָגן דאַרף מען זי, וואַרעמען דאַרף מען זי.

ערשט איצט האָט זי באַמערקט, ווי ווײַט עס איז פונעם טויער ביז דעם גאַנעק! די טרעפּ־לעך זײַנען מעסוקן גליטשיק. די פיס פאָלגן ניט. אָבער גיין מוז מען, דאָס קינד רופט:

— כ׳וויל עסן!

זי איז אַרײַן אין שטוב אָף די שפּיץ פינגער, אָבער זעליק, וועלכער איז געשלאָפן אַפן אויוון, האָט זיך אופגעכאַפּט, אופגעזעצט זיך, מיט א היסעריקער שטים געפרעגט:

— פון דאָרטן?..

זי האָט פּאַוואָלינקע ארויסגענומען פון בוזעם דעם בריוו, דערלאַנגט אים זעליקן און זיך צעיאָמערט:

— מע דאַרף ניט! עפן ניט! מע דאַרף ניט!..

נאַטאַשע האָט זיך צעוויינט. זעליק איז שווער אראָפּגעקראָכן פונעם אויוון. ער האָט מיטן פוס ניט געקאָנט דערגרייכן צום דיל, האָט זיך א וואַקל געטאָן, אָנגעכאַפּט זיך פאַרן פּריפּעטשיק און באַלד צוגעזעצט זיך אָף דער באַנק לעבן דער טיר. אזוי זײַנען זיי ביידע געזעסן — זעליק מיטן בריוו אין דער האַנט אָף דער באַנק, בראַכע מיטן קינד אָף די קני, ביז עס איז ניט געקומען די באַלעבאָסטע און ארויסגענומען דעם בריוו פון זעליקס האַנט און אופגעעפנט דעם קאָנווערט.

אין קאָנווערט איז געלעגן אָן אויסשניט פון א צײַטונג.

— אוי! — האָט בראַכע זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ.

— דער סאַנינסטרוקטאָר... דער סערזשאַנט... בעלאַ זעליקאָוונאַ מוסינאַ, — האָט די באַלע־באָסטע, צײלנדיק די ווערטער, געלייענט, — איז באַלוינט מיט א מעדאַל... פאַר העלדנמוט. וואָס זשע וויינט איר? זי לעבט דאָך!

ביז שפּעט אין אָוונט איז מאַרפע מיט אירע קוואַרטיראַנטן געזעסן ארום טיש. זיי האָבן נאָכ־אַמאָל און ווידעראַמאָל איבערגעלייענט די קורצע, ענגע שורעלעך און אַלץ געוואָלט טרעפן, פאַרוואָס האָט בייליקע באַקומען א מעדאַל.

זעליק האָט ניט געקאָנט איַינשלאָפֿן. ס'איז נאָך פֿינצטער געווען, ווען ער איז אַראָפּגעקראָכן פֿונעם אויוון און זיך אָנגעטאָן. דעם קאָנווערט האָט ער באַהאַלטן אין בוזעם־קעשענע פֿון זיַין רעקל און אוועקגעשפּאַנט אין דעפּאָ.

דער שניי סקריפּעט אונטער די פֿיס, ווי ער וואָלט זאָגן:

— מאַזלטאָוו דיר, זעליק! מאַזלטאָוו...

די יונגע לעוואָנע, אַט־אַט ליגט זי זיך שלאָפֿן, שמייכלט צו אים מיט אַן אויסגעשטשערבעט מויל:

— אַ, ביילקע. אַ מעדאַל.

דער מיַיסטער פֿרעגט אים:

— וואָס אַזוי פֿרי?

זעליק צעשפּיליעט דאָס וואַטאָווע לייַבל, דאָס אַלטע געלאַטעטע רעקל, שלעפּט אַרויס פֿון בוזעם־קעשענע דעם קאָנווערט, פֿון קאָנווערט נעמט ער מיט צוויי פֿינגער אַרויס דעם אויסשניט פֿון דער צייַטונג און דערלאַנגט אים דעם מיַיסטער.

דער מיַיסטער לייענט אַף אַ קאָל, באַטאָנט די ווערטער „מעדאַל" און „העלדנמוט" און צעקושט זיך מיט זעליקן.

אַרבעטער פֿון דעפּאָ — לאָקאָמאָטיוונפֿירער, קעסלהייצער, רעדערשמירער רינגלען אַרום זעליקן. זיי בעטן אים, ער זאָל זיי געבן דעם צייַטונג־אויסשניט. זיי באַגריסן אים, קלאַפּן אים אין דער פּלייצע.

קיינמאָל האָט נאָך דער האַמער אַזוי פֿלינק ניט געקלאַפּט איבער דעם צעגליטן אייַזן. קיינמאָל האָט נאָך זעליק אַזעלכע גאָלדענע פֿונקען ניט געזען. קיינמאָל האָט נאָך זעליק אַזאַ קלינגקלאַנג פֿון האַמער און קאָוואַדלע ניט געהערט...

אַהיים איז ער געגאַנגען פֿאַמעלעכקע. אין קאָפּ רוישט, די פֿיס פֿאָלגן ניט, ווי ער וואָלט אויסגעטרונקען אַ גלאָז שטאַרקן וויַין. אַ מיליטערמאַן, אַן עלטערער שוין, זעט אויס אַ קאָמאַנדיר, טרעט אים אָפּ דעם וועג. שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט מיט אַ לייַכטן פֿאַרוואָרף:

— עך, פֿאָפֿאַשע, — און טוט זיך אַ שנאַל מיט אַ פֿינגער אין האַלדז.

— גאָט איז מיט אייַך, כאַווער קאָמאַנדיר, דאָס איז פֿאַר פֿרייד! פֿון גליק!.. — און ער צעשפּיליעט זיך, דערלאַנגט דעם קאָמאַנדיר דעם קאָנווערט.

דער קאָמאַנדיר לייענט אַף אַ קאָל, דערנאָך לייגט ער צו צוויי פֿינגער צום שטערן, טוט אַ קלאַפּ מיט די אָפּצאַסן און רופֿט אויס, ווי אַף אַ פּאַראַד:

— איך גראַטוליר אייַך, פֿאָפֿאַשע!..

— כאַווער קאָמאַנדיר, איר זייַט דאָך געווען אַפֿן פֿראָנט, איז זייַט אַזוי גוט: זאָגט, פֿאַרוואָס, צום בייַשפּיל, באַלוינט מען מיט אַזאַ מעדאַל?

— פֿאַר ראַטעווען מענטשן פֿון טויט.

אַ צעשפּיליעטער, אַ צעכראַסטעטער, מיט דעם קאָנווערט אין דער האַנט, גייט זעליק גאַס־איַין, גאַס־אויס, ווי ער וואָלט פֿאַרבלאָנדזשעט אין אָט דער פֿרעמדער שטאָט, און כאַזערט די ווערטער, וואָס דער קאָמאַנדיר האָט אים נאָרוואָס געזאָגט...

פֿון אַ פֿענצטער (פֿריִער איז דאָ געווען אַ קלוב — איצט אַ מיליטערישער שפּיטאָל) קוקט אַרויס אַ פֿאַרוווּנדעטער מיט אַ וויַיס היטעלע פֿון מאַרליע אַפֿן קאָפּ. זעליק קוקט אַף דעם אויסגעבלייכטן פּאָנעם פֿון דעם פֿאַרוווּנדעטן, און עס דוכט זיך אים, אַז ער איז ערגעץ וויַיט־וויַיט פֿון דער דאָזיקער שטאָט, פֿאַרצוימונגען פֿון שטעכיק דראָט, שוצגראָבנס, עס רייַסן זיך האַרמאַטן־קוילן, פֿייַער און רויך שפּאַלטן דעם הימל און אַ מיידל אין אַ שינעל מיט אַ סאַניטאַר־טאַש טראָגט אַרויס פֿון פֿייַער אַ פֿאַרוווּנדעטן.

און טרערן טוען זיך אים אַ גאָס פֿון די אויגן.

ער לאָזט זיך לויפֿן אַהיים, וווּ בראָכע און די קליינע באַטאַשע וואַרטן אַף אים. ער מוז זיי וואָס גיכער דערציילן, וואָס ער האָט נאָרוואָס געהערט, נאָרוואָס געזען, נאָרוואָס געפֿילט, און די ליפּן שעפּטשען גוטע, האַרציקע ווערטער, בראָכעס ווערטער:

— ליכטיק פּאָנעם מיַינס!

---

מאָטל גרוביאַן

# כ׳האָב גאָרניט אויסגעטראַכט

## ליכט

האָט דער שניי אזוי שעמערירט
און די אויגן געבלענדט,
און אפן בוים אין די אייז־קליידער
האָט די ווינטערדיקע זון געברענט;
האָסטו צעוויינט זיך און דאָס געזיכט
פאַרשטעלט מיט די הענט,
גלייך עמעצער וואָלט דיר
די הויט מיט פייער געבריט.

פון ליכטיקייט וויינט מען אויך?
ווען זשע וויינט מען ניט?..

* * *

ווען אין סאַנטאָ־דאָמינגאָ
טייכן בלוט זיך גיסן,
מאכן קיין אויג ניט צו אין מאָסקווע
די קאָמוניסטן.

ווען די דערפער און שטעט פון וויעטנאַם
אַמעריקע וואַרגט און צינדט,
פאַרשטעלן מיטן אייגענעם הארץ דעם
פלאַם
און רויכיקן וויינט —
די קאָמוניסטן.
ווען דעם שאָלעם האָבן סאָנים,
ווי א וואָלף א רינד
צעריסן,
גיבן די קאָמוניסטן
זיי שלינגען שטיקעלעך „לעוואָנע" —
עס ניכטערט די מויכעס א ביסל.
ווען אין סאַנטאָ־דאָמינגאָ
טייכן בלוט זיך גיסן!..

## אזא אריפמעטיק

דריי הונדערט מאָל האָט צו מיר
אין דער טיר געקלאַפט
מיט די בלאָטיקע שטיוול
ניט קיין באלעגאָלע, נאָר דער טויט.

פיר הונדערט מאָל האָט מיך פון שטאָט
אין פעלד ארויסגעטריבן
אַן איינגעאקשנטער רעגן פון פייער.
זעקס הונדערט מאָל האָב איך פאַרטרויט
מיין הארץ דעם שטורעמווינט...

אָ, ניט די אריפמעטיק איז מיר טייער —
די גאַנץ געבליבענע ביימער,
וואָס די זון אין מיין גאָרטן צינדט,
דו, מיין היים, וואָס האָסט איינמאָל
און אף אייביק מיך פון אַלע טויטן פאַרשטעלט.
מיט טרייהייט און ליבע צו דער ערד
מיך אָנגעזעטיקט...

קיין כיבער און כיסער כ׳פיר ניט מער,
מיין פאַרגאַנגענהייט שלאָפט אונטער א בוים
אין גאָרטן, צוגעדעקט
מיט גרינע, גרינע בלעטער —
און דער פויגל אין די צווייגן טרעלט,
מיט מיר שוין זומערן וועט ער.
זינג מיר, זינג מיר, פויגל,
די ליד פון א ניי־אופגעריכטער וועלט,
אָן דער אַלטער אריפמעטיק!

## ברענג מיר א פענצטער

ווען ס׳וועט אויסגיין דאָס ליכט
פון מיינע שענסטע מיט דיר יאָרן,
לייג מיר קיין קרענץ ניט.
ברענג מיר א ריפטעלע הימל
פון איין טאָג א קלאָרן
און א ריין אָנגעגלאָזט פענצטער,
קאָנען כ׳זאָל איין מאָל אין וואָך
כאָטש א וויש טאָן די שויבן,
א קוק טאָן, וואָס טוט זיך

בא אונדז אַף דער ערד, אויבן,
מיט איר כ'האָב געלעבט, געטרוימט,
א ליבע געשפּילט ניט אַף קאַטאָוועס.

פלאַנץ מיר צוקאָפּנס אַן ערדישן בוים,
טו אַפּ אַף טערקיש דעם מאַלעך־
האַמאָוועס.

# וואַגאָנען

וואַגאָנען, וואַגאָנען
מיט ווײַבער און קינדער,
די הענט צו די גראַטעס —
זומער און ווינטער.
ווּהין פירט מען,
ווּהין טרײַבט מען
אַזויפיל וואַגאָנען?..

אַן עסן מעסלעסן
אין פעלד געשטאַנען,
וואַגאָנען, וואַגאָנען —
טאַטעס און מאַמעס
דאַרשטיקע כליאַנען,
זופּן פון דלאָניעס
ס'לעצטע ביסל לעוואָנע.
יעדער טראַנספּאָרט,
געשטאָפּט מיט נעשאָמעס,
יאָגט אין דער נאַכט —
ווּהין און פונוואַנען?

בא די גראַטעס נעשאָמעס,
בא די ווענט נעשאָמעס,
בא דער סטעליע נעשאָמעס,
אַף די קלומקעס נעשאָמעס!
קיין גופים מע זעט ניט,
מע פאַלט,
ווי מאַציוועס
פון וויכער געבויגן.
נעשאָמעס, נעשאָמעס,
און אַלע מיט אויגן...
מע שטייט, ווי די
בעהיימעס,
מע ליגט, ווי די קלעצער,
סע פאַלט אָן אַן איימע
אין רעגעס
די לעצטע.

די נאַכט אויסגעזויגן,
און גאָרניט פאַרשטאַנען?
אַהין פירט מען מענטשן,
צוריק — די וואַגאָנען
מיט קינדערשע שיכלעך,

מיט מיידלשע צעפּ.
אַף אַלע פּעראָנען
קאַסטנס מאַלבושים
און ציין פון מיליאָנען
קיין דײַטשלאַנד מע
שלעפּט.

בלויז סאָרע,
מײַן שוועסטער,
האָט מער ניט געדאַרפט,
קיין שיך, קיין קלייד,
קיין שאַלעכל —
א באַרוועסע איז זי
אין הימל אוועק.

פײַער אַף די אַקסל
און אַפּן קאָפּ א רויך
א וואָלקנער...
ביז איצט שיט אַש מיר
אין די אויגן דער הימל!
כ'וועל אייביק געדענקען,
ניט אופהערן מאָנען,
פאַר טירן פאַרהאַקטע
אין די שכיטע־וואַגאָנען.
פאַראַן נאָך ביז איצט
זײַנען גרויסע באַלאַנים
צו ווערן „קאָנדוקטאָרס"
פון אַזעלכע וואַגאָנען.

וואַגאָנען, וואַגאָנען,
צווישן שטעכיקן דראָט
ווײַנט מיט בלוט
די רוישכוידעש־לעוואָנע,
מע פירט און מע פירט
די גאַז־ציקלאָנען —
ס'העלפט ניט קיין טפילע,
ס'העלפט ניט קיין טאָנעס.
די רעלסן זיך וואַרגן
מיט נײַע וואַגאָנען,
מע סאַמט און מע האַרגעט,
ווער ווייסט, ביזוואַנען? —
וואַגאָנען, וואַגאָנען!

• • •

מײַן טײַערע, האָב אַף מיר קיין טאַרומעס,
וואָס דאָס האַרץ טוט מיר אַלץ נאָך וויי
פאַר אונדזער שיינעם טאַטאַל,
וואָס צעבראָכן מ'האָט זומער,
פאַר אַנצינדן מיט אונדזער בלוט דעם שניי.

פאַר טרײַבן קינד־און־קייט קיין טרעבלינקע,
פאַר אויסגלײַכן מיט דער ערד אונדזער הויז!
ס'זיצט בא מיר טיף אין האַרץ א שפּילקע,
קום, טײַערע! נעם זי אַרויס.

## שטאַט

איך האָב געקאָנט אונטערן צוג
פון מייַן דיכטונג
זיך אָף די רעלסן לייגן,
אָף באַנאַכט זיך אָנגיסן א טינטערל טינט
און זיך זאָגן:
דאָס איז שוואַרצע קאַווע
מיט פּוטער־בייגל,
מיט א קני צו דער ערד
האָט מיך צוגעשפּאַרט די נויט.
איצט ווייס איך, אַז ריכטיק
געלעבט האָב איך
מיט מייַנע אַלע טרוימען.
די שטאָט שמעקט מיט פריש־געבאַקן ברויט,
און איך בין גרייט זיך קושן
מיטן רויך פון יעדן קוימען.

## מייַן טאַטנס א ליד

א קאַטאַרזשנע אַרבעט
א קאָפּצן צו זייַן,
האַקסט, ווי מיט א האַק,
די נויט,
און די האַק, זי שפּרינגט אָפּ.
דער קאָפּ
איז שיקער,
אַזוי ווי פון ווייַן,
און דאָס האַרץ
איין ניגן בלויז זינגט:
ברויט!
ברויט!
און דאָס איז געווען
מייַן טאַטנס ליד,
ביזן טויט...

## די „פּראַוודאַ“

איך האָב שוין געזען
די „פּראַוודאַ“ אַזאַ קלייניטשקע —
א האַלבער פאָרמאַט,
נאָר דער עמעס איז אָף קיין לויט
ניט געוואָרן ווייניקער
אין דעם מילכאָמע־טשאַד.

כ׳בין אין וואַלד דאַן געלעגן
באַ א בלאָטיקן שליאַך.
דעם קאָפּ אין א גרוב מיט רעגן —
ניט איצט געדאַכט,
אַן אָדלערל האָט מיר די „פּראַוודאַ“
פון מאָסקווע געבראַכט,
דעם עמעס, מייַן גרויס פאַרמעגן.
מיט איר האָב איך
געוווּנען די ביטערע שלאַכט
אָף אַלע פייַער־וועגן.
דעם אָדלער, די „פּראַוודאַ“, דאָס פייַער,
ווי קאָן איך פאַרגעסן,
מייַן עמעס איז זייער מיר טייַער,
ער ווערט אין פאָרמאַט
פון טאָג צו טאָג גרעסער!

## כ׳האָב גאָרניט אויסגעטראַכט...

כ׳האָב גאָרניט אויסגעטראַכט,
אַז שענער פון דייַנע אויגן
זייַנען בלויז פון צווייַגל
נאָך ניט אַראָפּגעפאַלענע פלוימען,
אַז די האָר דייַנע זייַנען ניט קיין רויך,
נאָר א פליגל פון א גאַלקע
אָף א ווייַסן קוימען.
אַז דייַן האַנט איז פול מיט ליכט
און דער אַקסל דייַנער לייַכט.
כ׳האָב גאָרניט אויסגעטראַכט,
אַז א שטיין איז מייַן האַרץ
אינדערמיט פון א טייַך,
און אַז אָפּרוען זיך זעצן
קאָן אָף אים א געפלאָגטער פויגל.

---

# דריַי מעשאָלים

## דעם פּעטערס טרוצים

איך האָב אַ פּעטער, קומט ער יעדן טאָג בעגילופן.
און אַ טעווע האָט ער אַלעמאָל זיך צו פאַרופן
אויף אַ געשעעניש, וואָס איז מיט אים פאַרלאָפן.
אָט האָט ער היַינט אַן אַלטן פריַינט געטראָפן —
ווי נעמט מען ניט קיין טראָפן?
און דאָ געשען איז גאָר אַזאַ מין זאַך:
אַ ציגל איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ דאַך
און ס'האָט דער פּעטער ניט געכאַפּט קיין קלאַפּ —
ווי נעמט מען ניט קיין קאַפּ?

און איינמאָל האָט ער דורכגעלייענט אין דער בלאַט:
„אַ סריַיפע איז אין שטאָט געווען אַ גרויסע".
איז ווייבאַלד זיַין שטוב האָט ניט געשאַט,
ווי נעמט מען ניט קיין קויסע?
אַזוי־אַ איז קיין טאָג נאָך ניט געווען,
אַז אומהערוואַרט און פּלוצעם
זאָל עפּעס מיטן פּעטער ניט געשען.
און שטענדיק האָט ער שפּאָגל־ניַיע טרוצים.
נאָר קיינמאָל זאָגט דער פּעטער ניט דעם איקער,
אַז טרינקען טרינקט ער — וויַיל ער איז אַ שיקער.

## דער קאָכלעפל

אַ קאָכלעפל האָט זיך גענומען האַלטן גרויס
און האָט געזאָגט: — באַ מיר קומט אויס,
ווייבאַלד איך בין פון אַלע לעפל גרעסער —
בין איך געוויס אי נוציקער, אי בעסער!
וויַיל מען, נעמט מען אָן מיט מיר אַ גאַנצן טעלער קרויט,
וויַיל מען, נעמט מען אָן אַ ביסל,
און אין אַ נויט
קאָן איך פאַרביַיטן אויך אַ שיסל.
— וואַרט נאָר, שטיי! —
האָט זיך צעקלונגען, מישנדיק די טיי,
אַ לעפעלע אַ קליינס. —
דו, דאַכט זיך, ווייסט נאָר איינס —
אַ פּליוכע און אַ גאָס,
אויף דעם ביסטו אַ העלד. נאָר ווייסטו וואָס,
כ'וואָלט וועלן זען, ווי דו וועסט אויסמישן אַ גלאָז.
כ'האָב מוירע,
זאָלסט ניט בליַיבן מיט אַ נאָז.
— איַי, איַי, איַי, אַ גרויסע טוירע!
איך וועל עס מאַכן איינס און צוויי!
באַטראַכט זיך נאָר, פאַרשטאָפּטער קאָפּ,

---

פון דער ליטעראַרישער ירושע.

מאַ־ראַש, אַז כ׳בין אַ בעריע אַף אַ טאָפּ, —
וועל איך ניט אויסמישן אַ גלעזל טיי? —
דער קאָכלעפּל איז טייקעף צו דער גלאָז דערקראָכן,
געגעבן זיך אַ דריי —
און האָט די גלאָז צעבראָכן.

## דער כאַזער אַף אַ באַל

צונויפגערופן האָט דער לייב די כײַעס אַף אַ באַל
און האָט פאַר זיי געשטעלט פּאַטראָוועס און מײַכאָלים,
וואָס ווינטשן האָבן זיי געקאָנט זיך נאָר אין כאָלעם.
האַקלאַל,
וואָס איז דאָ צו ריידן?
עס האָבן דאָ געפּילט דעם טאַם גאַניידן:
בערן, וועלף און ווי אַ כײַעלע אין וואַלד פאַראַן נאָר,
און פאַר די שטרענגע וועגעטאַריאַנער —
דעם פערד, דעם אינדיק און דעם האָז
געוועזן איז צוגעגרייט באַזונדער: היי, האָבער, גראָז.
צעווישן אַלע געסט איז אויך אַ כאַזער דאָ געזעסן.
ער האָט געגעסן
און זיך אַזוי געקוויקט,
אַז ס׳האָט די לופט זיך אַזש געוויגט.
און אָט, אינמיטן פון דער ליאַמע האָט זיך געטאָן אַ הייב
דער לייב
און זיך געווענדעט צו די געסט:
— עסט!
און זאָל אײַך וויל באַקומען!
כ׳בין פּאַשעט גליקלעך, וואָס איר זײַט געקומען,
און כ׳וויל, עס זאָלן האָבן פאַרגעניגן אַלע כײַעס! —
דאָ האָבן אַלע זיך צעשריִען מיט אַ ניגן:
— אַ מעכײַע!
— אַ מעכײַע!
— אַ מעכײַע!
און נאָר דער כאַזער האָט געשוויגן.
האָט זיך דער אינדיק טייקעף אָנגעבלאָזן
און האָט געזאָגט: — דו, דאָווראַכער! כ׳קאָן עס ניט דערלאָזן —
דו איינער זאָלסט ניט דאַנקען
פאַר די מײַכאָלים און געטראַנקען.
וואָס איז, מע האָט דיך שלעכט דאָ אופגענומען?
נו רייד! וואָס גלאָנצסטו מיט די קוקערס?
דו האָסט עפּשער כאַראָטע, וואָס דו ביסט געקומען? —
און ס׳האָט דער כאַזער זיך צעשלוקערצט:
— ניין, ניין! איך האָב ניט קיין כאַראָטע.
נאָר זאָג אַליין, ווי קאָן מען עס פאַרגעסן
און ניט אוועקשטעלן צום עסן —
אַ ביסל בלאָטע.



אנדריי קליאַנאָוו

# דער נײַנטער פּאָרט

וואָס זשע טוט מען? זאָל איך דערציילן דעם קאָמיטעט וועגן דעם געשפּרעך מיט קאַשטאַ־יאַנצן צי דערווײַל ניט דערציילן? און וואָס, אייגנטלעך, דערציילן? אַז איך בין געווען אין טונעל, געזען אַן אײַזערנעם טויער, דורך וועלכן מע קאָן אַרויס אויף דער פֿרײַ, אויב מע זאָל קריגן אַ דרעל, געפֿינען אַ שלאָסער און אויסבויערן אין טויער אַ פֿענצטערל? און דאָס איז נאָך ניט אַלץ. אַלץ איז געווענדט אין צוויי מענטשן — אין קאַשטאַיאַנצן און אין טשערנאָוון, וועלכע דער קאָמיטעט האַלט פֿאַר פֿאַרעטער...

דער טאָג האָט זיך געצויגן לאַנג. אַלע טעג האָבן זיך לאַנג געצויגן, נאָר דער דאָזיקער באַ־זונדערס. איך בין געווען ווי שיכּור: דער טונעל איז מיר ניט אַרויסגעגאַנגען פֿון זינען. עס האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער קומען אין קאַזעמאַט, שוין שטיין אין דער ריי צו טשערנאָוון, ער זאָל אַראָפּנעמען די קייטן.

---

סאָף. אָנהייב — זע נומ. 6 „סאָוועטיש היימלאַנד“.



---

נאָר אויף אַט דער טאָג האָט זיך געענדיקט און איך האָב באַגעגנט סאַשען — בײַ די גריבער פֿלעגט ער זיך באַווײַזן זעלטן. ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען און זיך געלאָזט צו די אײַזערנע טרעפּ. ווידער אין טונעל? ווידער נאָך שינעלן?

אינגיכן האָט ער זיך אומגעקערט און געזאָגט:

— טשערנאָוו האָט געגעבן אַ דרעל און צוויי רעזערוו־עקבויערס. איך האָב זיי באַהאַלטן אונטער די שינעלן, לעבן דעם טויער. אַז מע שטייט מיט דער פּלייצע צום טויער, קומט עס אויס אונטער דעם לעצטן טיוק פֿון רעכטס.

איך האָב זיך פֿאַרלוירן. אַזוי שנעל!

— וואָס זשע טוט מען?

— מע דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט, — האָט ער געענטפֿערט. — אַ שלאָסער איז פֿאַראַן?

— דערווײַל ניט.

— איך וואָלט אָנגעהויבן מאָרגן, נאָר... טראַכט אַליין.

— גוט, — האָב איך געזאָגט. — מיר וועלן אַ שמועס טאָן נאָכן איבערוף.

איך האָב ניט געטראַכט, אַז דאָס וועט פֿאָרקומען אַזוי גיך. וואָס זשע זאָל איך זאָגן דעם קאָמיטעט? קיינער וועט מיר ניט גלייבן, און ברענגען עמעצן אין טונעל און ווײַזן דעם טויער און דעם עקבויער קאָן איך ניט.

נאָר אַלץ האָט זיך באַקומען אַנדערש. די נײַס האָט אַלעמען איבעראַשט. מע האָט געקוקט אָף מיר. געשוויגן. דערנאָך זיך דערפֿרייט. אפֿילו זשיליאַוויטשוס האָט אָף אַ צײַט פֿאַרגעסן אין זײַן פֿאָרזיכטיקײַט. איך האָב אַ קלער געטאָן, אַז דאָס איז אַ גוטער סימען. אַ גוטער אײַנפֿאַל

באקומט גלייך אַנהענגער. מענטשן דערפֿילן, וואָס איז גוט, און גייען גערן מיט. נאָר דאָס מאָל בין איך געווען פּאַרזיכטיק. איך האָב פֿאַרשטאַנען: אַף מיר פֿאַלט אַ גרויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך האָב פֿאַרגעלייגט די כאַווירים אַלץ באַטראַכטן און אַרומריידן.

מע האָט זיך באַרויִקט. זיך באַטראַכט און באַשלאָסן:

איך גיי אַרויס פֿון קאָמיטעט. די פֿאַרבינדונג מיטן קאָמיטעט וועל איך האַלטן בלויז דורך וויסקאַנטן. די איבעריקע כאַווירים קען איך ניט און האָב זיי קיינמאָל ניט געקענט. אַזוי־אַרום איז דער קאָמיטעט פֿון באַפֿרײַונג, אַנדערש געריידט — דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פֿון פּאָרט, אַוועק אין אַ צווייפאַכער אונטערערד. עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ צווייטער קאָמיטעט, אַן אַרבעטס־קאָמיטעט — איך, וויסקאַנט, קאַשטאַיאַנץ און קראַקאָווסקי, אויב ער וועט זיך אונטערנעמען בויערן.

אײַנריידן פּיניען האָט מען ניט באַדאַרפֿט. מיר האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אינדרײַען — איך, סאַשע, פּיניע — און האָבן באַשלאָסן, אַז מיר הייבן אָן מאָרגן. מיר וועלן קלוימערשט ווערן קראַנק — פּיניע אָפּן בויך און איך אַף די פֿיס. אַלץ איז איצט געווענדט אינעם דאָקטער: אויב ער וועט אונדז איבערלאָזן אין קאַזעמאַט — הייבן מיר אָן, וועט ער ניט איבערלאָזן — הייסט עס, אַז גאָט אַליין האָט ניט געוואָלט.

שטענדיק איז עפּעס אין עמעצן געווענדט; נייִן, ניט אַזוי: מיר אַלע זײַנען פֿון עפּעס און פֿון עמעצן אָפּהענגיק. ניט אַזוי פֿון די אומשטענדן, ווי איינער פֿונעם אַנדערן, און ס'איז נאָך ניט קלאָר, ווער פֿון וועמען: דו פֿון עמעצן, צי עמעצער פֿון דיר... לאָמיר זאָגן, מיר, די אַסירים, זײַנען אָפּהענגיק פֿונעם קאָמענדאַנט און זײַנע מײַסטערס. נאָר פֿון דער איצטיקער מינוט זײַנען זיי שוין געווען אָפּהענגיק פֿון אונדז — וועט אונדז געלינגען אונדזער פֿאַרטראַכט, זײַנען זיי אַלע פֿאַרטיק. אין בעסטן פֿאַל וועט מען זיי שיקן אין אַ שטראַף־באַטאַליאָן, און זיי, די טײַבעלעך, וועלן ווערן אַזעלכע פֿאַרורטיילטע צום טויט, ווי מיר...

אָבער די דאָזיקע אָנגענעמע געדאַנקען זײַנען געקומען ערשט שפּעטער. יענעם אָוונט האָב איך געטראַכט נאָר וועגן טונעל. סאַשע האָט מיר איבערגעגעבן דעם שליסל, די ליכט און אַ פּעקעלע שוועבעלעך, און פּיניע — דעם איינציקן זייגער, וואָס איז געווען אין קאַזעמאַט.

מיר האָבן זיך געלייגט אַף די נאַרעס. מע האָט זיך געדאַרפֿט אויסשלאָפֿן.

א הויכער, אַ געזונטער, מיט אַ גרויסן שטערן, מיט גרויע אויגן און אַ גלײַכער נאָז, מיט שעמעוודיקע ליפּן, וואָס שמייכלען גוט, מיט גרויסע הענט — אַזאַ איז געווען קראַקאָווסקי. פּיניע קראַקאָווסקי. אָט דער באַשיידענער גוטער מענטש וועט מאָרגן, דאָס הייסט שוין הײַנט, אָנהייבן אַרבעטן, און אויב עס וועט געלינגען...

סאַשע איז אַוועק רופֿן דעם דאָקטער: צו אונדז איז געקומען פּונקט אַזאַ אַרעסטאַנט, ווי מיר, נאָר וואָס האָט אַ שטיקעלע דייע. אַ טרוקענער אַלטיטשקער, מיט טיפֿע שטערן־ווינקלען און קלוגע, כיטרעוואַטע אויגן. ער וועט אונדז איבערלאָזן אָדער ניט איבערלאָזן? פּיניע האָט אַפֿילע געקרעכצט. דער דאָקטער האָט געפֿרעגט:

— וואָס טוט דיר ווײ?

— דער בויך, — האָט געענטפֿערט קראַקאָווסקי.

— שוין לאַנג?

— פֿון נעכטן.

— ווײַז זיך אויף. באַווײַז די צונג.

פּיניע האָט זיך אויפֿגעזעצט, אַרויסגערוקט די צונג: אַ רויטע, אַ פֿרישע.

— גוט. איצט לייג זיך און באַווײַז דעם בויך.

פּיניע האָט זיך געלייגט, פֿאַרהויבן דאָס העמד.

— דאָ טוט ווײ? און אָט דאָ?..

פּיניען האָט אומעטום ווײ געטאָן.

דער דאָקטער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט און איז צוגעגאַנגען צו מיר.

— און וואָס איז מיט דיר?

איך האָב אים באַוויזן מײַן פֿוס.

— יאָ, אַזאַ פֿוס קאָן ווײ טאָן. לייג זיך איבער. פֿאַרוויקל אים. קיין רעפֿועס האָב איך, צום באַדויערן, ניט.

— אַ דאַנק, — האָב איך געזאָגט, און אין זיך געבעטן, היפּנאָטיזירט דעם דאָקטער: „לאָז איבער אים! אים! ער איז דאָ נייטיקער“.

— און איר, יונגערמאַן, — האָט געזאָגט דער דאָקטער צו קראַקאָווסקין, — זײַט אַבסאָליוט

געזונט, נאָר אויב דיר ווילט זיך אַזוי הײַנט ניט גיין אַהין, — ער האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג פון די גריבער, — פאַרבלײַב.

— אַ דאַנק! אַ גרויסן דאַנק!

און מיר זײַנען פאַרבליבן. פון אָט דער ניט געלונגענער קאָמעדיע האָבן מיר געמאַכט אַ ריכטיקן אויספיר: מע דאַרף ניט כויזעק מאַכן פון זיך און כויזעק מאַכן פון יענעם... מע האָט געדאַרפט זאָגן: „דאָקטער, דערלויבט אונדז הײַנט בלײַבן", און ער וואָלט דערלויבט. די מענטשן, מיט וועלכע דו האָסט צו טאָן, זײַנען ניט נאַרישער פון דיר. זיי זײַנען אָפט — קליגער.

באַטאָג בין איך קיינמאָל ניט געווען אין קאַזעמאַט. איך בין שטענדיק געקומען מיט אַלעמען און אַוועקגעגאַנגען מיט אַלעמען. קעסיידער זײַנען דאָ געווען מענטשן. באַטאָג איז דאָ שטיל, ווי אונטער דער ערד. און הילכיק — אַף יעדעס וואָרט האָט געענטפערט אַ ווידערקאָל. און שטשורעס! גאָט זאָל באַהיטן. זיי זײַנען דרייסטער געוואָרן, געגומען ארומלויפן. זיי זײַנען אַפילע ניט געלאָפן — אַרומגעגאַנגען. אַזעלכע שטשורעס האָב איך קיינמאָל אין ערגעץ ניט געזען. ווי די קעץ, ווי די קעלבלעך. און בייזע: דו טרײַבסט זיי — שטשירען זיי די ציין... דו ווייסט, ווי עס איבלט מיך פון אָט די באַשעפענישן און פון זייערע יינגערע שוועסטער... איך האָב מוירע פאַר זיי, און איך שעם זיך ניט דערמיט. נאָר יענעם טאָג האָב איך פאַר זיי קיין מוירע ניט געהאַט. זיי האָבן זיך פאַר מיר אויך ניט געשראָקן. זיי זײַנען מיר ניט אָנגעגאַנגען.

מיר זײַנען מיט פיניען ניט גלײַך אַרײַן אין טונעל. מיר האָבן צוגעוואַרט. עפּשער וועט פּלוצעם זיך אומקערן די וואַך? נאָר קיינער האָט זיך ניט אומגעקערט. מיר האָבן געוואָלט וואָס גיכער צוטרעטן צו דער אַרבעט.

מיר זײַנען אויסגעווען אין אַלע קאַמערעס, אין אַלע ביז איינער. זיי באַקוקט, אַפילע אונטער די נאַרעס געכאַפּט אַ בליק. קיינער איז אין די קאַמערעס ניט געווען. קיינער, אויסער אונדז, איז ניט געבליבן. מיר זײַנען צוגעגאַנגען צו דער אַרויסגאַנג־טיר. געשטאַנען אַ צײַט. זיך צוגע־הערט. ס'איז שטיל. מע הערט גאָרנישט.

מיר האָבן זיך באַמיט ניט טומלען. מיר האָבן זיך אופגעהויבן אַף די אײַזערנע טרעפּ צום אַרײַנגאַנג פון טונעל. דאָרט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. זיך ווידער צוגעהערט. דערנאָך אופגע־מאַכט דעם שלאָס, אַרײַן אין טונעל, זיך אַרופגעכאַפּט אַף די טיוקן און אַוועקגעפּויזעט צו דעם טויער. אַראָפּגעשפּרונגען אַפן דיל און זיך ווידער צוגעהערט.

הינטערן טויער, אינעם שכיינעסדיקן טונעל, איז געווען שטיל. צום באַדויערן, האָבן מיר ניט געקאָנט קיין קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך דאָרט. מיר האָבן אָנגעצונדן די ליכט און אָן שוועריקײַטן, אונטערן עקסטן טיוק, געפונען דעם קאַלוואַראַט, וואָס איז פאַרוויקלט געווען אין אַ שמאַטע, און די צוויי רעזערוו־עקבויערס.

— זיי טויגן, — האָט פיניע געזאָגט און גענומען אַרומקוקן דעם טויער. ער האָט אים גע־טאַפּט מיט די הענט און אין עטלעכע ערטער אים אויסגעקלאַפּט מיט אַ פאַרבויגענעם פינגער.

— אַ צווייענדיקער?

— ניין, נאָר אַ גראָבער, אַ מילימעטער פיר אָדער פינף. וועלכע העלפט בויערן, די רעכטע צי די לינקע?

— די רעכטע, — האָב איך געזאָגט און אַ טראַכט געטאָן: „וואָס איז דער כילעק?" נאָר באַ־שלאָסן, אַז די רעכטע איז פאָרט בעסער...

— פון אונטן?

— פון אונטן. אַ סאַנטימעטער פופציק פון דיל.

— און וואָס פאַר אַ גרייס?

— דײַן גרייס. אַז דו וועסט דורכקריכן, וועלן דורכקריכן אַלע.

— גוט.

מער האָבן מיר ניט געהאַט וואָס צו באַהאַנדלען. איך האָב אַוועקגעפּויזעט צום אַרויסגאַנג. מיר האָבן זיך נאָך פריער צונויפגערעדט, אַז איך וועל נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אין קאַזעמאַט, און אים אַ פּײַף טאָן. דעמלט וועט ער אָנהייבן בויערן. איך וועל איבערגיין פון איין אָרט אַפן צווייטן. פון אָנהייב וועל איך זיך שטעלן באַ דעם ווענטל, נאָכדעם אַף די טרעפּ. דערנאָך אונטער די טרעפּ און וועל זיך צוהערן, פּינקטלעך פעסטשטעלן, צי מע הערט, ווי ער בויערט.

לעבן דעם ווענטל האָב איך געהערט: דער קלאַנג איז געווען ניט קיין הויכער, נאָר אַ שאַרפער, אַ גרילצנדיקער — אײַזן האָט זיך אײַנגעגעסן אין אײַזן. איך האָב געהערט, געהערט און וואָלט נאָך געהערט. אַ גרויל איז איבערגעלאָפן איבער דער פּלייצע, נאָר עס איז געווען אָנגענעם. איך בין אָפּגעגאַנגען פונעם ווענטל, נאָר ניט אַראָפּ נידעריקער — דאָ האָב איך שוין

דאָס גריל׳צן ניט געהערט. ס׳האָט נאָר געהודזשעט, ווי עס הודזשעט א בין. אין דער מיט פון די טרעפּ האָב איך שוין גאָרנישט ניט געהערט. נאָר אונטן, אין קאָרידאָר, האָב איך ווידער עפּעס דערהערט... נייק, דאָס איז ניט פּיניע. די שטשורעס האָבן עפּעס געהריזעט. הייסט עס, אז דעם גריל׳ץ פאַרטויבן די טיוקעס. אויסגעצייכנט. וועט מען קאָנען ארבעטן אויך אפּדערנאַכט, און מיר וועלן דערצו נאָך זינגען...

איך בין אריבערגעגאַנגען אין א צווייטן קאָרידאָר, וואָס פירט צום ארויסגאַנג. אויב איך וועל דערהערן די וואַך, וועל איך זיך א וואַרף טאָן אים וואָרענען. נאָר צי וועט פּיניע באַוויזן ארויס פון דעם טונעל — איז ניט באַוווּסט.

איך האָב אין געדאַנק זיך פאַרגעשטעלט, וויאַזוי דאָס וועט פאַרקומען:

איך דערהער טריט, א געקלימפּער פון שליסל... איך שפּרינג ארויף אף די טרעפּ...

— פּיניע, מע גייט!

שפּעט — זיי זײַנען אין קאָרידאָר, זיי האָבן אונדז דערזען.

— שטיי! הענדע האָך!

און פּאַרטיק — אויס טונעלן, אויס טויער און אויס דרעלן...

און וווּ וועלן זיי אונדז צעשיסן — דאָ, אָדער אוועקפירן צו די גריבער? נאָר וואָס פאַר א כילעק איז עס — ווו... זיי וועלן זיך פרייער איזדעקעווען. שיסן אָדער הענגען וועלן זיי אונדז פאַר אלעמען אין די אויגן.

נאָר לויט מײַן אלטער געוווינהײַט האָב איך אלץ אָנגעהויבן אפּסנײַ. מע האָט דאָס געדאַרפט נאָכאַמאָל באַטראַכטן. עפּשער קאָן מען גיכער זיך דערקלײַבן פון דער טיר צו די טרעפּ?

נאָר ווען איך בין דאָס צווייטע צי דאָס דריטע מאָל צוגעגאַנגען צום ארויסגאַנג און אין גע־דאַנק זיך פאַרגעשטעלט דעם געקלימפּער פון די שליסל און די טריט פון דער וואַך, האָב איך דערהערט: מע גייט.

די פיס האָב איך ניט געפילט, ניט דעם קראַנקן, ניט דעם געזונטן. איך בין דורכגעפלויגן צום צווייטן עק פון קאָרידאָר, א שפּרונג געטאָן אף די טרעפּ און... דאָרט זיך צונויפגעשטויסן מיט קראַקאָווסקין. אים אומגעוואָרפן און אליין געפאַלן.

— וואָס איז? — האָט געפרעגט פּיניע.

— גאָרנישט... — איך האָב שוין פאַרשטאַנען: דאָס האָבן געסקריפּעט די טרעפּ, ניט קיין שליסל. איך האָב געפרעגט: — פאַרוואָס האָסטו זיך אומגעקערט?

— עס גייט ניט. צעבראָכן די עקבויערס. אלע. אָדער זיי זײַנען שלעכטע, אָדער דער טויער גיט זיך ניט אונטער.

— דו האָסט גאָרנישט אויסגעבויערט? — מײַן קאָל האָט געוויס געקלונגען פאַרצווייפלט.

— איין אייגל. באַם צווייטן זײַנען אלע דרײַ עקבויערס צעבראָכן געוואָרן.

— וואָס זשע טוט מען? עפּשער האָסטו צופיל אָנגעקוועטשט?

— דאָרט איז ניט באַקוועם, ס׳איז ענג. עס קומט אויס זיך אָנבייגן.

— מע האָט געדאַרפט אראָפּנעמען א טיוק און זיך זעצן אף אים.

— איך האָב געמיינט, אז מע טאָר ניט טשעפּען.

— איין אייגל האָסטו געמאַכט?

פּיניע האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— און מע זעט עפּעס דורך דעם?

— יאָ.

— וואָס?

— א שוואַכע שײַן.

— איך וויל א קוק טאָן, — האָב איך געזאָגט. — ס׳איז פאַרט דאָס ערשטע אייגל. — איך האָב א טראַכט געטאָן: „אויב ס׳איז דאָ דאָס ערשטע, וועט אויך זײַן דאָס צווייטע, און דאָס צענטע וועט זײַן, און דאָס צוואַנציקסטע“. איך האָב געפרעגט: — און וויפל דאַרף מען מאַכן?

— איך ווייס ניט. א דרײַ הונדערט שטיק, און עפּשער מערער.

— אזויפיל? און וויפל קאָן מען מאַכן פאַר א טאָג?

— א שטיק צען. איך קאָן ניט בויערן די גאַנצע צײַט. איך שטעל זיך אָפּ. הער זיך צו. מע דאַרף גוטע עקבויערס, דעמלט וועלן מיר שוין זען.

— גוט, — האָב איך געזאָגט, — קום, וועלן מיר א קוק טאָן.

— איך וועל בלײַבן דאָ.

— גוט, שטיי דאָ.

מיר זײַנען אָפּגעשטאַנען — ביז איצט זײַנען מיר נאָך אַלץ געזעסן אַף די טרעפּ. איך האָב זיך געלאָזט אין טונעל. זיך פֿאַרקליבן אַף די פּעק און אַוועקגעפּויזעט צו דעם ערשטן אייגל, וואָס קוקט צו דער פֿרײַהײַט. איך האָב עס דערזען נאָך פֿון אויבן, פֿון די טיוקעס, און זיך ניט געײַלט אַראָפּקריכן אַפֿן דיל. איך בין געלעגן און געקוקט אַף דעם. דאָס קליינע אַקוראַטע קרײַזעלע האָט מיר אויסגעדאַכט גרויס, ליכטיק און ריין.

כ׳בין אַראָפּגעשפּרונגען אַפֿן דיל. צוגעפֿאַלן צום אייגל און דערזען אַ טונקעלע וואַנט פֿון דעם צווייטן טונעל. דער טונעל איז געווען שוואַך באַלויכטן, ערגעץ האָט ער זיך אויסגעבויגן, און די שײַן אַפֿן אויסבייג האָט זיך געלאָשן, זיך פֿאַרהאַלטן. נאָר שײַן איז דאָרט געווען. הייסט עס, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַן אַרויסגאַנג...

ס׳איז געווען אַן אַרויסגאַנג! ניט וויכטיק, וואָס די שײַן איז דאָרט ניט קיין העלע. שײַן איז שטענדיק שײַן. נאָר דאָס איז אַ באַזונדער מין שײַן — שײַן פֿון דער פֿרײַהײַט.

ניט געקוקט אַף אַלץ, בין איך געווען גליקלעך.

נאָר ווי באַגײַסטערט איך בין ניט געווען, האָב איך באַלד ניכטער אַ טראַכט געטאָן: אַזוי טאָר מען דאָס אייגל ניט לאָזן, מאַלע וואָס עס קאָן געשען! מע קאָן קומען נאָך שינעלן אָדער אַרײַנגיין אין אויסערלעכן טונעל. דעמלט וועלן אונדזערע אייגלעך נעמען גיסן טרערן. דאָס דאָזיקע אייגל און אַלע קומענדיקע. מע דאַרף עס מיט עפּעס פֿאַרקלעפּן, פֿאַרשמירן. אין קעשענע האָב איך געהאַט אַ שטיקל ברויט. איך האָב געמאַכט אַ קײַלעכל און עס פֿאַרקלעפּט. ס׳האָט זיך באַקומען ניט שלעכט.

איך האָב זיך אומגעקערט צו פּיניען. און מיר האָבן זיך געלייגט אַף די נאַרעס. פּיניע איז גלײַך אַנשלאָפֿן געוואָרן. מאַלאַדיעץ! און איך האָב געקוקט אַף די אייבערשטע נאַרעס, נאָר געזען האָב איך דעם טונעל, דעם טויער און אַ קליין קײַלעכדיק אייגעלע, און כ׳האָב געזען אין איי־געלע שײַן.

עקבויערס האָבן מיר געקראָגן לײַכטער, ווי מיר האָבן גערעכנט. שוין אַף מאָרגן האָט טשערנאַוו אונדז געבראַכט אַף אַ פּרווו צוויי עקבויערס, וועלכע ער האָט אַליין געמאַכט. ער האָט געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן טויגן, וועט ער מאַכן וויפֿל מע וועט דאַרפֿן. ער האָט זיי אויס־געזעגן פֿון אַ שטאָלענער פּרוזשינע.

אַן אויסזען האָבן זיי געהאַט פֿון צונויפֿגעפּלעטשטע פֿאַרשאַרפֿטע שטיקלעך שטאָל.

מיר זײַנען ווידער געבליבן אין קאַזעמאַט. מיר האָבן שוין ניט געמאַכט קיין אָנשטעל, אַז מיר זײַנען קראַנק. מיר האָבן פּראָסט געבעטן אַ דערלויבעניש, און דער דאָקטער האָט אונדז געלאָזט.

קראַקאָווסקי איז אַוועק אין טונעל. איך בין געבליבן פֿון אונטן. אין דער ערשטער האַלבער שעה האָב איך פֿון מינוט צו מינוט געוואַרט, אַז ער וועט באַלד זיך אומקערן און זאָגן: „אַלץ! צעקנאַקט געוואָרן!“ נאָר די צײַט איז געגאַנגען, און ער האָט זיך ניט אומגעקערט. הייסט עס, ער אַרבעט! הייסט עס, ער בויערט אייגלעך!

ס׳האָט זיך זייער געוואָלט אַרײַנכאַפּן צו אים, אַ קוק טאָן אָדער פּאַשעט אַ ביסל שטיין לעבן אַרײַנגאַנג פֿון טונעל און הערן, ווי עס הודזשעט דער עקבויער. נאָר אַוועקגיין פֿונעם אויסער־לעכן קאָרידאָר האָט מען ניט געטאָרט. איך האָב געוואַרט ביז צוועלף אַזייגער. דערהערט פּיניעס טריט, בין איך אים געלאָפֿן אַנטקעגן. לויט דעם, ווי ער האָט געשמייכלט, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג.

ער האָט אויסגעבויערט זיבן אייגלעך! זיבן שטיק! צוזאַמען מיט דעם נעכטיקן — אַכט! ניט קיין סאַך, נאָר אַכט — איז שוין ניט איינס. און ביז סאַף טאָג וועט ער מאַכן נאָך אַזויפֿיל. וועט שוין זײַן זעכצן. נאָר דער איקער איז — די עקבויערס האָבן זיך ניט געבראָכן. זיי זײַנען נאָר טעמפּ געוואָרן. טשערנאַוו וועט זיי אָנשלײַפֿן, וועט מאַכן נײַע. טשערנאַוו איז אַ מאַלאַדיעץ! און פּיניע איז אַ מאַלאַדיעץ! און איך בין מינאַסטאַם אויך אַ מאַלאַדיעץ!

איך זאָל ניט פֿאַרגעסן, וועל איך איצט זאָגן: מיר האָבן געקראָגן גאָלד פֿאַר טשערנאַוון, נאָר טשערנאַוו האָט ניט גענומען, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. אַזוי, אַז דו זעסט, אויך ער, דער שווײַגער, האָט באַשטעטיקט מײַן באַציִונג צו מענטשן. הונדערט מאָל וועל איך עס זאָגן, איך וועל שווערן, איך וועל זיך אונטערשרײַבן און וועל לאָזן זיך אָפּהאַקן דעם קאָפּ, אַז מענטשן דאַרף מען גלייבן! מענטשן זײַנען בעסער, ווי מיר קלערן וועגן זיי!

איך וועל דיך ניט מאַטערן מיט אַלע איינצלהײַטן פֿון דער געפֿערלעכער און שווערער אַרבעט, וואָס פּיניע האָט געטאָן, נאָר איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך פֿאָרשטעלן, ווי ער שטייט צווישן די קאַלטע ווענט, וואָס זײַנען באַדעקט מיט טוי־געפֿריר אין פֿינצטערן דורכגעפֿרוירענעם טונעל. ס׳איז שוין דעקאַבער, און ס׳איז אים דאָרטן קאַלט; טו אַ קוק אַף אים אין דער האַלב־פֿינצטער־ניש צי ביכלאַל אין דער פֿינצטערניש — ער שפּאָרט דאָס שטיקל ליכט. ער זיצט אַף אַ טיוק,

נאָר אים איז ניט באַקוועם — די דרעל האַלט ער אינדערלופטן. ער בויערט אײַזן, און די הענט זײַנען ניט קיין אײַזערנע. ער איז רויִק און אין דער זעלבער צײַט אָנגעשטרענגט: אין א באַליביקער מינוט קאָן מען קומען נאָך אים... אַזוי האָט ער געאַרבעט, אַזוי פאַרמערט די אייגלעך.

נאָר אויסער די אייגלעך האָבן מיר געהאַט אַנדערע זאָרגן. אַלע מאָל האָבן זיך געמאַכט גרויסע שוועריקײַטן, און מיר האָבן זיי געדאַרפט איינס נאָכן אַנדערן באַזײַטיקן. אינקורצן וועל איך דערציילן וועגן דעם.

די ערשטע שוועריקײַט — אַ זעגעלע און שליסל צו די קאַמערעס.

די צאָל אייגלעך האָט זיך געמערט, און מע האָט געדאַרפט, ביט אָפּלייגנדיק אין דער לאַנגער באַנק, צוגרייטן אַלץ, וואָס איז געווען נייטיק. מע האָט געדאַרפט אַ זעגעלע אָף איבערזעגן דעם שטאַנג, קעדיי אַרויסגיין פון דער פאַרשפּאַרטער קאַמערע אין קאָרידאָר. מע האָט אויך געדאַרפט אַ שליסל צו די קאַמערעס, אַז דער מענטש, וואָס וועט אַרויס פון אונדזער קאַמערע, זאָל עפענען די איבעריקע. אין אַלע פינף קאַמערעס איבערזעגן די גראַטעס קאָן מען ניט...

איז ווידער טשערנאָוו. אַ גרויסן דאַנק אים! ער האָט געקראָגן אַ זעגעלע און געמאַכט צוויי שליסל. צו פיר קאַמערעס איז צוגעגאַנגען איין שליסל, צו דער פינפטער האָט מען געדאַרפט אַן אַנדערן.

די צווייטע שוועריקײַט — אַ לייטער.

אַ לייטער האָט מען געדאַרפט פון אַ מעטער זעקס־זיבן. אויסמעסטן די וואַנט האָט קיינער ניט געקאָנט. אויסער סאַשען, האָט זי ביכלאַל קיינער ניט געזען, און געווען איז ער דאָרט שוין פון לאַנג. ער האָט געהאַלטן, אַז אין דעם אָרט, וווּ מיר וועלן דאַרפן אַרופקריכן, האַלט די וואַנט זעקס־זיבן מעטער. מיר האָבן באַשלאָסן מאַכן אַ לייטער פון זעקס מעטער. אַ צונויפגעשטעלטן פון דרײַ טיילן. נאָר וווּ און ווען מאַכט מען אים? איין זאַך איז ברענגען אין קאַזעמאַט אַ דרעל, אַן עקבויער אָדער אַ זעגעלע. נאָר וויאַזוי טראָגט מען דורך צוויימעטערדיקע לײַסטלעך, און ניט קיין זעקס, נאָר אַמווייניקסטן צוועלף שטיק — צום לייטער דאַרף מען שטאַפּלען? און צי וועלן זיי זיך האַלטן אָן צוועקעס? מיר וועלן זיי דאָך בלויז צובינדן. און וווּ באַהאַלט מען דעם צונויפגעבונדענעם לייטער? מע דאַרף דאָך אים באַצײַטנס צוגרייטן...

נאָר אַז די נויט שפּאַרט אונטער, גיט מען זיך אַן אייצע. אָט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שלאָפן אָף די נאַרעס איז אומעגלעך. אין אונדזער טויט־קאָמאַנדע איז געווען אַ טעסלער. זײַן הויפּט־אַרבעט איז געווען צונויפקלאַפּן טראָגבעטלעך פאַר די ליאַלקעס, אַרײַנזעצן שטעקנס אין די גראָבײַזנס און אין די ווילעס, ער איז אויך געווען איינער פון די דרײַ געהילפן פון דעם דאָקטער־בראַנדמײַסטער — ער האָט געזעגן און געהאַקט האָלץ. נאָר דעריקער — ער איז געווען אונדזערער אַ מענטש. פאַר אַלעמען אין די אויגן, פאַרשטייט זיך, מיט דער דערלויבעניש פון באַטשאַלסטווע, האָט איוואַן סאַזאָנאָוו געבראַכט אין קאַזעמאַט ברעטער און פאַר אַלעמען אין די אויגן געאַרבעט: ער האָט געזעגן, געהובליעוועט, מיט איין וואָרט — צורעכט געמאַכט די נאַרעס. קיינער האָט אָף אים ניט געקוקט. אַ מענטש אַרבעט — אַרבעט ער. ער האָט צוגעגרייט די נייטיקע צאָל לײַסטלעך און שטאַפּלען און אָף יעדן פאַל געמאַכט עטלעכע איבעריקע, אָף יעדער שטאַפּל און אָף יעדער לײַסטל געמאַכט קאַרבן, אַז די שטריק, ווען מיר וועלן צונויפבינדן דעם לייטער, זאָלן זיך גוט האַלטן. דערווײַל האָט ער די אַלע לײַסטלעך צוגעפּעסטיקט צו די נאַרעס. גלײַכצײַטיק האָבן מיר פון די שינעלן צוגעגרייט גענוג שטריק. דערווײַל האָבן מיר זיי אַרײַנגעשטופּט אין די קישנס... וואָס טראַכט מען ניט צו, ווען די נויט שפּאַרט אונטער.

די דריטע שוועריקײַט — דער טונעל, וואָס איז פאַרלייגט מיט האָלץ.

פּלוצעם האָט סאַשע זיך דערמאָנט, אַז דער דריטער טונעל, דורך וועלכן מירן דאַרפן דורכגיין צו דער אויסערלעכער וואַנט, איז פאַרלייגט מיט האָלץ — מיט צוויימעטערדיקע גראָבע קלעצער. מע האָט זיי געבראַכט שוין פון לאַנג און דאָרט צונויפגעלייגט. די דײַטשן האָבן גאָר פאַרגעסן אין זיי. דאָס האָלץ אין דעם טונעל האָט זיך ניט געוואָרפן אין די אויגן, און ביכלאַל האָבן זיי דעם דאָזיקן טייל פונעם פאָרט זעלטן באַזוכט. האָלץ פאַר די שײַטערס אָף פאַרברענען די מייסים האָט מען אונטערגעפירט.

דער פאַרוואַלגערטער טונעל מיט די בערווענעס האָט אונדז פּאָשעט פריטשמעליעט. אַרויסשלעפּן דאָס האָלץ בייסן אַנטלויפן איז געווען אומעגלעך. ניט ווײַט פון דעם טונעל, אין וועלכן מיר וועלן אַרײַן דורך דעם אויסגעבויערטן פענצטערל, שטייט, ווי מיר האָבן אויסגעקלאָרט, אַ וואַך. האַלעווײַ זאָלן מיר אומבאַמערקט פאַרבײַגיין. אָבער אַרויסטראָגן דאָס האָלץ וועלן מיר געוויס ניט קענען. איך האָב גלײַך וועגן דעם איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט, און דאָרט, דאַכט זיך, לויטן פאָרשלאָג פון רײַטעלזאָנען, איז אָנגענומען געוואָרן אַן אומדערוואַרטער, געוואַגטער באַשלוס: באַקומען אַ דערלויבעניש בײַ דער וואַך אויסליידיקן דעם פאַרוואַלגערטן טונעל.

האַלץ האָט מען אין פאַרט געבראַכט נאַס, און דאָ, אונטערן אָפענעם הימל, האָט זיך עס ווידער געוויקט. די ליטווישע ווינטערס זײַנען פײַכטע — אָט איז א רעגן, אָט א שניי. באַטאָג האָט דער שניי געלאָזט, באַנאַכט — צוגעפרוירן געוואָרן. די בערוועגעס האָבן זיך אָנגעפּעלצט אין אײַז־העמדלעך און שלעכט געברענט. אפילו די ברען־פליסיקײַט און די טערמיט־שאַשקעס האָבן ווייניק געהאָלפן. די האַלב־צעפוילטע ליאַלקעס האָבן ניט געוואָלט ברענען. מע האָט געדאַרפט א שטאַרק און א גרויס פײַער. די מײַסטערס זײַנען געווען בייז — מע האָט זיי אונטערגעיאָגט, און זיי האָבן אונדז געיאָגט. עס האָט זיך דערנענטערט דאָס פיר־און־פערציקסטע יאָר. קורץ גערעדט, די געשרייען „אימער בעוועגונג!" האָבן זיך געלאָזט הערן אַלץ אָפטער און אָפטער. מער פון אַלע האָט געליטן אונדזער אַלטיטשקער, דער בראַנדמײַסטער און זײַנע געהילפן, צווישן זיי אויך סאַזאָנאָוו. זיי האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס — דאָס נאַסע האַלץ האָט ניט געברענט.

דעמלט האָבן מיר צוגעטראַכט: סאַזאָנאָוו האָט, פאַרופנדיק זיך אַף א געשפּרעך מיט קאַשטאַיאַנצן, געזאָגט דעם בראַנדמײַסטער, אַז אין איינעם פון די אינערלעכע הויפן, אין א טונעל, ליגט טרוקן האַלץ; אויב מע זאָל עס ברענגען פון דאָרטן, וועלן די ליאַלקעס ברענען ווי שוועבעלעך. דער בראַנדמײַסטער האָט גלײַך געזאָגט וועגן דעם דער וואַך. די וואַך האָט זיך געלאָזט ריידן, און דאָס האַלץ פון דעם טונעל האָט מען איינס און צוויי איבערגעפּעקלט צו די שײַטערס.

עס זײַנען געווען נאָך שוועריקײַטן, וועלכע זײַנען אופגעשוווּמען ביז דעם אַנטלויפן און בײַ דעם אַנטלויפן. באַזײַטיקט זײַנען זיי געוואָרן אָפּעראַטיוו. אָבער ווײַל קראַקאָווסקיס אַרבעט האָט זיך דערנענטערט צום סאָף, האָבן מיר עקסטרע געדאַרפט לייזן דרײַ, פּינקטלעכער — פיר פּראָבלעמען:

וועד וועט לויפן?

ווען וועלן מיר אַנטלויפן?

וווּהין וועלן מיר אַוועק?

און וועד מיט וועמען וועט לויפן?

דאָס זײַנען אַלץ געווען אופגאַבעס מיט א סאַך אומבאַוווּסטע, נאָר לייזן זיי האָט מען געדאַרפט איצט. בלויז די לעצטע און טיילווײַז די ערשטע אופגאַבע האָבן מיר ביז א געוויסער צײַט ניט געקאָנט לייזן: די מערהײַט אסירים האָבן ניט געוווּסט וועגן דעם, אַז מיר גרייטן זיך אַנטלויפן, און דערוויסן וועלן זיי זיך ערשט בײַסן אַרויסגיין פון פאָרט. דאָס ערשטע מאָל פאַרן גאַנצן כוידעש האָב איך אָנטיילגענומען אין דער אַרבעט פון קאָמיטעט. איך האָב מיט זיך געבראַכט אויך קאַשטאַיאַנצן. אײַנגעלאַדן האָט אים פערזענלעך זשיליאַוויטשוס — אָט וואָס עס טרעפט.

אַלזאָ, וועד לויפט?

עס לויפן, פאַרשטייט זיך, אַלע, וועד עס וועט נאָר וועלן, — דאָס האָט קיין מאַכלויקעס ניט אַרויסגערופן. מיר זײַנען דאָ אַלע גלײַכע, אַלע זײַנען מיר פאַרורטיילט צום טויט און אַלע האָבן רעכט אַרויס אַף דער פרײַ. נאָר דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן ספּייקעס: און אויב עמעצער וועט ניט וועלן לויפן? עס זײַנען פאַראַן צווישן אונדז מענטשן פּאַסיווע, ווילנסלאָזע, וואָס האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו זייער גורל, זיי האָבן געגעסן, געשלאָפן, געאַרבעט און אופגעהערט צו טראַכטן, פּונקט ווי איך אין די ערשטע טעג. פיר זיי מאָרגן אַרויס צעשיסן — וועלן זיי גיין און זיך לייגן אין גרוב. זיי וועלן אפילו ניט אויסשרײַען אין פּאָנעם זייערע הענקער: „זײַט פאַרשאָלטן!" צי וועלן זיי וועלן אַנטלויפן? און טאָמער זאָגן זיי פּלוצעם: „צוליב וואָס און וווּהין? אַלציינס וועסטו ווײַט ניט אַוועק — מע וועט כאַפּן..." צווינגען אַנטלויפן קאָן מען קיינעם ניט, און קיינער וועט ניט צווינגען. אונדז האָט געקימערט נאָך א זאַך: ס'איז גענוג, אַז איינער פון די, וואָס וועלן בלײַבן, זאָל אָנהייבן טומלען, ווי אַלץ איז פאַרפאַלן, מע וועט אונדז כאַפּן, ווי די קראָליקעס... און איינער פון אונדז האָט א האַק געטאָן, ווי מע זאָגט עס, מיט דער גראָבער זײַט, ער האָט פאָרגעלייגט: די אַלע, וואָס וועלן זיך אָפּזאָגן צו לויפן, — ליקווידירן, קיין אַנדער אויסוועג, האָט ער געזאָגט, איז ניטאָ... דער פאָרשלאָג האָט קיין ענטוזיאַזם ניט אַרויסגערופן. מע האָט באַשטימט טאָן אַנדערש: די, וואָס וועלן בלײַבן, פאַרשטאָפּן די מײַלער, בינדן און צוריק פאַרשפּאַרן אין די קאַמערעס. אינדערפרי, ווען די וואַך וועט זיי געפינען, וועלן מיר שוין זײַן ווײַט. ליקווידירן זיי וועלן מיר ניט, מיר זײַנען ניט קיין עסעסאָווצעס.

די צווייטע פּראָבלעם — ווען לויפן?

לויפן האָט מען געקאָנט אין א באַליביקער נאַכט, אָנהייבנדיק פון דעם פּופּצעטן דעקאַבער — צום פופצעטן האָט קראַקאָווסקי געדאַרפט פאַרענדיקן די אַרבעט. מיר האָבן באַשטימט אַנטלויפן דעם אַכצעטן. דאָס איז אויסגעפאַלן אַף שאַבעס. מע וועט אונדז אַרײַניאָגן אין קאַזעמאַט א ביסל פריִער, ווי שטענדיק. שאַבעס איז די וואַך אונטערן גלעזל. ס'הייסט, זיי טרינקען קעסיידער.

זיי זײַנען שיכּורים. מע קאָן ניט האַרגענען קיין מענטשן און ניט טרינקען. נאָר שאַבעס הוליען זיי. דערנאָך שלאָפֿן זיי שטאַרק און שטייען אויף שפּעטער...

הייסט עס: דעם 18 דעקאַבער 1943 יאָר, פּונקט האַלבנאַכט גייען מיר אַרויס פֿון פֿאָרט.

די דריטע און די פֿערטע פּראָבלעם — וווּהין וועלן מיר גיין און ווער מיט וועמען וועט גיין, — האָבן מיר געלייזט איינצײַטיק.

ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דאָס שווערסטע, דאָס סאַמע קאָמפּליצירטע איז אַרויס פֿון פֿאָרט, נאָר איצט, ווען קראַקאָווסקי האָט געהאַלטן באַם פֿאַרענדיקן די אַרבעט, האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט זייער קאָמפּליצירט. אַזוי ענדערן זיך בא מענטשן די פֿאָרשטעלונגען. מע האָט געדאַרפֿט באַשטימען, וויאַזוי דערקלײַבט מען זיך אין וואַלד, ווו מע וועט אונדז באַגעגענען ווי אייגענע מענטשן. פֿון אָנפֿאַנג האָט זיך געדוכט, אַז ס׳איז זייער פּאָשעט. מיר גייען אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער. נאָר הינטער די ווענט פֿון פֿאָרט זײַנען קיין פּאַרטיזאַנער ניטאָ. די פּאַרטיזאַנער זײַנען ווײַט. צו זיי האָט מען געדאַרפֿט זיך דערקלײַבן.

אין ליטע זײַנען טעטיק געווען צוויי פּאַרטיזאַנישע צענטרען — דער צאָפֿנדיקער און דער דאָרעמדיקער. דער צאָפֿנדיקער איז דיסלאָצירט אין די זאַרײַסקער אָזערע־קאַנטן, אויף דער גרענעץ פֿון ליטע, ווײַסרוסלאַנד, לעטלאַנד, און דער צווייטער — דער דאָרעמדיקער — האָט זיך געפֿונען בא די טראָקײַער אָזערעס, אין די וועלדער צווישן קאָוונאַס און ווילניוס.

מיר זײַנען באַקאַנט געווען ביידע ערטער, — אין אונדזערע אויסשפּיר־מאַרשרוטן זײַנען זיי געווען אָנגעוויזן אַלס אָפּשטעל־פּונקטן בייס אַן אַוואַריע. עמעס, פֿאַר דער צײַט פֿון מײַן געפֿאַנגענשאַפֿט האָט זיך אַ סאַך געענדערט, נאָר וויסקאַנט און קראַקאָווסקי, וועלכע זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט די פּאַרטיזאַנער און זײַנען אַרעסטירט געוואָרן שפּעטער פֿון מיר, האָבן געוווּסט, אַז די דאָרעמדיקע גרופּע געפֿינט זיך אויפֿן זעלבן אָרט.

אַזוי־אַרום האָט די דאָזיקע פֿראַגע זיך אויך געלייזט פּאָשעט. מיר לאָזן זיך צו די טראָקײַעס — צו זיי איז נעענטער. אויב גיין גלײַך — איז ניט מער ווי הונדערט צוואַנציק — הונדערט פֿופֿציק קילאָמעטער. נאָר אין דעם גייט עס דאָך, וואָס גלײַך, דורך קאָוונאַס, האָבן מיר ניט געקאָנט גיין. און מיר האָבן באַשלאָסן זיך לאָזן ניט אויף דאָרעם־מיזרעך, נאָר אויף צאָפֿן, אַוועקגיין ווי מעגלעך ווײַטער און דערנאָך פֿאַרקערעווען צום וואַלד. באַטאָג וועלן מיר איבערליגן אין וואַלד, אין סטויגן, אין פֿאַרוואָרפֿענע שטאַלן און באַנאַכט גיין. דעם דאָזיקן פּלאַן האָבן פֿאָרגעלייגט טשערניאַווסקי־טווערסקאָי און זשיליאַוויטשוס. טאַקע זיי וועלן אָנפֿירן מיט דער גרופּע, אין וועלכער ס׳וועלן אײַנגעשלאָסן ווערן אַלע קריגסגעפֿאַנגענע און אַ טייל ציווילע כאַווײרים.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אין דעם דאָזיקן פּלאַן זײַנען געווען אַ סאַך בלויזן: גיין מיט אַ גרויסער גרופּע איז געפֿערלעך. וואָס מער מענטשן, אַלץ מער וואַרפֿן זיי זיך אין די אויגן. אין וואַלד ליגט דער שניי, און אויפֿן שניי בלײַבן שפּורן. שלאָגן זיך מיט די פֿאַרפֿאָלגער וועלן מיר ניט קענען: זיי האָבן אויטאָמאַטן, מיר — מעסערס און דרענגלעך. די ס.־ד. און די געסטאַפּאָ וועלן לאָזן נאָך אונדז הונדערטער הינט. די פֿאַשיסטן דולדן ניט, ווען מע אַנטלויפֿט, און זיי נעמען אָן אַלע מיטלען אויף צו כאַפּן די אַנטלאָפֿענע. דעריקער נאָך פֿון אַזאַ אָרט, ווי דער נײַנטער פֿאָרט. אַזוי אַז עס וואָלט בעסער געווען זיך צעטיילן אויף קליינע גרופּעס צו פֿינף־זעקס מענטשן און, אַרויסגייענדיק פֿון פֿאָרט, זיך פֿאַנאַנדערגיין אין פֿאַרשיידענע זײַטן, אָראָפּשלאָגן פֿון וועג די פֿאַרפֿאָלגער און פֿאַרשווערן זיי דאָס זוכן. עמעצן וועט מען, פֿאַרשטייט זיך, כאַפּן, דאָס איז אומפֿאַרמײַדלעך, נאָר קיין פֿאַרשיידענע ריכטונגען זײַנען, צום באַדויערן, דאָ ניטאָ. לעבן פֿאָרט איז פֿאַראַן בלויז איין וואַלד, און ניט זייער קיין גרויסער. מיר וועלן אַרײַן אין וואַלד און גיין אַלע צוזאַמען. אומקומען צוזאַמען איז ניט דער ערגסטער אויסוועג.

נאָר עס זײַנען געווען נאָך צוויי פּלענער: איינער ריטמאַנס, דער צווייטער רײַטעלזאָנס און וויסקאַנטס, דאָס הייסט אַבעס, איך רוף דאָ זעלטן אָן זײַן פֿאַמיליע.

ריטמאַן, אַ געבוירענער פֿון קאָוונאַס, אַ געניטער אונטערערדישער טוער, האָט פֿאָרגעלייגט, אַז אַ גרופּע פֿון אַ צען־צוועלף מענטשן, ניט מער, זאָל איבערשווימען אין אַ געוויס אָרט דעם ניעמאַן צו דעם דאַטשע־ראַיאָן קאָטשערגינע — עזשאַרעליס. דאָרט איבערזיצן אַ צײַט אין אַ פֿאַרלאָזטער דאַטשע און דערנאָך זיך איבערקלײַבן קיין קאָוונאַס אין פֿאַרקאָנספּירירטע קוואַרטירעס. די אונטערערד־טוער זײַנען טעטיק ביז הײַנטיקן טאָג, — האָט ער פֿאַרזיכערט. אויב די יאַווקעס זײַנען דורכגעפֿאַלן, וועט ער געפֿינען אַנדערע — ער האָט גרויסע פֿאַרבינדונגען אין קאָוונאַס. און פֿון דאָרט האָט ער זיך אונטערגענומען אַרויספֿירן די גרופּע צו די פּאַרטיזאַנער, אין טראָקײַער וואַלד.

אויף וויפֿל רײַטעלזאָן און אַבע זײַנען ביז דעם אַרעסט געווען פֿאַרבונדן מיט דער פּאַרטייִשער אונטערערד פֿון ווילִיאַמפּאָל, וואָס געפֿינט זיך אויף אונדזער ברעג ווילִיע, האָבן זיי געצילט גיין אַהין. דערבײַ האָבן זיי זיך אונטערגענומען דורכפֿירן אַלע אַנטלאָפֿענע פֿון פֿאָרט. די

אונטערערדישע טוער פון ווילִיאמפּאָל, האָבן זיי באהויפּטעט, וועלן אונדז אויסבאהאלטן און אין א צײַט ארום אונדז איבערפירן אין די טראָקײַער וועלדער.

ביידע פאָרשלאָגן זײַנען מיר ניט געפעלן. באזונדערס דער צווייטער. זיי זײַנען געווען ריזיקאל. נאָר ניט אין דער ריזיקאלישקײַט גייט עס. עס האָט זיך באקומען אזוי, אז די ארעסטירטע, וואָס זײַנען אנטלאָפן פון טויט־לאגער, וואָס האָבן נאָך ניט געזען די פרײַהײַט, זיך נאָך ניט אָנגעטעמט מיט איר, פאלן פרײַוויליק ארײַן קיין קאוונאס אָדער ווילִיאמפּאָל, וואָס זײַנען פארפלייצט מיט היטלעראָווצעס, אָדער אין דער געטאָ — אין דעם זעלבן טויט־לאגער. און עס איז נאָך ניט באוווסט, צי עס עקזיסטירט נאָך דאָרט די אונטערערד. עס איז שוין בעסער אומקומען אין וואלד אָדער אין פרײַען פעלד, איידער הינטער דעם שטעכדראָט.

זשיליאוויטשוס האָט וועגן די דאָזיקע פאָרשלאָגן געהאט זײַן באזונדער מיינונג. ער האָט זיי געהאלטן פאר רעאלע און איז זיכער געווען, אז די אונטערערדישע טוער פון קאוונאס און ווילִיאמפּאָל זײַנען טעטיק און זיי וועלן גערן אופנעמען די אנטלאָפענע. נאָר ער פערזענלעך וועט ניט גיין קיין ווילִיאמפּאָל און קיין קאוונאס. ער האָט געהאלטן פאר זײַן כיוו צו גיין מיט די קריגסגעפאנגענע, כאָטש דערפאר, ווײַל זיי קענען ניט די ליטווישע שפּראך און אין די ערטער, דורך וועלכע זיי וועט אויסקומען גיין, פארשטייען אָפּט ניט די אָרטיקע אײַנוווינער קיין רוסיש.

קורץ גערעדט, די מיינונגען פון די מיטגלידער פונעם קאָמיטעט זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען, און מע האָט באשטימט קיינעם ניט שטערן טאָן אזוי ווי ער וויל. סאָפּקאָלסאָף האָט יעדערער פון אונדז דאָס רעכט צו גיין אהין, ווו ער וויל, ווו ער האלט פאר נייטיק. און מיר, די גרונטגרופּע, וועלן אוועק אין וואלד, נאָר אין וואלד. ס׳איז א שאָד געווען זיך צעשיידן מיט אבען, קראקאָווסקין, קוניקן — זיי זײַנען געגאנגען זאלבעדריט. נאָר וואָס קאָן מען טאָן — די וועגן אונדזערע זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען...

אזוי האָבן מיר באשלאָסן. נאָר דאָס מאָל איז אויך זיך ניט באגאנגען אָן א „נאָר“. דעם זעכצעטן דעקאבער, מיט צוויי טעג פאר דעם אנטלויפן, ווען די לעצטע אייגלעך אין דעם טונעלטויער זײַנען שוין געווען אויסגעבויערט, זײַנען אונדזערע פלענער צעשטערט געוואָרן. דער קאָמענדאנט האָט זיך געווענדט צו אונדז מיט א נײַער רעדע, ער האָט געזאָגט, אז אין נײַן טעג ארום, דאָס הייסט שאבעס דעם פינף־און־צוואנציקסטן דעקאבער, וועט ער אין צוזאמענהאנג מיט די ווײַנאכט־פײַערונגען און פאר מיזאמער ארבעט — די לעצטע טעג האָבן מיר זיך געסטארעט און דאָס טרוקענע האָלץ האָט אויך צוגעהאָלפן — אונדז אָפּלאָזן פרײַער ווי געוויינלעך, און אונדז געבן צו גוטע פאָרציעס בראנפן, און זונטיק דעם זעקס־און־צוואנציקסטן דעקאבער וועלן מיר ניט ארבעטן. „יאָמטעוו איז יאָמטעוו! — האָט ער געזאָגט. — מיר וועלן רוען“. נאָר ער האָט געוואָרנט, אז ער וועט דאָס אָפּשאפן, אויב מיר וועלן זיך פוילן.

דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר צונויפגערופן דעם קאָמיטעט און באהאנדלט די נײַע סיטואַציע. מיר האָבן באשלאָסן אָפּלייגן דאָס אנטלויפן אף דעם קומענדיקן שאבעס, אפן פינף־און־צוואנציקסטן דעקאבער. ס׳איז קלאָר געווען, אז ניט אונדז מיינט דער קאָמענדאנט, נאָר זיך און זײַנע מײַסטערס. זיי ווילן אליין אָפּרוען פון אונדז, פון די גריבער און פון די ליאלקעס, לעבן וועלכע זיי קומט אויך אויס צו זײַן. זיי ווילן פײַערן די ווײַנאכט, א הוליע טאָן און אויסטרינקען ווי עס דארף צו זײַן.

דאָס איז, פארשטייט זיך, געווען א גליקלעכער צופאל — מיר האָבן ארויסגעצויגן אָן אויסגעשפּילטן לאָטעריי־בילעט. זיי וועלן זיך אָנטרינקען. זיי וועלן אָנהייבן טרינקען שאבעס און וועלן טרינקען זונטיק. וויבאלד מיר זײַנען פארשפּארט אין קאזעמאט, דארפן זיי זיך פאר אונדז ניט זאָרגן. און אופוועקן וועט מען אונדז שפּעטער. צוליב וואָס דארף מען אונדז וועקן קאיאָר און זיך אליין באומרויִקן? ארבעטן דעם טאָג וועלן מיר דאָך ניט.

און דאָ איז מישקע־מאָריאקן געקומען אפן זינען אָפּטאָן א שפּיצל — מאכן פארן סאמע אנטלויפן אָן אָוונט און אײַנלאדן די מײַסטערס אין דער שפּיץ מיטן קאָמענדאנט. מיר האָבן פארגעדענקט, ווי עס זײַנען געפעלן געוואָרן דעם אָבערמײַסטער אונדזערע לידער. מיר וועלן פארלאָזן דעם פאָרט מיט מוזיק. מירן מאכן אזוי, אז אונדזערע הויכגעשעצטע געסט — פארשאָלטן זאָלן זיי ווערן! — זאָל זיך נאָך מער גלוסטן טרינקען און הוליען. אָט וואָס עס קומט א מענטשן אפן געדאנק, ווען ער דערשמעקט די פרײַהײַט.

סאשע האָט באקומען א דערלויבעניש באם קאָמענדאנט דורכפירן דעם אָוונט. פארוואָס ניט! פארורטיילטע צום טויט ווילן זינגען און טאנצן. א גוטע קאָמאנדע האָט זיך צונויפגעזאמלט...

דאָך איז עפּעס קאלעמוטנע געווען אפן הארצן. אלץ איז פארטיק. מע קאָן אוועק — און מיר דארפן ווארטן. גאנצע נײַן טעג! נײַן טעג און אכט נעכט! אריבער צוויי הונדערט שאָ! און ניט פּאָשעט ווארטן — ארבעטן בא די גריבער און בא די שײַטערס. און זיך שרעקן, אז דער פּלאָן קאָן אין א באליביקער מינוט ארונטערגעריסן ווערן. אזעלכע זאכן ווערן געוויינלעך ארונטערגע־

ריסן די לעצטע טעג, אין דער לעצטער שאָ, אין די לעצטע מינוטן. די קריגסגעפאנגענע ווייסן עס גוט.

די נערוון זייַנען געוואָרן אָנגעצויגן. מיר האָבן אַלץ געטראַכט: אַלץ קאָן דאָך אזוי גלאַט ניט דורכגיין. אזוי קומט ניט פאָר. עפּעס דאַרף געשען... און ס'האָט געטראָפן. צום גליק, ניט מיט אַלעמען, נאָר מיט מיר אײנעם.

דעם צוואַנציקסטן דעקאַבער, מאָנטיק, פינף טעג פאַר דעם אנטלויפן, ווען איך בין ארויסגעקראָכן פון א פּוסטער, שוין אָן אויסגעליידיקטער גרוב, האָב איך זיך אויסגעגליטשט, זיך פאַרפּלאָנטערט אין די קייטן און אַראָפּגעפאַלן אין דער גרוב אַרײַן. כ'האָב שטאַרק צענעריקט דעם קראַנקן פוס.

אזא ווייטעק האָב איך שוין לאַנג ניט געפילט, ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

פיניע און אבע האָבן מיך אופגעהויבן און אוועקגעזעצט. איך בין א ביסל געזעסן, אָפּגעעטעמט, און דער ווייטעק איז עטוואָס דורכגעגאַנגען.

ביז סאָף טאָג איז געבליבן ניט קיין סאך. איך האָב זיך באמיט ניט ארויסווייַזן, אז מיט מיר איז עפּעס פאָרגעקומען.

ווי אזוי זשע וועל איך אנטלויפן מיט אזא פוס?

איך האָב קוים זיך דערוואַרט ביז ענדע טאָג. אין קאַזעמאַט האָט זיך ערשט ארויסגעוויזן, אז דער פוס איז בלאָוו געוואָרן און גראָב ווי א קלאָץ. די כעוורע זייַנען אוועק צום דאָקטער. יענער האָט א קוק געטאָן, באַטאַפּט דעם פוס. נאָר וואָס האָט ער מיר געקאָנט העלפן? קיין רעפּועס האָט ער ניט געהאַט. ער האָט גאָרנישט ניט געהאַט. ער האָט געקאָנט מיך לאָזן אין קאַזעמאַט. האָט ער מיך געלאָזט. ער האָט געהייסן אָנרייַבן דעם פוס מיט בראַנפן — בראַנפן האָבן מיר געהאַט — און געייצעט מאַכן א מאַסאַזש.

— סטאַסיע וועט מאַכן, — האָט סאשע געזאָגט און אוועק זי רופן.

— דאָס איז אויף לאַנג? — האָב איך געפרעגט.

— איך ווייס? — האָט געענטפערט דער דאָקטער. — ניט ווייניקער ווי אויף א וואָך.

הייסט עס, אַלץ! די כעוורע וועלן אוועקגיין אָן מיר, וואַרטן קאָנען זיי ניט. און אויף פאַריידן די ציין וועלן זיי מיך בינדן און פאַרשטאָפּן דאָס מויל מיט א שמאַטע. נאָר בעסער וואָלטן זיי מיך דערשטיקט...

אין דרייַ טעג אַרום איז מיר געוואָרן גרינגער — דאָס געשווילעכץ איז פאַרשוואונדן. עס האָבן געהאָלפן סטאַסיעס הענט — גוטע הענט האָט זי געהאַט. עס האָט אויך געוויס געהאָלפן מייַן געבעט. „ווער געזונט, פוס מייַנער! ווער געזונט! — פיל מאָל האָב איך איבערגעכאַזערט: — ווער געזונט! ווער געזונט!..“

נאָר אַלציינס בין איך שוין ניט געווען קיין גייער...

אָבער זאָל זייַן גענוג וועגן דעם. איך וועל בעסער דערציילן וועגן געזונטע פיס, טאַנצנדיקע.

אָוונט.

25 דעקאַבער 1943 יאָר. ס'איז די ווייַנאַכט און דער ערעוו פון א צווייטן געבורט, אָדער ווידערגעבורט, פון פיר און זעכציק פאַרורטיילטע צום טויט. אין א פינף־זעקס שאָ אַרום וועט יעדערער פון אונדז מיט דעם פולן רעכט קאָנען זיך רעכענען אַלס נייַ־געבוירענער. אזוי־אַרום איז דאָס פאַר אונדז אַלעמען, סייַ ניט גלייביקע, סייַ גלייביקע, געווען דער ערעוו פון א גרויסן יאָמטעוו. און מיר האָבן אים אָפּגעמערקט, ווי מיר האָבן געקאָנט.

דאָרט, וווּ עס גייען זיך צונויף ביידע קאָרידאָרן — אונדזערער און דער, וואָס פירט צום ארויסגאַנג, זייַנען אויסגעשטעלט געוואָרן בענק פאַר די מייַסטערס, פאַר די הערן אָפיצערן; די צושויער — די אַרעסטאַנטן זייַנען געשטאַנען — קיין קנעכט זיצן ניט. וועל איך אויך שטיין. אויסער דעם, בין איך איינער פון די כאָריסטן, אפילע א סאָליסט. עס מאַכט ניט אויס, מייַן פוס וועט אויסהאַלטן — ער וועט אויסהאַלטן, מייַן פוס!

קיין בינע האָבן מיר ניט געהאַט. די בינע איז דער צעמענטירטער דיל. און קיין פאָרהאַנג איז ניט געווען. נאָר מיר האָבן אין געדאַנק אים אופגעהויבן. אַראָפּלאָזן וועלן מיר אים, ווען מיר וועלן ארויס פון די קאַמערעס, פון קאַזעמאַט, פון דעם פאָרט.

מיר האָבן געוואַרט אויף די געהויבענע געסט. פאַרפינקטלעכט די פּראָגראַם. נאָר דאָס האַרץ האָט אומרויִק געקלאַפּט: צי וועט זיך באַקומען? צי וועט מען אונדז ניט כאַפּן באַם ארויסגאַנג? צי וועט מען ניט לאָזן נאָך אונדז קיין הינט?

ביז איצט האָב איך, דוכט זיך, וועגן זיי ניט דערמאָנט, וועגן דער גרויער טשאַטע דייַטשישע

הינט, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די מײַסטערס אונדז געהיט בא די גריבער און באַגלייט ביז דער טיר פון קאַזעמאַט.

די וואכלײַט, פלעגט טרעפן, האָבן אף אונדז ניט געקוקט, זיי פלעגן זיך פאַרטראַכטן, זיך אײַנהילן אין די פעלצן און אמאָל א דרעמל טאָן. נאָר די וואָלף־הינט האָבן ניט געדרעמלט, זיי זײַנען שטענדיק געווען אף דער וואך. גרוי־געלע מיט טונקעלע פלעקן, שאַרפע אויגן, באַרינגלטע מיט געלע רעמעלעך, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און שווארצע פײַכטע נאָזלעכער. אף דעם מינדסטן שפּאַן אין א זײַט, לאָמיר זאָגן, צוליב א קליינער באַדערפעניש, האָבן זיי רעאַגירט, זיי האָבן א צי געטאָן דעם רימען און אָנגעהויבן בילן. זיי האָבן ניט אומגעוואָלגערט פון די פיס און ניט געוואַרט אפן באַלעבאָס. זיי האָבן זיך גלײַך אײַנגעביסן אין האַלדז, פונקט ווי עס טוען עס עמעסע וועלף.

אין דעם פלאַן, וואָס איז דורכגעטראַכט און דורכגעקאָנטראָלירט געוואָרן הונדערטער מאָל, זײַנען געווען עטלעכע ווײַסע פלעקן, נאָר באַצײַטנס אויסמײַדן זיי האָבן מיר ניט געקאָנט. אין דעם ערשטן אויסערלעכן הויף איז געשטאַנען א וועכטער, פאַרבײַ וועלכן אונדז וועט אויסקומען דורכגיין. אויב ער שטייט מיט א וואָלף־הונט, איז שוין בעסער ניט ארויסגיין פונעם טונעל. דעם וועכטער קאָן מען „אָפּראַמען”, ער קאָן אונדז ניט באַמערקן, ער קאָן דרעמלען. נאָר א וואָלף־הונט וועט אונדז דערהערן און דערזען. ער וועט אָנהייבן בילן — און דערמיט קאָן זיך אַלץ פאַרענדיקן. עמעס, סאַשע האָט געקלערט, אז באַנאַכט פירט מען די הינט ניט ארויס אף די אויסערלעכע פּאָסטנס.

דו ווייסט דאָך, אז איך האָב ליב הינט. איך האָב שטענדיק זיי ליב געהאַט, און וואָלף־הינט מער ווי אַלע אַנדערע, אָבער נאָך דעם נײַנטן פּאַרט וועל איך זיי שוין אזוי ניט ליב האָבן. איך וועל פּאַשעט מוירע האָבן פאַר זיי...

און זיי זײַנען געקומען. ניט די הינט — אונדזערע עסעסאָווצעס, די מײַסטערס. אכצן מערדער אין דער שפּיץ מיטן קאָמענדאַנט. און דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן.

אָך, ווי מיר האָבן זיך דאָס געסטאַרעט! מיר זײַנען פּאַשעט געקראָכן פון דער הויט, אבי זיי געפעלן ווערן. א צוגאָב־פּאַרציע באַגײַסטערונג און מונטערקײַט האָבן אונדז אַרײַנגעשפּריצט די געסט — דער קאָמענדאַנט מיט זײַנע אונטערטעניקע. זיי האָבן שוין געהאַט אויסגעטרונקען. בא דעם קאָמענדאַנט זײַנען די ווײַסע אויגן שוין רויט געווען, און בא זײַנע געהילפן אויך. זיי זײַנען שוין געווען אונטערן גלעזל.

איך געדענק אַלץ. אַלץ קאָן איך אופשטעלן אין זיקאָרן, אַלץ קאָן איך זיך פאָרשטעלן. נאָר דעם אָוונט זע איך, ווי דורך א נעפּל, ווי אין פיבער, ווי אין א שווערן טיפוס־שלאָף. און דאָס איז ווירקלעך געווען פיבער — זינגען און טאַנצן פאַר אויסוואָרפן, זיי פריילעך מאַכן מיט רוסישע לידער, רייצן זיי דאָס בלוט מיט א וויכער פון טענץ... מיר האָבן זיי פריילעך געמאַכט, גערייצט זייער בלוט און געטאָן דאָס באַוווסטזיניק. מיר האָבן געוווּסט: מיט יעדער נײַער ליד, מיט יעדן נײַעם טאַנץ דערנענטערט זיך די שאָ, ווען מיר וועלן זיי באַווײַזן א פײַג, און וואָס מער מיר האָבן זיי געהאַסט, אַלץ בייזער האָבן מיר געזונגען און געטאַנצט.

יאָ, וועגן דער פײַג.

ערעוו דעם אנטלויפן האָט איינער פון אונדזערע כעווערע, טאַליע מאַטילין, אָנגעמאָלט א קאָמיש געמעל — אונדזער געזעגענונג־גרוס די עסעסאָווצעס. אף ניט קיין גרויס שטיקל קאַרטאָן האָט ער אָנגעמאָלט א שווערן פויסט, וואָס באַווײַזט א פײַג. די האַנט האָט ארויסגעקוקט פון א שינעל־אַרבל מיט א גרויסן פינפקאַנטיקן שטערן. אנטקעגן דער פײַג איז געשטאַנען א קאַרליק, אָנגעטאָן אין דער פאָרם פון אן עסעסאָווער, דער קאַרליק איז ענלעך געווען אף אונדזער קאָמענדאַנט. דאָס דאָזיקע געמעל האָבן מיר פאַרן פאַרלאָזן דעם קאַזעמאַט אופגעהאַנגען אין קאָרידאָר אפן סאַמע באַלויכטענעם אָרט.

דער קאָנצערט איז געגאַנגען, ווי מע שרײַבט געוויינלעך, מיט דערפּאָלג. די געסט זײַנען געווען באַגײַסטערט: „די רוסישע לידער זינד וואונדערבאַר!” נאָר דאָס וויכטיקסטע אינעם קאָנצערט זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען די טענץ — עס האָבן געטאַנצט מישקע־מאַריאַק און יאַשע פּליושטש, דער סאַמע הויכער באַכער אין פּאַרט. מע האָט אים איבערגעטאָן אין פרויען־קליידער, אונטערגעלייגט פון פאָרנט און פון הינטן קישנס און אונטערגעבונדן מיט א טיכל. ער האָט פאַרגעשטעלט א דאָרפיש מיידל, נאָך וועלכער עס האָט אף פאַרשיידענע אויפאַנים ארומגעפּאַדעט דער קליינינקער, פלינקער און גליטשיקער מישקע־מאַריאַק. געענדיקט האָט זיך מיט דעם, וואָס אונטערן געלעכטער פון די עסעסאָווצעס האָט די „שיינהייט” געכאַפּט מישקען, וואָס האָט געוואָרפן מיט הענט און פיס, און אים אוועקגעטראָגן אין דער נאָענטסטער קאַמער. און די וואכלײַט האָבן געשריגן:

— וואַליאַ! וואַליאַ!

נאָר מיט דעם האָט דער קאָנצערט זיך ניט געענדיקט. דעם בעסטן נומער האָבן מיר גע־האַלטן אפן סאָף. מישקע האָט געטאַנצט. אַליין. סאָלאָ. ער האָט זיך געדרייט, ווי א מאַראַוויכער, געשטעלט הינטערפיסלעך, געגאַנגען אפן קאָפּ, אויסגעקלאַפּט, ווי דער טײַוול אַליין, טשעטשאָט־קע, און, ווי מיט אַרבעס, איבערגעשאָטן זײַן טאַנץ מיט טשאַסטושקעס. מיט פאַרשיידענע — קאָמישע און אַזעלכע געפּערלעכע, אַז ס'האָט אַזש פאַרכאַפּט דער אָטעם:

בא דעם דאָרף עס שטייט א מיל,
נאָך דער מיל א טײַכל.
וואַרפט דעם דײַטש אַרײַן אַהין,
אַך, וועט זײַן א מײַכל.

מיר האָבן געבעטן מישען, ער זאָל ניט זינגען קיין ריזיקאַלע טשאַסטושקעס. די דײַטשן האָבן קיין רוסיש ניט פאַרשטאַנען, נאָר דאָך. אין אַזעלכע מינוטן דאַרף מען זײַן געהיט, — אַזוי זאָג איך. נאָר מישקע האָט פאַרגעסן וועגן דעם אָדער זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן. ער האָט גאָרנישט און קיינעם ניט באַמערקט. ער איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט שווייס, נאָר ער האָט זיך ניט באַרויִקט:

עך, עפּעלע,
דו היט דאָס קעפּעלע,
וועסט אַרײַן אין נײַנטן פּאָרט,
וועסטו ניט אַרויס פון דאָרט...

פאַר אַזאַ מעשוגענעם טאַנץ האָט מען, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט א באַיאַן. נאָר מישקע האָט זיך ספּראַוועט אָן א באַיאַן. סאַפּקאָלסאָף אָבער איז ער געבליבן אָן קויכעס און איז שיר ניט א פאַל געטאָן אפן דיל. דער קאָמענדאַנט האָט געשיקט זײַנע צוויי געהילפן אין קאַראָולקע, און זיי האָבן געבראַכט פון דאָרט א באַטאַריי לאַנגע טונקעלע פלעשער מיט געלע עטיקעטקעס — צוויי פלעשער האָט ער דערלאַנגט פּערזענלעך מישען, איינע — פליושטשן, און די איבעריקע דעם כאָר:

— דאַס איסט ריכטיקער מאָזעל־ווײַן!

— דאָס איז עמעסער מאָזעלער ווײַן, — האָט סאַשע איבערגעזעצט און געזאָגט דעם קאָמענ־דאַנט, אַז די אַרבעטער באַדאַנקען אים און בעטן א דערלויבעניש אופּצושטיין מאָרגן שפּעטער, זיי זאָלן זיך אויסשלאָפן לעקאָוועד יאָמטעוו.

— יאַוואָל! — האָט געזאָגט דער קאָמענדאַנט. ער איז געווען אין א גלענצנדיקער שטימונג: מאָרגן וועט ער אָנשטאָט זעקס אונדז אופהייבן נײַן אַזייגער.

הייסט עס, אַז וועגן אונדזער אַנטלויפן וועלן זיי זיך דערוויסן מיט דרײַ שאָ שפּעטער. ניט אומזיסט האָבן מיר געטאַנצט.

ס'איז געווען שטיל. אַזוי שטיל, אַז עס איז ניט געווען מיט וואָס צו עטעמען. די שטילקײַט האָט מען געקאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט, ווי די נאַרעס, די ווענט, ווי דעם שטיינערנעם דיל. זי איז געדיכט געוואָרן, באַקומען וואָג און גענומען שטיקן, וואָרגן... צי עפּשער האָב איך פאַרהאַלטן דעם אָטעם... עס זאָל זײַן נאָך שטילער.

איך האָב געוווּסט: אונדזער קאַמערע שלאָפט ניט. אַפילו טשערנאָוו האָט ניט געכראָפּעט, נאָר קיינער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט. אין אַזעלכע מינוטן רעדט מען ניט. מע טראַכט בלויז. יעדערער האָט, געוויס, געזאָגט צו זיך אַליין: „איך ליג דאָ צום לעצטן מאָל. אַזוי צי אַנדערש, נאָר צום לעצטן מאָל..."

איך בין געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקוקט אפן שטאַנג פון דער קאָרידאָר־גראַטע, אף דעם אָרט, וואָס קראַקאָווסקי האָט הײַנט איבערגעזעגט. מע האָט נאָכאַמאָל געדאַרפט אַלץ דורכ־טראַכטן פון אָנהייב ביזן סאָף, פון וואָס וועלן מיר אָנהייבן און מיט וואָס וועלן מיר ענדיקן. מע דאַרף נאָכאַמאָל א רעד טאָן מיט סאַשען. כאָטש דערפאַר, וואָס אין א שאָ, אין צוויי אַרום גייען מיר זיך פאַנאַנדער מיט אים. איך מיט אַבען, קראַקאָווסקין און קוניקן גייען קיין ווילי־אַמפּאָל. דער קראַנקער פוס האָט מיך געצוווּנגען זיך אָפּזאָגן פון וואַלד. קיין ווילי־אַמפּאָל איז נאָענט. ניט מער, ווי פינף קילאָמעטער. אַזאַ שטרעקע וועל איך דורכגיין, נאָר פערציק קילאָמעטער אָן אָן אָפּשטעל דורך וואַלד און שניי איז איצט ניט פאַר מײַנע קויכעס. דער פוס נאָיעט פונדעסטוועגן. דעם גאַנצן אָוונט בין איך געשטאַנען...

סאַשע שלאָפט ניט, נאָר ער גיט זיך אויך ניט קיין ריר. באַאומרויִקן אים וויל איך ניט. זאָל ער רוען.

די שטילקייט איז סאַפּקאָלסאַף געוואָרן אומדערטרעגלעך. איך האָב גענומען ריידן מיט דיר, אַנושקע, און אין אַלץ פאַרגעסן.

— אינגיכן וועלן מיר וויסן, צי וועלן מיר ארויס פונדאַנען, און אויב מיר וועלן ארויס, צי וועלן מיר געפינען די אונטערערד, און אויב אונדזער פּלאַן וועט זיך איינגעבן, וועל איך, קאָן זיין, — ס'איז אפילו שרעקלעך א טראַכט צו טאָן וועגן דעם — דיך ווידער זען. נאָר דאָס איז קימאַט אומעגלעך. עס גייט ניט אין דעם, וואָס מע וועט אונדז נאָכיאָגן, זוכן אונדז, ניט אין דעם קראַנקן פוס און ניט אין די טויזנט קילאָמעטער, וואָס טיילן מיך אָפּ פון דיר, גייט עס. עס גייט אין דעם, וואָס מיר לעבן איצט אין פאַרשיידענע וועלטן, אין א פאַרשיידענער אויסמעסטונג, אין פאַרשיידענע שטערן־סיסטעמען. נאָר אויך פונדאַנען, פון דער דאָזיקער שרעקלעכער וועלט, רייס איך זיך דורך צו דיר, גיי צו דיר און איך וועל קומען. איך וויל לעבן. און איך, דער מענטש, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך פּיין, ליידן, זאָג דיר: דאָס לעבן איז וווּנדערלעך.

פריער האָב איך וועגן דעם לעבן ניט געטראַכט — איך האָב געלעבט, און דאָס לעבן איז געגאַנגען מיט זיין וועג. נאָר דאָ, בא די גריבער און שייטערס, האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס פאַר א גראַנדיעז וואָרט עס איז לעבן. דאָס איז דער פונדאַמענט, דער גרונט פון דער אַלוועלט, און קעגנגעשטעלט איז דעם לעבן בלויז איינס — דער טויט.

לעבן און טויט. שוין באַלד א יאָר, ווי איך געפין זיך צווישן זיי און קוק, ווי זיי ראַנגלען זיך פאַר מיר, פאַר מיינע כאַווירים און פאַר הונדערטער טויזנטער מענטשן אין די אַקאָפּעס, סאַנבאַטן און טורמעס. אויך פריער בין איך געווען צווישן לעבן און טויט, איך האָב געזען געהאַרגעטע און פאַרווונדעטע, בין אליין געווען פאַרווונדעט און געפילט דעם טויט הינטער זיך, נאָר איך האָב ניט געטראַכט וועגן אים — לעבעדיקע טראַכטן ניט וועגן טויט. צום ערשטן מאָל האָב איך אָף אָן עמעס אים דערזען דאָ, אין טויט־לאַגער. איך האָב געזען, ווי דער טויט האָט זיך צעהוליעט, ווי ער האָט אָנגעזאַמלט קרעפטן.

דאָס לעבן און דער טויט האָבן זייער קאָליר. דאָס לעבן שטעלט זיך מיר פאָר רויט, ווי א ציטיקער ווייַנשל, און גרין, ווי דאָס ערשטע בלעטעלע. און דער טויט, האַלט מען, איז שוואַרץ — שוואַרצער קרעפּ, שוואַרצע פאָנען, שוואַרצע רעמלעך. נאָר שוואַרץ איז אויך דער קאָליר פון לעבן: שוואַרץ ברויט, שוואַרצע הויט און שוואַרצע ערד. דער טויט איז אָפּטער פון אַלץ גרוי, ווי דער גרויער טאָג, ווי דער גרויער הימל, ווי דער גרויער קוואַטש אין די גריבער פון נייַנטן פאָרט. ער איז ניט בלינד, דער טויט, ווי מע זאָגט. דאָס זיינען מיר קורצזיכטיק און זעען אים אָפּט ניט, נאָר אונדז זעט ער אפילו אין דער שטאָק־פינצטערניש. דער טויט פאַרמאָגט פיל מיטהעלפער — מילכאָמעס, ווירוסן, אָרעמקייט, אַלטקייט און עפּידעמיעס. און מיר אליין העלפן אים. מיר, די מענטשן, וועלכע וואָלטן אים געדאַרפט פאַרשטעלן דעם וועג און באַגעגענען מיט פייער פון קוילנוואַרפערס. דער טויט האָט א סאַך געניטע מייסטערס און געהילף־מייסטערס, אָנגעזעענע קענער פון טויט־פאַך. עמעס, זיי אליין שאַנעוועט ער אויך ניט. האָסט אָפּגעאַרבעט פאַר אים, אָפּגעגעבן די קויכעס, כאַפּט ער דיך, דער טויט, און שלײַדערט דיך אויך אריין אין דער גרוב.

נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, ווי דער טויט זאָל ניט זיין אומפאַרמיידלעך, ווי ער זאָל שטאַרק ניט זיין, איז דאָס לעבן פיל שטאַרקער און עס וועט ניט האָבן קיין סאָף. באַגלייַך מיט דעם טויט גייט די ליבע, דאָס געבורט...

איך האָב דיך ליב, אַנושקע, איך גיי צו דיר, נאָר אויב איך וועל ניט דערגיין — לעב אָן מיר, לעב גוט, כאָווע אויס דעם זון און דערמאָן מיך אמאָל...

— קאָליע־ליאַטשיק, ס'איז צייט! — האָט סאַשע איבערגעריסן מיינע געדאַנקען.

אין קאַמערע האָבן זיך אַלע אופגעהויבן. יעדער איינער האָט געוווּסט זיין פליכט. די ענער־גיע, וואָס האָט זיך פאַר אזויפיל צייט אָנגעזאַמלט, האָט באַקומען אַן אָנווענדונג.

קראַקאָווסקי און טשערנאָוו זיינען ארופגעקראָכן אָף די אייבערשטע נאַרעס און אינצווייען זיך גענומען פאַר דעם אונטערגעזעגענעם שטאַנג און אים אָנגעהויבן איינבייגן. דער שטאַנג האָט זיך ניט אונטערגעגעבן, ניט געוואָלט אונדז ארויסלאָזן. נאָר פיניע און טשערנאָוו האָבן געוואָלט אוועק פונדאַנען, זיי האָבן זיך אָנגעשפּאַרט מיט די פיס אין דער גראַטע, און דער שטאַנג האָט אָנגעהויבן ציטערן, סקריפּען און זיך אונטערגעבן.

מיט צוויי שליסל אין טאַש איז מוישע קוניק ארויסגעקראָכן דורך דער גראַטע — ער איז געווען דער דאַרסטער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אָפּן דיל, אריינגעשטעקט דעם שליסל אין דעם שלאָס־לאָך, און, פאַרשטייט זיך, ניט דעם — ער האָט געהאַט צוויי שליסל. מיטן צווייטן האָט ער אופגעעפנט די טיר.

איך בין ארויסגעגאַנגען צו מוישען. אינצווייען זיינען מיר צוגעגאַנגען צו דער אַנדערער קאַמערע. קוניק האָט ניט באַוויזן אריינשטעלן דעם שליסל, ווי דאָרט האָבן זיך אופגעכאַפּט רייַטעלזאָן און וואָלאָווניק, וועלכע האָבן גענומען וועקן די איבעריקע.

— אופשטיין, אָבער שטיל! אופשטיין, אָבער שטיל! — האָט איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן, ווי א פּאַראָל. די אופגעוועקטע האָבן פון שרעק געציטערט, ברייט צעעפנט די אויגן, וועלכע זײַנען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט פּאַכעד.

— שטיל. טוט זיך אָן.

— שטיל. שרעקט זיך ניט.

— אָן א קאָמאַנדע פון דער קאַמערע ניט ארויסגיין.

— שטיל!

— שטיל!

— שטיל!

די מענטשן האָבן דאָ געוווּסט, וואָס הייסט עס — שטיל.

די קאַמערעס זײַנען אָפן. יעדערער איז פּאַרנומען מיט זײַן זאַך. סאַזאָנאָוו מיט זײַנע גע־הילפן בינדן צונויף די לייטערס. די, וועלכע האָבן ניט געוווּסט, אז מיר קלײַבן זיך אַנטלויפן, גיט מען ארויס אָנטאָן, וואָס איז אופגעגנייט פון שינעלן, שיך — אראָפּגענומענע פון די ליאַלקעס. אין קיין קלומפּעס וועסטו ניט לויפן. מיר איז אויך אויסגעקומען אָנטאָן שיך.

די ארעסטאַנטן האָבן זיך אָנגעטאָן און געבליבן שטיין לעבן די נאַרעס, ווי בייס אַן אָוונטיקן איבערוף — מיט אויסגעצויגענע הענט. נאָר קיין איבערופן וועלן מער ניט פּאָרקומען. זשיליא־וויטשוס האָט געמאָלדן:

— מיר אַנטלויפן פונדאַנען. אוועקגיין קאָנען אַלע. גאַראַנטירן א דערפּאָלג קאָן מען ניט. מע קאָן אונדז כאַפּן. ווער עס וויל ניט אַנטלויפן, זאָל מאַכן א שפּאַן פּאָרויס.

איינער האָט געמאַכט א שפּאַן.

— דו ווילסט ניט?

— איך וויל.

— פאַרוואָס זשע ביסטו ארויסגעגאַנגען?

— איך ווייס ניט.

א דערשלאָגענער און א געהאַרכזאַמער. מע האָט געהייסן מאַכן א שפּאַן פּאָרויס, האָט ער געמאַכט. מע וועט הייסן — דרייַ צוריק, וועט ער מאַכן. נישקאָשע, ער וועט גיך קומען צו־זיך.

מיר טיילן פאַנאַנדער די מענטשן אָף צענדליקער, מעלדן, ווער עס זײַנען די קאָמאַנדירן פון די גרופּעס און זייערע פאַרטרעטער, דערקלערן, וויאַזוי מיר וועלן ארויסגיין, און שטעלן אײַן אַן אָבליגאַטאָרישן באַדינג: אָרדענונג! דיס־ציפּ־לין! און וואָרענען, אז דער, וואָס וועט אופהייבן א טומל, אומיסטן צי ניט אומיסטן, וועט גלײַך ווערן אַנטשעדיקט.

— קלאָר?

מע שווײַגט. הייסט עס, מע האָט פאַרשטאַנען.

מע האָט נאָך געדאַרפט ענדגילטיק אויסקלאָרן, ווער מיט וועמען עס גייט. אין גרונט זײַנען שוין די גרופּעס צונויפגעשטעלט געווען. די גרעסערע העלפט אסירים און מיט איר די פיר מייד־לעך גייען מיט טווערסקאָיען און זשיליאַוויטשוסן אין וואַלד, פיניע, קוניק און איך גייען אויך אַהין, נאָר מיט אַן אַנדער מאַרשרוט. אוועקגיין איינציקווײַז האָט דער קאָמיטעט פאַרבאָטן. אַן אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן פאַר טשערנאָוון — ער איז געגאַנגען אַהיים, אין דאָרף ארײַן. זאָל ער גיין. אָן אים וואָלט ביכלאַל קיינער ניט אוועקגעגאַנגען.

שטיל איז אין קאַזעמאַט שוין ניט געווען, קיין טומל איז אויך ניט געווען. קיינער האָט ניט געטומלט, נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן א לעבן.

אַלץ איז געטאָן געוואָרן גיך און געשיקט. אז די אײַזערנע טרעפּ זאָלן ניט דונערן, האָט מען אויסגעשפּרייט שינעלן, וועלכע מיר האָבן ארויסגעשלעפּט פונעם טונעל. פינף פון אונדז — קראַקאָווסקי, סאַשע, אַבע, מישקע־מאַריאַק און איך, — זײַנען ארײַן אין טונעל, זיך פאַר־קליבן אָף די טיוקעס און אוועקגעפּויזעט צו דעם טויער. סאַשע האָט אָנגעצונדן דאָס שטיקל ליכט. אין ערשטן מאָמענט בין איך מעוווּלוול געוואָרן: קיין איין אייגל, קיין איין לעכעלע! נאָר אָט האָט פיניע א קאָלופּע געטאָן אין איין אָרט, אין א צווייטן — די אייגלעך האָבן גענומען קוקן.

פיניע האָט געפרעגט:

— ארויסקוועטשן?

— קוועטש, — האָב איך געזאָגט און א טראַכט געטאָן: און אויב עס וועט זיך ניט ארויס־קוועטשן?..

פיניע האָט צוגעלייגט אַן אָפענע דלאָניע צו דעם טויער. סאַשע האָט פאַרלאָשן די ליכט, און מיר האָבן דערהערט א מעטאַלענעם קרעכץ, א הילכיקן און א צעצויגענעם, הערן דאָס איז געווען שוידערלעך, פּונקט ווי מע זאָל שנײַדן מיט א מעסער דאָס האַרץ. עס הערט דאָך דער גאַנצער פּאַרט. אַלע וואַכלײַטן!..

עס איז שטיל געוואָרן. א שוויס האָט מיך באַגאָסן, ווי איך וואָלט אַליין ארויסגעקוועטשט דאָס פּענצטערל. אַף דעם שווארצן טויער האָב איך דערזען א בוילעט אָנגעצייכנטן פּירעק. אין צווייטן טונעל איז געוואָרן ליכטיקער.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט אַף די שפּיץ פינגער. פון דעם פענצטערל האָט א צי געטאָן מיט פרישקייט, מיט דער לופט פון דעם אויסערלעכן הויף. ס'איז געוואָרן שטיל.

סאַשע האָט גענומען קריכן אין פענצטער. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אַרייַנגעשטעקט איין פוס, דערנאָך דעם קאָפּ און דעם קערפּער, דערנאָך דעם צווייטן פוס און איז פארשוווּנדן. נאָך אים זייַנען ארויסגעקראָכן אבע און מישקע־מאַריאַק. זיי וועלן צוגיין צום ארויסגאַנג, א קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אינעם ערשטן, אויסערלעכן הויף, ווּ, לויט אונדזער פאַרשטעלונג, שטייט א וועכטער. און זיי וועלן דאָרט בלייַבן. סאַשע וועט זיך אומקערן צוריק, און מיר וועלן נעמען ארויספירן די מענטשן.

די דרייַ־פיר מינוט האָבן זיך געצויגן, ווי שאָען, נאָר אָט האָט זיך באַוויזן א פוס, א קאָפּ, א קערפּער, א צווייטער פוס, און סאַשע האָט געזאָגט:

— דאָרט איז שטיל. מע זעט קיינעם ניט.

פיניע איז געבליבן אין טונעל. איך און סאַשע האָבן זיך אומגעקערט אין קאַזעמאַט.

מע האָט שוין געוואַרט אַף אונדז. מע איז געשטאַנען גרופּעסווייַז — צו צען מענטשן, איינער הינטער דעם אַנדערן. איך האָב געמאָלדן טווערסקאָי און זשיליאַוויטשוסן וועגן דער לאַגע און בין צוזאַמען מיט סאַשען אוועקגעגאַנגען צו סאַזאָנאָוון — ער האָט זיך נאָך אַלץ געפּאַרעט מיטן לייטער, אים האָט מען געדאַרפט לאָזן פאָרויס.

— וועלכן בינדסטו? — האָט סאַשע געפרעגט.

— דעם פערטן, דעם רעזערוו־לייטער, — האָט געענטפערט סאַזאָנאָוו.

— מע דאַרף ניט, — האָט געזאָגט סאַשע. — עס וועט גענוג זייַן דרייַ. קיין איבעריקע צייַט איז ניטאָ.

טווערסקאָי האָט אינסטרוקטירט די כאַווירים:

— איך וואָרן: אין די טונעלן ניט ריידן... אפילו שעפּטשען זיך איז פאַרווערט. ניט הוסטן, ניט ניסן און ביכלאַל ניט עטעמען. ס'איז קלאָר?..

מע האָט געשוויגן. מע האָט אפילו דאָ מוירע געהאַט עפענען דאָס מויל.

— אין צווייטן טונעל וועט איר וואַרטן. איינציקווייַז וועט איר ארויסגיין פון דאָרט און איבערגיין אין דריטן טונעל; אונדז וועט אויסקומען איבערלויפן אָדער איבערקריכן דורך אַן אָפן פעלד — ס'איז דאָס געפערלעכסטע אָרט. דאָרט שטייט א וועכטער. אויב מיר וועלן אים ניט אָפּראַמען, וועט אייַך אויסקומען פאַרבייַגיין דאָס דאָזיקע געפערלעכע אָרט אַזוי, אַז די לופט זאָל זיך קיין ריר ניט געבן. פאַרגעדענקט — דער איקער שטילקייַט, נאָכדעם וועלן מיר אַרייַן אין דריטן טונעל, און פון דאָרט וועלן מיר אָרגאַניזירט פאַרבייַגיין דעם פאַרט ביז דער אויסער־לעכער וואַנט, צושטעלן צו איר א לייטער, און דאָרט זייַנען מיר שוין אַף דער פרייַ. נאָר ביז דער וואַנט דאַרף מען זיך נאָך דערקלייַבן. פאַרשטאַנען?

מע האָט געשוויגן. הייסט עס, פאַרשטאַנען.

— איך פרעג דאָס לעצטע מאָל: ווער וויל בלייַבן?

אַן אומזיסטע פראַגע — קיינער האָט ניט געוואָלט.

מיר האָבן אָנגעהויבן ארויסגיין פון פאָרט.

פאָרויס איז געגאַנגען טווערסקאָי, נאָך אים — סאַזאָנאָוו און זייַנע געהילפן מיט די לייטערס — צווימעטערדיקע, שמאָלע לייטערס, שטייַף איבערגעבונדענע מיט גרינע שינעל־שטיקער. נאָך זיי — די פרויען, דערנאָך דער ערשטער צענדליק אין דער שפּיץ מיט סירקין־סקליאַרענקאָן. און דאַן די איבעריקע.

איך האָב געקוקט אַף די מענטשן — אַזעלכע האָב איך זיי נאָך קיינמאָל ניט געזען. פון אופגערעגטקייַט, פון דעם פאַרגעפיל, אַז באַלד וועלן זיי ווערן פרייַ, פון שרעק האָבן זיי זיך אינגאַנצן געענדערט. פון די פּנימער איז פאַרשוווּנדן דער אויסדרוק פון פאַרוראַטייליטקייַט. די אויגן האָבן אָנגעהויבן לויכטן — עס האָט זיך באַוויזן אין זיי א פונק פון האָפענונג. מיר האָט זיך געוואָלט פאַרגעדענקען די מענטשן, ווייַל אין פאַל פון דערפּאָלג צי אין פאַל פון א דורכפאַל וועל איך זיי מער שוין ניט זען. מיר צעגייען זיך אין פאַרשיידענע זייַטן.

און אָט האָט גענומען גיין דאָס לעצטע שנירעלע אין דער שפּיץ מיט זשיליאַוויטשוסן און טאַמילינען. איך האָב זיך דערמאָנט און אים א פרעג געטאָן:

— און די פייַג ווּ איז?

— זי הענגט, — האָט ער געזאָגט. — דאָרט, ווּ מיר זייַנען ארויסגעטראָטן...

צום לעצטן מאָל האָבן מיר מיט סאשען באקוקט די קאמערעס, עפשער איז עמעצער געבליבן... ניטאָ קיינער, קיין לעבעדיקער נעפעש. פוסט. שטיל און, ווי אין אלע ערטער, וואָס מע פאַרלאָזט אין איַילעניש, — אַן אומאָרדענונג... און אָט איז די פּיַיג — אונדזער גרזעגענונגס־גרוס דעם קאָמענדאַנט פון דעם ניַינטן פאָרט.

ס'איז ציַיט געוועזן זיך לאָזן אין טונעל. נאָר עפּעס האָט מיך געהאַלטן אין אָט דעם נימעסן, כווישעכדיקן אָרט. עס האָט זיך געוואַלט אַלץ פאַרגעדענקען, אָנהייבנדיק פון די גרויע געוועלבטע סופיטן, וועלכע זיַינען באדעקט מיט שימל, ביז די צווייטשטאָקיקע נארעס, אף וועלכע מיר זיַינען געשלאָפן. מיר זיַינען אריַין אין אונדזער קאמערע, און איך האָב געזאָגט סאשען:

— לאָמיר זיך צוזעצן אף א מינוט. פאר דעם, ווי מע לאָזט זיך אין וועג, דארף מען זיך צוזעצן.

— מיר זיַינען דאָ אזוי אויך געזעסן, — האָט סאשע געזאָגט און זיך אנידערגעזעצט. — איר ווייסט, קאָליע־ליאָטשיק, איך מיט סטאסיען האָבן באשלאָסן גיין מיט איַיך...

— מיט מיר? צוליב וואָס?

— איך האָב זיך צוגעוווינט צו איַיך, און סטאסיע האָט איַיך ליב. זי זאָגט, אז איַיער פוס איז נאָך קראנק, אז מע וועט איַיך דארפן העלפן.

— מע דארף מיר ניט העלפן. גייט מיט טווערסקאָיען. מע דארף ניט.

מיר האָבן געשוויגן. נאָר אינוויַיניק האָט עפּעס געשעפּטשעט: זאָלן זיי גיין מיט דיר, זאָלן זיי גיין.

— סטאסיע וויל גיין מיט איַיך.

— זאָל זיַין אזוי, סאשע, א דאנק דיר, א דאנק פאר אַלץ.

מיר זיַינען אופגעשטאנען, זיך אופגעהויבן אף די טרעפּ און אוועקגעפויזעט איבער די טיורקעס צום פענצטערל.

א שאָ ציַיט איז דורך, פון זינט מיר האָבן זיך אופגעכאפּט פון שלאָף און ביז מיר זיַינען אריַין אין צווייטן טונעל. פונקט אזויפיל ציַיט האָבן מיר אויך אויסגעטיילט אף ארויסצוגיין פון פאָרט און איַינעמען די וואנט. ס'איז טיַיער געווען יעדע מינוט. דערוויַיל איז אַלץ געגאנגען גוט.

אין צווייטן טונעל האָבן קאָמאנדעוועט טווערסקאָי און זשיליאַוויטשוס. די מענטשן האָבן זיך צונויפגעקליבן אינעם רעכטן, בלינדן עק פונעם טונעל. מע האָט געוואַרט אף אבען און מישקע־מאַריאַק און נאָך אף איין כעווערמאַן, — זיי זיַינען אוועקגעקראָכן צו יענעם אָרט, וווּ מיר האָבן געמיינט, אז ס'שטייט א וואַך. זיי האָבן שוין געדאַרפט זיך אומקערן — עס איז דורך א מינוט צען־פופצן, נאָר זיי האָבן זיך ניט אומגעקערט.

אין אזעלכע פאלן זיַינען די מינוטן לאנגע. אין ווינקל, וווּ עס האָבן זיך צונויפגעשטופּט די מענטשן, האָט זיך דערהערט אַן עקלהאַפט שעפּטשעריַי:

— זיי וועלן זיך ניט אומקערן... זיי זיַינען אנטלאָפן אָן אונדז...

א האַמוין איז פאָרט א האַמוין, א גרויסער צי א קלענערער. עמעצער האָט נאָך עפּעס געפּרווּוט זאָגן, און עס האָט געגומען שמעקן מיט פּאַניק.

— נאָך איין וואָרט... — האָט שטיל, נאָר דיַיטלעך געוואָרנט טשערניאַוווסקי... נאָר פאַרענדיקן זיַין וואָרענונג האָט ער ניט באדארפט — די כעוורע זיַינען געקומען און דערקלערט, אז א מעטער פופציק אָדער פינף און פופציק פונדאַנען שטייט א וואכמאַן אונטער א גרויסן בוים בא דער ציגלנער וואנט פון דעם קאָזעמאַט. זיי האָבן אים גוט געזען. ער טראָגט א ווינטערדיק היטל מיט אראָפּגעלאָזטע אויערן, א פעלץ און פוישטן. ער האָט זיך צוגעטוליעט צום בוים און רירט זיך ניט פון אָרט. מעגלעך, אז ער דרעמלט אָדער ער שלאָפט. נאָר ארעוו זיַין דערפאַר קאָן מען ניט. דעם ארויסגאנג פון אונדזער טונעל זעט מען פון דאָרט ניט. נאָר דעם פּלאַץ פארן דריטן טונעל וועט דער דיַיטש זען, אויב ער שלאָפט ניט. דאָרט איז איַינגאנצן אַן אָפן אָרט... צי קאָן מען אים אַפּראַמען? מע קאָן. נאָר מע האָט זיי געהייסן אים ניט טשעפּען, האָבן זיי ניט געטשעפּעט.

מע האָט גליַיך געדאַרפט אָנעמען א באשלוס. די מענטשן האָבן געוואַרט. באשלאָסן האָט מען אָט וואָס: דעם דיַיטש אַפּראַמען דאַרף מען ניט — דאָס איז ריזיקאַליש. ער קאָן אויסשיסן, און דעמלט איז אַלץ פאַרפאַלן. די כעוורע וועלן נאָכאַמאָל מאכן א פּרווּו. אויב זיי וועט זיך איַינגעבן אריַין אין דריטן טונעל און דער דיַיטש וועט זיי ניט באמערקן, וועלן זיי אים לאָזן צורו — זאָל ער שלאָפן. אויב ער וועט זיי דערזען אָדער דערהערן, מאכן זיי צו אים א סאף — זיי האָבן געהאַט מעסערס.

וואָס שיַיעך דעם אָפענעם שטיקל פעלד, האָבן מיר באשלאָסן עס פאַרמאַסקירן. מיר וועלן צונויפבינדן זעקס קאָלדרעס, מאכן א מין שירמע אָדער פאַרהאַנג. דעמלט וועט ניט אויסקומען

צו קריכן. די מענטשן וועלן פּשוט דורכגיין. אַזוי וועט זײַן שנעלער. נאָר די קאָלדרעס זײַנען געבליבן אין קאַזעמאַט און אומקערן זיך אַהין האָט זיך ניט געוואָלט.

געגאַנגען איז סאַשע. ער איז אַרײַן אין פענצטערל און פאַרשווּנדן, און איך האָב אָוועקגע־פירט די דרײַ כעוורע צום אַרויסגאַנג פון טונעל און געקוקט, ווי זיי פויזן אַוועק אין דער פינצטערניש, צו דעם וועכטער.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. ס'איז געווען שטיל. בלויז ערגעץ ווײַט, הינטערן פאַרט, הינטער די גריבער, וווּ מיר האָבן ערשט נעכטן געאַרבעט, האָט סקאַווטשעט אַ הונט. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב פאַרגעסן פרעגן די כעוורע, צי האָט ניט דער דײַטש לעבן זיך קיין וואָלף־הונט. מיסטאָם ניט. אַ הונט וואָלט דערהערט און אַ צי געטאָן דעם רימען... יאָ, עס גליקט אונדז.

סאַשע האָט זיך אומגעקערט מיט די קאָלדרעס. טשערניאַווסקי האָט אויסגעקליבן דרײַ הויכע כעוורע און זיי געהייסן אָנציִען די קאָלדרעס. פון פאַרט וועט גיין סאַשע, נאָך אים די מאַסקיראָווטשיקעס, דערנאָך — קוניק, קראַקאָווסקי און איך. מיר וועלן באַקוקן דעם דריטן טונעל, און אויב אַלץ איז דאָרט אין אָרדענונג, וועלן מיר גיין.

באַם אַרויסגאַנג האָט דער טונעל, אין וועלכן מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט, פאַרקערעוועט און זיך פאַרענדיקט מיט אַ נידעריקער בעטאָנירטער וואַנט און מיט אַ בערגל, וואָס האָט געסטאַר־טשעט איבער דער וואַנט. סאַשע האָט זיך גענומען רעכטס און געגאַנגען לענגאויס דער וואַנט. ער האָט געשפּאַנט פּאַמעלעך, רויִק. אינגיכן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געמאַכט אונדז אַ צייכן מיט דער האַנט. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין. די מאַסקיראָווטשיקעס האָבן שפּאַנענדיק אָנגעצויגן די קאָלדרעס. מיר האָבן זיך ניט געאײַלט. מיר זײַנען געגאַנגען אַפילו פּאַמעלעכער, ווי געוויינלעך, נאָר זיך געסטאַרעט, עס זאָל זײַן שטיל, אַבסאָלוט שטיל, בלויז דאָס האַרץ האָט הילכיק געקלאַפּט. מיר זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען די אָנגעצויגענע קאָלדרעס. באַם אַרײַנגאַנג אין דריטן טונעל האָט אונדז באַגעגנט סאַשע.

— אין טונעל איז אַלץ אין אָרדענונג, — האָט ער געזאָגט. — מע קאָן אָנהייבן.

איך האָב געגעבן אַ צייכן דעם ערשטן מאַסקיראָווטשיק, דער ערשטער — דעם צווייטן, דער צווייטער — דעם דריטן, און יענער — די כאַווייריִם פון טונעל.

מע האָט אָנגעהויבן איבערגיין.

מיר זײַנען אַוועק באַטראַכטן די וואַנט.

דער דריטער טונעל האָט, פּונקט ווי דער ערשטער, זיך אויך פאַרקערעוועט, נאָר ער איז געווען לענגער און פינצטערער. כאָטש מיר זײַנען געגאַנגען פּאַרזיכטיק, האָבן אונטער די פיס געטרישטשעט די שפּענדלעך און די קאָרע, וואָס זײַנען געבליבן פון דעם האָלץ, וואָס איז דאָ געלעגן. עס האָט זיך באַוויזן דער אַרויסגאַנג. באַם אַרויסגאַנג האָט דער טונעל זיך ווידער פאַרקערעוועט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. זיך צוגעהערט און אַוועק ווײַטער.

אַ שניי. ניט קיין גרויסער טאָל, און ווײַטער — אַ מעשופּעדיקער באַרג, וואָס איז פאַר־וואַקסן מיט שיטערע קוסטעס. אַ טונקעלער נידעריקער הימל.

מיר האָבן גענומען קריכן אָפן באַרג. דער באַרג איז גליטשיק און באַדעקט מיט אַן אײַז־הײַטל, און פּונקט, ווי אין דער גרוב, האָב איך זיך ווידער אויסגעגליטשט, נאָר דאָס מאָל באַוויזן זיך אָנכאַפּן פאַר אַ קוסט. אָבער דער פּוס האָט אָנגעהויבן ווײ טאָן. איך בין פּאַמעלעך איבערגע־גאַנגען פון קוסט צו קוסט און אינגיכן זיך דערקליבן צום שפּיץ. דאָס ערשטע מאָל האָב איך דערזען דעם ברייטן ריוו, וואָס האָט אַרומגערינגלט פון רעכטס און פון לינקס דעם באַרג. איך האָב דערזען די וואַנט — די לעצטע שטערונג, וועלכע מיר וועלן באַלד דאַרפן אײַננעמען.

קיינעם זעט מען ניט. ס'איז שטיל. מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער וואַנט. מע דאַרף אויספאָרשן דעם ריוו. סאַשע איז אַוועק אַף לינקס, קראַקאָווסקי אַף רעכטס. דאָרט פירט אַ וועג צום פאַרט, און מעגלעך, אַז דאָרט שטייט אויך אַ וואַך. איך מיט קוניקן זײַנען געבליבן אָפן אָרט און גענומען באַטראַכטן די וואַנט.

אַ גרויזאַמע. אַן אַלטע. דאָס האָט מען געזען אַפילו אין דער פינצטערניש. די וואַנט האָט זיך צוגעשפּאַרט צו אַ הויכן מעשופּעדיקן באַרג. פאַרענדיקט האָט זיך די וואַנט מיט ניט קיין גרויסן קאַרניז, וואָס איז פאַרפּאַראַשעט געווען מיט שניי. פון יענער זײַט הייבט זיך אָן די פרײַהייט...

וויפל זשע האַלט זי מעטער? שוין זשע בלויז זעקס? און אויב מער?

דעמלט וועלן אונדז לייטערס ניט קלעקן. דאָס וואָלט שוין געווען צו שרעקלעך. ניין. ניין. עס קאָן ניט זײַן.

עס האָבן זיך אומגעקערט פּיניע מיט סאַשען. זיי האָבן קיינעם ניט געזען און גאָרנישט ניט געהערט. פאַרשטייט זיך, אויב די וואַך איז פון אויבן, זעט מען זי ניט. עס וועט אויסקומען פריִער

שיקן אף דער וואנט אן אויסשפירער, ערשט נאָכדעם וועלן זיך אופהייבן אלע. איך האָב געזאָגט סאשען וועגן די לייטערס. וועגן מײַנע ספייקעס. ער האָט אויך אָנגעהויבן צווייפלען. נאָר צו וואָס איז דאָס טראַכטעניש? מיר וועלן ברענגען די לייטערס, צונויפבינדן זיי און צושטעלן צו דער וואנט — וועלן מיר וויסן.

מיר האָבן זיך אומגעקערט אין טונעל. אלע אסירים זײַנען שוין דאָרט געווען. דורכגעגאנגען זײַנען זיי אויסגעצייכנט. דער וועכטער האָט זיך אפילע קיין ריר ניט געטאָן. מינאסטאם איז ער טאקע געשלאָפן, און עפשער האָט אונדז פּאַשעט אָפּגעגליקט...

מיר זײַנען שוין קימאט געווען אף דער פרײַ און האָבן קימאט ניט איבערגעשטיגן די אָנגע־מערקטע צײַט. נאָר איידער ברענגען די מענטשן צו דער וואנט, איז באשלאָסן געוואָרן צומעסטן דעם לייטער און די ערשטע איבערפעקלען אף ארוף אבען און מישקע־מאָריאַק. מיר האָבן אלע דרײַ לייטערס צונויפגעבונדן, צוגעשטעלט צו דער וואנט, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער לייטער איז קורץ. ער האָט זיך געדארפט אָנשפארן אפן קארניז, אנדערש וועסטו זיך אף דער וואנט ניט אופהייבן. עס האָט געפעלט א מעטער, ניט מער.

הייסט עס, אז מע דארף זיך אומקערן אין קאזעמאט און ברענגען דעם פערטן טייל. שולדיק איז, פארשטייט זיך, געווען סאשע. דאָס האָט ער געהייסן סאזאנאָוון ניט נעמען דעם פערטן לײַ־טער. נאָר ווער ס'איז גערעכט און ווער ניט, האָט שוין איצט ניט געהאַט קיין באדײַטונג. מע דארף זיך אומקערן און דורכמאכן אלץ פון אָנהייב: דורכגיין אהין און צוריק. צוליב א נארישקײַט קאָן אלץ פארפאלן גיין. דער וועכטער קאָן זיך פּלוצעם אופכאפּן... און דאָך מוז מען גיין.

און געגאנגען איז ווידער סאשע. דער פּאַרט האָט שטארק ניט געוואָלט אים אָפּלאָזן. און נאָך צוויי כעוורע זײַנען געגאנגען — אף סטראַכירן.

געוואַרט האָבן מיר אף זיי — אן אייביקײַט. נאָר זיי האָבן זיך אומגעקערט און געבראכט. סאשע איז אפילע געווען פריילעך.

— די שטשורעס פּליִען ארום מעשוגענערווײַז. ווי אף אן אונטערגייענדיקער שיף. ווען זיי וואָלטן נאָר געקאָנט, וואָלטן זיי אופגעהויבן אן אליארעם...

— און מיט וואָס איבערבינדן?

— אָט איז א גאנצער הויפן שמאטעס.

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער עטאפּ פון אונדזער אויסלייזונג.

מיר האָבן צוגעפעסטיקט דעם פערטן טייל צום לייטער און אים צוגעשטעלט צו דער וואנט. איצט איז ער געווען העכער פון דעם קארניז. ווידער זײַנען די ערשטע געגאנגען אבע און מישקע־מאריאק. זיי זײַנען ארופגעקראָכן גיך און געשיקט, ווי פײַערלעשער, ווי צירקאטשעס. איך האָב צוגעהאלטן דעם לייטער און געפילט, ווי ער ציטערט. נאָר אָט האָט דער לייטער אופגעהערט ציטערן — די כעוורע זײַנען ארויס אף דער פרײַ.

איבער די קאָלדרעס און דעם לייטער איז פארלוירן געגאנגען איבעריקע צײַט: דעריבער איז אויסגעקומען דעם לעצטן עטאפּ דורכמאכן אין א שנעלערן טעמפּ. מיר האָבן ארויסגעפירט די מענטשן פון דעם טונעל אין דעם פארשנייטן ריוו, און ווי נאָר מישקע האָט געגעבן א צייכן, גענומען זיך אופהייבן. פּאָרויס איז געגאנגען טווערסקאָיס און זשיליאָוויטשוס' גרופּע און דער־נאָך — די איבעריקע. די לעצטע האָבן מיר זיך אופגעהויבן — סטאסיע, סאשע, קראקאָווסקי, קוניק און איך, — אבע איז שוין געווען דאָרט. מיר האָבן אָנגעהויבן, און מיר וועלן פארענדיקן די אומעגלעכע, אומגלייבלעכע, פּינקטלעכע און דרייסטע אָפּעראציע. דאָס איז געווען דער פּאר־דינסט פון א סאך מענטשן, אויך מײַן כיילעק איז אין דעם געווען, נאָר הויפּטזאכלעך איז דאָס דער פארדינסט פון דרײַען: קאשטאָיאנצס, קראקאָווסקיס און טשערנאָווס. דאָס איז געווען זייער העלדנטאט.

מיר זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען. זיך געזעגנט, אפגיך — פארהאלטן האָט מען זיך ניט געטאָרט. א באק צו א באק האָט זיך געטוליעט. הענט מיט הענט האָבן זיך איבערגעפלאָכטן.

— טשערניאווסקי־טווערסקאָי? דאָס ביסטו? — מע זעט ניט. ס'איז פינצטער. די אויגן זײַנען פארצויגן געוואָרן מיט א נעפּל.

— בלײַב געזונט, קאָמיסאר! שלאָגט זיי, די האדיוקעס!

— און ווער איז דאָס? עדוואַרד? זשיליאָוויטשוס?

— איך ווינטש אײַך גליק. דערפּאָלג!

— ביסט א גוטער אלטער, טשערנאָוו. א גליקלעכן וועג.

— וואָשטשין? דאָקטער? א דאנק!

— א גליקלעכן וועג, טײַערע פרײַנט!..

און מיר זײַנען אוועק צום לייטער, נאָר פון אויבן איז אויסער אבען שוין קיינער ניט געווען — מע איז אוועק און זיך צונויפגעגאָסן מיט דער פינצטערניש...

מיר גייען מיט א פארשנייטן שטעג. פינצטער. אין ערגעץ זעט זיך קיין פֿייגל ניט. שטיל — ניט קיין בילעריי, ניט קיין שאָרך. צייטנווייז קוקט ארויס פון רעכטס, ווייטער פון די טעלע־גראַף־סטויפּעס, דער פארשנייטער וועג. נאָר ער איז פוסט — מע זעט ניט קיין מאשין, קיין מענטש. בלויז צוויי מאָל איז אונדז אויסגעקומען פארגראָבן זיך אין שניי — עס האָבן זיך דער־נעענטערט מאשינעס. געגאנגען זיינען מיר רויק, איינער הינטער דעם צווייטן. געפירט האָט אבע. דער לעצטער איז געווען קראקאָווסקי. איך האָב אָנגעהויבן קומען צו־זיך. איך האָב זיך געכאפּט — איך גיי אָן קייטן. ווי גוט עס איז אָן זיי, שפּאָן, וויאזוי דיר ווילט זיך, און ניט ווי עס ווילט זיך זיי. זיי רוישן ניט, קלינגען ניט און רייבן ניט אָן די פיס. דער פוס טוט דאָך א ביסל וויי, נאָר דאָס האָט שוין קיין באדייטונג ניט. מע דארף פאר קיינעם ניט אויסבאהאלטן, אז דו הינקסט — איך בין געגאנגען ווי מיר האָט זיך געוואָלט. ווי גוט איז איינצוזעטעמען די טרוקענע פראָסטיקע פרישע לופט און הערן, ווי אונטער די פיס סקריפּעט דער שניי. נעמען אים אין די הענט, איינרייבן מיט אים דאָס פּאָנעם און אָפּלעקן מיט די ליפּן די צעגאנגענע קעלט זיינע. און ווי גוט איז איינקוקן זיך אין דער ווייט, אין דער פינצטערניש, ווו עס באוויזן זיך און עס פארשווינדן ביימער, ווי געשפּענסטער, אָנגעטאָנענע אין פראָסט־טוי. אין פארט זיינען אויך געווען ביימער, נאָר דאָרט האָט געשמעקט פון זיי מיט טויט. און ווי גוט איז ניט פילן אף זיך דעם טעמפּן בליק פון קאָנוואָיר און דעם געלן בליק פון דעם וואָלף־הונט. נאָר דאָס אלץ איז שוין פארגאנגענהייט. יעדנפאלס דערמיט איז פארענדיקט. וועט מען כאפּן, וועט מען אהין שוין ניט פירן. מע וועט צעשיסן אפן אָרט.

איך האָב זיך ניט איינגערעדט, כ׳האָב פארשטאנען, אז אונדזער פרייהייט איז דערווייל נאָך זייער א צווייפלהאפטע, פונקט ווי דאָס לעבן פון א געפערלעך קראנקן, וואָס הענגט נאָך אף א האָר. מע דארף אָבער גיין פאָרויס. דאָרט איז פאראן אויסער געפאר און פארפאָלגונג אויך די אונטערערד, וואָס וועט אונדז העלפן, און נאָך ווייטער, הינטער וויליאמפּאָל און קאָונאס, זיינען פאראן עמעסע, ניט קיין אויסגעכאָלעמטע וועלדער. פריער ליטווישע, ווייטער ווייסרוסישע, און אין די וועלדער — פארטיזאנער, אונדזערע, אייגענע, נאָענטע מענטשן. און זיי האָבן ראציעס, אעראָפּלאנען — זיי זיינען פארבונדן מיט מאָסקווע, מיט דיר, אנושקע.

איך געדענק ניט דעם וועג, מיט וועלכן מיר זיינען געגאנגען. א וועג ווי א וועג. עס האָט זיך פארגעדענקט שניי, קוסטעס און דערנאָך א לאנגער בארג־אראָפּ. מיר זיינען אראָפּ פונעם וועג און זיך געלאָזט מיטן פארשנייטן פעלד. מיר האָבן אויסגעמיטן די איינציקע פינצטערע שטיבער, וואָס האָבן זיך געטראָפן אין וועג.

פונדעסטוועגן האָט זיך געפילט, אז ס׳איז נאָענט צו א שטאָט. ערגעץ־ווו האָט געארבעט א פאבריק צי אן עלעקטראָסטאנציע, און פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוון. איך האָב שוין לאנג ניט געהערט דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוון. אז דו דערהערסט דאָס פייפעריי, ווילט זיך דיר ערגעץ פאָרן — ניט וויכטיק וווהין און צוליב וואָס. איך האָב ליב געהאט צוגן, און איך ווייס, אז אנדערע פליער האָבן אויך ליב... עס איז מיר געווען גוט, איך האָב פארגעסן, פונוואנען און וווהין מיר גייען, אז עס קאָן זיין, אז מע זוכט אונדז שוין. און אויב מע זוכט, וועט מען געפינען, אויסבאהאלטן זיך דאָ איז ניטאָ ווו. עס הייבט זיך שוין אָן די שטאָט. און מיר גייען גאָר ניט אוועק פון זיי, מיר גייען צו זיי. ארום וויליאמפּאָל איז די זעלבע וואָך.

אבע האָט אונדז געפירט פאָרזיכטיק, ער האָט זיך אָפּט אָפּגעשטעלט, זיך ארומגעקוקט, זיך צוגעהערט, עטלעכע מאָל האָט ער אונדז איבערגעלאָזט אין די קוסטעס און איז אוועקגעגאנגען, נאָר ניט אף לאנג — ער האָט זיך אומגעקערט און געפירט ווייטער. אונדז האָט נאָך אלץ גע־גליקט — מיר האָבן קיינעם קיין איין מאָל ניט באגעגנט. און מיר זיינען געקומען.

מיר זיינען צוגעקומען צו א שטאל אָדער גאראזש, וואָס איז געווען ניט פארשלאָסן, און זיך אריינגעשמוגלט אהין. אבע האָט שעפּטשענדיק אונדז דערקלערט, אז ניט ווייט פונדאנען הייבט זיך אָן די געטאָ. די פארצוימונגען. מיר וועלן בלייבן דאָ, און ער וועט גיין א קוק טאָן, וואָס טוט זיך דאָרט. ער האָט געבעטן, מיר זאָלן זיך ניט באומרויקן — ער קאָן זיך פארהאלטן. אויב מיר וועלן דערהערן, אז מע שיסט, הייסט עס, אז מע האָט אים געפּאַקט, נאָר דאָס הייסט ניט, אז מע האָט אים דערשאָסן. מיר דארפן וואַרטן א דרייסיק — פערציק מינוט. אויב ער וועט זיך ניט אומקערן, וועט דעמלט אונדז פירן פיניע — ער ווייסט אויך דעם וועג...

שטארק פרייליך איז ניט... גרייטנדיק זיך אנטלויפן, זיינען מיר געווען פארטאָן אין דער ארבעט, און דאָ טוט אלץ פאר אונדז אבע. ערגעץ האָט ער אונדז געפירט, ערגעץ געבראַכט. ערגעץ איז ער אוועקגעגאנגען, און מיר האָבן ניט געקאָנט אים העלפן. מיר האָבן געוואַרט. זיך צוגעהערט, נאָר קיין זאַך ניט געהערט. עס זיינען פארפרוירן געוואָרן די הענט און די פיס. סאשע האָט געריבן סטאסיען די דלאָניעס, געהויכט אף זיי, געוואָרעמט.

אבע האָט זיך שטאַרק פאַרהאַלטן. נאָר ער האָט זיך אומגעקערט. ער האָט זיך דערוווּסט דעם מאַרשרוט פון דער וואַך. דער וואַכמאַן גייט ביז צו זייַן שאָכן אַף רעכטס און קערט זיך אום צום שאָכן פון לינקס. באַזייַטיקן דעם וואַכמאַן קאָן מען ניט. די געסטאַפּאָ וועט איבערקערן גאַנץ ווילִיאַמפּאָל און וועט נעמען אָרוועסלייַט. מע דאַרף אים אָפּווענדן מיט עפּעס, אים אָפּפירן אין א זייַט און אַף א פּאָר מינוט פאַרהאַלטן. איצט, — האָט דערקלערט אונדז אבע, — וועלן מיר שטיל, איינציקווייַז איבערגיין אין אַן אַנדער אָרט. אין א צווייטער שטאַל. פון דאָרט וועלן מיר דורך א שפּאַרונע זען דעם וואַכמאַן, די דראָט־פאַרצוימונגען און ווילִיאַמפּאָל. אבע וועט אונדז איבערלאָזן אין שטאַל, און אַליין וועט ער אין א פּאַסיקן מאָמענט אופהייבן א טומל. אין דער דאָזיקער צייַט דאַרפן מיר איינער נאָכן אַנדערן דורכקריכן דורך דעם דראָט, דערנאָך פאַרקערע־ווען אין געסל און בלייַבן שטיין באַם עקסטן הויז. ער, אבע, וועט קומען אַהין שפּעטער און עפּשער באַגלייַך מיט אונדז. אויב מע וועט אים כאַפּן אָדער דערשיסן, וועט אונדז פירן פיניע. ער ווייסט וווּהין צו פירן.

מיר איז דאָס אַלץ ניט געפעלן. דער פּלאַן איז געווען א קינדערשער. נאָר איך האָב גאָרנישט ניט געזאָגט. וואָס האָב איך געקאָנט זאָגן? איינס איז קלאָר: מע דאַרף זיך אַרייַנכאַפּן הינטער דער דראָט־פאַרצוימונג, און אַרייַן דאַרף מען באַלד, ווייַל מיר האָבן זיך ניט וווּהין אַהינצוטאָן. מער פון אַלעמען האָט, פאַרשטייט זיך, ריזיקירט אבע, נאָר ער האָט געוווּסט, וואָס ער האָט גענו־מען אַף זיך. זאָל זייַן וואָס ס'וועט זייַן.

איינציקווייַז, דורך עפּעס הויפן און פּוסטקעס, האָבן מיר זיך אַריבערגעכאַפּט אין א צווייטער צעבראָכענער שטאַל מיט אַן אייַנגעפאַלענעם דאַך און לעכערדיקע ווענט. אבע איז אוועק, און מיר זייַנען צוגעפאַלן צו די שפּאַרונעס און דערזען גאָר נאָענט די צוויי רייען פון שטעכדראָט, דאָס שמאָלע געסעלע מיט טונקעלע טויטע הייַזקעס. עס האָט זיך באַוויזן דער וואַכמאַן. זייַן היטל מיטן גרויסן דאַשעק און מיט די אויערן איז ענלעך געווען אַף סאַשעס היטל. די שטיוול זייַנע זייַנען געווען אַרייַנגערוקט אין קאָרטענע קאַלאָשן. אַף דעם אַקסל — א ביקס, נאָך גוט, וואָס ניט קיין אויטאָמאַט. סאַרא דיקער דייַטש! צי עפּשער איז ער אַזוי אָנגעפּעלצט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגענומען די הענטשקעס, אַרייַנגערוקט די האַנט אין קעשענע, אַרויסגעשלעפּט דעם פּאָרטסיגאַר. אַרויסגענומען א סיגאַרעט, פאַררייכערט און אוועקגעגאַנגען ווייַטער.

איך האָב ווידער און ווידער געטראַכט וועגן דעם, וואָס אונדז וועט באַלד אויסקומען צו טאָן. אַז מיר וועלן דערהערן א טומל אָדער א שאָס און אַז מיר וועלן דערזען, אַז דער דייַטש איז אַנטלאָפן אַף רעכטס, וועלן מיר דאַרפן גיך צולויפן צו דער פאַרצוימונג; פיניע וועט אונטער־הייבן א דראָט — ער האָט הענטשקעס. די ערשטע וועט דורכקריכן סטאַסיע, נאָכדעם — איך: די כעוורע האָבן מוירע געהאַט אַז מיך קאָן אונטערפירן דער פוס; נאָך מיר — די איבעריקע. דאָרט וועלן מיר דאַרפן צולויפן צו דער עקסטער שטוב און זיך באַהאַלטן.

מיר האָבן געוווּסט, אַז פון יענער זייַט דראָט וועט דער וואַכמאַן נאָך אונדז ניט לויפן. אַרייַנ־כאַפּן זיך אין געטאָ איז ניט אַזוי געפערלעך, ווי אַרויס פון דאָרט. ווען ער זאָל דערזען א מענטשן, וואָס לויפט פון דאָרט אַהער, וואָלט דער וואַכמאַן ניט נאָר געשאָסן — ער וואָלט אופגעהויבן אַן אַליאַרעם. אָבער דעם, וואָס גייט אַהין, וועט ער ניט פאַרפאָלגן. ער וועט, פאַרשטייט זיך, זיך סטאַרען אים אונטערשיסן, נאָר לויפן נאָך אים הינטערן דראָט וועט ער ניט. כאַפּן די דאָזיקע האָזן איז פאַרפליכטעט די אינערלעכע פּאָליציי פון ווילִיאַמפּאָל. נאָר יענע האָבן קיין געווער ניט, בלויז דרענגלעך. בעסער איז, אַז מע טשעפּעט זיך מיט זיי ניט. אין ערגסטן פאַל קאָן מען זיך אויסדרייען פון זיי. זיך אויסקויפן.

מיר זייַנען געווען אָנגעשטרענגט, ווי פאַר א שפּרונג. מיט אומרו האָבן מיר געקוקט אין די שפּאַרונעס. דער וואַכמאַן איז אוועקגעגאַנגען אַף לינקס און לאַנג זיך ניט אומגעקערט. נאָר אָט האָט ער זיך באַוויזן און געלאָזט זיך אַף רעכטס. אָבער קיין סיגנאַל איז ניט געווען.

מיר האָט אָנגעהויבן ווי טאָן דער פוס, מינאַסטאַם פון דער קעלט. איך האָב שוין דאָס ווימפּלטע מאָל באַדויערט, וואָס איך האָב ניט געקאָנט גיין אין וואַלד. מייַנע פרייַנט גייען זיך וווּהין די אויגן פירן. שניי, סאָסנעס... נאָר איצט קאָן מען שוין גאָרנישט ניט מאַכן — מע דאַרף וואַרטן... און, פאַרגעסן אינעם קראַנקן פוס, האָב איך לויטן סיגנאַל זיך א לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג.

עס האָט זיך ווידער באַוויזן דער וואַכמאַן. ער איז שטיין געבליבן, זיך אַרומגעקוקט, זיך צוגעהערט און גיכער, ווי פריִער, אוועק אַף רעכטס. שוין זשע האָט ער עפּעס דערהערט? מיר האָבן גאָרנישט ניט געהערט. צי עפּשער האָב איך איינער ניט געהערט? דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן: באַלד, באַלד וועט עפּעס געשען! דאָס האַרץ ווייסט, דאָס האַרץ נאַרט ניט אָפּ.

פּיניע האָט אונדז אַ רוף געטאָן. ער איז אַוועק צום אַרויסגאַנג. מיר — נאָך אים. מיר זײַנען אַרומגעגאַנגען אַרום און אַרום דער שטאָל און זיך צוגעטוליעט צו דער וואַנט. וואָס ס׳וועט זײַן וועט זײַן, אַבי גיכער!.. פון רעכטס האָט ערגעץ גאָר נאָענט, שאַרף און הילכיק זיך דערטראָגן אַ געקלאַנג פון גלאָז, און גלײַך האָט זיך דערהערט:

— האַלט! האַלט!

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן. פּיניע האָט אָנגעטראָטן אויף די צוויי אונטערשטע דראָטן, און די איבערשטע שטאַרק אונטערגעהויבן. דער דראָט איז געווען אַ פעסטער, ער האָט זיך אונטערגעגעבן, נאָר ניט אויף קיין סאַך. איך האָב געהאָלפן פּיניען. איך האָב קיין הענטשקעס ניט געהאַט, נאָר איך האָב פאַרגעסן אין דעם, און די שטעכלקעס האָב איך אַפילו ניט דערפילט.

סטאַסיע איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן דראָט, נאָך איר — סאַשע, דערנאָך קוניק. דאָס היטל איז בײַ אים אַראָפּגעפאַלן. ביז ער האָט עס אויפגעהויבן, האָבן מיר פאַרלאָרן אַן איבעריקע מינוט. איך האָב גענומען קריכן און זיך פאַרטשעפּעט. איך האָב זיך אַ ריס געטאָן — די קורטקע האָט אַ טרישטשע געטאָן, נאָר דעם דראָט האָב איך ניט אָפּגעלאָזט, אַניט וואָלט פּיניע ניט געקאָנט דורכקריכן. און אָט איז ער דורכגעקראָכן. אין דער זעלבער מינוט האָט זיך באַוויזן אַבע. ווי אַ שלאַנג האָט ער זיך אַ גליטש געטאָן אונטערן דראָט, און מיר האָבן גענומען לויפן. סאַשע, קוניק און סטאַסיע האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט. און פון יענער זײַט דראָט האָט זיך שוין געהערט אַ טאָפּטשען, נאָר קיין שיסערײַ האָבן זיי ניט אויפגעהויבן.

ניט אומקוקנדיק זיך, זײַנען מיר גיך געגאַנגען נאָך אַבען. הויפן, הינטערגעסלעך, ליקן. מיר האָבן פאַרקערעוועט אויף לינקס און אויף רעכטס, ביז מיר זײַנען צוגעקומען צו אַן אײַנשטאָקיק מויערל, אָן אָפּגעבערענטס, אָן אַ דאַך. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם אײנציקן פענצטער, וואָס איז אויף העלפט געווען אָנגעגלאָזט און אויף העלפט פאַרקלאַפּט מיט דיקט. פונעם דיקט האָט געסטאַרטשעט אַ בלעכענע רער. אַבע האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. ווײַזט אויס, אַז דאָס איז געווען ניט קיין פּאַשעטער קלאַפּ. קיינער האָט זיך אָבער ניט אָנגערופן. ער האָט ווידער אָנגעקלאַפּט מיטן זעלבן טוק־טוק־טוק, און — טוק־טוק. אויפן גאַנעק, אין דעם טיר־כאַלעל, האָט זיך באַוויזן אַ באָכער אָן אַ היטל, אין אַ פּידזשאַקל און אין די גאַטקעס. די שיך — אָנגעטאָן אויף די הוילע פיס. ווען ער האָט דערזען אַבען, איז דאָס פּאָנעם בײַ אים פאַרענדערט געוואָרן. אונדז האָט ער נאָך ניט געזען. ער האָט שטיל געפרעגט:

— אַבע? דו לעבסט?

אַבע האָט צוגעלייגט אַ פינגער צו די ליפּן און שטיל געזאָגט:

— איך בין ניט אַליין.

דער באַלעבאָס האָט אונדז באַמערקט, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אונדז אַוועקגעפירט דורך אַ גרויסן פירהויז צו זיך אין אַ קליין צימערל. אין דער פינצטער האָט מען קוים געזען אַן אײַזערן בעטל, אַ טישל, אַ בענקל און אַן אייוועלע.

— באַלד, — האָט ער שטיל געזאָגט. — באַלד וועל איך אָנצינדן דעם לאָמפּ.

— מע דאַרף ניט, — האָט אַבע אים אָפּגעשטעלט.

דער באַלעבאָס האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך געפרעגט:

— וואָס שטינקט עס אַזוי פון אײַך? — ווײַזט אויס, אַז ער איז שוין געקומען צו־זיך.

— דער נײַנטער פאָרט, — האָט פּיניע געענטפערט. ער האָט זעלטן־ווען גערעדט, נאָר דערפאַר שטענדיק געטראָפן אין פּינטל.

— פּיניע? — האָט געפרעגט דער באַלעבאָס. אים האָט ער אויך געקענט.

— יאָ, איך.

ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן.

— איר זײַט פון נײַנטן פאָרט? אײַך האָט קיינער ניט באַמערקט.

— דוכט זיך, אַז קיינער, — האָט געענטפערט אַבע און געבעטן: — טו זיך אָן און פיר מיך אַוועק צום אַלטן.

— באַלד, — האָט געזאָגט דער באַלעבאָס, — באַלד טו איך זיך אָן. — ער האָט גענומען אַפּגיך זיך אָנטאָן, און גיכער צוליב זיך, ווי צוליב אונדז, איבערגעכאַזערט: — אָט באַלד, באַלד...

ער האָט זיך אָנגעטאָן. פון אונטער דער קישן האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ קורצן גראָבן שטעקן. הייסט עס, אַז ער איז אַ פּאָליצײַ. אַוואַדע. אויפן רעכטן אַרבל פון זײַן רעקל איז צוגעטשעפּעט אַ סטענגע מיט עפּעס אַן אויפשריפט.

— איך וועל אײַך פאַרשליסן, — האָט ער געזאָגט. — אויב עמעצער וועט אָנקלאַפּן, זאָלט איר ניט עפענען. מיר וועלן באַלד זיך אומקערן.

זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען. פּיניע האָט פאַרדעקט דאָס בעטל מיט דער קאָלדרע, אונדז

באזוצט און דערציילט, ווער עס איז דער מענטש, צו וועלכן מיר זײַנען געקומען, און וווהין ער האָט אוועקגעפירט אבען.

— דאָס איז אן אונטערערדישער טוער, א קאָמוניסט, א פּאָליציי איז ער גלאַט אזוי, דערי־בער מעג ער גיין באנאכט איבער די גאסן. זיי זײַנען געגאנגען צו איינעם א מענטשן, צו א גרויסן מענטשן, — האָט פּיניע אונטערגעשטראָכן. — יענער וועט באשליסן, וואָס צו טאָן מיט אונדז.

זאָל ער באשליסן. ס'איז בלויז ניט קלאָר, ווו וועט ער אונדז באהאלטן אין אָט דעם וויסטן אָרט, וואָס ווערט באוואכט פון אויסן דורך דער זשאנדארמעריע און פון אינעווייניק דורך דער פּאָליציי. ניט אלע זײַנען זיי דאָך פּאָדפּאָלשטשיקעס. ס'איז דאָך ניט מעגלעך, אז אין אָט דעם קליינינקן שטעטעלע, ווו אלע קענען איינס דעם צווייטן, זאָל מען זיך ניט אָנהייבן שושקען וועגן די אנטלאָפענע פונעם נייַנטן פּאָרט! און אינגאנצן איז שוין ניט קלאָר געווען, וויאזוי און ווען וועט מען אונדז ארויספירן פונדאנען אין וואלד.

איך בין געזעסן אפן בעטל באנאנד מיט סטאסיען און סאשען. אין דער פינצטער האָב איך ניט געזען זייערע פּנימער. כ'האָב ניט גערעדט מיט זיי, נאָר געטראכט וועגן זיי האָב איך. כ'האָב כאראָטע געהאט, וואָס כ'האָב זיי ניט אָפּגערעדט צו גיין מיט מיר. און עפשער האָט סאשע אויך געטראכט וועגן דעם. וויאזוי פילן זיי זיך איצט, אז נאָך דעם, ווי זיי זײַנען אָפּגעזעסן צוויי יאָר אין די לאגערן און אין די טורמעס, זײַנען זיי ווידער ארײַנגעפאלן אין דעם וויסטן וויליאמ־פּאָל, וואָס איז אויסערן געזעץ, ווו די עסעסאָווצעס האָבן שוין ניט איין מאָל געכאפּט מענער, פרויען, קינדער, אלעמען נאָכאנאנד, און אוועקגעיאָגט צו דער שכיטע.

אין צימערל איז געווען ווארעם, און מיר האָט זיך פארוואָלט שלאָפן. כ'וועל אנשלאָפן ווערן און אופהערן צו טראכטן. איך האָב אײַנגעדרעמלט. סאשע האָט מיך גענומען טאָרקען... דער באלעבאָס האָט זיך אומגעקערט.

— איך וועל אײַך אוועקפירן אין אן אנדער אָרט. אבע איז שוין דאָרט. שרעקט זיך ניט, אלץ וועט זײַן גוט. אין הויף ווארט אף אונדז נאָך א כאוער. איך וועל גיין פון פאָרנט, איר נאָך מיר, און ער — פון הינטן, — און האָט נאָכאמאָל איבערגעכאזערט: — אלץ וועט זײַן גוט, האָט ניט קיין מוירע.

מיר האָבן ווידער גענומען פּלאָנטערן איבער די הינטערגעסלעך און הויפן. מע זעט ניט קיין לעבעדיקן נפעש — ניט קיין מענטש, ניט קיין הונט, ניט קיין קאץ. א טויט קיניגרײַך. מיר זײַנען דורכגעגאנגען א פארמיסטיקטן פלאץ און ארויסגעקומען צו אן איינזאם הילצערן שטיבל, אן אײַנגעוואקסנס אין דער ערד. קיין שום סימאָנים פון לעבן! אָבער אָנקלאָפּן איז אונדז ניט אויסגעקומען — מע האָט גלײַך אופגעעפנט. די באגלייטער זײַנען געבליבן אין הויף. מיר זײַנען ארײַן אין א נידעריק צימערל, וואָס איז אויסגעקלעפּט געווען מיט שפאליר, און דאָרט געטראָפן אבען. דער באלעבאָס, אן אלטיטשקער אין ברילן אף דער דינער לענגלעכער נאָז, מיט א גרוי פארוואקסן פּאָנעם, האָט געמאכט א שפּאן צו אונדז און זיך געגריסט מיט יעדערן באזונ־דער פאר דער האנט. ער האָט שמייכלענדיק אונדז באטראכט. פּיניען האָט ער ארומגענומען און א קוש געטאָן.

דער אלטער איז ניט ענלעך געווען אף קיין גרויסן מענטשן. עמעס, קיין גרויסע מענטשן, כוץ קאלינינען, וואָס האָט מיר געגעבן מײַן ערשטן אָרדען, האָב איך פון דער נאָענט ניט געזען. נאָר דער איז אינגאנצן א געוויינלעכער. אן אלטער, אין אן אָפּגעריבן רעקל, אין צעקנייטשטע הויזן — א בוכהאלטער אָדער א פעלדשער פון ראיאָן־שטעטל. נאָר אבע און פּיניע האָבן גע־קוקט אפן אלטן מיט אנדערע אויגן — אנציקטע, פארליבטע.

— איר זײַט איצט אויסער יעדער מין געפאר, — האָט געזאָגט דער באלעבאָס. — נאָר קיין צײַט וועלן מיר ניט פאטערן. וואשט זיך ארום, טוט זיך איבער — בלויז דער גערוך קאָן אײַך אויסגעבן — איינציקוויײַז וועט איר איבערגיין אין אן אנדער אָרט. מיר וועלן אײַך אזוי באהאלטן, אז הימלער אליין וועט אײַך ניט געפינען. א שמועס טאָן וועלן מיר שפּעטער... גוטע! — האָט ער עמעצן א רוף געטאָן.

עס איז ארײַנגעקומען א יונגע שווארץ־אויגיקע פרוי מיט א פאריסן נעזל און פולע ליפּן. זי האָט א שמייכל געטאָן און זיך געגריסט אף ליטוויש:

— לאבאס וואקאראס!

— וואָס פאר אן אָוונט? אין גאס איז נאכט, — האָט געשמייכלט דער מענטש אין די ברילן. — נעם דאָס מיידל און טו מיט איר, וואָס מע דארף. נאָר זאמט זיך ניט.

סטאסיע איז אוועק מיט דער באלעבאָסטע.

— שעמט זיך ניט, — האָט ער פאָרגעזוצט, — נעמט אראָפּ פון זיך אלץ, דאָס וועש אויך. אײַער אָנטאָן וועלן מיר ארײַנוואַרפן אין פײַער. אין אָט דער שאפע, — האָט ער אָנגעוויזן, —

איז פאראַן אַלץ, וואָס מע דאַרף. אָף דער מאָס לייגט קיין אכט ניט, מיר וועלן שפּעטער אַלץ פאַרבײַטן. אָט איז וואַסער, זייף. וואַשט זיך.

דער באַלעבאָס איז אַוועק. אָבער האָט צעעפנט די שאַפע און גענומען אַרויסוואַרפן פון דאָרט וואַטאָווע הויזן, וואַטניקעס, שטיוול, העמדלעך, אַנטשעס און וואָלן גרעט, נײַ גרעט מיט פירמע־עטיקעטקעס „יעגערוועשע". מע האָט געקאָנט מיינען, אַז אַליין די אינטענדאַנטסטווע פון דער דײַטשישער אַרמיי באַזאָרגט די אונטערערד־טוער, און דאָס איז געווען קימאַט אַזוי. פיל פון דעם, וואָס מיר האָבן אָנגעטאָן, האָט מען געקויפט בײַ די היטלעריסטן. זיי האָבן פאַרקויפט אַלץ, אפילו געווער — נײַנקע אויטאָמאַטן און פּיסטאָלעטן.

דער ערשטער האָב איך זיך אַרומגעוואַשן. אין דעם וואַרעמען גרעט, אין די וואַטאָווע הויזן און אין די יאַלעווע שטיוול איז מיר געוואָרן אַזוי אָנגענעם און גוט, אַז איך האָב פאַרגעסן אין אַלע מײַנע צאָרעס. איך האָב נאָכאַמאָל דערפילט, אַז דאָס לעבן איז ניט פאַרענדיקט און ענדיקט זיך ניט, אַז עפּשער הייבט זיך עס ערשט אָן אָפּסנײַ... ווי שנעל עס ענדערן זיך אונדזערע שטימונגען! איך האָב איצט שוין פאַרשטאַנען, אַז אָבער האָט געהאַט אַ סמאַך אונדז אײַנריידן גיין מיט אים אין ווילי־אַמפּאָל.

ס'איז אַרײַנגעקומען אַ יונגערמאַן — דער איז מער ענלעך געווען אָף אַן אונטערערד־טוער, — מיט גרויסע אויגן, ברייטע באַקנביינער, ער האָט אַ ווונק געטאָן צו אונדז און געפרעגט:

— נו, איז ווער וועט גיין מיט מיר?

— ער, — האָט אָבער אָנגעוויזן אָף מיר.

— איז קומט, מעכוטן, — האָט געשמייכלט דער באָכער.

דער באָכער האָט אופגעעפנט די טיר, אַרויסגעקוקט אין הויף, ער האָט עמעצן עפּעס געזאָגט און דערנאָך אַ רוף געטאָן מיך.

איך ווייס ניט, וויאַזוי אויסצומאָלן, וווהין ער האָט מיך אוועקגעפירט. וועגן די דאָזיקע ערטער דערציילט מען געוויינלעך ניט, נאָר איך וועל פּרוּוון דערציילן.

מיר זײַנען אַרומגעגאַנגען אַרום און אַרום דער שטוב און זײַנען צוגעגאַנגען צו אַ קלאָזעט, וואָס איז צונויפגעקלאַפּט געווען פון אַלטע ברעטער. דער באָכער האָט מיך גאָרנישט ניט געפרעגט. דערפאַר האָב איך אים געזאָגט:

— איך דאַרף אַהין ניט...

— איר זײַט זיכער? — האָט ער שמייכלענדיק געפרעגט אָף רוסיש. ער האָט גערעדט ניט ריכטיק, מיט אַן אַקצענט.

איך האָב אויך זיך צעשמייכלט און אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסלען.

— און איך מיין, אַז מיר דאַרפן בלויז אַהער, און ניט אַזוי איך, ווי איר...

ער האָט אופגעשלאָסן אַ פאַרזשאַווערטן שלאָס, געעפנט די טיר און מיך אַ רוף געטאָן:

— גייט אַרײַן.

איך בין אַרײַן און געוואָלט פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך, נאָר ער האָט ניט געלאָזט. ער איז אַרײַן נאָך מיר, פאַרשפּאַרט די טיר אָף אַ קייטעלע, זיך אַנגעבויגן צו דעם הויכן בענקעלע, עס אופגעהויבן און צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. פון דער קעשענע האָט ער אַרויסגענומען אַן עלעקטריש לאַמטערנדל, באַלויכטן די גרוב און געפרעגט:

— איר זעט דאָרט די ברעט?

— איך זע.

— און דעם לאָך, אַ ביסל העכער פון דער ברעט, זעט איר? — ער האָט איבערגעפירט דעם שטראַל פונעם לאַמטערן אָף דער פעך־שוואַרצער וואַנט פון דער גרוב, און איך האָב דערזען אַן עפענונג.

— איך זע. — איך האָב אָנגעהויבן זיך אַנשטויסן.

— איר וועט זיך אַראָפּלאָזן אין דער גרוב, זיך שטעלן אָף דער ברעט, נאָר זעט, פאַלט ניט, — ער האָט אַ שמייכל געטאָן, — דאָרט איז וואַסער, נאָר בעסער איז צו שווימען אין די טראַקײַער פּאַרטיזאַנישע אָזערעס. עמעס, כאַווער?

איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— וועט איר זיך, הייסט עס, שטעלן אָף דער ברעט. איך וועל אײַך העלפן, און איר וועט אַרײַנקריכן אין דעם לאָך. דאָרט איז ריין, האָט ניט מוירע. דערנאָך קריכט ווײַטער, און איר וועט טרעפן אין אַ וווּנדערלעכער טרוקענער „מאַלינע". דאָרט וועט אײַך באַגעגענען אַ כאַווער. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, אַ גרויסן דאַנק!

— צו געזונט.

איך האָב זיך אראָפּגעלאָזט אין דער גרוב, — דער באַכער האָט מיך אונטערגעהאַלטן. איך האָב זיך געשטעלט אויף דער רעכטער זײַט ברעט און בין אַרײַנגעקראָכן אין דער עפענונג. אַרײַנקריכן איז געווען גרינג און פויזען אויך ניט שווער. פונדערוויַיטנס איז געווען ליכטיק. איך בין צוגעקראָכן ביז דעם סאַף פון דער עפענונג און דערזען ניט קיין גרויס ערדשטיבל. דאָ האָט מיך באַגעגנט א יונגער קודלאַטער באָכער. ער האָט מיר דערלאַנגט א האַנט, און איך בין אַראָפּגעשפּרונגען צו אים. מיר האָבן זיך באַקענט:

— גרישע, — האָט דער באָכער זיך פאָרגעשטעלט.

דאָס ערדשטיבל איז געווען ניט קיין הויכס, קראַקאָווסקין וועט אויסקומען זיך אײַנבייגן, נאָר דערפאַר איז עס געווען, זעט אויס, פעסט געבויט, אָן אקוראַטס — א ברעט צו א ברעט. פון וואַנט צו וואַנט — אײַנשטאָקיקע נאַרעס מיט טיופּיאַקעס, קאָלדרעס און קישנס. אין דעם רעכטן ווינקל — א טישל און צוויי בענק. אין לינקן — אַן אײַוועלע, א „בורזשויקע", מיט אַן אַרײַנגעמויערטן קוימען אין דער וואַנט. די „בורזשויקע" האָט זיך געהייצט. איך האָב געפרעגט:

— וווהין זשע גייט אַרויס דער רויך?

— אינעם קוימען פון דעם הויז, — האָט גרישע געענטפערט.

איך וויל פאַרלויפן דעם וועג און אויסזאָגן א סאָד: אָן דעם דאָזיקן באָכער וואָלטן מיר פאַרפאַלן געוואָרן. די גאַנצע צײַט, וואָס מיר זײַנען דאָ געווען, פלעגט ער אונדז ברענגען עסן, וואַסער, האָלץ און נײַס פון דער גרויסער און קליינער ערד.

— אַלץ איז דאָ גוט אײַנגעאָרדנט, — האָט גרישע אונדז דערקלערט, — נאָר הייצן וועט איר דאַרפן לויט דעם גראַפיק, ווען מע הייצט אין הויז. איר פאַרשטייט?

איך האָב פאַרשטאַנען. נאָך דער טורמע און נאָך דער „אונטערנעמונג 1005" האָב איך אָנגעהויבן אַלץ פאַרשטיין. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ניט פון וווילטיק פאַרגראָבן זיך מענטשן אין דער ערד, זאָגן זיך אָפּ פון דער טאָג־ליכט, פון די באַנאַכטיקע שטערן, פון דער זון און פרישער לופט, פון דעם ווינט, וואָס שפּאַצירט אַרום אין דרויסן, און פון דעם שניי, וואָס פאַלט פון הימל.

אַמאָל האָבן די אוראַלטע מענטשן זיך אויסבאַהאַלטן פון די ווילדע חיות אין הייל‫ן און אין נאָרעס, אין דער מיט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט באַהאַלטן זיך אויס מענטשן פון מענטשן. מיט דער וועלט איז עפּעס ניט קעשורע. די וועלט איז געפערלעך קראַנק, און בלויז מיט איין היטלערן קאָן מען אַלץ ניט פאַרענטפערן. היטלער וועט פייגערן, און קאָלערליי נאַציסטן וועלן פאַרבלײַבן. אַלעמען וועסטו ניט כאַפּן; זיי וועלן אַרופּציִען אויף זיך מאַסקעס, זיך אויסגעבן פאַר אָנהענגער פון דעמאָקראַטיע און פרײַהייט. דערנאָך וועלן זיי ערשט באַווײַזן, וואָס זיי קאָנען.

פון די דאָזיקע טרויעריקע געדאַנקען האָט מיך אָפּגעווענדט סטאַסיע. איר פּאָנעם, וואָס האָט געלויכטן, ווי די העלע זון, האָט זיך באַוויזן אין דער עפענונג; עס האָבן א שײַן געטאָן אירע אויגן, טיפע און אָנגעשטרענגטע, מיט פאַרבראָכענע ווִיעס. איך בין צוגעגאַנגען העלפן איר אַראָפּשפּרינגען פון „לאָז". זי האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב זי אַרויסגעשלעפּט און אַוועקגעשטעלט אַפן דיל, נאָר זי האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט, און איך האָב אַרײַנגעעטעמט דעם רייעך פון אירע האָר, וועלכע האָבן געשמעקט, ווי דײַנע, אנושקע... און זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, געקוקט אויף מיר מיט פאַרזשמורעטע אויגן און געלאַכט. אין איר געלעכטער, אין איר שטים ביכלאַל האָט געקלונגען עפּעס ענלעכס אויף א פויגל. אינדערעמעסן איז זי טאַקע געווען א פויגל, אין וועלכן מע האָט געוואָרפן א שטיין און ער איז נאָך ניט געקומען צו־זיך. זי איז שטיל געבליבן, אַרײַנגערוקט איר האַנט אין מײַנע האָר און געזאָגט טרויעריק און מיט מיטגעפיל:

— אַך, קאַליא־ליאַטשיק! קאַליא־ליאַטשיק!

סטאַסיע האָט זיך אויסגעקערעוועט צו דעם באַלעבאָס פון ערדשטיבל און זיך באַגריסט מיט אים:

— דזען דאָברי!

— דזען דאָברי, פּאַני, — האָט איר גרישע געענטפערט.

— יאַקי לאַדני פּאַקוי! — האָט זי געזאָגט, באַטראַכטנדיק דאָס ערדשטיבל. — יאַק פּאַן סענדזי?

— ניע טאַקי יוזש לאַדני, פּראַשע פּאַני, — האָט געענטפערט דער פּאַן, און די פּאַני און דער פּאַן האָבן זיך צעלאַכט.

— פּאַן דאָבזשע ראָזמאַוויא פּאָ פּאָלסקו. פּאַן יעסט פּאָליאַקעם?

— בעדאָליאַקעם, — האָט גרישע געענטפערט און זיך ווידער צעלאַכט.

„דער רועך זאָל זיי נעמען, די אָרטיקע פּאָליגלאָטן! — האָב איך א טראַכט געטאָן. — זיי

רײדן דאָ אַמוויניקסטן אַף דרײַ־פיר שפּראַכן. און וואָס איז שײַעך צו די בעדאָליאַקעס, איז ער גערעכט — מיר זײַנען דאָ אַלע בעדאָליאַקעס".

נאָר דעם געשפּרעך זייערן האָט איבערגעריסן אַ דריטער פּאָליגלאָט — סאַשע קאַשטאַיאַנץ, וועלכן איך האָב ניט מיט קיין קלענערן פאַרגעניגן, ווי סטאַסיען, געהאָלפן אַרײַנקריכן אין ערדשטיבל. נאָך אים, ניט מיט קיין גרויסע אינטערוואַלן, זײַנען געקומען מישע און קוניק, קראַקאָווסקי און אַבע.

אונדזער גאַנצע קאָמאַנדע איז דאָ געווען אין פולן באַשטאַנד.

דרײַ וואָכן — פון דעם זעקס־און־צוואַנציקסטן דעקאַבער דרײַ־און־פערציקסטן ביז דעם פופצעטן יאַנוואַר פון פיר־און־פערציקסטן יאָר — האָבן מיר געלעבט אונטער דער ערד. שטעל זיך פאָר אַ ריינעם שוואַרצן קוואַדראַט אָדער שנײַד אים אויס פון שוואַרץ פּאַפּיר און קלעפּ אים אַרײַן אין מײַן דערציילונג, ווײַסטו דערזען אָט די לאַנגע דרײַוואָכיקע נאַכט. נאָר זייער לאַנג האָט זי זיך ניט געצויגן. דער שלאָף האָט זי קירצער געמאַכט. מיר זײַנען אַ סאַך געשלאָפן — עס האָט זיך געלאָזט פילן די מידקײַט, די דײַגעס, דאָס איבערגעלעבטע. איך וועל אײַנקורצן דערציילן וועגן אָט דער צײַט, ריכטיקער, וועגן אָט דער לאַנגער נאַכט, אַנדערש וועט מײַן דערציילונג זײַן ניט פאַרגאַנצט.

אײניקע טעג נאָך אונדזער אַרײַנקריכן זײַנען צו אונדז געקומען געסט: די כאַווײרים, וועלכע האָבן אונדז דאָ אײַנגעאָרדנט, און נאָך איין מענטש, אַ ייִנגערער, פון אַ יאָר פערציק, מיט גרויסע שטערן־ווינקלען און אָנגעכמורעטע ברעמען. זיי האָבן ניט אָנגערופן זייערע נעמען — זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַלס מיטגלידער פון דעם אונטערערדישן קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. און ס'איז אַוועק אַ שמועס, וואָס האָט געדויערט באַ זעקס שאָ. מער פון אַלץ האָט זיי אינטערעסירט דער נײַנטער פאָרט. אַלץ, וואָס מיר האָבן געזען, און אַלץ, וואָס מיר האָבן געוווּסט וועגן אים. זיי האָבן זיך אינטערעסירט מיט אונדזער אַנטלויפן, מיט די אַסירים, וואָס זײַנען געזעסן אין פאָרט. אײניקע פון זיי, ווי זשיליאַוויטשוסן, רײַטעלזאָנען, וואָלאָוויניקאַסן און ריטמאַנען, האָבן זיי געקענט. נאָר אַף דער פראַגע, וואָס מיר האָבן זיי פאַרגעבן, צי זײַנען געקומען קיין ווילּיאַמפּאָל וואָלאָוויניקאַס און רײַטעלזאָן, האָבן זיי געענטפערט ניט קלאָר: עפּשער זײַנען זיי געקומען, ניט אַלץ ווייסן זיי. מע דאַרף האָפן, אַז זיי וועלן קומען... זיי האָבן באַדויערט, וואָס זשיליאַוויטשוס און טשערניאַווסקי האָבן זיך געלאָזט צום וואַלד, בעסער וואָלטן זיי אויך געקומען קיין ווילּיאַמפּאָל, דאָס וואָלט געווען זיכערער... קורץ גערעדט, מיר האָבן זיי דערציילט אַלץ און לויט זייער ביטע צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל וועגן די פאַשיסטישע אַכזאָריעס און גוואַלדטאַטן אין נײַנטן פאָרט.

אינטערעסאַנט, וואָס דער דאָזיקער דאָקומענט איז אָנגעקומען אין דער פּאַרטיזאַנישער זאָנע פריִער, ווי מיר זײַנען געקומען אַהין. פון דאָרט האָט מען אים איבערגעגעבן דורך דער ראַדיאָ קיין מאָסקווע און אין דעם שטאַב פון דער ליטווישער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. אין עטלעכע טעג אַרום, ווען מיר זײַנען נאָך געווען אין דער באַהעלטעניש, האָט וועגן אונדזער אַנטלויפן מיטגעטיילט די סאָווינפאָרמביוראָ; פאַרשטייט זיך, אַז קיין פאַמיליעס זײַנען ניט אָנגערופן געוואָרן. קאָן זײַן, אַנושקע, אַז דו האָסט געהערט אין די לעצטע נײַעס אָדער געלייענט אין די צײַטונגען וועגן די גוואַלדטאַטן אינעם קאַונאַסער נײַנטן פאָרט און וועגן דעם העלדנטאַט פון די פיר און זעכציק אַסירים, און דו האָסט ניט געוווּסט, ניט אָנגעשטויסן, אַז צווישן זיי איז געווען דײַן פאַרפאַלענער מאַן...

איך זע בוילעט דעם שילערישן העפט מיט די בלויע קעסטעלעך, אין וועלכן אונדזער רעטער, אַ באַיאָרטער מענטש, אין ברילן אַף דער לענגלעכער נאָז, שרײַבט אַקוראַט אַרײַן אונדזערע באַווײַזן. איך זע זײַן האַנטשריפט, גלײַכע אויסיעס, וואָס לייגן זיך אַף רעכטס. איך זע דעם טעקסט פונעם דאָקומענט, ווו די ערשטע צוויי אויסיעס פונעם וואָרט „אַקט" זײַנען גרעסער פון דעם לעצטן אָס.

„אַקט

קאָוונע. 26־טער טאָג פון דעקאַבער. 1943 יאָר.

מיר, די אונטערגעשריבענע, די גרופּע אַסירים פונעם IX פאָרט פון דער שטאָט קאָוונע, וועלכע זײַנען אַנטלאָפן אין דער נאַכט פונעם 25־טן אַפן 26־טן דעקאַבער ה. י., אין באַשטאַנד פון: קאָוושאָוו נ. ט., וויסקאַנטאַס א.ב., קאַשטאַיאַנץ א. א., קראַקאָווסקיס פ.נ., קוניק וו. ג., קאַכאַנאָוויטש סטאַניסלאַווא, האָבן צונויפגעשטעלט דעם דאָזיקן אַקט וועגן פאָלגנדיקן:

1. אינעם פעריִאָד פון 1941—1942 יאָרן האָט די דײַטשישע קאָמאַנדשאַפט אויסגענוצט די טעריטאָריע פונעם IX פאָרט אַף דורכצופירן מאַסן־צעשיסונגען..."

דערנאָך זײַנען פאַרשריבן געווען אַנדערע פּונקטן, אין וועלכע עס איז קורץ און געפּרעסט, קימאַט פּראָטאָקאָליש, איבערגעגעבן געוואָרן אַלץ, וועגן וואָס איך האָב שוין דערציילט. מיר

האָבן זיך אונטערגעשריבן אונטערן אקט. פֿאַרן געזעגענען זיך האָבן די אונטערערד־טוער אונדז געזאָגט א סאך גוטע ווערטער — כאָטש נעם און הייב זיך אָן גרויסן — זיי האָבן געזאָגט, אז דער אונטערערדישער קאָמיטעט וועט טאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך און ניט מעגלעך, קעדיי בעשאָלעם אוועקפֿירן אונדז אין וואַלד. נאָר זיי האָבן געבעטן זיך אָנעמען מיט געדולד, וואַרטן, אָפּרוען און זיך ניט ערגערן.

דאָך האָבן מיר שוין אָף מאָרגן באַקומען שלעכטע ידיִעס.

די גרופּע פֿון זשיליאַוויטשוסן און טוועריסקאָיען איז געגאַנגען, ווי עס איז געווען אָנגע־מערקט, א גאַנצע נאַכט, נאָר אין דער פֿינצטער האָבן זיי פֿאַרבלאָנדזשעט, געמאַכט א גרויסן שלייף, און פֿאַרטאָג האָבן זיי דערזען, אז זיי געפֿינען זיך ניט ווײַט פֿונעם פּאָרט. אומקערן זיך צוריק האָט מען ניט געקאָנט, — עס איז ליכטיק געוואָרן, און קיין קויכעס האָבן ניט געקלעקט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פֿון א וועלדל און געהאָפּט דערוואַרטן זיך, ביז ס׳וועט ווערן טונקל און דאַן פֿאַריכטן דעם פֿעלער. געטראָפֿן פּוסטע קאַמערעס, האָט די וואַך גלײַך זיך גע־לאָזט נאָך די שפּורן מיט הינט און אינגיכן געפֿונען די אַנטלאָפֿענע. קיינער פֿון אונדזערע האָט זיך ניט אונטערגעגעבן — זיי זײַנען זיך צעלאָפֿן. איינציקווײַז זײַנען זיי צעשאָסן און דערהארגעט געוואָרן. צעריסן געוואָרן פֿון די וואָלף־הינט.

ווער איז געווען שולדיק אין דעם דאָזיקן אומגליק? טשערניאַווסקי־טווערסקאָי? זשיליאַווי־טשוס?.. טײלווײַז, פֿאַרשטייט זיך, ליגט די שולד אָף זיי. נאָר זיי האָבן ניט געוואָלט אומברענגען די מענטשן און אַליין ניט געוואָלט אומקומען. איך האָב אויך געקלערט, אז זייער מאַרשרוט איז זיכערער, בעסער.

איך האָב געוווּסט, און מיר אַלע האָבן געוווּסט, אז מע דאַרף קוקן דעם עמעס אין די אויגן, אז אַזאַ ריזיקאַלע אונטערנעמונג האָט זיך ניט געקאָנט פֿאַרענדיקן אָן פֿאַרלוסטן. דאָס וואָלט געווען א נעס, און קיין ניסים טרעפֿן ניט. יעדערער פֿון אונדז איז גרייט געווען אָף אַלץ. דאָס, וואָס ס׳האָט געטראָפֿן מיט זיי, וואָלט געקאָנט טרעפֿן מיט אונדז, און, מעגלעך, אז עס וועט נאָך טרעפֿן. מיר זײַנען נאָך אין ווילִיאַמפּאָל, מע זוכט אונדז. מע קאָן אונדז געפֿינען.

נאָך דעם זעקס־און־צוואַנציקסטן, ניט געקוקט אָפֿן יאָמטעוו, איז געקומען צו פֿליִען צום פֿאָרזיצער פֿון יודענראַט, צו דער אַזויגערופֿענער אָרטיקער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג, דער שעף פֿון דער קאָונאַסער געסטאַפּאָ. ער האָט אויסגעזען צו זײַן צעטראָגן און פֿאַרלוירן — אין אַזאַ צו־שטאַנד האָט מען אים דאָ נאָך קיינמאָל ניט געזען. ער האָט זיך אָנגעפֿרעגט, צי עס זײַנען אַהער אין געטאָ ניט געקומען די געפֿערלעכע מעלוכישע פֿאַרברעכער, וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿונעם ניינטן פּאָרט. מער פֿון א העלפֿט, האָט ער געמאָלדן, האָט מען געכאַפּט, נאָר א טייל באַהאַלט זיך ערגעץ אויס, און אים איז באַוווּסט, אז הײַנט באַנאַכט האָט די וואַך דרײַ מאָל אָפּגעטריבן עפּעס אומבאַוווּסטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט דורכקריכן דורך דעם דראָט, און אז גיכער פֿון אַלץ זײַנען דאָס געווען די אַנטלאָפֿענע פֿאַרברעכער. פֿאַר יעדן איינעם פֿון זיי האָט ער צוגעזאָגט פֿאַרגרעסערן די באַשפּײַזונג. די אַרבעטנדיקע באַפֿעלקערונג פֿון ווילִיאַמפּאָל האָט באַקומען א נישטיקן פּאַיאָק, און די, וועלכע האָבן ניט געאַרבעט — קינדער, זקיינים, קראַנקע, האָבן גאָרנישט ניט באַקומען. זיי זײַנען מאַמעש געשטאָרבן פֿון הונגער. פֿאַר אויסבאַהאַלטן די אַנטלאָפֿענע האָט ער געדראָעט מיט א מאַסן־אַקציע.

דער פֿאָרזיצער האָט צוגעזאָגט אָנעמען מיטלען און פֿאַרזיכערט, אז אויב די אַנטלאָפֿענע זײַנען דאָ, וועט מען זיי גלײַך געפֿינען. דער געסטאַפּאָוועץ האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, אז די דאָזיקע מיספֿאַרשטייעניש איז פֿאַר אים און פֿאַר דער קאָונאַסער געסטאַפּאָ געפֿערלעכער פֿון יעדן מין פֿאַרלוסט אָפֿן פֿראָנט, אז וועגן דעם איניען האָט מען געמוזט געבן צו וויסן קיין בערלין, דירעקט אין היטלערס קאַנצעליאַריע, און פֿאַר אַזעלכע זאַכן גלעט מען דאָרט ניט איבערן קאָפּ...

די פֿאַרלוירנקײַט פֿון דעם געסטאַפּאָוועץ און די שטראָף, וואָס האָט אים געדראָעט, האָבן אונדז אָבער ניט געקאָנט טרייסטן. אונדז זײַנען פֿון זינען ניט אַרויס די אומגעקומענע כאַווײ־רים. אויסשטיין אַזויפֿיל פּײַן, איבערטראָגן אַזויפֿיל ליידן, אַזוי לאַנג וואַרטן — און בלויז פֿינף־זעקס שאָ זײַן אָף דער פֿרײַ! איך האָב געהערט, און אַלע האָבן געהערט, ווי אין רעכטן ווינקל שטיקט אין זיך סטאַסיע דאָס געוויין.

די געזעכטיקײַט האָט אָבער פּאָרט געזיגט. צו אונדז אין דער באַהעלטעניש איז דערגאַנגען די נײַעס, אז דערמיט, וואָס עס איז ליקווידירט געוואָרן זשיליאַוויטשוס׳ און טשערניאַווסקיס גרופּע, האָט זיך די וואַך פֿון פּאָרט ניט געראַטעוועט. שוין דעם אַנדערן טאָג, זונטיק, האָבן זיי אַלע, אין דער שפּיץ מיטן קאָמענדאַנט, פֿאַרנומען אונדזערע ערטער אין די קאַמערעס. צום באַדויערן, האָבן מיר זיך ניט דערוווּסט, וואָס פֿאַר אַן אורטייל מע האָט זיי אַרויסגעטראָגן. אַלע זײַנען זיי געווען אָפּיצערן, די פֿאַשיסטן האָבן זיך ניט געצאַצקעס מיט אַזעלכע — עפּשער האָט

מען זיי צעשאָסן אָדער אוועקגעשיקט אפן מיזרעך־פראָנט אין א שטראָף־ראָטע — דאָס איז געווען ניט בעסער פון צעשאָסן ווערן. נאָר ווי עס זאָל ניט זײַן, האָט ניט דער מיליטערישער טריבונאַל זיי געמישפּעט, נאָר מיר, די פארורטיילטע, די אנטלאָפענע פונעם נײַנטן פאָרט, און די טויזנטער מענטשן, וועלכע זיי האָבן אומגעבראַכט.

איך בין געלעגן אין דער פינצטער — דאָס קאַנעצל האָבן מיר זעלטן ווען אָנגעצונדן, עס האָט אָפּגעסאמט די לופט, — איך בין געלעגן און געטראַכט וועגן דעם, ווי דער גורל שפּילט מיטן מענטשן. איך האָב זיך געפּרוּווט פאָרשטעלן, וויאַזוי עס האָבן אויסגעזען אונדזערע „מײַסטערס". אָבער זייערע צורעס האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין טעמפּן פארצעף. בלויז דעם קאָמענדאנט האָב איך בוילעט געזען. א בלאָנדהאָריקער, מיט א ווויליונגעריש אויסגעבויגן היטל, מיט פּוסטע אויגן, און איך האָב קלאָר געהערט: „נאָך גוטער ארבעט און זאט עסן דארף א מאנצבל האָבן א פרוי..." איך האָב געזען, ווי ער זעלבסט, א שטאַלטנער און א געזונטער, האָט ארײַנגעקלאַפּט אין דער פארפרוירענער ערד די הילצערנע פלעקלעך: „אָט דאָ וועט איר עפענען די גרוב!.." ער האָט גוט געוווּסט, ווו עס זײַנען די גריבער. אין איין־און־פערציקסטן האָט ער אליין געוויזן, ווו זיי צו גראָבן. אליין זיי אָנגעפילט און אליין זיי געעפנט. איך האָב געזען אפן קאָנצערט, אין דער ערשטער ריי, דאָס רויטע פּאָנעם זײַנס, געהערט די הייזעריקלעכע שטים: „וואליאָ!.. נאָך איין מאל! וואליאָ!" ער איז אים אויסגעפאלן באָקאָם, אונדזער זעלבסטעטיקער קאָנצערט... נאָר דאָס אלץ איז נאָך א קלייניקײַט. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער שטייט בא דער וואנט פון טויט, ווי מיר האָבן זי אָנגערופן, בא דער שטיינערנער וואנט, וואָס איז דורכגעלעכערט פון קוילן, ווו מיר האָבן קימאט אלע טאָג געפונען נײַע צעשאָסענע, ער שטייט אָן א רימען, אָן א פּאָרטופּייע, אָן דעם שמאָלן זילבערנעם פּאָגאָנטשיקל (די עסעסאָווצעס האָבן געטראָגן נאָר איין פּאָגאָן), מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, א בלייכער און א דערשראָקענער. איך וואָלט טײַער באצאָלט, ווען עמעצער זאָל מיר אף זיכער זאָגן, אז ער איז טאקע געשטאנען בא אָט דער וואנט, און אויב ער איז געשטאנען, איז וועגן וואָס האָט ער געטראַכט פארן טויט. צי האָט ער זיך דערמאָנט אין די, וועלכע ער האָט אליין געשטעלט צום ווענטל, אין יענע, וועלכע ער האָט צונויפגעלייגט אין די גריבער?.. ניין, די געשרייען פון די קאָרבאָנעס האָט ער געוויס ניט געהערט. ער האָט בלויז געהערט, ווי דער נײַער קאָמענדאנט פון דער „אונטערנעמונג" אָדער אליין דער שעף פון דער קאונאסער געסטאפּאָ גיט אָפּ מיט א הייזעריקלעכער שטים די קאָמאנדע: „פויער!" פאָרשטעלנדיק זיך דאָס, האָט מיר באנק געטאָן, וואָס מע האָט אים צעשאָסן, דאָס הייסט באלד צעשאָסן. בעסער וואָלט געווען, אז ער און זײַנע געהילפן זאָלן פארוואנדלט ווערן פון „מײַסטערס" אין ארבעטער. זיי זאָלן ארבעטן בא די גריבער, ארויסשארן די מייסים, זיי טאַסקען צו די שײַטערס און זיי צונויפלייגן אין שטאבעלן. אזוי האָב איך געטראַכט, נאָר דאָס האָט אָבער ווייניק געטרייסט: אונדזערע זײַנען געווען נאָר איין נאַכט אף דער פרײַ!

עס זײַנען בא אונדז אויך געווען ליכטיקע מינוטן.

אין עטלעכע טעג ארום האָבן מיר באגעגנט דאָס נײַע, טויזנט נײַן הונדערט פיר־און־פערציקסטע יאָר. מיר האָבן ניט געהוליעט, ניט געטאנצט, ניט געזונגען, נאָר מיר זײַנען געזעסן בא א טיש. מיר האָבן געגלייבט, אז מיר וועלן אוועק אין וואלד און נעמען געווער אין די הענט. קיין געסט זײַנען ניט געווען, גרישע איז שוין געווען אן אייגענער. אונדזערע פרײַנט האָבן אונדז צוגעשיקט מאטאָנעס פון אויבן: א טענענביימל, וואָס איז באפּוצט געווען מיט זעקס עפּל — יעדערן אן עפּל, מיט איין שאָקאָלאדקע — פאר סטאסיען, און מיט א פינפעקיקן שטערן — פאר אלעמען. עס האָט זיך געהייצט דאָס אייוועלע און גערעדט צו אונדז — אויך א לעבעדיקע באשעפעניש, וואָס האָט אונדז באַרויִקט און דערוואַרעמט. צוויי מאָל אין טאָג האָבן מיר זיך צוגעזעצט אף די שפּיץ פינגער און געקוקט אין געלן הייסן פלאַם, און יעדערער האָט געזען עפּעס אנדערש, און אלע איינס און דאָס זעלבע: פונקט אזא לעבעדיק פריילעך פײַער, נאָר א סאך א גרעסערס איז דער שײַטער אין פארטיזאנישן וואלד. דאָס אייוועלע האָט ניט נאָר געוואַרעמט און געפרייט אונדז, עס האָט אונדז אויך באזאָרגט מיט פרישער לופט: מיר פלעגן עפענען דעם פּאָרוקער, וואָס האָט פאָרשטעלט דעם „לאז", און עס האָט זיך באקומען א מין ווענטיליאציע. די פרישע לופט פלעגט ארײַנדרינגען פון דעם „לאז" אין ערדשטיבל, און די אײַנגעשטאנענע לופט פלעגט ארויס דורך דעם קוימען... יאָ, איך האָב זיך אָפּגעוועגדט פון דער נײַיאָר־נאַכט, כאָטש קיין אויסערגעוויינלעכס איז אין דער דאָזיקער נאַכט ניט פאָרגעקומען. מיר זײַנען געזעסן, גערעדט. מיר האָבן פאנאנדערגעגאָסן א פלעשל „דעקטינע" — ליטווישן בראנפן און אויסגעטרונקען פאר אונדזערע פרײַנט, וואָס האָבן זיך געפונען פון אויבן, פאר אונדזערע נאָענטע און אייגענע, און דערפאר, אז אלע זאָלן מיר נאָכן ניצאָכן זיך טרעפן, נאָר שוין ניט דאָ, נאָר אין אן אנדער אָרט — אין מאָסקווע אָדער אין קאונאס, אין א צימער מיט פענצטער און מיט א הויכער סטעליע...

עס איז אוועק די נײַיאָר־נאכט. עס זײַנען פארבײַ נאָך אנדערע נעכט, און אָט זײַנען געבליבן געציילטע שאָ — נאָך א מינוט, נאָך א מינוט, און מיר וועלן פארלאָזן די מאלינע. מיט א טאָג פריִער האָט גרישע געבראכט פינף שווערע דיקטענע טשעמאָדאנען. נאָכדעם איז געקומען אן אומבאקאנטער כאווער, וואָס האָט אונדז אינסטרוקטירט. ער האָט דערקלערט, וויִאזוי מיר וועלן ארויסגייִן פון דער באהעלטעניש, וואָס מיר וועלן דארפן טאָן און וויִאזוי מיר זאָלן זיך האלטן.

אָף אונדזערע נײַע וואטניקעס וועלן מיר אָנטאָן צעריסענע רעגנמאנטלען אָדער פאלטעס. צוויי פּאָליצײַען וועלן אונדז אָפּפירן צום אזויגערופענעם אפּעל־פּלאץ, נעענטער צום געטאָ־טויער און דערנאָך צו דעם קאָנטראָל־פּונקט. אפן וועג צום טויער וועט צו אונדזער זעקסלינג זיך פארייניקן די גרופּע פון רײַטעלזאָנען — סאָפּקאָלסאָף האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז רײַטעלזאָן איז דאָ! אין די טשעמאָדאנלעך, וואָס מע האָט אונדז געבראכט, איז געלעגן פאנאנדערגעשרויפט געווער, טאָל, פּאטראָנעס, גראנאטעס — זאכן, וואָס זײַנען געפערלעך אין אלע הינזיכטן, ניט נאָר אין פאל פון אן אונטערזוכונג אפן קאָנטראָל־פּונקט, נאָר אויך אין זין פון באגייִן זיך מיט זיי. די טשעמאָדאנעס, האָט מען אונדז געוואָרנט, טאָר מען אין קיין פאל ניט עפענען, ניט ארויסלאָזן פון די הענט. אויסער דעם, האָט יעדערער פון אונדז באקומען א דײַטשישן פּיסטאָלעט און א גראנאטע. דאָס פערזענלעכע געווער וועלן מיר באהאלטן אונטער דעם אייבערשטן אָנטאָן, מיר זאָלן עס געשווינד קאָנען ארויסנעמען: עס קאָן זיך מאכן, אז מיר זאָלן דארפן שיסן, דאָס קאָן געשען אין ווילִיאמפּאָל גופא אָדער אין קאונאס, דורך וועלכן מיר וועלן דורכפאָרן. דער אינסטרוקטאָר האָט אונדז בארוִיקט: מע דארף האָפן, אז צו דעם וועט עס ניט דערגייִן. דער פּארטייקאָמיטעט האָט געטאָן אלץ, אז שיסן זאָל ניט אויסקומען. באם ארויסגאנג פון דער געטאָ, אפן אפּעל־פּלאץ, וועט אונדז באגעגענען אן אָבער־לייטענאנט און צוויי סאָלדאטן אין דײַטשישע פאָרמעס, נאָר דאָס זײַנען ניט קיין פאשיסטן, אין זיי שיסן דארף מען ניט, האָט א שמייכל געטאָן דער אינסטרוקטאָר, דאָס זײַנען איבערגעטאָנענע פּארטיזאנער, וועלכע האָבן די נייטיקע דאָקומענטן אף ארויסצופירן פון ווילִיאמפּאָל זיבעצן מענטשן אף א מיליטערישן באצירק צו מיזרעך פון קאונאס. פון יענער זײַט טויער וועט ווארטן אף אונדז א פארמאכטע מאשין, אף וועלכער דער אָבער־לייטענאנט און די קאָנוואָיִרן וועלן אונדז אוועקפירן אין וואלד. זעקס אזייגער פארטאָג, האָט אונדז דערקלערט דער אינסטרוקטאָר, פירט מען ארויס פון ווילִיאמפּאָל ארבעטער־קאָלאָנעס אין די פאבריקן, ווארשטאטן און אף די אעראָדראָמען, דעריבער איז די וואך פונעם קאָנטראָל־פּונקט שטארק פארנומען מיט ציילן די מענטשן, קאָנטראָלירן די פּאפּירן. די כאוויירים, וואָס וועלן אונדז ארויספירן, רעכענען אויס, אז די עסעסאָווצעס וועלן דורכקאָנטראָלירן די דאָקומענטן באם אָבער־לייטענאנט און זיך פארלאָזן אף אים, אזוי, אז זיי וועלן געוויס די גרופּע ניט באזוכן. באם ארויסגאנג ווערן ביכלאל זעלטן געמאכט אונטערזוכונגען. די געטאָ־לײַט באזוכט מען, בייס זיי קערן זיך אום פון שטאָט, און מע נעמט בא זיי צו אלץ, וואָס מע געפינט נאָר, אפילע פארפרוירענע קארטאָפל און פוילע בורעקעס. אויסער דעם, וועט נאָך זײַן פינצטער און, ווערליק דעם הײַנטיקן וועטער, וועט מאָרגן זײַן א נעפּל און א רעגן. נאָר עס קאָנען געשען אומדערוואַרטע זאכן, האָט אונדז געוואָרנט דער אינסטרוקטאָר: מע קאָן עמעצן דערקענען, עמעצער קאָן אונדז אויסגעבן. דערפאר דארפן מיר זײַן גרייט, וואכזאם. אין דער זעלבער צײַט דארף מען זיך האלטן פּאָשעט, נאטירלעך, ניט ערגערן זיך, און אויב שוין ערגערן זיך, איז ניט ארויסווײַזן דאָס. באהאלטן די טשעמאָדאנעס דארף מען ניט, מע דארף זיי האלטן אויבנוף. קיין פארדאכט וועלן זיי ניט ארויסרופן. מע פירט אונדז אף א לענגערער צײַט, און מיר דארפן האָבן מיט זיך זאכן. צום סאָף האָט דער אינסטרוקטאָר אונדז ארויסגעגעבן פּיסטאָלעטן — דרײַ פּאראבעלומס, צוויי וואלטערס און א קליין בראונינגל פאר סטאסיען. אף יעדן פאל האָט ער געפרעגט, צי מיר קאָנען זיך באגייִן מיט געווער. אלע, אויסער סטאסיען, האָבן געקאָנט.

אזא איז געווען די נאכט פאר אונדזער ענדגילטיקן ארויסגייִן אף דער פרײַ, פאר דעם לעצטן, פאר דעם שווערסטן שפּרונג — איצט האָט זיך אונדז געדוכט, אז דאָס איז דער סאמע שווערער... אָבער דאָס לעבן, צום באדויערן און עפּשער צום גליק, פארמאָגט א סאך לעצטע שפּרונגען. און יעדער לעצטער דוכט אויס צו זײַן דער וויכטיקסטער, דערנאָך ווײַזט זיך ארויס, אז דער לעצטער שפּרונג האָט ניט אלץ געלייזט און אז עס שטייען נאָך פאָר נײַע שלאכטן...

אין דער דאָזיקער נאכט האָט ביז פארטאָג געברענט דאָס קאָנעצל — עס וועט קלעקן לופט פאר אונדז און פארן קאָנעץ. מיר האָבן פאנאנדערגעשרויפט די פּיסטאָלעטן און געלערנט סטאסיען שיסן. איך האָב מיט פארגעניגן געהאלטן דעם פּאראבעלום אין דער האנט און מיט פארגעניגן ארײַנגעטעמט זײַן רייעך. ביז איצט האָבן אים געהאלטן מײַנע וועכטער, די עסעס־מענער. זיי האָבן געקאָנט, ווען זיי האָבן נאָר געוואָלט, אויסשיסן אין מיר, און איך בין געווען מאכטלאָז.

נאָר איצט האָב איך א פּיסטאָלעט, און ניט גלאט אזוי א פּיסטאָלעט, נאָר ז ײ ע ר ן. מיט זייער פּיסטאָלעט וועל איך שיסן אין זיי, זיי הארגענען.

שרעקלעכע ווערטער — הארגענען, מאָרדן. די סאמע אכזאָריעסדיקע אין דער מענטשלעכער שפּראך. פון דעם וואָרט מאָרד נעמט זיך מערדער, און אזעלכע, ווי די פאשיסטישע, די היטלער־ריסטישע מערדער, האָט די וועלט נאָך ניט געהאט. איך האָב געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן, וואָס פארא פארברעכנס די פאשיסטן זײַנען באגאנגען, און בין זיכער, אז די מערדער, וועלכע האָבן געהארגעט מיליאָנען מענטשן, — דארף מען פארניכטן. קיין אנדער אויסוועג איז ניטאָ, אנדערש וועלן זיי אויסמאָרדן אלע מענטשן אף דער ערד. און אז זיי וועלן פארענדיקן מיט אונדז, וועלן זיי נעמען הארגענען איינס דעם צווייטן — אָפּשטעלן זיך קאָן קיין מערדער ניט.

נאָר פון די פילאָסאָפישע קאטעגאָריעס וועל איך זיך ווידער אומקערן צו מײַן פאראבעלום. ער האָט געארבעט אויסגעצייכנט. א גוטער פּיסטאָלעט. די דײַטשן קאָנען אָפּארבעטן א זאך. מיר האָבן זיך צוגעלייגט אָפּרוען ניט אף לאנג, נאָר געשלאָפן זײַנען מיר ניט — מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזער באהעלטעניש. א דאנק דיר, ענגע און פינצטערע באהעלטעניש, א דאנק דיר, אייוועלע! דו האָסט אונדז געווארעמט און פריילעכער געמאכט, דו ביסט געווען דער זיבע־טער לעבנסלוסטיקער מיטגליד פון אונדזער מישפּאָכע. א דאנק דיר, גרישע, ברודער, פרײַנט! וואָס וואָלטן מיר געטאָן אָן דײַן גוטסקײַט, אָן דײַנע זאָרגן פאר אונדז?!.. א דאנק דיר, מענטש אין די ברילן, מיט דעם מאָגערן, ניט ראזירטן געזיכט. דײַן נאָמען ווייס איך ניט. ווען ניט דו, וואָלטן מיר שוין לאנג אף דער וועלט ניט געווען. א דאנק דיר, וויליאמפּאָל! אליין א הונגעריקע, האָסטו אונדז געהאָדעוועט. א פארורטיילטע — האָסטו אונדז געראטעוועט. מיר וועלן דיך ניט פארגעסן...

ווען מיר זײַנען ארויס אף דער לופט, האָט זיך בא מיר, און מינאסטאם אויך בא די איבע־ריקע, פארדרייט דער קאָפּ, ס'איז פארנעפּלט געוואָרן דער בליק. איך האָב געמאכט עטלעכע שפּאן און זיך אוועקגעזעצט אף דער ערד. איך האָב געעטעמט, ווי א פיש, — טיף און אָפט, און האָב אליץ ניט געקאָנט כאפּן דעם אָטעם. דער קאָפּ האָט אָנגעהויבן ווײ טאָן.

אין דעם אלטן שטיבל, וואָס האָט אונדז געהאט אזוי פרײַנטלעך באגעגנט, האָט מען ניט באמערקט קיין סימען פון לעבן. עס האָט אָבער געלעבט, דאָס שטיבל. איך האָב געוווסט וועגן דעם.

עס האָט מאראקעט א רעגן, א באלטישער יאנוואר־רעגן. איך האָב צוגעלייגט די נאסע הענט צום פארוואקסענעם פּאָנעם, מיר האָבן ספּעציעל זיך ניט געגאָלט, און זיך אײַנגעוואשן. ס'איז גוט צו שטיין אונטער דעם אָפענעם הימל, זאָל זײַן אונטער א פארוואָלקנטן, א רעגנדיקן — מיר האָבן זיך פארבענקט נאָכן הימל.

מיר האָבן זיך געלאָזט מיט אונדזערע צווײ באקענטע פּאָליציײַען איבער שמאָלע געסעלעך און ליקן, וואָס האָבן איצט אופגעלעבט. עס האָט געשמעקט מיט רויך — עס האָבן זיך געהייצט די אייוועלעך. פון די טירן זײַנען ארויסגעגאנגען מענטשן, אָנגעטאָנענע אין אזעלכע שמאטעס, ווי מיר, נאָר מיר האָבן הינטער די טראנטעס געטראָגן ווארעמע פּופּײַקעס און זיי האָבן געוויס דאָס ניט געהאט. פיל פון די, וואָס מיר האָבן באגעגנט, האָבן געטראָגן אף די פיס די גוט בא־קאנטע הילצערנע קלומפּעס — קלאק־קליק, קליק־קלאק. בא אלעמען אף דער פּלייצע און אף דער ברוסט זײַנען געווען צוגענייט געלע לאטעס. פונקט אזעלכע זײַנען צוגענייט געווען אויך אף אונדזער אָנטאָן. אָן די געלע לאטעס האָט קיין איין וויליאמפּאָלער זיך ניט באוויזן אף דער גאס, ווער שמועסט נאָך אויסער דער געטאָ. און דעם, וואָס האָט געטראָגן דעם דאָזיקן צייכן, האָט יעדערער געקאָנט באליידיקן, באשפּײַען און דערמאָרדן. כוץ דעם זײַנען מיר אנטלאָפענע קאטאָרזשניקעס — אונדז זוכט דער מעכטיקער רײַך.

אין איינעם א געסל האָט צו אונדז זיך פארייניקט רײַטעלזאָנס גרופּע פון עלף מענטשן, אויך מיט טשעמאָדאנעס און מיט זעק. גאָט מײַנער, ווי זיי זײַנען עס פארענדערט געוואָרן! שוין זשע זעען מיר אויך אזוי אויס? מיר האָבן זיך אפילע ניט באגריסט — מיר האָבן זיי ניט געקענט און זיי האָבן אונדז ניט געקענט. מיר האָבן געשפּאנט ווײַטער.

דער אפּעל־פּלאץ — דער קאָנטראָל־פּונקט פון וויליאמפּאָל. שטעכדראָט, א געשטרײַפּלטער שלאגבאום, א טויער. עס ברענען העל לאמטערנס. אין פארשיידענע עקן פון דעם פּלאץ זאמלען זיך צונויף די ארבעטער־קאָמאנדעס. פון יענער זײַט טויער — לאסטמאשינעס. אויב מע וועט אונדז ניט פארהאלטן, וועט מען אף איינער פון זיי אונדז אוועקפירן אין וואלד. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין א פינצטער אָרט בא א פארקלאפּט הויז. איינער פון אונדזערע פּאָליציײַען איז אוועק צום טויער, דער צווייטער איז געבליבן מיט אונדז.

די קאָמאנדעס האָבן זיך אויסגעשטעלט און זיך געלאָזט צום טויער. יעדערער האָט געוווסט זײַן באשטענדיק אָרט, און ווען עמעצער האָט צופעליק צי אומיסטן זיך געלאָזט צו אונדז, האָט

אונדזער פּאָליציַי א ציקע געטאָן אף דעם ניט־געבעטענעם גאַסט, און יענער איז אָפּגעטראָטן. אמפּערן זיך האָט מען די מענטשן דאָ אָפּגעוווינט.

מיר האָבן געוואַרט. דאָס וואַרטעניש האָט דענערוווירט, און די האַנט האָט זיך געצויגן צום וואַטניק, ווו עס איז באַהאַלטן געווען דער פּיסטאָלעט. מע גייט. פונעם טויער האָט צו אונדז זיך געלאָזט א דײַטש, אן אָפיצער, אין א וווילינגעריש פאַרבראָכן היטל, ווי בא אונדזער קאָמענדאַנט. אין א שוואַרצן לעדערנעם מאַנטל, פאַרצויגן מיט א פּאַס, און אין הויכע שטיוול, וואָס זײַנען ענלעך געווען אף קראַגעס. אים האָבן באַגלייט צוויי סאָלדאַטן. דער לעצטער איז געגאַנגען אונדזער פּאָליציַי. מיר האָבן געוווּסט, ווער עס גייט צו אונדז, און דאָך האָט א נאָג געטאָן דאָס האַרץ.

דער אָפיצער האָט אונדז באַפוילן גיין נאָך אים. ער האָט אונדז געפירט צו דעם טויער, צו די עסעסאָווצעס. די ראַבאָטיאַגעס, וועלכע האָבן זיך געטראָפן אונדז אפן וועג, זײַנען אָפּגעשפּרונגען אין א זײַט, ווי פון א טײַוול, און ער האָט זיי גאָרניט באַמערקט. ער איז געגאַנגען רויק, ניט געײַלט. אף די עסעסאָווצעס האָט ער אויך קיין אכט ניט געלייגט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, צוגעטראָגן צוויי פינגער צום דאַשעק, א שאָקל געטאָן צו זיי מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— דאָס זינד מײַנע!

און מיר זײַנען פון יענער זײַט טויער.

ווי פּאַשעט דאָס איז, און ווי ניט פּאַשעט...

מיר האָבן זיך ניט אומגעקוקט, ניט געקוקט אין די זײַטן, נאָר לעבן אײנער א מאַשין האָבן מיר דערזען אַזוינס, אז די אויגן זײַנען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט האַס. אף א הויכער און גרויסער לאַסטמאַשין האָבן זיך ארופגעזעצט פרויען. אײנע פון זיי האָט זיך פאַרהײַעט. דאָס טרעפּל איז געווען צו הויך פאַר איר, דערצו איז איר לינקע האַנט נאָך געווען אן איבערגעבונדענע. זי האָט מיט דער רעכטער זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער פאַרענטש, זיך אונטערגעצויגן און ניט באַוויזן ארופשטעלן דעם פוס אפן טרעפּל. זי איז אומגעפאַלן. זי איז, ווײַזט אויס, געפאַלן אף דער קראַנקער האַנט. פון ווייטעק האָט זי א געשריי געטאָן. דער עסעסאָווער האָט זי אָנגעהויבן טויטשען מיט די שטיוול און דערבײַ געגוואַלדעוועט:

— דו! דרעק! אאוף! אאוף! אאוף!

די פרויען, וועלכע זײַנען דאָ געשטאַנען, זײַנען פאַרשטאַרבן געוואָרן און ניט געוואָגט דערלאַנגען דער געפאַלענער א האַנט. די קלעפּ האָבן זיך געשאָטן שטאַרקער און שטאַרקער... און מיר האָבן זיך ניט געקאָנט אָנעמען פאַר איר, ניט געקאָנט איר העלפן — מיר וואָלטן זיך אומגעבראַכט און זי אויך. איך האָב דאָס גוט פאַרשטאַנען, און דאָך איז מיר געווען א ביזאָיען. איך האָב נאָך לאַנג געזען פאַר זיך דאָס טויט־ווײַסע פּאָנעם פון אָט דער פרוי, איר בלאָווע פאַרביסן מויל.

אונדז האָט מען ניט געשלאָגן און ניט אָפּגעשטעלט. אף אונדז האָט געוואַרט א גרינע לאַסטמאַשין מיט א ברעזענטן דעכל. מיר זײַנען ארײַן אין קוזעוו. די סאָלדאַטן האָבן זיך געזעצט מיט אונדז, דער אָפיצער — מיטן שאָפער. די מאַשין האָט גערירט פון אָרט.

מיר פאָרן און גלייבן זיך אַליין ניט. מיר זיצן אפן דיל מיט דער פּלייצע צו דער קאַבינע. די קאַנוואָירן — באַם הינטערשטן באָרט — אף א בענקעלע. עס טרייסלט. יעדער העצקע לאָזט זיך פילן אין דער פּאָטיליצע. עס טוט ווי דער קאָפּ, נאָר זאָל ווי טאָן... זאָל טרייסלען נאָך מער — אבי די מאַשין זאָל זיך ניט אָפּשטעלן... מיר פאָרן... פאָרן...

די בריק איבער דער ווילִיע. די זעלבע, ווו אבא האָט מיר דעמלט אײַנגערוימט: „דער נײַנטער פאָרט". אונדז איז אפן זינען ניט געקומען, אז מיר וועלן נאָך פאָרן אף צוריק. פון פאָרט איז מען אף צוריק ניט געפאָרן. ער, דער פאָרט, האָט ניט געגעבן קיין בילעטן אף צוריקוועגס, און אונדז האָט ער געגעבן. ניין, מיר האָבן אַליין גענומען. מיר פאָרן... פאָרן...

פון יענער זײַט בריק האָט אונדז פאַרהאַלטן דער פּאַטרול, ער האָט אַלעמען פאַרהאַלטן — דורכקאָנטראָלירט די דאָקומענטן. זאָל ער קאָנטראָלירן! בא אונדזער אָפיצער זײַנען די דאָקומענטן אין אָרדענונג. ער האָט אויסגעצייכנטע דאָקומענטן, און ער טראָגט אן אויסגעצייכנטן רעגלאַן־מאַנטל, ניט אַזאַ, ווי בא דעם פאַרשיווע זשאַנדאַרם, וואָס האָט געכאַפּט א קוק צו אונדז אונטערן ברעזענט.

מיר פאָרן ווײַטער. א גוטע בריק איז עס געווען, א רוישיקע. און אן אָבער־לייטענאַנט האָבן מיר א גוטן. אַזעלכע אָבער־לייטענאַנטן דאַרף מען לאַנג זוכן. און די ווילִיע איז פאַרפרוירן? איך זע דעם טײַך בלויז מיט א ווינקל פון אויג. דוכט זיך, אז ניט... א גוטער טײַך.

דאָס לאַסטמאַשינדל איז א גוטס. דאָס בעסטע אף דער וועלט! און דער שאָפער אונדזערער — א גוטער. עמעס, מיר האָבן אים נאָך ניט געזען, נאָר ער איז א גוטער שאָפער, אויך דער בעסטער אף דער וועלט!

אזוי קומט עס פּאָר: הײַנט ביסטו דאָס פּעסטל און מאָרגן — דאָס שטייסל, און פאַרקערט. דערבײַ איז ניט באַוווּסט, ווער איז דאָס פּעסטל און ווער איז דאָס שטייסל — דער עסעסאָוועץ, וואָס האָט געשלאָגן די אומגעפּאַלענע פרוי, אָדער זי, די פאַרורטיילטע, מיט דער איבערגעבונ־דענער האַנט און מיט די פאַרביסענע ליפּן... די ראָד פון דער געשיכטע דרייט זיך, און די רעדער פון דעם לאַסטמאַשינדל אויך.

מיר זײַנען אַרײַנגעפאָרן קיין קאָוונאָס. דאָס איז געווען דער סאַמע געפערלעכער באַצירק פון אונדזער מאַרשרוט. מע דאַרף איבערשנײַדן די שטאָט, און מע קאָן אונדז אָפּשטעלן. אָפּגע־שטעלט האָט מען אונדז נאָר באַם אַרויספאָרן פון שטאָט, לעבן דער אײַזנבאַן־ליניע. מע האָט דורכקאָנטראָלירט די דאָקומענטן און אונדז דורכגעלאָזט.

נאָך איין מאָל האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער מיזרעכדיקער פאָרשטאָט פון קאָוונאָס. איך געדענק ניט, וויאַזוי זי הייסט, די פאָרשטאָט. דורכגעקוקט די דאָקומענטן, האָט מען געוואָרנט דעם אָבער־לייטענאַנט, ער זאָל זײַן פאָרזיכטיק: עס הייבן זיך אָן די וועלדער, און דאָרט איז געוואָרן אומרויִק. און אונדז איז דערפון געוואָרן אַזוי רויִק, אַז עס האָט זיך פאַרוואָלט פאַרציִען א גוטע רוסישע ליד.

איך בין געפאָרן צו דיר, אַנושקע, צו דיר.
און איך האָב דיך ליב געהאַט!

מיר זײַנען הינטער דער שטאָט. מיר פאָרן לענגאויס דעם ניעמאַן. אויף רוסיש הייסט ער ניעמאַן, אויף ווײַסרוסיש — ניאָמאַן, אויף ליטוויש — ניאַמונאַס. דער טײַך איז ניט פאַרפרוירן. שטיל פליסן די גרויע ריינע וואַסערן און פּליושקען זיך אײַנעם ברעג לעבן דעם שאָסיי.

דער וועג האָט פאַרקערעוועט אויף לינקס, אויף אַרויף, און דער ניעמאַן איז געבליבן אונטן. מער האָבן מיר אים ניט געזען. דורכגעפאָרן א קילאָמעטער פופציק, זײַנען מיר אַראָפּ פון שאָסיי און אַרײַן אין וואַלד, אין א געדיכטן סאָסנע־וואַלד. סאַראַ שניי דאָ איז! עמעסער ווינטער! ניט אַזוי ווי אין ווילִיאַמפּאָל און אין קאָוונאָס. דאָרט איז דער שניי גרוי, שיטער און פאַרטאָפּטשעט.

סאָפּקאָלסאָף איז דער מאָטאָר שטיל געבליבן. עס איז געוואָרן שטיל, שטיל. שוין זשע זײַנען מיר געקומען? עס האָט געשמעקט מיט סאָסנעס, מיט וואַלד, מיט שניי... שניי שמעקט אויך... עפּשער איז די מאַשין קאַליע געוואָרן? ניין, מיר זײַנען אויף דער פרײַ...

אונדזער קלוימערשטער קאַנוווי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער מאַשין. מיר זײַנען געבליבן זיצן, ווי מע וואָלט אונדז צוגעשמידט. און בלויז נאָך דעם, ווי מיר האָבן דערהערט א פריילעכן אויסגעשריי: „ווו זשע זײַט איר, פאַרטיזאַנער!", האָבן מיר גענומען אַראָפּשפּרינגען אין שניי.

די מאַשין האָט ווידער גענומען וואָרטשען: אור־אורר־אורר, אַרויסגעשטויסן א ביסל רויך, און ערשט איצט האָבן מיר דערזען דעם שאָפער. ער האָט געעפנט דאָס טירל, זיך אַרויסגערוקט, אַרופגעשטעלט איין פוס אויף דעם טרעפּל און געלאָזט די מאַשין אויף צוריק. דאָס איז געווען א באָכער פון א יאָר צוואַנציק — דרײַ און צוואַנציק, אין א שוואַרצער לעדערנער קורטקע און אין א היטל, וואָס איז געווען צונויפגעשטעפט פון לעדערנע דרײַעקן. ווײַזט אויס, א ליטווינער — א בלאָנדהאָריקער, מיט בלויע אויגן, א שיינער. ער דרייט די מאַשין, נאָר די הינטערשטע רעדער דרייען זיך אויף איין אָרט און צעשיטן אַרום זיך דעם שניי.

— אַנו, כעוורע!

מיר האָבן א שטופּ געטאָן, און די מאַשין איז אַרויסגעשפּרונגען פון שניי גרינג, ווי א פעדער. ווען ער זאָל א בעט טאָן, וואָלטן מיר זי אַרויסגעטראָגן אויף די הענט, צוזאַמען מיט אים. מיר זײַנען ניט קיין סאַך — צוואַנציק מענטשן, נאָר מיר זײַנען איצט געוואָרן דרײַ מאָל, צען מאָל שטאַרקער.

ער האָט פאַרקערעוועט, זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד. פון די קעשענעס פון דעם בעסטן אין דער וועלט אָבער־לייטענאַנט האָבן אָנגעהויבן איבערגיין אין די קעשענעס פון דעם בעסטן אין דער וועלט שאָפער נײַינקע, ווי ערשט פונעם באַנק, פּעקלעך דײַטשישע קרעדיטקעס. א סאַך. א פּעקלעך צען. און דער באָכער האָט זיי גלײַכגילטיק צעשטופּט אין די טאַשן, ווי גאָרנישט וואָלט ניט געשען.

הייסט עס, אַז ער האָט אונדז געפירט פאַר געלט. פאַר אָט די פּלאַסטיקע שטײַפע פּעקלעך. צוליב געלט אַזוי ריזיקירן. נאָר פאַר געלט מאַכט מען א סאַך זאַכן. און איך האָב שוין פאַרגעסן, ווי געלט זעט אויס, ניט נאָר קיין דײַטשיש, זייער געלט האָב איך קלאָל ניט געזען. איך האָב פאַרגעסן, ווי זעט אויס געלט. אפילו דאָרט, בײַ זיך אין דער עסקאַדריליע, האָב איך עס זעלטן געזען. מיר זײַנען געווען אויף פולער אויסהאַלטונג, און מײַן געהאַלט האָט מען איבערגעפירט קיין מאָסקווע אויפן אַטעסטאַט. און מיר איז עס געפעלן. א מיִעסע זאַך איז דאָס געלט. ערנוואָרט, מענטשן אָן געלט זײַנען בעסער ווי מענטשן מיט געלט. אויב מע וועט עס אַמאָל אָפּשאַפן, וועט זײַן א גוטע זאַך...

דער באָכער מיט די אָנגעשטאָפּטע קעשענעס האָט זיך געלאָזט מיטן פּארשנייטן שמאָלן וועג, ווי גאָרנישט וואָלט ניט פּאָרגעקומען, אין דער פאַרפעסטעטער שרעקלעכער וועלט, אהין, ווו עס זיינען די גריבער און דאָס שטעכדראָט, די עסעסאָווצעס און די וואָלף־הינט — אין דער מעגושעמדיקער וועלט, פון וועלכער מיר האָבן זיך, דוכט זיך, געראַטעוועט... א נאר איז ער, דער דאָזיקער באָכער, בעסער וואָלט ער געבליבן דאָ, ווו מע קויפט ניט און מע פאַרקויפט ניט קיין מענטשן. ווו מע שעצט ניט קיין געלט, נאָר פרייהייט, און מע צאָלט פאר איר ניט מיט קיין פּאַפּירלעך, נאָר מיטן לעבן. נאָר זאָל זיין אַזוי, זאָל זיין פאר געלט, אָבער געטאָן האָט ער א גוטע זאך. אַלצייינס איז ער א מאָלאָדיעץ!

דער פּאַרטיזאַנישער קאָמאַנדיר איגנאַטאַס שימקוס, א הויכער און געפּאַקטער מענטש, האָט אונדז באַגעגנט ווי לאַנגדערוואַרטע גוטע פריינט און דאָ גלייך אונדז אָנגעהאָדעוועט. עמעס, ער האָט אונדז אויך גלייך אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן אונדזער אַנטלויפן. שימקוסעס שטאַב האָט זיך געפונען אין א געדיכטן סאָסנע־וואַלד, און אַרום, אין א ראַדיוס פון צען — פופצן קילאָמעטער, זיינען דיסלאָצירט געווען די זאָנאַלע אָטריאַדן.

אונדזערע כעוורע זיינען אַריינגעטראָטן אינעם אָטריאַד „א טויט די אָקופּאַנטן!". מיין גורל און דעם גורל פון קוניקן — ער האָט געבעטן, מע זאָל אים איבערשיקן קיין ווייסרוסלאַנד, — האָט שימקוס געלייזט אַנדערש. ער האָט מיר דערקלערט, אַז לויטן באַפעל פון דער סטאַווקע, דאַרף ער איבערשיקן אַלע פליִער אַף דער גרויסער ערד, דעריבער וועט ער בא דער ערשטער מעגלעכקייט מיך איבערשיקן, אין דער באַגלייטונג פון א זיכערער גרופּע פאַרבינדלער, קיין ווייסרוסלאַנד, אין דער מינסקער פּאַרטיזאַנישער זאָנע, אין דער פאַראייניקונג פונעם גענעראַל בוראַק, מיט וועלכן ער האָט געהאַט א באַשטענדיקע פאַרבינדונג. בא זיי, בא די בוראַקאָווצעס, זיינען פאַראַן צוויי אַעראָדראָמען. פון דאָרט וועט מען מיך אַריבערוואַרפן קיין מאָסקווע.

איך האָב געוווּסט וועגן דעם דאָזיקן באַפעל און האָב אויך געוווּסט, אַז אין דער ערשטער ריי האָט ער א שייכעס צו אונדז, פליִער פון ספּעציעלער אויסשפּירונג. די אָנפירונג האָט געדאַרפט וויסן, ווו מע האָט אונדז אַראָפּגעשאָסן און וויאַזוי מע האָט אונדז אַראָפּגעשאָסן, ווער פון די, וואָס מיר האָבן געפירט אהער און פונדאַנען, איז דורכגעפאַלן. קורץ, איך האָב פאַרויסגעזען, אַז מע וועט מיך איבערשיקן קיין מאָסקווע. נאָר ווען איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם, איז מיר געוואָרן אומעטיק...

וויאַזוי זאָל איך דיר דאָס דערקלערן? אינדערעמעסן האָב איך זיך געדאַרפט פרייען. אזעלכע זיגזאַגן! אזעלכע וויראַזשן! אייערגעכטן — גריבער און ליאַלקעס פונעם נייַנטן פאָרט. נעכטן — וויליאַמפּאָל, אָן שייַן, אָן לופט. הייַנט דער פּאַרטיזאַנישער וואַלד, און מאָרגן — מאָסקווע, דער שטשאָלקאָווער אָדער דער ביקאָווער אַעראָדראָם, די עלעקטריטשקע, דער מעטראָ, דער גאָגאָלבולוואַר און דו, אַנושקע... פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך געפרייט, נאָר איינצייַטיק איז געווען טרויעריק...

א מענטש איז, ווייַזט אויס, ניט קיין פילקע: א זעץ — און דו פליסט אין איין טויער; א זעץ — אין אַנדערן; נאָך איין זעץ — און דו פליסט אַריבער די ליניע פון פעלד. פילקעס פּלאַצן אויך פון צו שטאַרקע קלעפּ. מענטשן זיינען גיכערביימער, וועלכע ס'איז ניט גרינג, ניט פּאָשעט איבערצוזעצן פון איין באָדן אין צווייטן, און זעצט מען זיי איבער, קרענקען זיי... איך בין, פאַרשטייט זיך, ניט קיין פילקע, ניט קיין בוים, נאָר אויב איך בין שוין, סאָפּקאָלסאָף, אַרייַנגעפאַלן צו אייגענע, האָט זיך מיר געוואָלט גיין אין שלאַכט און ניט איבערגיין פון אָטריאַד צו אָטריאַד, פון זאָנע צו זאָנע און דערנאָך קיין מאָסקווע. איך פאָר, פאַרשטייט זיך, ניט אין קאָרטן שפּילן, ניט אויסרוען זיך — איך וועל זיך אומקערן אין מייַן עסקאַדריליע. נאָר קעמפן דאָ, אַף דער פּאַרטיזאַנישער ערד, האָט זיך מיר געדוכט, איז איצט מער באַרעכטיקט. דאָ האָב איך געקאָנט זיי האַרגענען, פאַרפאַלגן, אָניאָגן אַף זיי א פּאַכעד און דערבייַ פירן אַן אייגענעם כעזשבן: „דאָס האָט איר אייַך פאַר די ליאַלקעס! דאָס — פאַר אונדזערע געשאָסענע אין וואַלד באַם פאָרט! דאָס — פאַר וויליאַמפּאָל! און דאָס — פאַר דער פרוי מיטן ווייַס־דערשראָקענעם פּאָנעם און מיט די פאַרביסענע בלאָווע ליפּן!" און אין אַעראָפּלאַן, אינדערלופטן פיל איך דאָס ניט.

און נאָך א זאַך: איך האָב זיך צעשיידט מיט אַבען, פּיניען, סאַשען און סטאַסיען, זיך צעשיידט אַף שטענדיק... אין שפּאַניע האָט מיר עמעצער געזאָגט, אַז צעשיידונג איז א קלײנער טויט... צעשיידן זיך איז אונדז געווען ניט גרינג, — מיר זייַנען אַפּסנייַ צוזאַמען געבוירן געוואָרן... ס'איז נאָך גוט, וואָס קוניק איז געגאַנגען מיט מיר...

אין וועג האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער נאַכט פון דעם נייַנצעטן אַפן צוואַנציקסטן יאַנוואַר, נאָר מיר האָבן געהאַט אין רעזערוו עטלעכע טעג. מיר האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען, און די צעשיידונג איז געלינדערט געוואָרן דורך דעם יאָמטעוו. מיר האָבן געפּראַוועט א כאַסענע

סטאַסיען מיט סאשען. עס האָבן זיך פאַרייניקט די הענט פון דעם מאָסקווער איַיסאָר און דער שטאָלצער פוילישער שיינהייַט... זיי האָבן כאסענע געהאט ניט אבי־ווי — אָפיציעל.

דער פאָרשטייער פון דער סאָוועטן־מאכט איגנאטאס שימקוס האָט אונטערגעשריבן דעם כאסענע־אקט, געלייגט א שטעמפל און ארויסגעגעבן זיי דעם דאָקומענט.

די כאסענע האָבן מיר זיי געפראוועט דעם ניַינצעטן. מיר האָבן באַשלאָסן מיט איין מאָל אָפמערקן ביידע זאכן — זיי כאסענע מאכן און אונדז ארויסבאגלייטן. אין אן אנדער צייַט און אין אן אנדער אָרט וואָלטן מיר בעסער אָפגעשפּילט די כאסענע, נאָר מעגלעך, אז ניט מיט מער געטרייַשאפט און הארציקייַט. אויסער באגריסונגען, גוטע ווונטשן און צארטע ווערטער האָבן מיר מער גאָרנישט ניט פארמאָגט. מיר האָבן ניט געהאט קיין מאטאָנעס פאר דער יונגער פּאָר. נאָר ניט די מאטאָנעס זייַנען טייַער, טייַער איז די ליבע. און זיי האָבן גאָרנישט ניט געדארפט — זיי האָבן ליב געהאט איינס דאָס אנדערע און זיי זייַנען געווען פרייַ. דער טיש האָט זיך ניט געבראָכן פון קיין געריכטן, פון ווייַנען, נאָר ער איז פוסט ניט געווען. עס זייַנען אפן טיש ניט געווען קיין בלומען — ווו זאָל מען זיי נעמען אין א ווינטערדיקן וואלד? נאָר אין א סנאריאד־הילזע זייַנען געשטאנען סאָסנע־צווייַגעלעך. די קאַלע האָט ניט געהאט קיין ווייַס קלייד און קיין פאטא — שטיוול און א פופייַקע. דער כאָסן האָט ניט געטראָגן קיין שווארצן געפרעסטן קאָסטיום, נאָר זיי זייַנען ליב געווען אין די וואטניקעס. יאָ, זיי איז גוט געווען אין דער דאָזיקער שנייִיקער ווינטער־נאכט פון פיר־און־פערציקסטן יאָר...

און פונקט פיר און צוואנציק נאָל־נאָל איז די גאנצע כאסענע אין דער שפּיץ מיט כאָסן־קאַלע ארויס אונדז באגלייטן. קיין ווערטער געדענק איך ניט, איך זע בלויז פּנעמער. סטא־סיעס — א פארוויינטס, און די ערנסטע, טרויעריקע און גוטע פּנעמער פון פיניען, אבען און סאשען. עס האָט זיך ניט געוואָלט צעשיידן, נאָר גיין האָט מען געדארפט.

און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג. צוויי פארבינדלער, מוישע קוניק און איך.

מיר האָבן זיך ניט אומגעקוקט אף צוריק. מיר האָבן ניט געוואָלט, ניט געקאָנט.

ייִדיש — א. זינגער

---

# א מיידעלע אין וואלד

ס׳איז רויט און קורץ דאָס קליידעלע,
דאָס קוישעלע איז קליין,
אין וואלד שפאנט אום א מיידעלע
א צייַט שוין איין אליין.

אין הימל־טיף אין בלוייִנקער
א וואָלקנדל זיך ווייַזט,
עס זעט עס ניט דאָס מיידעלע —
בלימעלעך זי רייַסט.

עס שפרינגט ארום דאָס מיידעלע
און קוים די ערד באטרעט.
פון בלום צו בלום זי לויפט ארום
און, לויפנדיק, דערזעט:

א ווייַס א גראָבינק פיסעלע —
עס שפראָצט ארויס פון דר׳ערד,
און אף דעם פוס א שיסעלע
א רויטס — איבערגעקערט.

און ס׳מורמלט שטיל דאָס מיידעלע:
„רויט שוועמעלע דו פייַנס,
דו קום צו מיר אין קויש אריַין,
ווייַל סייַוויסיי ביסט מייַנס״.

דערהערט פון צווייַג א פייגעלע,
ווי ס׳זינגט א קינד אין וואלד,
האָט אויך אליין דאָס פייגעלע
זיך פרייִלעכער צעשאלט.

נאָר אין דער הייך דאָס וואָלקנדל
וואָס ווייַטער גרעסער ווערט,
א שאָטן אף די ביימער ווארפט,
א שאָטן אף דער ערד.

אין וואלד ווערט אלץ שוין טונקעלער,
דאָס מיידעלע בלייַבט שטיין.
ניט לינקס, ניט רעכטס ניט לאָזן זיך —
זי ווייסט ניט ווו צו גיין.

נאָר פלוצעם זעט דאָס מיידעלע:
אין וואלד קומט אן אווטאָ,
טונקל איז אין וואלד אצינד,
ס׳איז קיינער שוין ניטאָ.

זאָגט דער אווטאָ צום מיידעלע:
„דייַן קויש איז פול ביז ברעג
מיט קווייטן און מיט שוועמעלעך,
ביסט אָבער מיד פון וועג.

גענוג שוין דיר ארומלויפן,
ארומטאנצן אין וואלד,
א כמארע, זע, עס רוקט זיך אָן,
א רעגן גיין וועט באלד״.

ס׳איז שטיל אין וואלד — נאָר פון דער
ווייַט
דערהערט האָט זיך א רויש:
דער שאָפער פירט דאָס מיידעלע,
דאָס מיידעלע — דעם קויש.

# דאָס ביקל

אין דער טיף פון לאָנקע
שטייט א קו א געלע,
אף איר ברייטן שטערן
איז א פלעק א העלער.

מיט דער קו דער בייזער
שטייט א געלינק ביקל,
אף די קליינע הערנערלעך
פלאָנטערט זיך א שטריקל.

מו, מו, מו, — סע מוקעט
מיט א דינינק קעלכל.
אוי, ווילט זיך די קינדער
צו גלעט צו טאָן זייַן פעלכל.

אוי, ווילט זיך די קינדער
א טאפ טאָן זייַנע הערנער.
ווער וועט וואגן צוגיין?
לאָמיר זען, ווער נאָר?

ווּעמען ווילט זיך אָנהייבן
מיט אזא מין ביקל:
ס׳קאָן אזא מין בוצקע טאָן,
ס׳קאָן זיך נאָך צעבריקען.

בעסער פונדערווייַטנס
האלטן זיך צוזאמען.
גיי דיר, גיי דיר, ביקעלע,
צו דער קו, דייַן מאמען.

ריווקע רובין

# וואָס איז ער, דער מענטש?

## (וועגן הירש אָשעראָוויטשעס שאפונג)

אַט אזוי ווילט זיך מיר אָנהייבן דעם געשפרעך וועגן הירש אָשעראָוויטשעס שאפן. דער פראגע־צייכן שטייט ווי א טרייַער שוימער בא דער שוועל פון זייַן דיכטונג: פרעג, פארטראכט זיך און קום ארייַן!

דער פראגע־צייכן בא אָשעראָוויטשן פארמאָגט פיל אינטאָנאציעס — לירישע, ריטאָרישע, פארצווייפלטע, באגייַסטערטע. די פראגע איז געווענדט פון מענטש צו זייַן גלייַכן, פון מענטש צו דער וועלט, פון מענטש צו זייַן היסטאָרישער פארגאנגענהייַט, זייַן וואָר און זייַן צוקונפט, פונעם דיכטער צו זיך אליין, צו זייַן אייגענעם מענטשלעכן געוויסן. ס׳איז ניט קיין פראגע, וואָס בלייַבט הענגען אינדערלופטן. ס׳איז א פראגע, אין וועלכער עס ליגט פארבאָרגן דער קערן פונעם ענטפער, וואָס פארבייַט אומוויסן אף וויסן, פארלאָרנקייַט אף אנטשלאָסנקייַט, צווייפל אף זיכערקייַט. דער זוכנדיקער, אלץ דורכדרינגענדיקער געדאנק לייגט דורך א וועג פארן ענטפער.

א דיכטער, וועמעס שאפן עס איז אָנגעזאפט מיט די סאמע ברענענדיקע פראָבלעמען פון דער הייַנטצייַטיקייַט, ווענדט זיך אָשעראָוויטש אָפט צו היסטאָרישע, קולטור־היסטאָרישע און ביבליש־מיטאָלאָגישע מאָטיוון. זייַן אָפשייַ פאר דער פארגאנגענהייַט האָט ער גלענצנד אויסגעדריקט אין דער פירשורעדיקער מיניאטיור „טראדיציע“:

אזא וועג א לאנגער בינדט צוזאמען ווייַטן,
ברענגט אהער געשאנקען פון פארוועלקטע צייַטן.
זיידעס אים געפלאסטערט, טאטעס אויסגעטראָטן;
שוין פון לאנג פארעלטערט און נאָך אלץ געראָטן...

פאר די „געשאנקען פון פארוועלקטע צייַטן“, פאר די קולטור־אויצרעס, די קונסט־שייַנקייַטן, וועלכע ס׳איז באשערט אן אייביק לעבן, האָט דער דיכטער אן עכטן גוסט. אין זייַן שאפן קלינגען די דערהויבענע טענער פון נעוווּע־געזאנגען און עס פלעכטן זיך די אָרנאמענטאלע געמעלן פון דער מיזרעך־פּאָעזיע, ייִדישער און ניט־ייִדישער. דאָס איז צו זען שוין אין איינער פון זייַנע ערשטע פּאָעמעס „שימשן“, געשריבן אין 1944 יאָר.

עס זעט אויס אויסטערליש. ס׳האָבן נאָך ניט אָפּגעפלאקערט די שלאכטן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, און אָשעראָוויטש זעצט זיך גאָר שרייַבן א פּאָעמע וועגן שימשן־האגיבער. נאָך מער. אין 1947 יאָר שליסט ער זי איין אינעם בוך „פון קלעם ארויס“, א בוך, געווידמעט דער מילכאָמע און דעם זיג איבערן פאשיזם. איך מוז זיך מודע זייַן, אז בייס ס׳איז מיר צום ערשטן מאָל ארייַנגעפאלן אין די הענט דאָס דאָזיקע בוך, האָב איך ניט באלד אופגעפאסט די אייגנארטיקייַט פון אָשעראָוויטשעס ליטערארישן בארוף. עפּעס איז דאָ מיר אפילע געווען ניט צום הארצן. עס האָט מיך געארט, האלעמייַ אין א בוך, געווידמעט דעם אָנדענק פון זייַן מוטער, „וואָס האָט אירע לעצטע יאָרן געשמאכט אין שרעקלעכסטן קלעם פון אלע קלעמען — אין געטאָ“, געפינט דער דיכטער ניט שטענדיק דאָס אומיטלבארע, הארציקע וואָרט. די קראָ, וואָס שרייַט אויס פארבייַפליִענדיק: „דער ערד זאָגט, ייִדן, „האריי־אט“!“; די סאָווע, וועלכע טרוימט: „זאָל כאָטש וואָס גיכער פינצטער ווערן!..“; דער אלטער וואלד, וואָס „ווישט מיט בלעטער זיך די טרערן“ — אזא פארליטערארישטע בילדערישקייַט איז געווען ניט אין אייַנקלאנג מיט דער צייַט. דאָס פריִערדיקע שאפן אָשעראָוויטשעס איז מיר געווען ניט באקאנט, הערפאר האָב איך ניט געקאָנט אייַנזען אין די שוואכערע שורעס פונעם בוך די בייַהויצאָעס פון א דיכטער, וועלכער שלאָגט זיך דורך א וועג פאר א נייַער פּאָזיציע. זיי האָבן פאר מיר פארשטעלט די באזונדערע גלענצנדע לידער פון „ייִדן“, „אף פּאָנאר“, „די מאמע“ און אפילע די באלאדע „דאָס קינד“ — דעם סימבאָל פון דער לעבנספייִקייַט פון פאָלק, א באלאדע, וועלכע איך האָב איצט, קימאט אין צוואנציק יאָר ארום, איבערגעלייענט מיט אנציקונג.

איין זאך האָט מיך אינעם בוך „פון קלעם ארויס“ באלד געפאנגען — די פּאָעמע „שימשן“, וועלכע דער דיכטער האָט באטיטלט מיט אן אונטערקעפּל „געזאנגען“. זי איז דאפקע יאָ געווען אין אייַנקלאנג מיט דער צייַט. דאָ האָט דער דיכטער אויסגעשריִען זייַן ווייטעק, דאָ האָט ער באזונגען די פאָלקס־גבורע. אין דער פּאָעמע דערקענען מיר דעם הייַנטיקן אָשעראָוויטש. לויט דער קינסטלערישער שליימעס האָט זי געקענט אָנגעשריבן ווערן פון אים איצט, אין 1966 יאָר.

„אויסגעשריִען" — צי שטימט דאָס דאַזיקע וואָרט מיט אַשעראָוויטשן, צי איז עס ניט אין ווידערשפּרוך מיט זיין אידעאַלער אינטעלעקטועלער ליריק און מיט זיין פּערזענלעכקייט, פון וועלכער ס'איז שווער אָפּצוווענדן זיך, בייס עס גייט א רייד וועגן א דיכטער — א מיטצייטלער. ניט אומזיסט איז דאָך אין דער גרויסער ליטעראַטור וועגן מאַיאַקאָווסקין, לעמאָשל, קימאַט ניטאָ קיין אַרבעט, ווו עס זאָל אַזוי אָדער אַנדערש ניט פיגורירן דער ווּקס, די שטים פונעם דיכטער, זיין אויפן פון פאָרלייענען זיינע ווערק אאַז.. ווייל מערסטנס שרייבן וועגן אים מענטשן, וועלכע זיינען פּערזענלעך געווען מיט אים באַקאַנט. וועגן שעקספּירן שרייבט מען אַנדערש. און ווער ווייסט, עפּשער זיינען אונדזערע קאַרגע ידיעס וועגן זיין פּערזענלעכקייט גאַר א מיילע. זי אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַבסאָליוט אָביעקטיוו, מאַטעריאַליזירט אין זיינע געווינישע ווערק. נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, וועט דער פאָרשער, ווי אויך דער לייענער, קיינמאָל ניט בלייבן גלייכגילטיק צו דער פּערזענלעכקייט פונעם קינסטלער.

אין אַשעראָוויטשן וועט יעדערער דערזען א שטילן, אָן איידעלן מענטשן. ער איז אויסגעהאַלטן, באַדאַכט. צו מענטשן, וועלכע ער קען ווייניק, קוקט ער זיך צו און הערט זיך צו ווי פון דער זייט. ער שווייגט מער, ווי ער רעדט, און טראַכטן טראַכט ער אַוודאי מער, ווי ער רעדט. ער האָט ליב שטילקייט, ווען „ס'קלאַפּן נאָר דאָס האַרץ און זייגער". רו, געמיטלעכקייט — דאָס זיינען די אויסערלעכע שטריכן פונעם דיכטער, וועלכע וואַרפן זיך אין די אויגן יעדערן. אָבער הערט איר אים פאָרלייענען זיינע לידער, נאָך איידער איר האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקאַנען זיך מיט זיי אַליין, קומט פאַר אייך אויף גאָר אַן אַנדער געשטאַלט. דער שטילער באַאָבאַכטער אַשעראָוויטש לייענט ניט — ער גוואַלדעוועט. אפילו דאַן, ווען ער האָט פאַר זיך ניט מער פון צוויי-דריי צוהערער. און איר ווערט מיטגעריסן מיטן גוואַלדיקן אומרו, מיט דער גרויסער פּיין, וואָס שרייען אַרויס, יאָ, יאָ, זיי שרייען אַרויס פון זיינע לידער.

און איצט וועלן מיר זיך אומקערן צו דער פּאָעמע „שימשון", וועלכע הייבט זיך אָן מיט אַזעלכע שורעס:

הייס איך שימשון, נאָך דער זון,
וואָס קומט הען אַרויס דערפון,
אַז אַרום איז שווערע נאַכט,
אונדזער פרייהייט אויסגעלאַכט —
פּלישטים הערשן אומעטום.
איז דאַן שעמעש נאָך א זון?

דאָס זיינען קימאַט עלעגישע שורעס, א שטילע קלאָג פון א מענטשן, וואָס א זעעוודיקער איז ער געווען פאַרבלענדט און ערשט, ווען ער איז בלינד געוואָרן אינדעראמתן (זייער א כאַראַקטעריסטישער פאַר אַשעראָוויטשן געדאַנקלעכער קער), האָט ער דערזען די אייגענע פאַרבלענדטקייט. און עס גייט אין דער פּאָעמע דער אָנווּקס — די איינציקע פאַרבליבענע ליידנשאַפט שימשונס — די שינאה צום פיינט, וועלכער האָט פאַרשוועכט די מי פון זיין פרידלעכן שטאַם און פאַרקנעכטעט זיין ערד. די שורעס וועגן דלילעס פאַראַט, וועלכער האָט אומגעקערט שימשענען צו זיין פאָלק, זיינען פונקט אַזוי אָנגעגליט, ווי די עראָטיק פון דעם פריערדיקן ליבע-געזאַנג צו זיין „פּייער-ווייב":

גוטע מיינע, דיינע הענט —
איינע גלעט, און איינע ברענט.

זיסע מיינע, דיינע בריסט —
פולע לאָגלען אין דער וויסט.

שימשונס אומקום צוזאַמען מיט די פלישטים איז זיין גרויסער זיג: „שימשון, מיינסטו, איז איצט שוואַך? ניין, ער איז אין גוורע רייך..." דאָס געזאַנג „שטיל געלעבט האָט אונדזער שטאַם פונעם מידבר ביז צום ים" האָט דער דיכטער אויסגעזונגען אין פולן איינקלאַנג מיט דער צייט, ווען ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן די פּאָעמע, מיט דער צייט, ווען אויך אונדזער פרידלעכע מי איז פאַרשוועכט געווען, ווען אויך אונדזער ערד איז אין פיל אירע טיילן געווען פאַרקנעכטעט. אין דער פּאָעמע „שימשון" איז שוין אין דער פולער מאָס אויסגעדריקט די כאַראַקטעריסטישע פאַר אַשעראָוויטשן פאַרינטערעסירונג אין דער „ירושה" פונעם שטאַנדפּונקט פון היינטצייטיקייט. לאָמיר זיך דערמאָנען אין דער פּאָעמע „מוילעך", געשריבן אין 1962 יאָר: „קינדער וואַרטן אָפּן טויט, ווי זקיינים..."; „קינדער-בלוט אויף זאַמד און גראָז..." ווי שטראַלן צעגייען זיך פון דער דאָזיקער פּאָעמע היסטאָרישע פאַראַלעלן. זיי פאַרוווּנדן אונדזער האַרץ מיט דער דערמאָנונג פונעם ניט לאַנג איבערגעלעבטן און וועקן, וואָס איז אַזוי נייטיק אין אונדזער צייט, דער וועלטס זיקאָרן.

אַלע ווייטן זיינען בײַ אַשעראָוויטשן „צווישן זיך געבונדן", העריבער איז בײַ אים ניטאָ קיין איין ווערק, געבויט אויף היסטאָרישן אָדער ביבליש-מיטאָלאָגישן מאַטעריאַל, וואָס זאָל זיך ניט איבערופן מיט אונדזער צייט. ס'איז ניט שווער צו באַמערקן אין דער פּאָעמע „ספּאַרטאַק" דעם פאָדעם, וועלכער עס ציט זיך פון דער רוימישער אימפּעריע צום פאַשיסטישן בערלין: „אויסגעצויגן זיך אויף זיבן היגלען האָט א שפּין. האַלבע וועלט געפאַנגען ליגט אין זיינע קלעפּיקע געוועבן". ווי ס'איז ניט שווער צו דערקענען אין דער פרעכער באַרימעריי פון מאַרקוס ליציניוס קראַסוס, וועלכער האָט דערשטיקט דעם אויפשטאַנד פון די גלאַדיאַטאָרן, שטריכן פון א מין „ריטער" פונעם פאַשיסטישן בערלין, האַגאַם דער לעצטער איז אין פיל פּראָטים געווען א נעבעכדיקע נאָכקרימעניש פון רוים, א העסלעכע גרימאַסע. דער אַלטערטימלעכער רוים האָט דאָך געשאַפן אַן אייגענע ציוויליזאַציע.

פון מיצראַיִם — גלאָז און ליין,
פון יעהודאַ — שטאַרקסטן וויין,
פון אייבייע — מירמלשטיין,
פון קירענאַ — העלפאַנדביין,
טעפּיכער — פון פּערסנלאַנד,
פון בראַקאַרא — וואַל-געוואַנט
ווער האָט האַלב-אומזיסט געבראַכט,
רוים און זיך אויך רייך געמאַכט?

מאַרקוס ליציניוס קראַסוס!

דאָ גייט ניט אין ספּעציעל פאַרטראַכטע צייט- און געדאַנק-פּאַראַלעלן. אַזעלכע זיינען אָפּט פאַלש און פּאַרפּיעריש. „ספּאַרטאַק" איז א פּאָעמע וועגן דעם גלאַדיאַטאָרן-אויפשטאַנד אין אַלטן רוים און וועגן דעם אָנפירער פונעם אויפשטאַנד — ספּאַרטאַק. זי שילדערט א גאַנץ באַשטימטע עפּאָכע מיט די כאַראַקטעריסטישע פאַר איר שטרייטן. זי איז אויפגעוואַקסן אויף א טיף דערלערנטן און אויסגעפאָרשטן ביז צו די מינדסטע איינצלהייטן היסטאָרישן מאַטעריאַל. נאָר אַזאַ איז די אייגנשאַפט פונעם דיכטער אַשעראָוויטש. זיין היסטאָריש וואָרהאַפטיקע שיל-

דערונג פון דער פאַרגאַנגענהייט אָטעמט מיטן לעבעדיקן אָטעם פון דער הייַנטצייַטיקייַט.

דאָס זעלבע איז שייַעך די ביבלישע און אַנדערע מיטאָלאָגישע מאָטיוון. דער דיכטער לעבט זיך אייַן אין דער פּאָעטישער אַטמאָספער פון דער פאַרצייַטיקער מייַסע אָדער לעגענדע. ער כאַפּט אויף איר צוויבער־ניגן און ציט אים ווייַטער, גיט איר צו זייַן אייגענע אינטערפּרעטאַציע, און פאַרן לייענער טויכן אויף פון דער טיף פונעם אַלטערטום די פּראָבלעמען, וועלכע רעגן אים, דעם הייַנטצייַטיקן מענטש.

די גוואַלדיקע אופטרייסלונגען, וועלכע ס'האָט מיט זיך געבראַכט דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט, די גרויסע ניסיוינעס, וועלכע זייַנען אופגעקומען פאַר דער מענטשהייַט, די געפאַר פון וועלט־אונטערגאַנג אָדער דער אויסזיכט אַף וועלט־אופבלי אין צוזאַמענהאַנג מיט די איבעראַשנדיקע אופטוען פון דער טעכניק און וויסנשאַפט צווינגען אַשעראַוויטשן, דעם דיכטער פון רייַנעם געוויסן, ארומקוקן זיך, פונוואַנען און וווּהין גייט די מענטשהייַט.

אַף אַזאַ אויפן קומען מיר צו צום ברייטערן זין פון טראַדיציע בא אַשעראַוויטשן. דאָ גייט ניט בלויז אין ליטעראַטור־ירושע. דאָ גייט אינעם היסטאָרישן און קולטור־היסטאָרישן וועג, וואָס „זיידעס אים געפלאַסטערט, טאַטעס אויסגעטראָטן".

דעם דיכטערס שטילע באַהאַכטקייַט, ווי אויך זייַן ביטערער יאָמער („שטיי איך איינער, איינער אינעם כורבנס מיטן"), וועלכער גייט אריבער אין דער שטייַפער מענלעכער גרייטקייַט צום קאַמף („כ'וועל ניט קלאָגן, כ'וועל גיין טייטן פאַר די טויטן") — אַלץ רופט ניט דערלאָזן צונישט מאַכן דאָס דערגרייכטע אַפן דאָזיקן לאַנגן און שווערן וועג.

אייניקע זייַנע ווערק באַטיטלט אַשעראַוויטש מיט אַן אונטערקעפּל: „פונעם ציקל פּאָעמעס „אַזוי איז געגאַנגען דער מענטש". איך בין ניט זיכער, צי איז נייטיק אַרויסצוגעבן אַזעלכע אַוואַנסן. דאָס איז די זאַך פונעם דיכטער. דער פאַרטראַכט גופא איז אָבער פאַר אַשעראַוויטשן ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש.

אין איינער פון די לידער „מענטש" (איך זאָג „אין איינער", ווייַל אַשעראַוויטש רופט אָן עטלעכע זייַנע לידער אַפן זעלבן אויפן) שטעלט זיך דער מענטש, דאָס פּאַשעטע „געוויקס מיט צוויי וואָרצלען אַף דער ערד", די פראַגע, צי קאָן אים באַפרידיקן זייַן „געוויינלעך פלאַנציש גליק": „בין איך מער פון דעם, וואָס כ'בין, אָדער ווינציקער דערפון?" און ס'קומט דער ענטפער:

כ'בין פיל מער פון דעם, וואָס כ'בין,
צו דער וואָר איך טרוים פאַרמאָג.
יעדן טאָג איך זיך געפין,
זיך אַליין איך קוים דעריאָג...

אין „ספּאַרטאַק" ווערט דאָס אָפּנעמען באַם מענטשן זייַן טרוים געגליכן צו פאַרטיליקונג. די רישעס פון די סדום־אייַנוווינער ווערט דערקלערט מיט דער אָפּוועזנהייַט בא זיי פון טרוים, פון מענטשלעכע אידעאַלן. דער שטרעבונג פונעם מענטשן צו ניט געזעענע הייכן איז געווידמעט די פּאָעמע „דער טורעם פון באָוול". דער טראַגישער קאָנפליקט איז אין דער פּאָעמע אַ צווייענדיקער. ציִענדיק זיך צו די הימל־הייכן, האָבן די בויער פונעם טורעם זיך אָפּגעריסן פון דער ערד. איז פונעם טרוים אויסגערונען די וואָר און דער טרוים אַליין האָט זיך אויסגעלאָזט מיטן האַרטן שטיין, וואָס פליט אין כאַוועריס קאָפּ. דער באַגריף „טרוים" גייט בא אַשעראַוויטשן אָרגאַניש אַרייַן אין דער וואָר. נאָך אין דער פּאָעמע „שימשן" טרעפן מיר זיך מיט אַזעלכע שורעס: „וואָר איז אַלץ; ס'געהער צו איר אויך דער כאָלעם און דער טרוים".

דער דיכטער שטייט אַף דער וואַך פונעם הויכן טיטל „מענטש", דעם אומרויִקן, דעם זוכנדיקן, דעם דענקענדיקן. פונעם נאָמען „מענטש" זאָגן זיך דאָך אָבער ניט אָפּ אויך די, וועלכע טראָגן זיך ארום מיט „אידייען" פון אָנפאַל, אויסראָטונג, פאַרניכטונג. און אויב אַזוי, איז דער מענטש עפּשער גרויזאַמער און געפערלעכער אַוואַדע פון דער רויב־כייַע.

ווייַנט!.. ווייַנט!
ווייַנט, שאַקאַלן,
מענטשן וועלן אייַך באַפאַלן;
און דער מענטש פון אייַך איז גרעסער,
מענטש איז כייַע מיט אַ מעסער...

„מיט די פויסטן זעצט אין בלעך, טונקט שטורקאַצן אייַן אין פעך!" — אַזוי זינגען די סדומער אַף זייער „יאָמטעוו פון העפקייריעס". די דאָזיקע העפקייריעס, דאָס אויסטאָן זיך פון אַלץ, וואָס מענטשלעך איז, רופט בא אונדז אַרויס לעבעדיקע אַסאָציִאַציעס: עס זייַנען אונדז באַקאַנט די שטורקאַצן, וואָס ניט צו לייַכטן זייַנען זיי באַרופן, נאָר צו פאַרהילן אין רויך און נעפּל דאָס שענדלעכע, דאָס נידערטרעכטיקע. איז וואָס איז ער, דער מענטש, אַ באַשעפער צי אַ פאַרניכטער? ווו ענדיקט זיך דער באַגריף „העלד" און ס'קומט אויף דער באַגריף „מערדער"?

אין אַשעראַוויטשעס זוכענישן פון דער מאָנומענטאַלער פאָרם אַף אויסצודריקן די לייַדנשאַפטן פון אונדזער צייַט איז זייַן גרעסטע דערגרייכונג „מוילעך", די פּאָעמע וועגן דעם „גלאָמפּ פון אייַזן", דעם געשאַפענעם פון מענטשלעכע הענט, און צו וועלכן אַ גאַנץ פאָלק בוקט זיך בלינד, ברענגט אים אַלס קאָרבן דאָס טייַערסטע — די קינדער. די גאַנצע פּאָעמע איז ווי פון איין גוס. פאַרגלייווערטע פון וויי און שוידער, זיצן די דינער פון מוילעך: „ס'ווייַנט דאָס בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן, ס'קלאָגט דאָס בלוט, וואָס נאָך אין אָדער". זיי זיצן פאַרזונקענע אין דער נאַכט און קוקן אַרויס מיט שרעק אַפן אָנקומענדיקן טאָג: „באַלד וועט ווידער ליכטיק ווערן, ס'קומט אַ נייַער נעכטן אָן". די פאַרשקלאַפטע פון דער אייגענער פאַרשקלאַפונג צעשמעטערן דעם מוילעך און צוזאַמען מיט אים זייער אייגענע בלינדקייַט.

„מוילעך" איז אָנגעשריבן אין 1962 יאָר. און אין 1965־טן שאַפט אַשעראַוויטש קימאַט אייַנצייַטיק צוויי פּאָעמעס — „סדוים" און „זייַ פאַרשאָלטן, מענגעלע". און דאָס איז ניט צופעליק. צווישן זיי איז דאָ אַ טיפע אינערלעכע פאַרבינדונג.

די היסטאָרישע און געדאַנקלעכע קאַטעגאָריעס בא אַשעראַוויטשן האָבן פייַנט ענגשאַפט. זיי צעשפרייטן זיך בא אים אין דער ברייט און אין דער טיף, און ערשט דאַן זאַמלען זיי זיך צונויף, ווי אין אַ פאָקוס. דער דיכטער האָט די נעטיִע אַרויסצוברענגען דאָס פאַרבאָרגענע הינטער דעם אָנשוילעכן, אופדעקן דאָס פאַרהילטע אין פאַרשיידענע אויסערלעכע אַקסעסואַרן:

און ווען עס שוין געליגען זאָל
אַראָפּצוציִען פון דער קראָ
איר מאַנטעלע דאָס שוואַרצע,

צי וואָלט זי ווערן דען דורך דעם
א ווײַסע טויב?
און ווי איז, טאָמער בלײַבט זי פּאַרט א קראָ —
א קראָ, וואָס איז דערצו נאָך נאַקעט?..

דעם דיכטערס שמייכל זאָגט אונדז אונטער, אז אראָפּציִען דאָס שוואַרצע מאַנטעלע איז פּאַרט קעדײַ, טאַקע צוליב דעם, קעדיי צו דערזען די קראָ „דערצו נאָך נאַקעט".

אין זײַן שטרעבונג ארײַנצוקוקן אין דעם אינגעווייד פון דער אויסערלעכער וועלט שאַפט אַשעראָוויטש אזעלכע אויסטערלישע איבערגעשטאַלטיקונגס־לידער, ווי „דער וואָלף", „דער ארבעטס־אָקס", „די קאַץ" און אנד. ער גיט זיך די מי צו באטראכטן דעם ארום, ווי אַנמעסטנדיק אף זיך די פעל פון די דאָזיקע „פּערסאָנאזשן". דעם זעלבן מעטאָד ווענדט ער אָן צום באגרײַפן די לעגענדארע רעשאָים־שטאָט „סדוים" און דעם רעאלן פאטריציאַניש־קנעכטישן רוים. אָן עכטער מענטש טאָר ניט פארמאכן די אויגן אף דעם, ווהין עס קאָן פארפירן דאָס אומענטשלעכע. דערפון שטאמען אַשעראָוויטשעס באמיִונגען ארײַנצוקוקן אינעם טהאָם פון רישעס און געמיינהײַט.

אין דער פאָלקס־מײַסע זיגט קימאט שטענדיק די טוגנט. אזוי אויך אין דער ביבלישער לעגענדע וועגן „סדוים". אף דער זינדיקער שטאָט גיסט זיך אויס גאָטס צאָרן, און זי ווערט אָפּגעמעקט פון דער ערד. אַשעראָוויטש האָט דעם דאָזיקן מאָטיוו ניט אויסגענוצט. די שטראָף ליגט אין די סדוימער גופע — אין זייער שלעכטיקײַט, פארגרעבטקײַט, אָנפּליגלדיקײַט. אין דער פּאָעמע הערשט די פּאַטעטיק פון אָפּלייקענען דאָס שלעכטס. אָבער מענגעלע?..

דאָ איז אומפארמײַדלעך דער געראנגל פונעם שרײַבער מיטן דאָקומענטאלן מאטעריאל, וועלכער האלט נאָך אלץ אין איין ארופשווימען אפן אויבערפלאך פונעם אומבאגרײַפלעכן געשעענעם. דאָס דאָקומענטאלע דרינגט ארײַן אויך אין קינאָ, טעאטער, ליטעראטור. ס'איז ניט צופעליק, וואָס נאָך דער מילכאָמע האָט באקומען אזא פארשפרייטונג די „איך"־געשטאלט אין אָט די אלע געביטן פון קונסט. דער קינסטלער שטרעבט צו דער גרעסטער וואָרהאפטיקײַט, זײַן ווערק זאָל אויסזען קעמוי א דאָקומענט. און דאָ טרעפן מיר זיך מיט א היסטאָרישן פאראדאָקס. טשעכאָחן, ווי אויך פערעצן, האָט די קריטיק בעשײַטע אופגעוואָרפן די ניט סצענישקײַט פון זייערע פּיעסן. זיי זײַנען גוט, הייסט עס, צום לייענען, נאָר ניט צום שפילן. עס פעלט אין זיי האנדלונג. און איצט קוקט דער עולעם מיט א פארכאפּטן אָטעם אין קינאָ אָדער אין טעאטער דראמען, געבויטע בלויז אפן דיאַלאָג, ווו די סצענישע האנדלונג איז קאָנצענטרירט אינעם וואָרט, א וואָרט — א ווידוי, א קלאָג, א רוף צו מוטיקן טאט.

די סאָוועטישע ליטעראטור האָט היפּשע דערגרייכונגען אין שילדערן די קאָרבאָנעס פונעם פאשיזם און די קעמפער קעגן אים. די פּסיכאָלאָגיע אָבער פונעם פאשיזם ווערט דערווײַל אופגעדעקט דעריקער דורך זײַנע מײַסים. ארײַנקוקן אין די פינצטערנישן פון אן אייכמאן־מענגעלע־נעשאָמע איז זייער שווער א מענטשן מיט נאָרמאלע מענטשלעכע כושים. אָבער סײַ די סאָציאָלאָגיע, סײַ די קונסט וועט מוזן נאָכאמאָל און נאָכאמאָל אומקערן זיך צו דער פראגע, וויאזוי איז עס געשען, אז אינמיטן פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט זאָלן צווייפיסיקע פארוואנדלט ווערן אין פירפיסיקע. דאָס איז נייטיק, ווײַל, צום באדויערן, זײַנען נאָך דאָ ניט ווייניק צווייפיסיקע, וועלכע טרוימען וועגן דער „באקוועמער" פּאָזיציע פון זייערע באזיגטע פאָרגייער.

אף דער שייך־ליניע פון מיטלאלטער און רענעסאנס האָט דער גאָוינישער דאנטע אויסגעדריקט דעם שוידער פונעם מיטלאלטער אין געשטאלט פונעם „געהנעם", וועלכער איז אליין פאר זיך א פּראָדוקט פון אינקוויזיטאָרישער, ראָצכישער פאנטאזיע. און שפּעטער איז געקומען סערוואנטעס מיט זײַן „דאָן־קיכאָט", וואָס איז פארטראכט געוואָרן ווי א פאראָדיע אפן ריטערלעכן ראָמאן און איז אריבערגעוואקסן אין א לײַכט־טורעם פאר אן אָנקומענדיקער נײַער טקופע.

די אופטוען פון מיטצײַטלער איז א סאך שווערער אָפּצושאצן, ווי דאָס, וואָס איז געהייליקט פון דער טראדיציע. איינס איז קלאָר: מיר דארפן באגריסן אין אונדזער ליטעראטור יעדן פּרווו פון מאסשטאבארטיקן הענקען, פון מאָנומענטאלער פאָרם. אפן דאָזיקן קאָמפּליצירטן וועג האָט אַשעראָוויטש פיל דערגרייכט, האגאם ניט אלץ איז בא אים אין דער זעלבער מאָס געלונגען.

סײַ „מוילעך", סײַ „זײַ פארשאָלטן, מענגעלע" זײַנען ווערק פאטעטישע. אין „מוילעך" אָבער איז די פאטעטיק זיכער א פולע און פליסט פרײַ, ווי א טײַך. „זײַ פארשאָלטן, מענגעלע" איז ווייניקער איינהײַטלעך. דער פארלאנג ארויסצוזאָגן וואָס מער, אלץ, צווינגט דעם דיכטער צו מאָביליזירן אין א צו גרויסער מאָס אבסטראקט־געדאנקלעכע קאטעגאָריעס, ווי „די שרעק", „די פארכאלעשטע טרייסט", „דער קלאָרער זין", „געמיינהײַט, כוצפע, רישעס", „די גרויסע פינצטערניש", „שטילקײַט" און נאָך און נאָך. דאָס זעט אויס צו זײַן עטוואָס נאַיִוו פאר דער גרויזאמער טעמע פונעם ווערק. די טויכעכע, וואָס דער דיכטער גיסט אויס צום שלוס אף מענגעלעס קאָפּ, דעקט ניט דעם כעזשבן. די פּאָשעטע טײַנע: „מענגעלע, מענגעלע, ווו איז מײַן יִנגעלע?" איז שטארקער, אײַנפלוסרײַכער פון דער שארפסטער קלאָלע. דאָס יִנגעלע, מענדעלע גינזבורג — אָט ווו ס'איז דער טאָך פון דער פּאָעמע.

גיי, מענגעלע, גיי! גיי ארויס אפן פליין,
ווו עס ליגן געשענדט אי דאָס לײַב, אי דער גײַסט,
שעפּ ארוף אף דײַן האנט א קליין הײַפעלע אש —
דאָס איז ער, דאָס איז ער, דאָס איז מענדעלע
גינזבורג...

אין אזעלכע ערטער גיסן זיך בא אַשעראָוויטשן האַרמאָניש צונויף די לירישע טענער מיט דער נעווייִשער שטראָף־פאטעטיק.

אַשעראָוויטש האָט אָנגעשריבן צוויי פּאָעמעס, וועלכע וואָרענען קעגן דער געפאר פון דער אטאָם־מילכאָמע. די ערשטע הייסט טאַקע „די וואָרענונג", די צווייטע — „מאַיאָר קלאָד איזערלי". „די וואָרענונג" הייבט זיך אָן פון א קאָנפליקט צווישן דעם אורמענטש און דעם ציוויליזירטן מענטשן. א מערקווירדיקע דערשײַנונג: אין פארשיידענע ווערק זײַנע ווײַזט ארויס אַשעראָוויטש א באזונדערן אינטערעס צו דעם מענטש פון פּרימיטיווע געזעלשאפטלעכע פאָרמאציעס. אין „מוילעך" איז עס די פארטעמפּטע פונצאר און בלינדן גלויבן מאסע מיט איר ווילדן אופברויז קעגן דעם געץ. אין דעם „טורעם פון באָוול" איז עס דאָס געשטאלט פון די נאַיִווע טרוימער, וואָס ווילן אָנטאפּן די לעוואָנע „און צונויפקערן אין קופּקעלעך די שטערן".

און מיר פיבערן אין כאַלעם,
ווען מיר שלאָפנדיק דערפילן:
אונדז לעוואָנע־מילך פאַרגיסט...

אין „דער וואָרענונג“ גייט דער דיכטער אוועק נאָך ווייַטער אין דער טיף פון יאָרטויזנטער. הער אורמענטש איז אים ליב מיט דעם, וואָס ער האָט אין „אײַזיק־האַרטע טעג“,

ווען אַלץ אַרום געווען איז וואַלדישע סאַקאָנע,
מיט אָנגעשפּאַנטן גוף, מיט גלידער־הייס פון מי
פון וועלטן שטייניקע געריסן פּיצלעך לעבן.

ער האָט דורכגעלייגט א וועג פאַר די שפּעטערדיקע דוירעס. ער איז געווען דער ערשטער. וויל ער ניט אַרײַנלאָזן אין זײַן הייל דעם לעצטן מענטש, דעם איינציקן, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דער אטאָם־קאַטאַסטראָפע. דאָס האָט ער דאָך, דער טרעגער פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, דער ניט־באַוואַקסענער מיט פעל, דער הערשער איבער דער נאַטור און דער באַשיצער פון אירע גרויזאַמקייַטן, פאַרניכטעט מיט זײַן „בייזער ווייכער האַנט“ אַלץ, וואָס ער האָט באַקומען בעירושע פון זײַן אורפאָטער. „ווו איז די וועלט, די שיינע בליִענדיקע וועלט?..“ — טײַנעט פאַרצאָרנט דער אורמענטש. אין דעם דאָזיקן געשטאַלט איז אויסגעדריקט דעם דיכטערס מיטגעפיל צו דעם גאַנצן מענטשלעכן מין. ס'איז ווי דער מיטגעפיל צו דער גרויער עלטער, וואָס איז פאַרורטיילט צום פאַרגיין, און צו דער הילפלאָזער, אָבער שטענדיק האָפערדיקער קינדהייַט, וועלכע שטעלט אירע ערשטע טריט אַף דער ערד. באַם דיכטער שטייַען גוטסקייַט און פאַרשטאַנד סײַ פאַרן ערשטן, סײַ פאַרן צווייטן.

אין דער פינצטערער הייל, דער היים פונעם אורמענטש, קומט אַרײַן א מוטער מיט א קינד אַף די הענט, אויך געראַטעוועטע פון אומקום. איז דאַפקע צו איר דערגייט די טײַנע פונעם אורמענטש: „געווען איז אַלץ אַרום אי פרעמד, אי קאַלט, אי שווער, מײַן אומדערפאַרן האַרץ באַליידיקט האָט געיאָמערט“. זי, די מוטער מיט איר קינד, איז דער סימבאָל פונעם העמשעך, פונעם ווײַטערדיקן לעבן אַף דער ערד. רופט זי זיך אָפּ מיט איר נײַער וויגליד („וויגלידער געהערן ניט דער מאַמען, נאָר דער צײַט“). זינגט זי

ניט פון פייגעלעך אין נעסטן,
ניט פון ציגעלעך אין שטאַלן,
נאָר פון פעסט פון אַלע פעסטן,
וואָס איז אונדזער ערד באַפאַלן.

זי זינגט מיט פאַרביטערונג וועגן די וועלט־אונטערצינדער, וועלכע ס'האָט אַרויסגעגעבן פון זיך דער מענטשלעכער שטאַם.

די אידייען פון גערעכטיקייַט, שולדיקייַט און מיטשולד ווערן קינסטלעריש פולבלוטיק אויסגעדריקט אין די געשטאַלטן פונעם אורמענטש, פון דער מוטער, פון „עמעצן“. ס'איז אָט דער „עמעצער“, וועלכער בלײַבט אין די פאַרשיידנסטע היסטאָרישע סיטואַציעס „א מענטש א זײַטיקער“, לויט בערגעלסאָנס טרעפלעכער כאַראַקטעריסטיק. בלויז דאַן, ווען די קאַטאַסטראָפע געשעט, הייבט ער אָן צו באַנעמען זײַן מיטשולד מיט די, וואָס זײַנען פייִק צוליב זייערע פּראָפיטן אומברענגען די וועלט. די פונקציאָנעלקייַט פונעם „גערעכטן“ און דעם „שולדיקן“, וואָס דער קאָנפליקט צווישן זיי איז אויסגעדריקט אַנטבלויזט פובליציסטיש, איז שטרײַטבאַר. דער זעלבער קאָנפליקט איז אַף א מער קינסטלערישן אופן באַוויזן געוואָרן דורך די אויבן־אָנגערופענע פּערסאָנאַזשן.

מיטשולד פון דעם, וואָס דולדעט דאָס שלעכטס... שוין אין „מוילעך“ קומען אויף די פראַגן: „איז עס קלוגשאַפט, איז עס גלײַכגילט? איז עס ייִעש ערעוו שטאַרבן?“ אפילע די הערצער פון די פרימיטיווע געצנדינער צעפרעסט „דער גרעסטער כעט — דאָס וועלן קויפן רו פאַר בלוט“. קומט אויף באַ אַשעראָוויטשן די צווייטע אטאָם־פּאָעמע „מאַיאָר קלאָד איזערלי“, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַף א דאָקומענטאַלן מאַטעריאַל. אַלס מאָטאָ צו איר דינט א צײַטונגס־ידיִעה, אַז דער אַמעריקאַנער פליִער מאַיאָר קלאָד איזערלי, וועלכער האָט אַראָפּגעוואָרפן די אטאָם־באָמבע אַף כיראָסימע, איז אַראָפּ פון זינען. אַשעראָוויטשן האָט זיך אײַנגעגעבן צו דערהייבן די דאָזיקע ידיִע צו דער טראַגעדיע פונעם אויפגעוואַכטן געוויסן. דער הויכפּונקט פון דער פּאָעמע איז דער קאָנפליקט פון קלאָד איזערלי מיט דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אים געקרוינט אַלס נאַציאָנאַלן העלד, בעת ער אַליין באַטראַכט זיך אַלס מערדער, ער, דער שולדיקער אין אויספילן אַן אומענטשלעכן באַפעל צו פאַרניכטן אַן אומשולדיקע שטאָט. די פּאָעמע טרייסלט אויף אונדזער געמיט, זי לאָזט ניט פאַרגעסן די צוויי „קאַין־צייכנס“ אַף דער ערד — כיראָסימע און נאַגאַסאַקי.

אַשעראָוויטשעס פּאָעמעס זײַנען ניט באַשרײַבעריש. ס'איז פאַר זיי אויך ניט כאַראַקטעריסטיש די בעהאַדראָגעדיק פאַנאַנדערגעוויקלטע פאַבולע. דאָס איז שײַך אפילע צו „ספּאַרטאַק“, דער סאַמע סוזשעטישער פּאָעמע זײַנער. „איך“ אָדער „מיר“ — אָט דאָס זײַנען אַשעראָוויטשעס פּערסאָנאַזשן, אין וועלכע ער לעבט זיך אײַן מיט קאָפּ און האַרץ ביז זעלבסטפאַרגעסונג. זייערע רייד גיסן זיך אויס אין דער פאָרם פונעם לירישן מאָנאָלאָג אָדער דיאַלאָג. אייניקע פּאָעמעס אַשעראָוויטשעס זײַנען באַטיטלט אַלס דראַמאַטישע.

דאָס איז אין דער עפּיק. דאַפקע אין די לידער פאַרנעמט באַ אַשעראָוויטשן דער לירישער מאָנאָלאָג דאָס קלענסטע אָרט, הגם, ווי ס'איז אויבן געזאָגט געוואָרן, טרעפן זיך באַ אים אויך לידער, געבויטע אַף דער כאַראַקטעריסטישער פאַר אים איבערגעשטעלטקייט. דעם דיכטערס לעבנס־דערפאַרונג ווערט ניט מאַטעריאַליזירט אין לידער וועגן זיך. אין דער ליריק, אין דעם סאַמע סוביעקטיוון זשאַנער פון דער ליטעראַטור, ווו מיר זײַנען דאָסראָוו געוווינט צו דער הישטאַפּכוס־האַנעפעש פונעם דיכטער, טרעפן מיר באַ אַשעראָוויטשן זעלטן דעם „איך“ אָדער „מיר“. זעלטן זעען מיר באַ אים ליבע־לידער, דעם קימאַט אומבאַדינגטן אַטריבוט פון ליריק. דעם דיכטערס שעפערישע ענערגיע איז אָנגעווענדט אַפן באַגרײַפן דעם מענטשן אין זײַן געשיכטלעכער אַנטוויקלונג, דעם מענטשן אינעם קאָלעקטיוו, דעם מענטשן אינעם אוניווערס און דעם אוניווערס גופע.

אַשעראָוויטש איז א געדאַנקלעכער פּאָעט. איז וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעמט באַ אים די עמאָציע? צי פאַרטריקנט ער ניט מיט דער שטעלונג פון פּראָבלעמען זײַן שאַפן? דער ענטפער אַף די פראַגן קאָן זײַן נאָר איינער — אָן עמאָציע איז ניטאָ קיין דיכטונג, אָבער אָן געדאַנק איז אויך קיין דיכטונג ניטאָ. נאָר אַזויווי אפילע באַ זייער גוטע דיכטער מאַכן זיך אַמאָל שוואַכערע ווערק, דאַרף מען לעמאַן־האָעמעס זאָגן: יאָ, אַשעראָוויטש איז טיילמאָל עטוואָס טרוקן. עס טרעפט, אַז דער פאַרלאַנג אומבאַדינגט צו געפינען אין יעדער דערשײַנונג אָדער

געגנשטאַנד עפּעס אויסטערלישעס האַמעוועט זײַן אינער־
לעכע פרײַהײַט, שטערט אים, דעם באַדײַטנדיקן דיכטער, צו עפענען די שליוזן פון זײַן האַרץ.

אלס קלאַל אָבער באַווײַזט אַשעראַוויטשעס דיכטונג דער אומרו פון האַרץ, וואָס ווערט קאָנטראָלירט פונעם אײגנ־אַרטיקן און דיסציפּלינירטן געדאַנק. אַשעראַוויטש איז אין זײַנע בעסטע ווערק ניט נאָר עמאָציאָנעל. ער איז לײַדנשאַפטלעך. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די סצענע פון צעשמעטערן דעם אָפּגאָט אין „מוילעך", דעם יאָמער פון העפקײרעס אין „סדום", די טײַנע פון אורמענטש אין דער „וואַרענונג", די ליד „זאַווערוכע" אין דער פּאָעמע „ספּאַרטאַק". וואָס איז שײַך אַשעראַוויטשעס ליריק, איז זי ווייך און צאַרט און מענטשלעך.

די זאַמלונג „האָריזאָנטן", וואָס האָט צונויפגענומען דאָס בעסטע בײַ יעדערן פון אונדזערע רײַך באַשאָנקענע דיכטער, האָט אונדז דערפרײט מיט אײניקע נײַע און אויך אַלטע לידער אַשעראַוויטשעס, וועלכע זײַנען אונדזער לײענער קלאָר ניט געווען באַקאַנט, ווי, „לעמאָשל, „דער בלינדער" און „יאָמטעוו", ווי קוים מערקבאַרע אומבײַטן פון ליכט און שאָטן, פּליסט דאָ אַ שורע נאָך אַ שורע. וואָס פאַרא אײדעלע קלוגשאַפט און קלוגע גוטסקײט ס'איז פאַרבאָרגן אין די דאָזיקע לידער פון דעם דאָן ערשט דרײַסיקיאָריקן דיכטער! ווײַט ניט יעדערער איז מעסוגל אין אַזאַ עלטער צו דערזען, וויאַזוי דער אַלטער מאַן לאָזט אַראָפּ די הענט די „אָנגעגאָסענע מיט שווע־רער רו" און וויאַזוי „די ווײַסע האָר" אויף דער אַלטערס קאָפּ, דעם אָנגעשפּאַרטן אויף זײַן מידן אַקסל, „ווערן שוואַרץ אַ ווײַלע" און די ליפּן מורמלען: „יאָמטעוו!.. יאָמטעוו!.."

„אויף דער וועלט אַזויפיל וועלטן, יעדער מענטש — אַ גאַנצע וועלט". פון דעם דרינגט בײַ אַשעראַוויטשן אַרויס ניט אָפּגעזונדערטקײַט, נאָר, פאַרקערט, די שטענדיקע באַדערפעניש פונעם מענטשן אין קאָנטאַקט: „כ'דאַרף אַן אויער, וואָס מיך הערט, און אַן אָטעם, וואָס מיך רופט". דער דיכטער הערלאָזט ניט דעם געדאַנק פון אַ זינלאָזער עקזיסטענץ. ניטאָ קײן סטאַם דורכגעלעבט לעבן. „טאָג פון לעבן — וואָר און מאָשל". די שקיע פאַרמאָגט אין זיך בלוט פונעם באַגין, דאַרף „אין מאָרגנדיקן טאָגן שקיע הײַנטיקע אַרײַן!.."

אַשעראַוויטש, וועלכער איז באַקאַנט אונדזער לײענער דעריקער ווי אַן עפּיקער, איז אַן אויסגעצײכנטער מײַס־טער פון דער לירישער מיניאַטור. זי איז בײַ אים שמײכל־דיק, אײדל אויסגעשליפן, אַפאָריסטיש. אָט איז, לעמאָשל, אַ פילשורעדיקע ליד, וואָס באַזינגט דעם מענטש־לעכן סײכל, דעם פאַרנונפט, געשריבן אין ווײַסן פערז (מיטן ווײַסן פערז באַנוצט זיך אַשעראַוויטש, אַגעוו, אויף אַ בעעמעס ווירטואָזן אופן אויך אין אײניקע זײַנע פּאָע־מעס):

דער פעלדז איז שטאַרקער פונעם מענטש:
ער ווייסט עס אָבער ניט.
און ווײַל דער מענטש, ער ווייסט עס יאָ,
איז ער ניט שוואַכער פונעם פעלדז...

גראָד אין די זײער ראַפינירטע מיניאַטורן אַשעראַ־וויטשעס לאָזן זיך אָמשטאַרקסטן פילן פאָלקלאָרישע טראַדיציעס. דאָ איז אָבער ניטאָ קײן סימען פון סטילי־זאַציע. סײַ אין דער ליריק, סײַ אין דער עפּיק רײזלט דאָס פאָלקס־שאַפן, ווי אַ לעבעדיק וואַסער, פאַרבאָרגן טיף אינעם באָדן, וועלכער נערט דעם דיכטערס אײגנאַרטיקן סטיל.

ניט זאָג דעם שטײן, אַז ער איז גרויס,
ניט זאָג אים, ער איז האַרט.
אָן אַנדער עמעס אים פאַרטרויִ —
דערצײל אים, ער איז שטאַרק.

פון די דאָזיקע פיר שורעס שמײכלט אַרויס די מיצווע פון אָנזאָגן אַ גוטע בסורע, די מידע ניט צו מעווײַעש זײַן יענעם. ניט די רעליגיע האָט געשאַפן אַזעלכע מיצ־וועס און מידעס, נאָר די פאָלקס־כאָכמע. די רעליגיע האָט דאַפקע מעווײַעש געווען דעם מענטשן, דערנידעריקט, געמוסערט און געשטראָפט מיט דער דערוואַרטונג פון בײַז. אַשעראַוויטש דערמוטיקט מיטן דערוואַרטן פון גוטס. און ניט נאָר דערוואַרטן, נאָר אויך טאָן, אַז עס זאָל גוט זײַן.

און אַז די נאַכט וועט קומען, זאָג:
„צו קורץ געווען דער טאָג!"
און אַז די זון וועט קומען, טראַכט:
„עס וועט ניט זײַן שוין מער קײן נאַכט!"
און קומט דיר אויס אַ טרער צו זען,
מאַך, זי די לעצטע זאָל שוין זײַן געווען!..

פון דער דאָזיקער זעקסשורעדיקער ליד זינגט אַרויס די קאָנאַניזירטע בילדערישקײַט פונעם רעוואָלוציאָנערן פאָלקלאָר, ווו טאָג און נאַכט פלעגן געווײנלעך קעגנגע־שטעלט ווערן אַלס סימבאָלן פון פּראָגרעס און רעאַקציע. אַפילע די ליד „דיכטער", געווידמעט אַזאַ קאָמפּליצירטן איניען, ווי דאָס פּאָעטישע שאַפן, פאַרענדיקט זיך מיט אַן אויסגעשפּראָכן פאָלקסטימלעכן אַקאָרד, מאַמעש ווי אַרויסגענומען פון אַ פאָלקסליד:

שרײַבן לײַכט איז זײער שווער.
שרײַבן שווער — געוויס ניט גרינגער.
צו באַשרײַבן עכט אײן טרער
דאַרף מען אויסשעפּן אַ טינטער.

שעפּט מען און מע שעפּט און שעפּט.
— — — — — — — — — — —
אָפּגעלעבט, ניט אויסגעשעפּט...

נאַטור־ליריק, לידער וועגן דער באַלעכאַים־וועלט פאַר־מאָגן בײַ אַשעראַוויטשן ניט קײן קלענערע געדאַנקלעכע אָנלאָדונג, ווי די לידער־אַפאָריזמען. דער אַרבעטס־אָקס, וועלכער ליגט נאָך דער אַרבעט און מאַלעגײרעט „הײ פון מאָגן, בילדער פון זיקאָרן" און „בײדע זאַכן — אָן אַ טאַם", איז טאַקע אַ רעאַלער אָקס — אַ שווערער, אַ האַמעטנער, אַן אַרבעטזאַמער.

עס איז אָבער אין אים אויך פאַרקערפּערט אַלטקײַט, אונטערטעניקײַט, סקעפּטיציזם פונעם געוווינטן צו לײַדן, וואָס זעט פאַר זיך ניט קײן שום פּערספּעקטיוו; דער וואָלף, וואָס לעכצט נאָך „רויטקײַט אָפן שנײ", איז בײַז גאָר אַ וואָלף. נאָר אָט גיט דער דיכטער אַ רוק אָפּ דעם וואָלף פונעם פאָדערגרונט און שאַפט וועגן אים אַ נײַע ליד, פונעם שטאַנדפּונקט פונעם שעפּעלע, וועלכן עס דראָעט פון אים פאַרצוקט צו ווערן, באַקומט זיך גאָר אַן אַנדער מאַסשטאַב. עס גיט מיטאַמאָל אַ שײַן אַזאַ מין ליכטיקײַט, אײדלקײַט, אַזאַ גרײטקײַט אַרויסצוהעלפן דעם פּאָטענציעלן קאָרבן. דאָס שעפּעלע איז די מעטאַ־פאָרע פונעם וואָלפס כאַלוים:

אָ, ליכטיק שעפעלע, איך קוק אויף דיר און טראַכט:
ווי קומט עס צו אַ וואָלף אַזאַ־אָ העלער כאַלעם,
אַז גאַנצע טעג ער טרוימט פון דיר,
אַז גאַנצע נעכט אים ציט צו דיר,
אַז גייסט אים נישט אַרויס פון זינען?

מײַן ליכטיק שעפעלע,
כ׳וועל נישט דערלאָזן,
ס׳זאָל דער וואָלף פאַרבלוטיקן זײַן כאַלעם!

„נאָר איטלעכע באַטראַכטונג איז באַוווּנדערונג צוגלײַך, און פון באַוווּנדערונג ביז דער באַגײַסטערונג אַ שריט איז!“ — די דאָזיקע ווערטער קאָנען דינען אַלס די פּינקטלעכסטע כאַראַקטעריסטיק פון אַשעראָוויטשעס נאַטור־ליריק. די אייגנטלעכע שילדערונג פון דער אָדער יענער נאַטור־דערשײַנונג איז ניט דעם דיכטערס הויפּטציל. די באַטראַכטונג איז דער אויסגאַנגס־פּונקט פון זײַן ליריק. די באַגײַסטערונג פירט אים אַוועק אין אַן אַנדער אויסמעסטונג, וווּ דאָס גאַנצע צעפאַלט אויף שטיקער און ווערט ווידער צונויפגעשמעלצט. ס׳איז ניט די שילדערונג פון נאַטור־שיינקייטן אַן און פאַר זיך. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען דעם „האָריזאָנט“: „דאָס דינע שנירעלע, וואָס צווישן ווײַט און נאָ׳נט, האָט מיך אַרומגעכאַפּט פון אַלע זײַטן מיט זלידנער זשעדנעקייט פון הונגעריקע ווײַטן“. דער האָריזאָנט איז דאָך אָבער אַן אַבסטראַקציע, אַ באַדינגלעכקייט. איז דעם דיכטער באַלײַדיקנדיק־שווער, „לעמײַ אַ ניט־פאַראַנענקייט צעשנײַדט אַן אײנהײַטלעכע וועלט אויף נאָ׳נט און ווײַט“.

זייער פיל דערגרייכט אַשעראָוויטש מיט זײַן דרייסטן באַנוצן זיך מיט קאָנטראַסטן, מיטן קעגנשטעלן דערשײַנונגען פון פאַרשיידענע מאַסשטאַבן, ווי „אין אַ לעוואָנענאַכט“: „און סוידעסדיקער ווערט דאָס גרויסע איי — די וועלט, וואָס כ׳האָב עס קיינמאָל, קיינמאָל ניט געזען אינגאַנצן...“ אָדער אין „מענטש קעגן דער זון“:

ווי זאָל מען אַזוינס פאַרשטיין?
ווי אַ גרויסע שיסל ביסטו קליין.

און אַזויפיל היץ, אַזויפיל שײַן!
איז עס מעגלעך דען? ווי קען עס זײַן?
פון מײַן קינדהײַט אָן איך זע דײַן גאַנג.
זינט כ׳געדענק זיך, טוט מיר שטענדיק באַנק,
וואָס איך קאָן ניט אָנקוקן דיך גראָד,
און די גרעסטע קלאָרקײַט בלײַבט אַ סאָד...

עפּיק, פילאָסאָפישע ליריק, נאַטור־שילדערונג — דאָס איז אַלץ בײַ אַשעראָוויטשן דיכטונג וועגן דעם מענטשן, וועלכן ער מעסט מיט גרויסע היסטאָרישע און עטישע מאַסשטאַבן. ער לאָזט אָבער ניט אַרויס פון אויג אויך דעם מענטשן, וואָס איז ניט מער ווי „כײַע מיט אַ מעסער“. היט זיך פאַר דער דאָזיקער כײַע! — וואָרנט דער דיכטער. — רײַסט אַרויס פון זײַן האַנט דאָס מעסער! „אָט דאָס איז סדום! אָט דאָס איז סדום!“ — כאַזערט ער מיט אונדז אײַן אין זײַן גרויסן אומרו פאַרן גורל פון דער מענטשהײַט.

פאַראַן בײַ אַשעראָוויטשן אַ קליינע ליד, וואָס הייסט „פרי־פרילינג“. איר נאָמען אַליין דערמאָנט אין פייגלצוויטשערײַ. ווי געוויינלעך בײַ אַשעראָוויטשן, מינען זיך אין איר אַפּן שטעך פון פיר שורעס ליכט און שאָטן, שוואַרץ און ווײַס, קליין און גרויס:

אין שפּיל פון אַלע ליכטיקע קאָלירטע כיינען
דאָס ליבסטע איז: עס ווערט דער שניי שוין שוואַרץ!
עס צוויטשערן די פייגעלעך — אַזעלכע קליינע,
און ס׳ענטפערט אַזאַ גרויסער עכאָ אָפּ אין האַרץ...

אַ ליד וועגן אָנקומען פון פרילינג, אָבער אויך וועגן מענטשן און אויך... וועגן דיכטונג. פּאָעטישע שורעס זײַנען קליין, נאָר אויב זיי זײַנען עכטע, ענטפערט זיי אַ „גרויסער עכאָ אָפּ אין האַרץ“. וואָס ווײַטער, מערן זיך בײַ אַשעראָוויטשן אַזעלכע שורעס. עס קומט די פּאַשטעס פון רײַפקײַט — דער בעסטער לוין פאַר אַ דיכטער, וואָס זײַן וועג איז ניט פּאַשעט, פאַרצווײַגט און פאַרטיפט.

יעשוע ליובאָמירסקי

# דאָוויד עדעלשטאט

(צו זײַן 100־טן געבורטסטאָג)

ווער פון אונדזער עלטערן דאָר געדענקט ניט, ווי מע האָט אין די יאָרן 1904—1905 געזונגען בא אונדז אין רוסלאנד עדעלשטאטס „מײַן צוואָע“ („אָ, גוטע פרײַנט, אז איך וועל שטארבן“) און „מײַן לעצטע האָפענונג“ („אין שטורעם, אין קאמף איז מײַן לעבן פארשוואונדן“)! מע האָט זיי, ווי אויך אנדערע זײַנע לידער, געזונגען סײַ אין די ווארשטאטן פון אזעלכע גרויסע שטעט, ווי ווארשע, לאָדז, ווילנע, קאָוונע, מינסק, אָדעס, באָברויסק, סײַ אין די פוילישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע שטעטלעך. גאנץ אָפט האָבן די, וואָס האָבן געזונגען „מײַן צוואָע“ און „אין שטורעם, אין קאמף“, אפילו ניט געוווּסט, ווער איז דער אווטאָר פון די לידער. אין אמעריקע איז אין די יאָרן 1891—1915 ניט פאָרגעקומען קימאט קיין איין פראָלעטארישער אָוונט, אף וועלכן מע זאָל ניט זינגען אָדער דעקלאמירן עדעלשטאטס לידער.

צו אזא מערקווירדיקער פאָפולערקײַט און בארימטקײַט האָט זוכע געווען א דיכטער, וואָס האָט געשריבן יידישע לידער סאכאקל קנאפע פיר יאָר.

עדעלשטאטס לעבן איז געווען טראגיש שוין דערמיט אליין, וואָס ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 26 יאָר. אָבער אין איין פראט האָט אים דאָס מאזל געשפילט: די געשיכטע האָט אים ארויסגערוקט אפן פאָדערגרונט פון דער יידישער ליטעראטור פונקט דעמלט, ווען עס איז אופגעקומען די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער־דיכטונג. עמעס, ניט ער איז געווען איר פיאָנער. ווען עדעלשטאטן האָט אפילו זיך נאָך ניט געכאָלעמט, אז ער איז בארופן מיט דער הילף פון יידישן וואָרט וועקן, באגײַסטערן די יידישע ארבעטער־מאסן צום קאמף, האָט שוין הילכיק געקלונגען מאָריס ווינטשעווסקיס ליד.

גאָר א נײַעם, א פרישן שטראָם האָבן אין דער יידישער דיכטונג ארײַנגעגאָסן מאָריס ווינטשעווסקי, דאָוויד עדעלשטאט, מאָריס ראָזענפעלד, יויסעף באָווּשאָווער. זיי האָבן פארברייטערט און בארײַכערט איר דיאפאזאָן מיט מאָטיוון פון אינטערנאציאָנאלן רעוואָליוציאָנערן קאמף. בא עדעלשטאטן, לעמאָשל, איז עס קלאָר ארויסגעדריקט אין „מײַן צוואָע“: „און דאָרט אונטער דעם פלאג דעם רויטן זינגט מיר מײַן ליד, — מײַן פרײַעס ליד, מײַן ליד „אין קאמף“, וואָס קלינגט, ווי קייטן, פאר דעם פארשקלאפטן קריסט און ייִד“.

די האשפאָע פון אָט דער פּלעיאַדע אף דער יידישער דיכטונג אין רוסלאנד איז געווען זייער באדײַטנדיק. זי האָט מיטגעריסן י.־ל. פערעצן („דרײַ נייטערנס“, „אָ, מיין ניט — די וועלט איז א קרעטשמע“ און אנדערע), אווראָם רייזענען („הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן“, „אך, העמערל, העמערל, קלאפ“ און פיל אנדערע זײַנע ווערק), ב. שאפירן.

אָט די טראדיציע איז איבערגעגעבן בעיערושע אויך צו דער יונגער סאָוועטישער דיכטונג.

די רעוואָליוציאָנערע יידישע פאָעזיע איז איבערהויפּט געווען א רעאליסטישע. בלויז צײַטנווײַז רײַסן זיך אהער ארײַן ראָמאנטישע טענער. מיטלען צו באווירקן דעם לייענער, דעם צוהערער זײַנען דאָ געווען צווייערליי: אגיטאציאָנעלער רוף צום קאמף, אויסגעשפּראָכן טענדענציעזע פּאָליטישע און סאטירישע לידער; מאָלן געשטאלטן און בילדער פון דאכקעס, עלנט און נויט.

אין דאָוויד עדעלשטאטס דיכטונג האָט איר אײַך אָט די בייקע מאנירן פון שאפונג. די מערהײַט לידער זײַנע, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט די שווערע לאגע פונעם ארבעטער („דאָס פאבריק־קינד“, „דער קוילנגרעבער“, „דער שנײַדער“ און אנדערע), פארענדיקט דער דיכטער מיט לײַדנשאפטלעכן צאָרן קעגן די עקספּלואטאטאָרס. אזעלכע איז, צום בײַשפּיל, די ליד: „דאָס פאבריק־קינד“. עדעלשטאט דערציילט אונדז דאָ וועגן „א מיידעלע א בלאסע, א קינד מיט הענטלעך דארע, וואָס מוז האָרעווען און נייען“. ער פארגלײַכט דאָס מיידעלע מיט „א קליין פייגעלע אין א שטורעמווינט“. דאָס דאָזיקע טרויעריקע בילד רופט ארויס באם דיכטער אזא אופבורויז אין הארצן, אז ער טוט א זאָג צום סאָף פון דער ליד: „אָ, רײַכע, שיינע בירגער, עס קלאפט שוין אײַער שאָ! דער ארבעטסמאן באוואָפנט שטייט אוף שוין דאָ און דאָ“.

אין דער ליד „דער קוילנגרעבער“, מאָלנדיק דאָס פינצטערע לעבן פונעם קוילנגרעבער, פאָדערט דער דיכטער: „וואכט אלע, גרײַפט צו די וואפן און מיט אײַער הארץ און בלוט פארטיידיקט די לײַדנדע שקלאפן!“

דאָס זעלבע — „דער שנײַדער“, וו עדעלשטאט דערציילט אונדז וועגן דער פראצע און נויט פון אן אלטן שנײַדער, וועמען דער „באָס“ עקספּלואטירט אומבעראַכמאָנעסדיק. דער דיכטער איז אזוי דערשיטערט, אז ער פארענדיקט די ליד מיט א צאָרנדיקן פאָרוווּרף: „אָ, מענטשן ריינע, זאטע, קוקט זיך צו נאָר גוט: אף אײַערע קליידער גלאטע ליגט דעם שנײַדערס בלוט!“

עדעלשטאטס ליד איז אקטיוו, קעמפעריש, זי איז שטענדיק וואך, ווײַל דער אווטאָר איז איבערצײַגט, אז זײַן שליכעס איז קאמף פאר גערעכטיקײַט און ער מוז אויספילן דעם כויוו.

די וויכטיקסטע טרײַב־קראפט פון עדעלשטאטס מוזע איז געווען עטישער ליריזם. און אז מע האָט געהאט צו אים טײַנעס, פארוואָס ער באציט זיך צײַטנווײַז זאָרגלאָז צו דער קינסטלערישער שליימעס פון זײַן דיכטונג, פארוואָס לאָזט ער זײַן מוזע אָפט ארײַנפאלן אין געפענקעניש צו פובליציסטיק, צו הוילער טענדענציעזקײַט, פלעגט ער ענטפערן, אז „ווי קאָן מען טראכטן וועגן גלאטיקער פאָרם און קלינגענדיקן גראם, אז ס'דערטראָגט זיך צו מיר דאָס טראגישע לעווײַע־ליד אָן ווערטער, אָן קלאנגען, נאָר פול מיט עלנט און טרערן“ („טאָגבוך“).

אין דער ניט געדרוקטער האקדאָמע צו זײַן לידערזאמלונג פאַרגלײַכט ער זײַן מוזע צו אַן אָרעמער פרוי: „איר קלייד איז ניט געצירט מיט בלומען און דיאַמאנטן; איר געזיכט איז בלאַס, אירע אויגן פײַכט פון טרערן, אירע באָרוועסע פיס צעבלוטיקט פון גיפטיקע דערנער, וועלכע זי האָט צופיל באגעגנט אף איר וועג".

זאָלן מיר זאָגן, אז עדעלשטאט איז טאקע בעעמעס געווען נאכלעסיק בענעגייע דער פאָרם פון זײַנע ווערק, בענעגייע דער שפראך? דאָס וואָלט געווען ניט ריכטיק. עדעלשטאט האָט געוויסנהאפטיק, פלײַסיק געארבעט איבער זײַנע שאפונגען, קעדיי פארפולקומען זיי. מיר האָבן זײַנע לידער מיט וואריאַנטן, מיט אויסבעסערונגען. עמעס, עס טרעפן בא אים טראפארעטע אויסדרוקן, איבערכאזערונגען. אָבער דאָס איז ניט צוליב שוואכער באגאבונג, נאָר איבער די שווערע אומשטענדן, אין וועלכע דער דיכטער פלעגט ארבעטן.

איז טאקע קעדײַ א בלעטער טאָן עדעלשטאטס לעבנסגעשיכטע פון סאמע אָנהייב, ווײַל די בייזע ווינטן, וואָס האָבן געבושעוועט אף זײַן לעבנסוועג, האָבן דאָך געמוזט אין דער אָדער יענער מאָס האָבן א האשפּאָע אף זײַן געזעלשאפטלעכער און שרײַבערישער טעטיקײַט.

דאָוויד עדעלשטאט איז געבוירן אין דער עכט רוסישער שטאָט קאלוגע, אין א רוסיפיצירט הויזגעזינד. אז זײַן טאטן האָט מען גערופן מאָיסיי איוואנאָוויטש, איז דאָך ניט שײַעך אין אזא געזינד צו זוכן טראדיציאָנעל־ייִדישן שטייגער.

מאָיסיי איוואנאָוויטש איז געווען אַן אויסגעדינטער ניקאָלײַעווער סאָלדאט. שפּעטער האָט ער געארבעט אין א זעגמיל. דער ייִדישער יישעוו אין קאלוגע איז געווען גאָר א קליינער אין צאָל. פון א ייִדישער קולטור־סוויווע איז דאָ פאקטיש קיין זייכער ניט געווען.

זייער פרי האָט דאָוויד אָנגעהויבן שרײַבן רוסישע לידער. צווישן זײַנע מעקוראָווים האָט ער געשעמט ווי א „פּאָעט". די ליבשאפט און אנערקענונג פון זײַנע רוסישע באקאנטע האָבן דעם נאָך גאָר יונגן דאָווידן צוגעגעבן מוט און זיכערקײַט, אז ער איז טאקע בארופן צו זײַן א דיכטער. אונטער דער ווירקונג פון היינעס ליריק האָט ער געשריבן א ריי פייזאזש־לידער. ער איז געווען גוט באקאנט מיט דער שאפונג פון בעראַנזשע (אין קוראָטשקינס איבערזעצונג).

א גרויסע ווירקונג האָבן אף עדעלשטאטן אין זײַנע יונגע יאָרן געהאט, ווי ער אליין שרײַבט, נעקראסאָוו און ניקיטין, שפּעטער — נאדסאָן. אין זײַן אווטאָביאָגראפישער דערציילונג „ווערא" שרײַבט עדעלשטאט, אז ער האָט טעג און נעכט זיך פארטיפט אין זייערע ווערק. ווײַזט אויס, אז זיי טאקע האָבן אים א שטויס געטאָן צו סאָציאַלע מאָטיוון. און דעמלט האָט ער אָנגעשריבן זײַן ליד וועגן א האנטשן־ניטאָרן, ווו ער האָט טעמפעראמענטפול דערציילט וועגן דער שווערער מי פון דער אָרעמער יונגער פרוי.

אַן אומפארגעסלעכן אײַנדרוק האָט אפן יונגן דאָווידן געמאכט זײַן באגעגעניש אין קאלוגע מיט דער רעוואָליוציאָנערקע ווערא, וועלכע האָט געהערט צו די פאָלקיסטן. זי האָט אים געעפנט די אויגן אפן גרויסן סאָציאַלן אומרעכט אין דעמלטיקן סיידער־האָוילעם.

אין 1880 פאָרט ער אריבער מיט זײַן הויזגעזינד קיין קיִעוו. ער זעצט פאָר צו שרײַבן לירישע לידער, אין וועלכע ער באזינגט הויפּטזאכלעך די נאטור. אין דער זעלבער צײַט איז ער פארכאפּט פון דער פאָלקיסטישער באוועגונג און קומט אין באריר מיט אייניקע פאָלקיסטן.

אינגיכן אָבער ווערט זײַן פארהעלטניסמעסיק רויִק לעבן אופגעריסן דורך דעם קיִעווער פאָגראָם פון 1881. ער איז אזוי צעבראָכן פונעם שרעקלעכן ווילדעווען פון די פאָגראָמשטשיקעס, אז ער ווערט קראנק.

אין קיִעוו איז דעמלט אנטשטאנען א ייִדישע יוגנטגרופּע, וואָס האָט זיך א נאָמען געגעבן „עם עולם"[1]. אָט די גרופּע האָט באשלאָסן צו עמיגרירן קיין אמעריקע און דאָרט שאפן א לאנדווירטשאפטלעכע קאָלאָניע. עדעלשטאט פאָרט מיט אָט דער גרופּע אריבער אין די פאראייניקטע שטאטן. קומענדיק אהין (אין 1882), צעשיידט ער זיך מיט די יונגעלײַט און באזעצט זיך אין סינסינעטי (שטאט אָהײַאָ), ווו עס וווינען זײַנע צוויי עלטערע ברידער. איינער פון זיי לייגט אים פאָר, ער זאָל גיין לערנען אין אוניווערסיטעט. עדעלשטאט זאָגט זיך אָבער אָפּ צו לעבן אפן כעזשבן פונעם ברודער. ער זוכט ארבעט.

אים געלינגט זיך אײַנאָרדענען אין א שנײַדערײַ־פאבריק. אײַנצײַטיק באהערשט ער די ענגלישע שפראך. אינגיכן ווערט ער ארײַנגעצויגן אין דער ארבעטער־באוועגונג. אף איינער פון די פארזאמלונגען איבעראשט אים די רעדע פונעם רעדאקטאָר פון דער אנארכיסטישער וואָכנבלאט „אליארם". ער שליסט זיך אײַן אין דער ייִדישער אינטערנאציאָנאלער גרופּע אין סינסינעטי. די אנארכיסטישע אידייען פארכאפּן אים אף אזויפיל, אז ער קאָן זיך שוין פון זיי ניט באפרײַען. ער דערנעענטערט זיך צו דער ייִדישער פרעסע און באקאנט זיך מיט דער ייִדישער ליטעראטור.

אינגיכן קומט קיין אמעריקע דאָווידס הויזגעזינד.

דאָס יאָר 1888 איז פאר אים א באזונדערס שווער יאָר. ער איז ארבעטלאָז. ער קאָן אפילע ניט העלפן זײַנע עלטערן, דער שוועסטער.

אין 1889 גיט זיך אים אײַן אָפּדרוקן אין דער ניו־יאָרקער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פעריאָדישער אויסגאבע „זנאמיא" („די פאָן") א רוסישע ליד „פראָלעטאריער". אין א קורצער צײַט ארום דרוקט מען דאָ זײַן ליד „נאָגי" („די פיס"). זײַן מאטעריעלע לאגע איז א שווערע. ער איז ארבעטלאָז.

אין פעווראל 1890 דערשײַנט דער ערשטער נומער פון דער אנארכיסטישער „ווארהײַט", ווו עדעלשטאט פרוווט צום ערשטן מאָל זיך דרוקן אין ייִדיש. ער קען נאָך גאָר קנאפּ די שפראך, נאָר עס קומען צוהילף ווינטשעווסקיס לידער, וועלכע דינען אים אלס מוסטער. פון דעמלט אָן דרוקט ער אין יעדן נומער „ווארהײַט" ייִדישע לידער. די דאָזיקע צײַטונג האָט אין זעלבן יאָר, אין יול כוידעש, זיך פארמאכט. אין משך פון אָט דער קורצער צײַט האָט עדעלשטאט באוויזן אָפּצודרוקן אין דער „ווארהײַט" צוואנציק לידער. אכט פון זיי האָט מען דערנאָך יאָרנלאנג געזונגען אין אמעריקע און אין רוסלאנד. אינגיכן הייבט ער אָן מיטארבעטן אין דער סאָציאַליסטישער צײַטונג „מאָרגן־שטערן". דאָ דרוקט ער לידער אונטערן פּסעוודאָנים „פּאסקארעל".

ווען עס דערשײַנט די צײַטונג „פרײַע ארבעטערשטימע", ווערט עדעלשטאט איר שטענדיקער מיטארבעטער. אפן צוזאמענפאָר פון די אָרגאניזאציעס, וועלכע גיבן ארויס די צײַטונג, ווײַלט מען אים אויס אלס רעדאקטאָר פונעם אנארכיסטישן אָפּטייל.

זײַן מאטעריעלע לאגע ווערט בעסער, אָבער ער איז

[1] אם אוילעם — דאָס אייביקע פאָלק.

שוין פארורטיילט. אים פייניקט די שרעקלעכע קרענק — טובערקוליאָז. מע פרווט אים ראטעווען. ער פאָרט קיין דענווער, אין די בערג פון קאָלאָראדאָ, ווו מע היילט קראנקע לונגען.

אין 1892 דערשיינט זיין בוך „פאָלקסלידער". אין אל־געמיין אָבער איז דאָס דאָזיקע יאָר פאר אים שלימאזל־דיק: די „פרייע ארבעטער־שטימע" גייט מער ניט ארויס. דער פירער פון די אנארכיסטן יאָהאַן מאָסט איז קאָמ־פראָמעטירט. יידישע ארבעטער פארלאָזן די רייען פון דער אנארכיסטישער פארטיי. עדעלשטאטס געזינד קלייבט זיך אריבער קיין דענווער, ווו זיי האלטן א פאנסיאָנאט. עדעלשטאטס געזונט־צושטאנד ווערט אלץ ערגער.

דעם 17 אָקטיאבער 1892 איז עדעלשטאט געשטאָרבן.

פון אָט די זייער קורץ באשריבענע לעבנס־פאסירונגען זעען מיר, ווי רייך אין קאָנטראסטן עס איז געווען עדעל־שטאטס לעבן.

דער אָנהייב — אין רוסלאנד — פול מיט האָפענונגען. דער יונגער דיכטער האָט זאָרגלאָז געזונגען וועגן פרייד, וועגן שיינקייט. דעמלט טאקע איז קלאָר געוואָרן די אייגנ־שאפט פון זיין דיכטערישן וועזן. ליריק — דער נאטיר־לעכער בארוף.

שפעטער טוט דער אכזאָריעסדיקער שיקזאל א שליי־דער דעם דיכטער אין מארטירערישן קעסלגרוב, אין „עמק הבכא"[1]. און ס'איז נאטירלעך, וואָס ער שרייבט אין זיין ליד „די לעצטע האָפענונג":

אין שטורעם, אין קאמף איז מיין יוגנט פארשוווּנדן,
פון ליבע, פון גליק האָב איך נימאלס געוווּסט,
נאָר ביטערע טרערן און בלוטיקע ווונדן
האָבן געקאָכט און געברענט אין מיין ברוסט.

דער זעלבער דאָוויד עדעלשטאט, וואָס האָט יינגלווייז אזוי שטאָלצירט מיטן נאָמען „פּאָעט", מיט וועלכן זיינע קאָלוגער פריינט און פארערער האָבן אים געקרוינט, שרייבט איצט אין אמעריקע: „אָ, רוף מיך, רוף מיך ניט פּאָעט, כ'בין שקלאַף פון זינלאָזן האמוין, איך הער אין דעם בלויז א געשפעט, איראָניע פון גוירלס לוין, כ'בין ניט געבוירן פאר זיסע אריעס, פאר רויזן, ליבע און פאר פראכט; כ'בין ניט קיין דיכטער — כ'בין א פּראָלעטאריער, א קינד פון אָרעמקייט און נאכט. דער קאמף פאר ברויט איז מיר מיין מוזע, פאבריק־גענעם — מיין פארנאס"...

א העליש פייער האָט שנעל פארברענט אָט דעם איי־דעלן, פילבארן מענטשן און דיכטער.

עדעלשטאט האָט נאָך זיין דריטן צענדליק יאָר ביז האלב ניט אויסגעציילט און האָט שוין דערשפירט, אז פאר אים האָט דער טהאָם ברייט זיך צעעפנט און איז גרייט אים איינשלינגען. איז העז א כידעש, וואָס ער האָט זיך צוגעיילט שרייבן די ליד „מיין צוואָע"?

אָ, גוטע פריינט, ווען איך וועל שטארבן,
טראָגט צו מיין קייווער אונדזער פאָן;
די פרייע פאָן מיט רויטע פארבן,
באשפריצט מיט בלוט פון ארבעטסמאן.

עדעלשטאט האָט אָנגעשריבן פּופצן דערציילונגען. אין זיי געפינען מיר שוידערהאפטע בילדער פון מענטש־לעכער יעסורים. באזונדערס טראגיש איז „די באָמערקע" (ארומשלעפערן, גאסנמויד). דאָס איז א געשיכטע פון א וווּנדערבאר שיין מיידל עלא, א פארקויפערן אין א גרויס געשעפט. צוליב איר שיינקייט האָבן אלץ מער און מער קוינים באזוכט די קראָם. אף איר האָט געוואָרפן אן אויג דער געשעפטפירער, און ווען זי האָט אים אָפּגעשטויסן, האָט ער זי באשולדיקט אין גנייווע און זיך דערשלאָגן, אז מע זאָל זי אריינזעצן אין טפיסע. אָפּגעזעסן זיבן כאדאָשים, טרעפט זי איר מוטער „קראנק און קימאט וואנזיניק". קיין ארבעט קאָן זי ניט געפינען: זי האָט א שעם פון א גאנעווטע. עלא איז אין א פארצווייפלטער לאגע. ראטעוועט זי אין איר נויט עפּעס א רייכער יונ־גערמאן, וועמען זי האָט צופעליק באגעגנט. ער ווערט איר געליבטער. אין א קורצער צייט ארום פארלאָזט ער זי צוליב אן אנדערער. עלא ווערט א גאסנמויד. איר פארצווייפלונג איז אזוי גרויס, אז זי הייבט אָן שיכּרן. אָט אזוי איז זי אין מעשעך פון איין יאָר געוואָרן אלט און גראָו, און פארשמירטע האלב־נאקעטע קינדער שלעפּן זי פאר אירע צעריסענע קליידער און ווארפן אין איר שמוץ און שטיינער.

אין א צווייטער נאָוועלע — „דער קאָנדוקטאָר" דער־ציילט עדעלשטאט, ווי דאכקעס האָט געשטויסן א פאָטער פון א הויזגעזינד צו ווערן א גאנעוו. זיין פרוי און זיינע קינדער זיינען קראנק. מע באדארף מעדיצינישע הילף: א דאָקטער, רעפּועס. נאָר קיין געלט איז ניטאָ, דאָס געהאלט איז נישטיק. איז דער פאָטער (א טראמוויי־קאָנדוקטאָר) געצוווּנגען אריינלייגן צו זיך אין קעשענע א טייל פון דער לייזונג, וועלכע ער באקומט פון די פאסאזשירן. א שפּיאָן (אן אָנגעשטעלטער פון דער טראמוויי־קאָמפּאניע) באמערקט עס, און דעם קאָנדוקטאָר זעצט מען אריין אין טפיסע.

מיט אָט די און ענלעכע דערציילונגען איז עדעלשטאט אויסן געווען צו פארורטיילן דעם קאפּיטאליזם, ווו מענטשן פאלן אלס קאָרבן פון ווילקיר, געלט־גייציקייט, זשעדנעקייט, ווו עס עקזיסטירן גוואלדיקע קאָנטראסטן: פון איין זייט — פאנטאסטישער ווילטיק, אומגעהייערער לוקסוס, פון דער צווייטער — הונגער, נויט, מאָראלישע יערידע, וואָס איז א פּויעל־יויצע פון דאכקעס און צע־טראָטענער מענטשן־ווירדע.

עדעלשטאט זשאלעוועט ניט קיין שווארצע פארבן. ער וויל, דער לייענער זאָל זיך איבערצייגן, אז מע טאָר ניט בלייבן גלייכגילטיק, זעענדיק אזעלכע אוולעס, מע דארף טאָן אלץ, וואָס מעגלעך איז, קעדיי צעברעכן, כאָרעוו מאכן די סאָציאַלע אָרדענונג, וואָס איז גורעם אזויפיל לײַדן פון פאָשעטע אומשולדיקע מענטשן.

דער אונטערשייד צווישן עדעלשטאטס לידער און זיינע דערציילונגען באשטייט אין דעם, וואָס אין די לידער זיי־נען פאראן פיל אָנדייטונגען, אז ניט לאנג וועלן באָדן זיך אין ווילטיק די רייכע, די בלוטזויגערס, אז עס איז נאָענט די צייט, ווען דאָס פאָלק וועט אראָפּוואַרפן זייער יאָך, בייס דאָסראָוו פון די דערציילונגען זיינען אויס־גאנגסלאָז, אָן א ליכט־שטראל.

דאָס איז באזונדערס בוילעט צו זען, ווען מיר פאר־גלייכן די דערציילונג „די באָמערקע" מיט דער ליד „די געפאלענע". די טעמע, דער גוירל פון די פערסאָנאזשן זיינען אלציינע אין ביידע ווערק. אין דער דערציילונג שוועבט א געפיל פון פארצווייפלונג, ווען די ליד קלינגט מיט שארפן פּראָטעסט. זי ענדיקט זיך מיט א צאָרנדיקער און נאטירלעכער באשולדיקונג קעגן דעם הערשנדיקן קלאס: „וואָס קוקט איר אף מיר מיט פאראכטונג? נעמט צוריק אייער שמוציקן שטיין! ווער האָט אונדז געמאכט, וואָס מיר זיינען? ווער, אויב ניט איר אליין?!" די גאנצע ליד, פון אָנהייב ביזן סאָף, איז אויסגעהאלטן אינעם נו־

[1] איימעק האבאָכע — טרערן־טאָל.

סעך פון קעמפערישער פובליציסטיק. אזעלכע לײַדנשאַפטלעכע פּאָעטישע ווערק געפינען מיר ניט ווייניק צווישן די פיל ייִדישע לידער, וואָס עדעלשטאַט האָט אָנגעשריבן אין מעשעך פון קנאַפּע פיר יאָר.

א גרויסן אינטערעס שטעלן פאַר דאָוויד עדעלשטאַטס ארטיקלען — אזעלכע ווי „די פרינציפּלאָזיקײַט פון דער זשארגאָנישער ליטעראַטור אין אמעריקע“ און „זשארגאָנישע דיכטער“.

אינעם סאַמע אָנהייב פונעם ערשטן ארטיקל רעדט עדעלשטאַט וועגן דער גרויסער ראָליע פון דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור אין פראַט פון אויפקלערן און רעוואָליוציאָניזירן די ארבעטער־מאַסן, די יוגנט. האָבנדיק אין זינען די בירגערלעך־רעאַקציאָנערע פּרעסע, שרײַבט ער: „זוכן אין דער ייִדישער זשורנאַליסטיק עפּעס א פרינציפּ, אַן ערלעכע נאָכפאָרשונג נאָך וואָרהײַט איז לעכערלעך“. דער סאָף פונעם ארטיקל איז אָנגעזאַפּט מיט בײַסיקער סאַטירע. עדעלשטאַטס סאַרקאַזם איז דאָ געווענדט קעגן די שרײַבער, וואָס זייער הויפּטציל איז מאַכן א לעבן פון ליטעראַטור.

אינעם ארטיקל „זשארגאָנישע דיכטער“ באַטראַכט עדעלשטאַט דעם באַרוף פון א קריטיקער. ער באַדויערט, וואָס די צײַטונגס־קאָמעדיאַנטן האָבן א דערפאָלג באַם ייִדישן פובליקום. פּרוּוונדיק זיך דערגרונטעווען צו דער סיבע פון אזא דערשײַנונג, קומט ער צום אויספיר, אז דאָס דערקלערט זיך מיט דער אָפּוועזנהײַט פון אַן עכטער פאָרגעשריטענער קריטיק, וואָס איז באַרופן אַנטוויקלען דעם לייענערס געשמאַק און ווענדן אים אויפן ריכטיקן וועג. „דער ייִדישער לייענער, — באַמערקט עדעלשטאַט מיט פאַרדראָס, — קערט זיך אָפּ פון אײַך, ווי פון א מעשוגענעם, אויב איר גיט אים עטוואָס אזעלכס לייענען, ווו ער דאַרף צולייגן א ביסל זײַן פאַרשטאַנד, אָנשטרענגען א ביסל זײַן פאַרנונפט“...

אפילו אָט פון דער בעצימצעמדיקער באַטראַכטונג פון די צוויי ארטיקלען זעט מען ארויס, וועלכע גרויסע פאָדערונגען עדעלשטאַט האָט געשטעלט פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור.

אזעלכע ארויסזאָגונגען האָבן עדעלשטאַטן געשאַפן א סאַך סאָנים צווישן די אַמעריקאַנער ליטעראַטן. דאָס ארטיקל „זשארגאָנישע דיכטער“ האָט געבראַכט צו א שאַרפן קאָנפליקט צווישן עדעלשטאַטן און מאָריס ראָזענפעלדן, וועלכער האָט דאָ דערשפּירט אַן אָנפאַל אויף זיך. עס האָט זיך אָנגעהויבן א פאַרדריסלעכע מאַכלויקעס צווישן ביידע דיכטער, וואָס האָט געדויערט א שטיק צײַט.

אָט וואָס מע האָט נאָך עדעלשטאַטס טויט געשריבן וועגן אים אין דער סאָציאַליסטישער „ארבעטער־צײַטונג“ (28 אָקטיאַבער 1892), מיט וועלכער ער האָט שטענדיק זיך געאַמפּערט, צײַטנווײַז געשטאָכן זי ביז דער זיבעטער ריפּ: „וואָס באַטרעפט די פּערזאָן פון דעם פריצײַטיק אָפּגעשטאָרבענעם פרײַהײַט־פּאָעט, קאָנען מיר זאָגן, אז דאָס איז געווען א מוסטער פון ערלעכקײַט און פון גײַסטיקער ריינקײַט — איינער פון יענע ווייניקע נאַטורן, וועלכע אין דעם שמוציקן טהאָם פון דער הײַנטיקער געזעלשאַפט געלינגט צו בלײַבן אָן שום פלעק“.

מיר ריידן שוין ניט פון עדעלשטאַטס פרײַנט, וואָס פלעגן קומען מיט אים אין באַריר: זיי האָבן זיך אָפּגערופן וועגן אים מיט אזא דערעכערעץ, מיט אזא ייִראַסהאַקאָוועד, אז ער וואַקסט אויס פאַר אונדז באַהעלט מיט אַן אויסטערלישער שײַן, ווי א ראָמאַנטישע פיגור.

עס זײַנען געווען פּרוּוון צו פאַרמינערן די דיכטערישע קראַפט פון עדעלשטאַטן. יאָ, פון ריין קינסטלערישן שטאַנדפּונקט האָט מען אַלעמאָל געקאָנט געפינען באַ אים כעסרוינעס. אָבער קיינער האָט ניט געקאָנט אָפּלייקענען, אז דאָוויד עדעלשטאַט איז געווען א מעכטיקער פאָלקסטריבון, וועלכער האָט אָנגעפילט דעם לייענער מיט מוט, מיט גלויבן אין א ליכטיקער צוקונפט.

פאַראַן באַ עדעלשטאַטן א מאָנאָלאָג אונטערן קעפּל „א בריוו פון א זעלבסטמערדער“, ווו מיר לייענען אזעלכע שורעס: „מײַנע קאַמעראַדן זײַנען געווען פאַרנומען מיט זייער שטודיום, מיט זייער קאַריערע, מיט פּריוואַט־געשעפטן, מיט פרויען־ליבע, מיט געלט־זאָרגן... איך האָב מיט גרויסער אָנשטרענגונג זיך אויסגעלערנט א האַנטווערק, דורך וועלכער איך האָב געקאָנט פאַרדינען מײַן ברויט, און האָב מער ניט געטראַכט וועגן זיך. פאַר מײַנע אויגן האָבן אימער געשוועבט אומגליקלעכע, דערשלאָגענע, פאַרוואָגלטע מענטשלעכע וועזנס, וועלכע איך האָב גוט געקענט. איך האָב געלערנט די אָרעמע. איך האָב געוווּסט, וויאַזוי די אָרעמע פרירן אום ווינטער. כ׳האָב געוווּסט, ווי די זון ברענט זיי אום זומער, איך האָב געוווּסט, ווי זיי הונגערן, ווי זיי קרענקען, ווי זיי שטאַרבן פון נויט און פּלאָגן זיך“.

דאָס איז א מאָנאָלאָג פון דאָוויד עדעלשטאַטן גופע!

אָט פונוואַנען עס שטאַמט די עמאָציאָנעלע קראַפט פון זײַן אויפווירקונג אף די מאַסן.

קאָן מען אזא פאָלקס־פרײַנט פאַרגעסן?

אף אָט דער פראַגע ווילט זיך ענטפערן אזוי, ווי דער פּראָלעטאַרישער דיכטער יוסעף באָוושאָווער האָט זיך אויסגעדריקט אין זײַן ליד „צום אָנדענק פון דאָוויד עדעלשטאַט“, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אינעם טאָג פון עדעלשטאַטס טויט: „ביסט געשטאָרבן!.. דאָך איך טרייסט זיך, ווײַל עס לעבט דײַן גרויסער גײַסט!“



50־טער יאָרצײַט פון **שאָלעם־אַלייכעם**

# סאָוועטישע שרײַבער וועגן שאָלעם־אַלייכעמען

ווי עס איז צו זען פון דער אינפאָרמאַציע אין הײַנטיקן נומער, האָבן די שאָלעם־אַלייכעם־טעג, וועלכע זײַנען אין מײַ כוידעש דורכגעגאַנגען בא אונדז אין לאַנד, אָנגענומען א גאָר ברייטן פאַרנעם. לויט דער איניציַאַטיוו פון די פאַרוואַלטונגען פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסםר און פון די רעפובליקאַנישע שרײַבער־פאַרבאַנדן זײַנען אין א ריי שטעט, ווו עס וווינען קאָמפּאַקטע יִדישע מאַסן, דורכגעפירט געוואָרן גרויסע שאָלעם־אַלייכעם־אָוונטן, אף וועלכע עס זײַנען געקומען אויך ניט־יִדן, ליבהאָבער פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק. אף די אָוונטן זײַנען ארויסגעטראָטן מיט פאָרטראָגן און רעדעס די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע שרײַבער, ליטעראַטור־פאָרשער און קונסט־טוער. עס איז דעמאָנסטרירט געוואָרן די גרענעצלאָזע אכטונג און יִראַס־האַקאָוועד מיצאַד די פאָרשטייער פון אלע סאָוועטישע ליטעראַטורן צום גרויסן יִדישן קלאַסיקער. אין די רעדעס אף די שאָלעם־אַלייכעם־אָוונטן, אין דער גאַנצער אטמאָספער זייערע, האָט געשפּרודלט מיט אופריכטיקער פעלקער־פרײַנטשאַפט, מיט טיפער ליבע צום גאוניאַלן שרײַבער, צו דער יִדישער ליטעראַטור.

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד” האַלט פאַר צוועקמעסיק צו באַקאַנען די לייענער מיט אייניקע פון די ארויסטרעטונגען פון ניט־יִדישע שריפטשטעלער אף די אָוונטן. די ארויסזאָגונגען וועגן שאָלעם־אַלייכעמען פון צוויי רוסישע פּראָזע־שרײַבער פאַרעפנטלעכן מיר אין הײַנטיקן נומער, אנדערע ארויסטרעטונגען וועלן געדרוקט ווערן אין קומענדיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד”.

**ס ע ר ג י י ב א ר ו ז ד י ן** (רוסישער פּראָזאיִקער, הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו”, סעקרעטאַר פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון דער רוסלענדישער פעדעראַציע).

דוכט זיך, ערשט ניט לאַנג, סאַכאַקל מיט זיבן יאָר צוריק, האָבן מיר און אונדזערע פרײַנט אין אויסלאַנד געפײַערט שאָלעם־אַלייכעמס הונדערטסטן געבורטסטאָג. און הײַנט מערקן מיר שוין אָפּ א צווייטע דאַטע — שאָלעם־אַלייכעמס פופציקסטן יאָרצײַט. יעדעס שול־קינד, וואָס ווייסט שוין די פיר קלאָלים פון אריפמעטיק, ווען עס זאָל פאַרגלײַכן אָט די צוויי ציפער — הונדערטסטער געבורטסטאָג אין 1959 און פופציקסטער יאָרצײַט אין 1966 — וועט פאַרשטיין, ווי קורץ עס איז געווען שאָלעם־אַלייכעמס לעבנס־וועג. סאַכאַקל זיבן און פופציק יאָר! ווי ווייניק דאָס איז פאַר אזא שרײַבער און פאַר אזא מענטשן! ווי קורץ איז געווען דאָס לעבן פון אזעלכע פערזענלעכקײַטן, ווי פושקין און ווענעוויטינאָוו, גריבאָיעדאָוו און קאָלצאָוו, לערמאָנטאָוו און בלאָק, מאיאַקאָווסקי און יעסענין, באַבעל און איוואַן קאַטאיעוו און פיל אנדערע. און ווי ווייניק מיר, די איצט לעבעדיקע שרײַבער, טראַכטן וועגן דעם.

איך ווייס ניט, ווי בא אנדערע, נאָר בא די מענטשן פון מײַן דאָר, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן, ארײַנגעטראָטן אין גרויסן און שווערן לעבן אין די דרײַסיקער יאָרן און געגרייט זיך צו די האַרבע אויספּרוּוון פון די פערציקער יאָרן, האָט צווישן די הייליקע שרײַבער־נעמען פון אונדזער לאַנד און פון דער וועלט זיך געפונען דער אווטאָר פון „טעוויע דער מילכיקער” און פון „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס”. איך און מײַנע מיטצײַטלער האָבן נאָך דעמלט ניט געלייענט די „בלאָנדזשנדע שטערן”, „דאָס גרויסע געווינס” און „פונעם יאַריד”. אָבער דאָס, וואָס מיר האָבן געלייענט און געזען (און איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זען „טעוויע דער מילכיקער” אין מיכאָעלסעס טעאַטער), לאָזט זיך ניט איבערכאַזערן, פונקט ווי עס קאָן זיך ניט איבערכאַזערן די ערשטע ליבע...

די ליטעראַטור, ווי יעדע גרויסע דערשײַנונג, האָט אירע אייגענע לאָגישע געזעצן און אויך, צום באַדויערן, אומלאָגישע ווידערשפּרוכן. איינע ליטעראַטן שפּילט דאָס מאַזל פון וויגעלע אָן, אנדערע קאָנען ניט פּאָטער ווערן פונעם שלימאַזל אפילע נאָכן טויט. נאָר מאַזל־שלימאַזל — דאָס איז זיך אן אינערלעך שרײַבערישער, אָפּט „צעכאָווער” איניען. פאַראַן א מער שטרענגער און קלוגער ריכטער, איידער מאַזל, איך מיין — זאָלן מיך אנטשולדיקן די קריטיקער, פאָרשער, ליטעראַטור־קענער, דיסערטאַנטן און אנדערע וויסנשאַפט־מענטשן, זאָלן זיי מיך אנטשולדיקן — איך מיין די לייענער! ניט שטענדיק לייענען זיי, די לייענער, די אַרטיקלען און ביכער וועגן שרײַבער. זיי האָבן דערויף ווייניק צײַט, און דעריבער לייענען זיי דאָס, וואָס זיי האָבן ליב און שעצן: די שרײַבער גופע.

וועגן שאָלעם־אַלייכעמען האָט מען קיין סאך ניט געשריבן. די, וואָס שרײַבן יאָ וועגן שאָלעם־אַלייכעמען, פאַרגלײַכן אים מיט גאָגאָלן און אָסטראָווסקין — אין דער רוסישער ליטעראַטור, מיט מאַרק טווענען — אין דער אמעריקאַנער. זיי טוען דאָס, פאַרשטייט זיך, מיט די בעסטע קאַוואָנעס. נאָר פאַרוואָס עפּעס פאַרגלײַכן אים מיט גאָגאָלן, אָסטראָווסקין, מאַרק טווענען? בלויז דערפאַר, ווײַל שאָלעם־אַלייכעם איז געבוירן געוואָרן אין

פּאָלטאַווער גובערניע און געשטאָרבן אין דער פרעמד — אין ניו־יאָרק? אויב פאַרגלײַכן, אויב שטעלן פאַר זיך בלויז אַ פאַרגלײַך־אויפגאַבע, איז פאַרוואָס פאַרגעסן טשעכאָוון און גאָרקין, און טאַקע די פיל הומאַניסטן אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור? ניין, מיר דוכט, אַז מע טאָר אַזוי ניט ריידן וועגן שאָלעם־אַליכעמען. מע טאָר אים ניט פאַרגלײַכן מיט עמעצן און עפּעס.

מע קאָן ניט פאַרגלײַכן מיט עמעצן און מיט עפּעס פּושקינען, טאָלסטאָיען. וועט זיך דען עמעצער דערלויבן צו פאַרגלײַכן מיט עמעצן סטענדאַלן אָדער באַלזאַקן?

שאָלעם־אַליכעם איז אַ דערשײַנונג, וואָס האָט אַ וועלט־באַדײַטונג, אַ דערשײַנונג, וואָס קאָן ניט פאַרגליכן ווערן און לאָזט זיך ניט איבערכאַזערן, — דערפאַר, ווײַל שאָלעם־אַליכעם איז געווען און פאַרבלײַבט אַ געניאַלער שרײַבער; דערפאַר, — און דאָס האָט אַן אומיטלבאַרע שײַכעס צום געזאָגטן, — ווײַל ער איז געווען און פאַרבלײַבט אַ בוילעט אויסגעדריקטער נאַציאָנאַלער שרײַבער. אָן דעם נאַציאָנאַלן איז קיינמאָל ניט געווען און קאָן ניט זײַן דאָס אינטערנאַציאָנאַלע. שאָלעם־אַליכעמס טיף קלוגער, פול מיט כאָכמע אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס האָט שטענדיק, אָן שום טנאָיִם, אויסגעדריקט דעם גײַסט און די באַגערן פון זײַן פאָלק, איז טײַער און נאָענט אונדז אַלעמען — די אײַנוווינער פון דער סאַמע פילנאַציאָנאַלער מעלוכע אין דער וועלט, פון דער סאָוועטן־מעלוכע. דער באַגריף אינטערנאַציאָנאַליזם איז אַרײַן, שוין זייער לאַנג אַרײַן, אינעם בלוט און פלייש פון אונדזער פילשפּראַכיקן פאָלק, וואָס איז פאַרנומען ניט בלויז מיט שאַפן אַ גוט לעבן פאַר די מענטשן פון זײַן לאַנד, נאָר שענקט אויך פיל קרעפטן, צומאָל אַפילע אָפּזאָגנדיק זיך פונעם נייטיקסטן, קעדיי העלפן צענדליקער אַנדערע לענדער און פעלקער צו קעמפן און בויען זייער צוקינפטיק גליק!

אָט פאַרוואָס מיר דערמאָנען הײַנט מיט אַ גוט וואָרט שאָלעם־אַליכעמען. מיר דערמאָנען אים ניט בלויז אַלס אונדזער פאָרגייער אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך אַלס מיטצײַטלער, אַלס שרײַבער, וועמעס אייביק לעבעדיקע שאַפונג לערנט אונדז, ליטעראַטן, צו שרײַבן אַזוי ערלעך און טאַלאַנטפול, ווי ער האָט געשריבן, און לערנט, כוץ־דעם, זײַנע לייענער צו ליב האָבן דאָס לעבן, דעם מענטשן, דאָס גליק, דאָס לאַנד, וו מיר זײַנען געבוירן געוואָרן און אין וועמעס נאָמען אונדז איז ניט שרעקלעך צו שטאַרבן!

לעאָניד לענטש (רוסישער שרײַבער, הומאָריסט און סאַטיריקער).

הומאָר איז אַ דערשײַנונג אַ טיף נאַציאָנאַלע. אַ שרײַבער אַ הומאָריסט, וואָס שפּיגלט אָפּ אין זײַן שאַפונג די נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן פונעם הומאָר פון זײַן פאָלק, איז שטענדיק אַ גרויסער שרײַבער.

אינעם הומאָר איז דאָס ייִדישע פאָלק פאָרטראַטן דורך שאָלעם־אַליכעמען, וועלכער האָט געשריבן מיט געדיכטע, זאַפטיקע אימפּרעסיאָניסטישע פאַרבן, נאָר דערבײַ איז ער געווען אַ רעאַליסט פון זייער אַ פּינקטלעכן און ווײַטן ציל. דאָס לעבן פונעם אַלטן ייִדישן שטעטל האָט ער באַוויזן אַזוי, ווי נאָך קיינער ביז אים! פון זײַנע ווערטלעך, קורצע פריילעכע דערציילונגען מיט אַ טיפּזיניקן מוסער־האַסקל, פון זײַנע אַנעקדאָטישע מײַסעלעך האָט מען געקײַכט פון געלעכטער און מע איז גערירט געוואָרן ביז טרערן, ווײַל זיי זײַנען בעשײַטע גענומען געוואָרן פונעם רעאַלן לעבן.

שאָלעם־אַליכעמען האָט מען אָנגעהויבן איבערזעצן אין רוסיש נאָך אין די פינצטערע יאָרן פונעם צאַריזם — אין 1909. און טייקעף האָט דער טומלדיקער און בונטער, זייער אומרויִקער אוילעם ליטעראַרישע פּערסאָנאַזשן, וואָס איז באַשטאַנען פון מענטשן קאָמישע און אומגליקלעכע, דערנידעריקטע און שטאָלצע, מענטשלעכע און גוטהאַרציקע, גיריקע און הונגעריקע, ווי די שטעטלדיקע געגנדז, — אָט דער אוילעם האָט באַלד צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקײַט פון די פּאָרגעשריטענע רוסישע לייענער. אַלס ענטפער אויפן פרעכן שוואַרצמייעדיקן אַזויגערופענעם „ייִדישן אַנעקדאָט“ איז שאָלעם־אַליכעם אַרויס מיטן עכט ייִדישן הומאָר, — אַן אייגנאַרטיקן, אַ קלוגן, מיט אַ שפּיצל, אונטערגעבעט מיט טרויער און ניט זעלטן פול מיט טרערן, וואָס שטיקן אין האַלדז.

שאָלעם־אַליכעמען האָבן באַלד דערזען און ליב באַקומען גאָרקי און אַנדערע פּראָגרעסיווע רוסישע שרײַבער פון יענער צײַט. ער איז גיך געוואָרן זייער מיטקעמפער אין קאַמף קעגן דעם רעאַקציאָנערן צאַרישן רעזשים, קעגן דעם ביוראָקראַטיש־פּאָליצייִשן ווילקיר.

זינט דעמלט זײַנען פאַרלאָפן פיל יאָרן. דער שטראָם פון דער צײַט האָט אַראָפּגעשווענקט אויף אייביק דעם „טכום־האַמוישעוו“, דאָס אַלטע ייִדישע שטעטל מיט זײַן אַלטן לעבנסשטייגער. נאָר פון שאָלעם־אַליכעמס ווערק קײַכן נאָך ביז איצט פון געלעכטער און ווערן גערירט ביז טרערן מענטשן פון פאַרשיידנסטע נאַציאָנאַליטעטן. שאָלעם־אַליכעם איז אויך הײַנט איינער פון די פּאָפּולערסטע שרײַבער, אַ גרויסער קלאַסיקער. מיט וואָס איז דאָס צו דערקלערן? איך מיין, אַז דאָס איז צו דערקלערן דערמיט, וואָס שאָלעם־אַליכעמס הויפּט־טעמע איז דאָס קליינע מענטשעלע, וואָס קעמפט יעדן טאָג און יעדע שאָ פאַרן גרויסן מענטשלעכן גליק. די דאָזיקע טעמע רופט מען איצט — די טשאַפּלינישע, נאָר ריכטיקער וואָלט געווען צו רופן זי די גאָגאָל־טעמע, ווײַל גאָגאָל איז געווען איר ערשטער שרײַבער.

שאָלעם־אַליכעם האָט דערציילט אויף זײַן מאַניר וועגן אַזאַ קליין מענטשעלע פונעם קליינעם ייִדישן שטעטעלע. און מיר, די בויער פון דער סאַמע מענטשלעכער, סאַמע הומאַנער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, לאַכן צוזאַמען מיט אים, ווען זײַנע העלדן רײַסן אַרויס פונעם לעבן ברעקעלעך פרייד, מיר באַגיסן זיך מיט טרערן, ווען דער שרײַבער דערציילט מיט ביטערן הומאָר וועגן זייערע אומגליקן.

עס איז ברייט באַקאַנט שאָלעם־אַליכעמס פּאָרטרעט — אין אַ שליאַפּע, מיט אַ ראָטאָנדע, אַ קורץ בערדל און אין ברילן. אויף דעם דאָזיקן פּאָרטרעט זעט ער אויס ווי אַן אַלטינקער גוטהאַרציקער דאָקטער. עס דוכט זיך, אַז באַלד נעמט ער אַרויס דעם סטעטאָסקאָפּ און זאָגט:

— אַ נו, רעב ייִד, באַווײַזט קאָרשט אײַער האַרץ, איך וויל עס אויסהערן...

און ער איז דאָך אינדערעמעסן געווען אַ דאָקטער — ער האָט געהיילט פון גײַסטיקע קרענק מענטשן, אויסגעמאַטערטע דורך די טאָגטעגלעכע זאָרגן.

זייער טרעפלעך פאַרענדיקט ער איינע פון זײַנע טרויעריקע און גלײַכצײַטיק קאָמישע דערציילונגען:

„לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן“.

די פילן פון לאַכן, וועלכע עס האָט צוגעשריבן דער דאָקטער שאָלעם־אַליכעם, זײַנען איינע פון די בעסטע לאַך־רעפּועס אין דער וועלט.

# אף דער פלענאַרער זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“

פיר טעג (24—27 מיַי) האָט געדויערט די לעצטע פלענאַרע זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“. אין דער זיצונג האָט זיך באַטייליקט א גרויסע צאָל שרייַבער פון פאַרשיידענע שטעט פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר אַרן ווערגעליס האָט אין זיַין פאָרטראָג אינפאָרמירט וועגן דער אַרבעט פונעם זשורנאַל פאַרן ערשטן האַלבן יאָר און וועגן זיַינע וויַטערדיקע פּלענער. דער פאַרוואַלטער פונעם קריטישן אָפּטייל הערש רעמעניק האָט אין זיַין קאָרעפעראַט געמאַכט אן איבערזיכט פון די אַרויסגעגאַנגענע פאַר די פאַרגאַנגענע זעקס כאָדאָשים נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד“.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט ה. אָשעראָוויטש, ש. גאָרשמאַן, א. גאָנטאַר, ש. גאָרדאָן, א. גוביניצקי, מ. גרוביאַן, א. דאָברינקי, נ. זאַבאַרע, מ. טייף, ל. טשערניאַק, מ. לעוו, נאָטע לוריע, ב. מילער, י. פאַליקמאַן, י. ראַבין, ר. רובין, מ. שאַפּיראָ, מ. שולמאַן, י. שטערנבערג.

מיר ברענגען דאָ די אַרויסטרעטונג פונעם קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן מ. שאַפּיראָ, האָבנדיק אין זינען איר באַדיַיטונג פאַר דער צוגרייטונג צו דער קומענדיקער פלענאַרער זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע.

## אפן טאָג־סיידער — פראַגן פון שפּראַך

אין איין ציַיט מיט דער האַרבסטיקער פלענאַרער זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע וועט צונויפגערופן ווערן א באַראַטונג אף צו באַהאַנדלען פראַגן, וואָס זיַינען שייַעך צו שפּראַך — צו יידיש.

אין אַזא ברייטערן שמועס וועגן יידיש נייטיקן זיך קוידעמקאָל אונדזערע שפּראַך־טוער, וואָס זיַינען די לעצטע פאָר יאָר פאַרנומען מיט דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט איבער די צוויי גרעסערע ווערטערביכער — דעם רוסיש־יידישן און יידיש־רוסישן[1].

די צונויפשטעלער האָבן די אַמביציע ווי וויַט מעגלעך פולער אָפּצושפּיגלען אין די ווערטערביכער יענעם לעקסישן און פראַזעאָלאָגישן שטאָף, וואָס איז גילטיק אינעם ליטעראַרישן יידיש פונעם סאָוועטישן פּעריאָד, ווי אויך דעם אַלגעמיין־ליטעראַרישן יידיש פון די ביזרעוואָליוציאָנערע יאָרן, אין גרונט — לויט דער פאָרמול: „פון מענדעלען ביז היַינטיקער ציַיט“.

אין פּראָצעס פון אָט דער לעקסיקאָגראַפישער אַרבעט שווימען אויף פאַרשיידנסטע פראַגן, וואָס אָדער זיי זיַינען נאָך ניט געלייזט געוואָרן ביז היַינטיקן טאָג אָדער זייער לייזונג מוז איצט, אין די געענדערטע אומשטענדן, רעווידירט ווערן.

אף דער פלענאַרער זיצונג דאַרפן אויסגעפונען ווערן די געהעריקע ענטפערס אף אַזעלכע פראַגן, ס'דאַרף געזיכערט ווערן איינהיַיטלעכקיַיט אין די איַינשטעלונגען פאַר דער פּראַקטישער לייזונג פון פאַרשיידענע ספּייקעס אין דער אַרבעט איבער די ווערטערביכער, קעדיי זיי זאָלן קאָנען דינען אויך פאַר נ אָ ר מ א ט י ו ו ע צילן.

און געוויס זיַינען אין אן ערנסטן שמועס וועגן שפּראַך־פראַגן ביז גאָר פאַרינטערעסירט אויך די שרייַבער, וויַיל ליטעראַרישע שאַפונג איז אפן ענגסטן אויפן געבונדן מיט שפּראַך־שאַפונג.

שפּראַך איז ניט הוילע פאָרם פאַרן גרייטן געדאַנק, און וואָרט איז ניט בלויז דער אויסערלעכער (קלאַנגלעכער) מאַנטל פאַרן גרייטן באַגריף. די שפּראַך גיט דעם שרייַבער (דעם אַרויסזאָגער ביכלאַל) גרייטע, פון פאָלק און פאַרן פאָלק געשאַפענע מאָדעלן; יעדערע פון זיי טראָגט מיט זיך א געוויסן אינהאַלט, די שפּראַך־מאָדעל איז אן איינהיַיט פון פאָרם און אינהאַלט. אָפּט ווערט אָט דער אינהאַלט געגלידערט: א וואָרט אָדער א וואָרטפאָרמע קאָן האָבן עטלעכע באַטיַיטן צי באַטיַיט־שאַטירונגען, און, פאַרקערט, עטלעכע שפּראַך־מאָדעלן קאָנען אויסדריקן אַמאָל אן אַלציינעם אָדער א זייער נאָענטן באַטיַיט. די שפּראַכשעפערישע ענערגיע פונעם שרייַבער איז געווענדט אף צו קאָמפּאָנירן די גרייטע שפּראַך־מאָדעלן, זייער פאָרם און אינהאַלט לויט די צילן פון זיַין קינסטלערישן פאַרטראַכט.

ס'טרעפט אויך, אז דער שרייַבער געפינט ניט אינעם שפּראַך־אויצער אַזא מאָדעל, וואָס זאָל קאָנען אים דינען אף איבערצוגעבן פּינקטלעך ז יַ ין זעונג, ז יַ ין מאָמענטאַלע אַסאָציאַציע, ז יַ ין בילד, וואָס קיינער האָט זיי נאָך ביז אים ניט אויסגעפונען און ניט אויסגעדריקט, און דאַן מוז דער שרייַבער ווערן אן עכטער שפּראַךשעפער, ער מוז דאַן אויספורעמען די מאָדעל גופע אף אויסצודריקן דאָס, וואָס ער און ניט קיין אַנדערער האָט

[1]ביידע ווערטערביכער וועלן אַרויסגעלאָזט ווערן אין פאַרלאַג „סאָוועטסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ“; דער ערשטער דאַרף דערשיַינען אין 1967, דער צווייטער — אין 1968.

דערזען, דערפילט. און אויב דאָס געלינגט אים, טראָגט ער אַרײַן זײַנעם אַ באַזונדערן צושטײַער ניט בלויז אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך אין דער שפּראַך, ער ווערט דאַן אין שפּראַך־שאַפונג אַ שותּף צום פֿאָלק, ער איז דאַן ניט בלויז אַ געברויכער פון גרייטע שפּראַך־מאָדעלן — ער איז טיילווײַז איינער פון זייערע שעפער, וואָס העלפן מיט דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך. נאָר אויך דאַן מוז ער זיך רעכענען מיט די געזעצמעסיקייטן פון דער קלאַל־שפּראַך, אַנדערש וועט אים קיינער ניט פאַרשטיין.

דאָס אַלץ ווײַזט, ווי טיף ס׳דאַרף זײַן דער אינטערעס פון יעדן שרײַבער צו זײַן וויכטיקסטן אינסטרומענט — צו דער שפּראַך, און אין אונדזער פאַל — דער אינטערעס פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער צו די פראַגן פון ייִדישער שפּראַך, וואָס וועלן שטיין אויפן טאָגסיידער פון דער קומענדיקער באַראַטונג, אויף וועלכער ס׳דאַרף געפירט ווערן אַ לעבהאַפטער מיינונגען־אויסטויש צווישן די צונויפשטעלער פון די ווערטערביכער און די שרײַבער.

פאַר די עטלעכע צענדליק יאָר ייִדישער סאָוועטישער קולטור־בויונג איז ניט ווייניק אָפּגעטאָן געוואָרן אויף צו פאַרוואַנדלען ייִדיש אין אַ בייגעוודיקן אינסטרומענט, וואָס זאָל אין דער פולער מאָס אַנטשפּרעכן די קולטור־באַדערפענישן פון אונדזער סאָוועטישן הײַנט. דערצו איז קלאַל ניט גענוגנדיק געווען די שפּראַך־ירושה פונעם ביזאָקטיאַבערישן פּעריאָד. ייִדיש איז אין די 20־ער—30־ער יאָרן באַרופן געוואָרן דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע צו באַפרידיקן די פאָדערונגען פון ברייטע מאַסן, וועלכע לעבן איבער דעם פּראָצעס פון פּראָדוקטיוויזאַציע און דאָס באַהעפטן זיך מיט דער נײַער סאָציאַליסטישער ווירקלעכקײַט. ווערטער זײַנען דאַן אָפּט געשאַפן געוואָרן אַפּדערגיך, ניט אַלע האָבן זיי געשטימט מיט די געזעצן פון דער שפּראַך־אַנטוויקלונג, ניט אַלע האָבן זיי „זיך געקלעפּט“ צו ייִדיש, און פיל פון זיי האָט מען דערנאָך געמוזט פאַרבײַטן מיט אַנדערע. די שפּראַך־שאַפונגען זײַנען אַזוי־אַרום אויסגעפּרוּווט געוואָרן אין לעבן, אין דער רייד־פּראַקטיק. אַזוי האָט זיך סטאַביליזירט אַ סאָוועטישער סטיל פון ייִדיש, וואָס פאַרמאָגט — אין די ראַמען פון דער ייִדישער קלאַל־שפּראַך — זײַנע באַזונדערהײַטן, אַזעלכע, וואָס זײַנען גילטיק — אין גרונט — בלויז אויפן סאָוועטישן באָדן.

מיר וועלן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף די דאָזיקע פראַגן — וועגן זיי וועט זײַן אַ רייד אויף דער קומענדיקער פּלענאַרער זיצונג. דאָ ווילן מיר בלויז געבן די שרײַבער אַ מעגלעכקײַט צו באַקענען זיך מיטן טאָגסיידער פון אָט דער זיצונג, כּדי זיי זאָלן האָבן גענוג צײַט אַ קלער צו טאָן וועגן זיי און קומען צו דער זיצונג מיט באַגרינדעטע מיינונגען.

אָט איז דער פאָרגעלייגטער טאָגסיידער:

### 1. דער ליטעראַרישער ייִדיש אין סאָוועטנפאַרבאַנד און אונדזער אָריִענטאַציע אין דער לעקסיקאָגראַפישער אַרבעט.

אין די ראַמען פון אָט דעם פונקט דאַרפן באַטראַכט ווערן יענע באַזונדערהײַטן, דערהויפּט לעקסישע, וואָס גילטן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, אין דער פּראַקטיק פון די סאָוועטישע שרײַבער און קולטור־טוער — לעגאַבע אייניקע טענדענצן אין דער שפּראַך פון דער אויסלענדישער, באַזונדערס פּובליציסטישער און הומאַניטאַר־וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. ס׳וועט דאַרפן אָנגענומען ווערן אַן אָביעקטיווע און רעאַליסטישע שטעלונג צו אָט די באַזונדערהײַטן; דערבײַ וועט מען דאַרפן נעמען אין אַכט, פון איין זײַט, די ספּעציפיק פון אונדזערע סאָוועטישע לייענער, פון דער צווייטער זײַט, — דעם אינטערעס צו אונדזער דרוק־פּראָדוקציע אויסער די גרענעצן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

### 2. אויסלייג־פראַגן.

דאָס איז איינע פון די אַמערסטן קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען. ווי באַוווּסט, האָבן מיר אַ מעלוכע־דעקרעט פון די דרײַסיקער יאָרן וועגן דער ייִדישער סאָוועטישער אָרטאָגראַפיע. די צײַט אָבער האָט אין ניט ווייניק פאַלן אַרויסגערוקט די נויטווענדיקײַט אַרײַנצוטראָגן קאָרעקטיוון אין די דעקרעטירטע קלאָלים און אײַנשטעלונגען. מע מוז קומען צו אָבליגאַטאָרישע באַשלוסן, אַנאַרכיע אין אויסלייג קאָן ניט דערלאָזט ווערן. ס׳טרעפט אָפט, אַז אייניקע אויסלייג־פראַגן ווערן דערלייזט אויף די טישן פונעם רעדאַקטאָרן־צימער — אין דער רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“. קלאָר, אַז דער רעדאַקטאָראַט פונעם זשורנאַל קאָן ניט באַטראַכט ווערן אַלס לעצטע אינסטאַנץ אין פראַגן פון אויסלייג.

### 3. די לעקסיק און פראַזעאָלאָגיע אין די ווערק פון אַ רײ איצט טעטיקע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

### 4. די לעקסיק און פראַזעאָלאָגיע אין דער שפּראַך פון דער אויסלענדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע; וואָס קאָן פון אָט דער לעקסיק און פראַזעאָלאָגיע אויסגענוצט ווערן.

### 5. פראַגן פון וואָרטפאָרמעס און וואָרטבילדונג.

אין די ראַמען פון אָט דעם פונקט דאַרף גענויער באַטראַכט ווערן אַ רײ צווייפלהאַפטע פאַלן בנוגע די פאָרמעס פון מערצאָל און פּאַרטיציפּ, אויך וועגן דעם מין פון סובסטאַנטיוון (האַגאַם דער מין פון סובסטאַנטיוון געהערט ניט דירעקט צו וואָרטפאָרמעס אָדער וואָרט־בילדונג).

### 6. אָנגעווייטיקטע פראַגן פון רעדאַקטאָריש־קאָרעקטאָרישער אַרבעט

(מיטיילונגען פון די רעדאַקטאָרן און קאָרעקטאָרן פון „סאָוועטיש היימלאַנד“).

### 7. מוסטערן פון וואָרט־טײַטשונגען אין די ווערטערביכער.

מיר האָפן, אַז די שרײַבער וועלן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער זיצונג און וועלן אַזוי־אַרום מיטהעלפן די שפּראַך־טוער אין זייער לעקסיקאָגראַפישער אַרבעט.

מ. שאַפּיראָ

# אַ פּאָר באַמערקונגען צו אַן אינטערעסאַנטער אויסשטעלונג

אין צוזאמענהאנג מיט י.־ל. פּערעצעס יאָרצײַט האָט די נאַציאָנאַלע אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין יערושאַלאַיִם אײַנגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג און ארויסגעלאָזט אַ קאַטאַלאָג פון דער דאָזיקער אויסשטעלונג („קטלוג התערוכה לזכר יצחק ליבוש פרץ במלאת חמישים שנה לפטירתו")[1]. דער טעקסט פונעם קאַטאַלאָג איז אַ העברעיִש־ענגלישער.

דער ציל פון דער אויסשטעלונג איז געווען אָפּשפּיגלען פּערעצעס טעטיקײַט אַלס ייִדישער און העברעיִשער שרײַבער און אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער און קולטור־טוער. עס זײַנען פאָרגעשטעלט ביכער, פּעריאָדישע אויסגאַבעס, מאַנוסקריפּטן, בריוו, איליוסטראַציעס צו זײַנע ווערק און נאָטן צו זײַנע לידער, טעאַטער־מעלדונגען, אָפּרופן אין דער פּרעסע אַף זײַן טויט און אַנדערע מאַטעריאַלן. פאַראַן דאָ פּערעצעס ווערק — סײַ אין ייִדיש און העברעיִש, סײַ אין איבערזעצונגען (פּערעץ איז איבערגעזעצט ניט ווייניקער ווי אַף צען שפּראַכן, צווישן זיי אַף עספּעראַנטאָ). אַ גרויס אָרט איז אָפּגעגעבן די ערשטע ווערק זײַנע אין העברעיִש און ייִדיש אין די 70־ער און 80־ער יאָרן. מע קאָן דאָ זען די וואַריאַנטן פון „מאָניש" און „די גאָלדענע קייט". צווישן די עקספּאָנאַטן איז דאָ זייער אַ זעלטענע אויסגאַבע אין העברעיִש: „חיי משורר עברי" („דאָס לעבן פון אַ העברעיִשן דיכטער"), וואַרשע 1877. דאָס איז אַ לענגערע ליד, לעכאַטכילע דערשינען אין „ספורים בשיר ושירים שונים", ארויסגעגעבן אין זעלבן יאָר פון פּערעצן און זײַן שווער גאַווריִעל ליכטענפעלד. „ס'איז עפּשער דער איינציקער עקזעמפּליאַר אין דער וועלט", זאָגט זיך אין קאַטאַלאָג.

ווי באַוווּסט, האָט זיך פּערעץ שטאַרק אינטערעסירט מיט ייִדישן פאָלקלאָר. אַף דער אויסשטעלונג איז עקספּאָנירט אַ שאַרבלאַט פון אַ זאַמלונג פאָלקסלידער, געזאַמלט פון פּערעצן. די זאַמלונג אַליין איז צוליב אומבאַוווּסטע סיבעס ניט דערשינען. ס'איז אויך ארויסגעשטעלט אַ דײַטשישער זשורנאַל פאַרן 1898 יאָר, וווּ ס'זײַנען אָפּגעדרוקט ייִדישע פאָלקסלידער, געזאַמלטע פון פּערעצן, מיט לאַטײַנישע אויסיעס.

צווישן די מאַנוסקריפּטן איז פאַראַן פּערעצעס אַ דערציילונג „אין הויז", וועלכע איז אין זײַנע געדרוקטע ווערק ניט ארײַן. ס'איז פאָרגעשטעלט די ערשטע פּערעץ־ביבליאָגראַפיע פון ב. באָראָכאָוון און די שפּעטערדיקע ווichtיקסטע

דיקע וויכטיקסטע פּערעץ־ביבליאָגראַפיעס פון אַ. גורשטיין, י. שאַצקי, י. יעשורין, אַ. ר. מאַלאָכי, נ. מײַזיל, ז. זילבערצווײַג, ש. שונאמי.

אַ רײ מאַטעריאַלן כאַראַקטעריזירן פּערעצעס באַציִונג צו דער שפּראַך־פראַגע (ייִדיש—העברעיִש) אין פאַרשיידענע פּעריאָדן.

באַגריסנדיק דעם ברייטן טעמאַטישן פאַרנעם פון אָט דער אויסשטעלונג, מוזן מיר אָבער אויך מאַכן אַ פּאָר קריטישע באַמערקונגען.

אינעם פאָרוואָרט צום קאַטאַלאָג רעדט זיך וועגן „דער גרויסער פּאָפּוליאַריטעט פון פּערעצן אַפילו (? — מ. ר.) אין די קאָמוניסטישע לענדער". די באַזוכער פון דער אויסשטעלונג האָבן זיך אָבער אַפילו אין דעם „אַפילו" ניט געקאָנט איבערצײַגן, ווײַל „פון די קאָמוניסטישע לענדער" זײַנען פאָרגעשטעלט נאָר געציילטע אויסגאַבעס. ס'איז ניט געווען אַף דער אויסשטעלונג דער פּערעץ־באַנד, דערשינען אין מאָסקווע אין 1925 מיט מ. ליטוואַקאָווס און י. נוסינאָווס פאָרווערטער; די ספּעציִעלע פּערעץ־נומערן פון די זשורנאַלן „רויטע וועלט", „שטערן", „סאָוועטישע ליטעראַטור" און אַנד.; די צווייבענדיקע אויסגאַבע פונעם „עמעס"־פאַרלאַג (1941) מיט ריוווקע רובינעס גרויסן ארײַנפיר; די פּערעץ־זאַמלונגען, וועלכע זײַנען דערשינען אין די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן אין קיִעוו און מינסק; ס'זײַנען ניט פאָרגעשטעלט כאָטש איינציקע פון די עטלעכע צענדליק מאַסן־אויסגאַבעס, טיילווײַז איליוסטרירט פון די באַוווּסטע קינסטלער; י. דאָברושינס און נ. אויסלענדערס אַרבעטן וועגן פּערעצן. צווישן די פאַרשיידענע ייִדישע און העברעיִשע וואַריאַנטן פון „דער גאָלדענער קייט", וועלכע זײַנען געווען אַף דער אויסשטעלונג, פעלט אַ. יודיצקיס איבערזעצונג, די ערשטע און איינציקע פון דעם ערשטן נוסעך פון „דער גאָלדענער קייט" — „חורבן בית צדיק". אַגעוו, איז אין פאָלקס־פּוילן דערשינען אַ פינפבענדיקע פּערעץ־אויסגאַבע און ניט קיין צווייבענדיקע, דאָרט איז אויך דערשינען אַ באַנד קריטיק וועגן פּערעצן, וועלכער האָט אַף דער אויסשטעלונג ניט פיגורירט. צווישן די פאַרשיידענע אויסגאַבעס פון „אַלע ווערק" איז פאָרגעשטעלט די 11־בענדיקע אַמעריקאַנער אויסגאַבע פון „ציקאָ", ס'פעלט אָבער די 13־בענדיקע אויסגאַבע פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט".

אין אַלגעמיין, ווי ס'איז קאָנטיק פונעם קאַטאַלאָג, איז די אויסשטעלונג געווען אַן אינטערעסאַנטע, און די אָרגאַניזאַטאָרן אירע האָבן גוט געטאָן, וואָס זיי האָבן ארויסגעלאָזט דעם קאַטאַלאָג.

מ. ראָזנהויז

---

[1] מיר אינפאָרמירן וועגן דער אויסשטעלונג מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, ווײַל מיר האָבן דעם קאַטאַלאָג באַקומען ערשט ניט לאַנג.

# די „מאַלקע שאַבעס"

אין מאָסקווע איז זייער פּאָפּולער דאָס וואָספּאַלנע געסל, וואָס ליגט אין נאָענטער שכייִנעס מיטן צענטראַלן שרײַבער־הויז. אין אָט דעם געסל געפינט זיך איינע פון די עלטסטע ליטעראַרישע פאַרייניקונגען, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „ניקיטינסקיִע סובאָטניקי"[1]. דאָס איז ניט בלויז א ליטעראַרישע פאַרייניקונג, נאָר אויך אַן אויסערסט ווערטפולער ליטעראַרישער מוזיי און א רײַכע קינסטלערישע גאַלעריי, וווּ עס זײַנען פּאָרטרעטן סקולפּטור, גראַפיק און אַנד. מינים קונסט.

„ניקיטינער שאַבעסניקעס" איז אַן אַנשטאַלט אָן אַנגעשטעלטע, אָן שטאַטן, אָן באַדינער. מיט איר פירט אָן בלויז איין מענטש — יעוודאָקסיִא פיאָדאָראָוונא ניקיטינא. זי איז דאָ די ליטעראַטור־פאָרשערן, דער פּראָפעסאָר, דער דירעקטאָר, די אָנפירערן פון עקסקורסיעס, די שטענדיקע זאַמלערן און אומדערמידלעכע וועכטערן פון די אומשאַצבאַרע אוניקאַלע קינסטלערישע אוצרעס. אין משך פון דעם העכער האַלבן יאָרהונדערט פון דער עקזיסטענץ פון אָט דער פאַרייניקונג איז זי, ניקיטינא, איר פאָרזיצער.

לויט די מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען דאָ צונויפגעזאַמלט, קאָן מען צונויפשטעלן קימאַט א פולע געשיכטע פון דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָ זײַנען אָבער פאַראַן אויך ניט ווייניק דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן פון דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור. די פאַרבינדונג פון דער קלאַסיק מיט דער הײַנטצײַטיקייט — דאָס איז איינער פון די גרונט־פּרינציפּן פון דער אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן אַף די אָזויגערופענע „שאַבעסניקעס".

די שרײַבער, קינסטלער און געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע פאַרזאַמלען זיך בא יע. פּ. ניקיטינא יעדן שאַבעס, רופן זי היימיש „די מאַלקע שאַבעס".

דאָס יאָר 1964 איז געווען א יובילײ־יאָר פון אָט די „שאַבעסניקעס". עס איז געוואָרן 50 יאָר זינט דעם אויפקום פון דער פאַרייניקונג. דער דאָזיקער יובילײ איז ברייט אָפּגעמערקט געוואָרן סײַ אין דער סאָוועטישער, סײַ אין דער פּראָגרעסיווער אויסלענדישער פּרעסע. פון דער גאַנצער וועלט האָט די „מאַלקע שאַבעס" באַקומען באַגריסונג־טעלעגראַמעס.

אין דער באַגריסונג פון סעקרעטאַריאַט פון דער פאַרוואַלטונג פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר צו יעוודאָקסיִא פיאָדאָראָוונא ניקיטינא איז, צווישן אַנדערס, געזאָגט געוואָרן: „די גרעסטע רוסישע, סאָוועטישע ליטעראַטן, די פאָרגעשריטענע טוער פון אונדזער קולטור זײַנען געווען אָנטיילנעמער פון אײַערע „שאַבעסניקעס" — פון אָט די אויסערלעך באַשיידענע, נאָר אַזעלכע טיפע לויט זייער געזעלשאַפטלעכן באַטײַט, שעפערישע באַגעגענישן. שווער איז איבערצוגעבן אינקורצן דאָס אַלץ, וואָס איר האָט אויפגעטאָן. פאַרהיטנדיק טויזנטער און טויזנטער זעלטנסטע קולטור־רעליקוויעס און זאָרגפול אָפּהיטנדיק אָט דעם טײַערסטן גײַסטיקן אוצר, — האָט איר דאָס אַלץ איבערגעגעבן אַלס מתּנה דעם היימלאַנד, דעם פאָלק!.."

צווישן די אָנגעזעענע טוער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דער באַגריסונג, זײַנען געווען גאָרקי, לונאַטשאַרסקי, ווערעסאַיעוו, בריוסאָוו, דעמיאַן בעדני, סעראַפימאָוויטש, פעדין, יעסענין, מאַיאַקאָווסקי, פּאַדייעוו, מייערכאָלד, מיכאָעלס, קאַטשאַלאָוו, גנעסין און פיל־פיל אַנדערע.

צווישן די אוצרעס, וואָס עס האָט אָנגעזאַמלט די פאַרייניקונג „ניקיטינער שאַבעסניקעס", זײַנען פאַראַן אַרכיוון, וועלכע זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן דורך פּושקינס אורייניקלעך; פּאָרטרעטן פון ל. נ. טאָלסטאָי, וואָס האָבן זיך געפונען אין טשערטקאָווס זאַמלונגען; די אַרכיוון פון די ברידער סאָקאָלאָוו, וועלכע האָבן געאַרבעט אַפן געביט פון פאָלקלאָר און עטנאָגראַפיע; אַרום 21 טויזנט ביאָגראַפיעס פון שרײַבער און נאָך און נאָך.

די ליטעראַרישע פאַרייניקונג האָט בעשײַטע געהאַט אָרגאַניזירט אויך א ספּעציעלן פאַרלאַג מיטן נאָמען „ניקיטינסקיִע סובאָטניקי". דער פאַרלאַג האָט פאַר די צוועלף יאָר פון זײַן עקזיסטענץ אַרויסגעגעבן העכער 300 ביכער, וועלכע שאַפן טיילווײַז א בילד וועגן די אוצרעס, וואָס ווערן געהיט אַף וואָספּאַלנער געסל, נומ. 14.

ניט אומזיסט האָט דער אינסטיטוט פון דער וועלט־ליטעראַטור אַפן נאָמען פון מ. גאָרקי בא דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע באַשלאָסן אַרײַנצופירן אין דער נײַער פאַרברייטערטער אויפלאַגע פון דער געשיכטע פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור קאַפּיטלען וועגן די „ניקיטינער שאַבעסניקעס".

צווישן די פאָנדן פון די ברידערלעכע ליטעראַטורן, וועלכע זײַנען אָנגעזאַמלט אין די אַרכיוון פון די „ניקיטינער שאַבעסניקעס", זײַנען פאַראַן אויך מאַטעריאַלן פון דער ייִדישער ליטעראַטור. יעוודאָקסיִא פיאָדאָראָוונא שטאָלצירט דערמיט, וואָס נאָך אין די ערשטע יאָרן פון די „שאַבעסניקעס" איז געווען בא איר מיט א וויזיט שאָלעם־אַליכעם. דאָס איז געווען גראָד דעמלט, ווען דער מאָסקווער פאַרלאַג „סאָווערמעניִע פּראָבלעמי" האָט אַרויסגעגעבן אין רוסיש די ערשטע אויפלאַגע פון שאָלעם־אַליכעמס ווערק.

אין 1915 האָט די „ניקיטינער שאַבעסניקעס" באַזוכט שאָלעם אַש.

די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור איז אין די אַרכיוון פון די „ניקיטינער שאַבעסניקעס" פאָרגעשטעלט מיט מאַרקישן, בערגעלסאָנען, קוויטקאָן, שוואַרצמאַנען, האַלקינען, קושנירעוון און אַנד. מיט גרויס האַנאָע דערמאָנט ניקיטינא פּערעץ מאַרקישעס אַקטיוון אָנטייל אין די „שאַבעסניקעס", אַלס מיטגליד פון דער פאַרייניקונג.

דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז שוין געווען געווידמעט א ריי שאַבעס־באַגעגענישן פון דער פאַרייניקונג. ניט לאַנג צוריק זײַנען אויך פאָרגעקומען פאָרלעזונגען וועגן כ.־נ. ביאַליקן.

■

ווי באַוווּסט, איז יע. פּ. ניקיטינאַס אַרכיוו דערקלערט געוואָרן אַלס פיליאַל פונעם ליטעראַרישן מעלוכע־מוזיי. לויט א באַשלוס פונעם מאָסקווער סאָוועט ווערט דער גאַנצער אונטערשטער שטאָק פון דעם הויז נומ. 8 אַף וואָספּאַלנע געסל איבערגעגעבן אין רעשוס פון אָט דעם מוזיי. צו דער עפענונג זײַנער אין דער נײַער געבײַדע וועט פאָרקומען די 700־טע באַגעגעניש פון די אָנטיילנעמער פון די „ניקיטינער שאַבעסניקעס".

ליובע טשערניאַק

[1] בוכשטעבלעך: „ניקיטינער שאַבעסניקעס", דה. די שאַבעס־באַגעגענישן בא ניקיטינא.

כאַצקל נאַדעל

# א פרײַנט פון דער ייִדישער ליטעראַטור

פון פראַנקאָס זיכרוינעס „מײַנע באַקאַנטע ייִדן", פובליקירט א סאַך יאָרן נאָך זײַן טויט, איז צו זען, אז ער איז געווען באַקאַנט מיט ייִדן, מיטן ייִדישן לעבנס־שטייגער נאָך אין די קינדער־יאָרן.

די געשיכטע פון די דאָזיקע „זיכרוינעס" איז אזא: א ווינער צײַטונג האָט געבעטן בא פראַנקאָן, ער זאָל אָנשרײַבן א ציקל אַרטיקלען וועגן געשיכטע, שטייגער, עקאָנאָמיק פון די גאַליציאַנער ייִדן. פראַנקאָ האָט זיך אָפגעזאָגט — אָנשטאָט דעם האָט ער, לויט דער אייגענער איניציאַטיוו, אָנגעשריבן זיכרוינעס. ערשט אין 1936 האָט זיי דער אַקאַדעמיקער וואָזניאַק פאַרעפנטלעכט אין דער לוואָווער אוקראַיִנישער צײַטונג „דילאָ" (נומערן 117—119). שפעטער האָט זיי איבערגעדרוקט די קיִעווער „ליטעראַטורנאַ גאַזעטאַ" (1945, 20 דעקאַבער).

פראַנקאָ האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור און צו ייִדישן פאָלקלאָר.

צו זײַן פרעכטיקער איבערזעצונג פון וועלוול זבאַרזשערס לידער האָט פראַנקאָ געגעבן א זייער אינטערעסאַנטן אַרײַנפיר, פון וועלכן מיר ברענגען דאָ א גרעסערן אויסצוג:

„צום ערשטן מאָל בין איך געקומען אין באַריר מיט דער ייִדישער פאָלקסליד אין 1878, זיצנדיק אַרעסטירט אין לוואָוו. ס'האָט מיך דעמלט פאַרכאַפט די פרימיטיווע מיטלאַלטערלעכע פאָרם פון דער פאָעטישער דערשײַנונג. איך האָב דאַן אויסשטודירט אייניקע פערזן פון אַן אַלטן, ניט גאָר באַדײַטנדיקן, אָבער ביז הײַנט נאָך פאָפולערן פאָעט בערקע פון בראָד (בערל בראָדער). ס'איז מיר געפעלן געוואָרן דער ניט געוויינלעכער שטילער הומאָר זײַנער, וואָס קומט אָפטמאָל אַפילע אומבאַמערקט אַלס פויעל־יויצע פון דער מערקווירדיקער קאָנסטרוקציע פונעם ייִדישן לאָשן, אויך דער אופריכטיקער רעאַליזם באַם באַהאַנדלען דעם אָביעקט און די פאַשעטקײַט פון אויסדרוק לעהייפעך צו אונדזער קאָנווענציאָנעלער — ס'זאָל ניט אויסגערעדט זײַן — סכאָלאַסטישער פאָעזיע. איך האָב דעמלט געפרוּווט — אָן א דערלויבעניש — איבערזעצן עטלעכע לידער. די איבערזעצונג האָב איך געמאַכט אַף צופעליק געפונענע שטיקלעך פאַפיר, וועלכע זײַנען אָבער אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די מאַלאַכיי־כאַבאַלע און זיי האָבן דאָס, פאַרשטייט זיך, קאָנפיסקירט.

אין די יאָרן 1880—1881, ווען איך האָב זיך געפונען אין דראָהאָביטש און זיך געכאַווערט מיט ייִדישע סטודענטן און פראָלעטאַריער, האָב איך ווידער געהאַט די געלעגנהײַט אָנצושטויסן זיך אַף ייִדישע לידלעך. איינס פון זיי, „די ליד פון קאַפצן", האָב איך איבערגעזעצט אין אוקראַיִניש און געגעבן אין דרוק אין זשורנאַל „סאָוויעטאַ", דער דאָזיקער נומער פונעם זשורנאַל איז אָבער ניט דערשינען, און די ליד איז געבליבן ניט פובליקירט. שפעטער, ווען איך האָב געאַרבעט אין דער „זאַריאַ" אונטער דער רעדאַקציע פון פאַרטיצקי, האָב איך מיך באַקאַנט מיט א יונגן ייִדישן געלערנטן איזידאָר בערנפעלד, וואָס האָט לויט מײַן ביטע אָנגעשריבן א גוט, און ביז איצט דאָס איינציקע, אַרטיקל וועגן דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור, וועלכע איז בא אונדז אומבאַקאַנט.

מיט דער הילף פון ה' בערנפעלד און פון מײַנעם א באַקאַנטן א געוויסן גאָלדבערג פון דראָהאָביטש האָב איך מיך נעענטער באַקאַנט מיט די שאַפונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור און געשטרעבט אַרײַנצודרינגען אין איר גײַסט. ספעציעל האָט מיך פאַרינטערעסירט וואָלף ערענקראַנץ, געבוירן אין זבאַראַזש, א דיכטער, וועלכער האָט זיך דערוואָרבן א נאָמען אַלס פאָלקס־דיכטער אין די ייִדישע קרײַזן ניט נאָר פון גאַליציע — אויך פון דײַטשלאַנד, פאַריזש און פון די מיזרעך־קאַנטן. ער איז געשטאָרבן אין קאָנסטאַנטינאָפאָל אין די 70־ער יאָרן פון יענעם יאָרהונדערט און האָט איבערגעלאָזט לידער־זאַמלונגען — „מקל נועם" און „מקל חובלים",[1] וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער בײַסיקער, שאַרפער סאַטירע קעגן דער ייִדישער סעקטע כסידים, קעגן ראַבאָנים, באַלמאָפסים, אַזויגערופענע צאַדיקים. פון דער ערשטער זאַמלונג („מקל נועם") האָב איך אָפגעקליבן עטלעכע לידער און זיי איבערזעצט פאַרן דערמאָנטן זשורנאַל, וווּ עס האָט געזאָלט דערשײַנען אַן אַרטיקל פונעם געלערנטן ה' בערנפעלד וועגן וועלוול זבאַרזשער. די דעמלטיקע רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „זאָריאַ", וועלכער האָט אויך דאָס ערשטע אַרטיקל פון ה' בערנפעלד ניט גערן אָנגענומען, האָט זיך ניט געוואָלט מער באַשעפטיקן מיט „ייִדישע איניאַנים", און מײַן פלאַן איז, ווי פיל אַנדערע, געבליבן ניט אויסגעפילט. דער געדאַנק צו געבן אונדזער לייענער אַן איבערזעצונג פון א ייִדישער פאָלקסליד האָט מיך ניט געלאָזט צורו, און אַט גיב איך דעם ערשטן פרוּוו דערפון" (זש. „ליט. נאַוקאָווי וויסטניק", 1905, בוך 10. שפעטער אין זײַן בוך „שריפטן", באַנד 27. כאַרקאָוו, 1929, זז. 329—330).

א פאָר ווערטער וועגן דעם דערמאָנטן בערנפעלדס אַרטיקל. דאָס אַרטיקל איז ביז הײַנט געבליבן אומבאַוווּסט, כאָטש פאַר יענער צײַט איז עס זיכער געווען א וויכטיקע דערשײַנונג. דעם אַווטאָרס איבערזיכט הייבט זיך אָן מיט מוישע מענדעלסאָן, שלוימע מײַמאָן און נאַכמען קראָכמאַל. נאָכדעם גיט ער א פולע כאַראַקטעריסטיק פון די ווערק פון אַווראָם מאַפו, פערעץ סמאָלענסקין, כאַיִמזעליק סלאָנימסקי. מענדעלע מויכער־ספאָרים ווערט דערמאָנט אַלס איבערזעצער פון לענצס נאַטורגעשיכטע אַף העברעיִש („ספר תולדת הטבע", 1866).

אינעם אַרטיקל ווערן באַהאַנדלט די דיכטער לעווינזאָן (טאַטע און זון), יעהודע־לייב גאָרדאָן. דער אַווטאָר שטעלט זיך אָפ אַף די ייִדישע פאָלקסלידער, אַף גאָלדפאַדנס שאַפן און דעריקער אַף דער פאָפולערקײַט פון

---

[1] מאַקייל נויאַם און מאַקייל כוויוולים — א שטעקן, וואָס פאַרשאַפט טײַנעג, און א שטעקן, וואָס שטראָפט; געמיינט: לירישע און סאַטירישע לידער.

וועלוול זבאַרזשער (וואָלף ערענקראַנץ). ער דערווייַזט, אַז אונטער וועלוול זבאַרזשערס פּולער האַשפּאָע קומט אַ פּלעיאַדע ייִדישע טאַלאַנטפולע פאָלקס־דיכטער, איבערהויפּט פון גאַליציע (מײַרעוו־אוקראַיִנע): אויזער ראַגאַטינער פון לוואָוו, בערל בראָדער, בייראַק שאַפּיר פון פּערעמישל אאַ. מיט פולער קענטשאַפט און ליבע באַהאַנדלט איזידאָר בערנפעלד ליַנעצקיס „דאָס פּוילישע ייִנגל“.

עס איז זיכער, אַז דאָס אַרטיקל האָט געהאַט אַ געוויסע האַשפּאָע אַף פראַנקאָס אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור און פאָלקס־שאַפונג. אָבער אַזאַ אַרטיקל האָט געקאָנט דערשײַנען בלויז אַדאַנק פראַנקאָס מיטווירקונג...

באַ אַ געלעגנהײַט ראַט פראַנקאָ דעם לייענער צו באַקאַנען זיך מיט דער ייִדישער ליטעראַטור דורך בערנפעלדס אַרטיקל אין „זאָריאַ“. דערפון איז צו זען, אַז פראַנקאָ איז געווען צופרידן, וואָס אים איז געלונגען צו געבן דעם אוקראַיִנישן לייענער אַ פאָרשטעלונג וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור.

איוואַן פראַנקאָ איז געווען אַ גרויסער פרײַנט פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן — סײַ אין לעבן, סײַ אין זײַנע פּילצאָליקע ווערק, סײַ אין די פאַרעפנטלעכטע און נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע בריוו. גרויס ליבע און אינטערעס האָט פראַנקאָ אַרויסגעוויזן צו דער ייִדישער פאָלקס־שאַפונג. ער האָט זיך פיל פאַרנומען מיט פאַרשרײַבן, פּובליקירן, איבערזעצן פונעם ייִדישן פאָלקלאָר, מיט שרײַבן אַרײַנפיר־אַרטיקלען צו פּובליקאַציעס, מיט געבן פאַרטײַטשונגען פון העברעיִזמען אאַז. דער אַקאַדעמיקער מיכײַלאָ וואָזניאַק ברענגט אין זײַן אַרטיקל „דאָ פּובליציסטיטשנאָי דיִאַלנאָסטי איוואַנאַ פראַנקאַ“[1] אַ טשיקאַוון וואַריִאַנט פון פראַנקאָס אַ פאָרוואָרט צו אַ דורך אים פאַרשריבענער און פאַרעפנטלעכטער ייִדישער פאָלקסליד. אָט וואָס ער שרײַבט דאָרט צווישן אַנדערס: „אַרויסטרעטן קעגן ייִדן אָן אונטערשייד און פּרינציפּיעל, ווי דאָס טוט אישטאַצי, הייסט אַרײַנפירן פּרינציפּיעל אין אַ פאַטאַלן טאָעס דאָס אוקראַיִנישע פאָלק... אַגעוו, ווי איך האָב שוין באַ אַ געלעגנהײַט דערמאָנט אין „וואָלנאָיע סלאָוואָ“ פאַרן 1882, הייבט זיך אָן צווישן די ייִדן גופא בוילעט אַרויסווײַזן אַן אײַנרײַס, וואָס האָרף בלויז פרייען יעדן איינעם, וועלכער וויל אופריכטיק גוטס און באַפרײַונג ניט נאָר דעם אייגענעם פאָלק, נאָר אַלע שכייִנעסדיקע פעלקער, ווייסנדיק, אַז די באַפרײַונג פון איינע אָן דער באַפרײַונג פון די צווייטע איז אומעגלעך. אָט דער אײַנרײַס איז קענטיק צווישן אונדזערע גאַליציִאַנער ייִדן. דאָס איז די סינע פון די אָרעמע פּראָלעטאַריער צו די רײַכע קאַפּיטאַליסטן — ייִדן. אַלס טשיקאַווער באַווײַז פון דעם אײַנרײַס קאָן, לויט מײַן מיינונג, דינען פאָלגנדיקע ליד אין ייִדיש, וועלכע איך האָב פאַרשריבן פאַראַיאָרן האַרבסט אין דראָהאָביטש, געהערט פון אַ פּראָסטן ניט גראַמאָטנעם ייִדן. לויט זײַנע ווערטער, איז די ליד פאַרשפּרייט צווישן די אָרעמע ייִדן פון דראָהאָביטש, באָריסלאַוו און פון אַנדערע שטעט פון גאַליציע. איך וועל זי ברענגען אין אָריגינאַל און טיילווײַז אין דער דײַטשישער אָרטאָגראַפיע, און פאַר די, וואָס קענען ניט קיין דײַטש, גיב איך מײַן גענויע איבערזעצונג אין אוקראַיִניש“.

ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, איז די אוקראַיִנישע איבערזעצונג פון דער דאָזיקער ליד געווען פאַרעפנטלעכט אין 1888 (אינעם זשורנאַל „טאָוואַריש“ נומ. 1, זז. 89—90).

[1] „צו דער פּובליציסטישער טעטיקײַט פון איוואַן פראַנקאָ“ (אוקר.).

דער זשורנאַל איז איצט אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנהײַט. עמעס, באַ אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז אין פראַנקאָס „אַלע ווערק“, וואָס איז דערשינען אין כאַרקאָוו אין די צוואַנציקער יאָרן, די ליד אַרײַן אינעם 27־טן באַנד (זז. 340—341). אינעם פאָרוואָרט צו דער פּובליקאַציע פון דער ליד האָט פראַנקאָ צוגעזאָגט און פאַרזיכערט, אַז „מיר, פון אונדזער זײַט, וועלן דרוקן אין „טאָוואַריש“ פון צײַט צו צײַט איינצלנע איבערזעצונגען פון כאַראַקטעריסטישע ווערק פון אָט דער ליטעראַטור. צום ערשטן מאָל פּובליקירן מיר „די ליד פון קאַפּצן“ (דה. די ליד פון אַן אָרעמען פּראָלעטאַריער), פון אַן אומבאַוווּסטן אויטאָר, פאַרשריבן אין דראָהאָביטש אין 1882, וועלכע שילדערט דעם געזעלשאַפטלעכן קאָנטראַסט צווישן די אָרעמע ייִדן, קאַפּצאָנים, און די רײַכע גווירים“. פראַנקאָ דערמאָנט דאָ, אַז פאַרשריבן האָט ער פון איינעם אַ ייִדן מיט דער פאַמיליע זינגער דעם ייִדישן טעקסט. כאָטש אין אויבנדערמאָנטן וואַריִאַנט פונעם אַרײַנפיר צו דער ליד איז צו זען, אַז פראַנקאָ האָט געהאַט בעדייע צו דרוקן אויך דעם ייִדישן טעקסט („אין דער דײַטשישער אָרטאָגראַפיע“), איז אָבער פאַקטיש די ליד פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אוקראַיִניש. די איבערזעצונג אַליין איז אַן עמעסער שעדעווער און מעג דינען אַלס מוסטער פאַר איבערזעצונגען פון ייִדיש אַף אוקראַיִניש. אַף וויפל דער זשורנאַל „טאָוואַריש“ איז נאָכן ערשטן נומער מער ניט דערשינען, האָט פראַנקאָ מער ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו רעאַליזירן זײַנע גוטע קאַוואָנעס אין פראַט פון פּאָפּוליאַריזירן די ייִדישע פאָלקסליד אין אוקראַיִניש. שפּעטער האָט ער מיט דער פולער האַנט אויסגענוצט די מאָטיוון פון דער ייִדישער פאָלקס־שאַפונג אין זײַן אייגענער דיכטערישער שאַפונג.

ניט אָפּצושאַצן זײַנען פראַנקאָס אופטוען פאַר דער ייִדישער פאָלקסליד. זײַן ציקל „ייִדישע מאָטיוון“ איז דורכגעזאַפּט מיטן ייִדישן פאָלקלאָר און אַלטע לעגענדעס. אַזאַ איז זײַנע אַ פּאָעמע, וו ער נעמט אַלס הויפּטשטאָף די אַלטע לעגענדע וועגן סאַמבאַטיען. טאַקע אַזוי הייסט די פּאָעמע — „סאַמבאַטיען“. ער ווידמעט די פּאָגראָמען פונעם 1881 אַ ליד מיטן נאָמען „פּעדערן“ — וועגן די פּעדערן פון ייִדישע פּערענעס, וועלכע זײַנען געפלויגן איבער די גאַסן. ער לאַכט אויס די ייִדן־אַסימיליאַטאָרן (די ליד „אַסימיליאַטאָרן“). אַ ביבלישן מאָטיוו דיכטעט ער איבער אין דער ליד „יאַנקעווס צוואָע“. אין די „ייִדישע מאָטיוון“ איז פאַראַן אַ פּאָעמע מיטן נאָמען „סאָרקע“ (אַגעוו, זאָל דאָ באַצייכנט ווערן, אַז די פּאָעמע איז באַ אונדז דערשינען אין ייִדיש אין לייב קוויטקאָס מײַסטערהאַפטער איבערזעצונג). דער אויטאָר שילדערט אין איר מיט גרויס ליבע אַן אונטערדריקטן און באַליידיקטן פאָלקסמענטש. פראַנקאָ מאָלט די „דינסטמויד“ סאָרקע ווי אַ פרוי מיט אַ הייס מוטער־האַרץ, וואָס איז גרייט זיך מאַקריוו זײַן פאַר איר קינד. וויפל אָפּטימיזם פאַרמאָגט אָט די דערנידעריקטע און באַליידיקטע פרוי! זי גיט זיך ניט אונטער דער שווערער לאַסט פון איר טאָגטעגלעכן לעבן. אין דער גרויסער ליד פראַנקאָס „ז ליובאָווי“ (פון ליבע) זײַנען אַרײַנגעפלאָכטן גאַנצע שטיקער ייִדישער פאָלקלאָר, ווי, אַשטייגער, די פאָלגנדיקע שורעס פון אַ באַוווּסטער פאָלקסליד:

איך האָב געפלאַנצט אַ ווײַנגאָרטן,
דער ווײַנגאָרטן איז מיר ניט געראָטן,
איך האָב פאַרשפּילט מײַנע יונגע יאָרן,
אַזוי ווי אַ קאָרטיאָזשניק אין קאָרטן.

מיט רעכט באצייכנט דער באקאַנטער אוקראַיִנישער ליטעראַטורפאָרשער און פאָלקלאָריסט אָלעקסאַ דעי אין זײַן בוך „איוואַן פראַנקאָ און די פאָלקס־שאַפונג" (קיִעוו, 1955), אַז „דער ציקל „ייִדישע מאָטיוון" כאַראַקטעריזירט איוואַן פראַנקאָן ווי אַן עכטן אינטערנאַציאָנאַליסט און קעמפער פאַר די אינטערעסן פון אַלע אונטערדריקטע, אומאָפּהענגיק פון זייער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט". און ווײַטער: דערמיט האָט „פראַנקאָ נאָכאַמאָל אויסגעדריקט זײַנע סימפּאַטיעס צו די ברייטע ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן" (ז. 229).

אויב פון פראַנקאָס גוטן ווילן צו פּאָפּולאַריזירן די ייִדישע פאָלקסליד פאַרן אוקראַיִנישן לייענער האָט זיך ווייניק־וואָס באַקומען (ניט איבער זײַן שולד, פאַרשטייט זיך), האָט זיך אים אײַנגעגעבן מערער אויפטאָן אויפן געביט פון דעם ייִדישן פאָלקס־מײַסעלע. די ווערק פון אָט דעם מין, וואָס איוואַן פראַנקאָ האָט איבערגעלאָזט אין דער אוקראַיִנישער ליטעראַטור, קאָנען אײַנגעטיילט ווערן אין דרײַ רובריקעס:

1) פּובליקאַציעס פון ייִדישע מײַסעלעך, וועלכע ער אַליין האָט פאַרשריבן פונעם פאָלקס־מויל און טייקעף איבערגעזעצט אין אוקראַיִניש; איבערזעצונגען פון ייִדישע מײַסעלעך אין קסאַוויאַד. אַזעלכע מײַסעלעך פלעגט פראַנקאָ באַצייכענען אַזוי: „גענומען פון דר. ביגעלייזנס אַ קסאַוויאַד „ייִדישע מײַסעס" און איבערגעזעצט פונעם ייִדישן אָריגינאַל איוואַן פראַנקאָ";

2) מײַסעס מיט אַ ייִדישן אינהאַלט, פאַרשריבן פון אוקראַיִנער;

3) מײַסעס און לעגענדעס, וועלכע שטאַמען פון ביבלישע מאָטיוון.

לויט פראַנקאָס פּראַקטיקע איבערזעצונגען פון ייִדישע מײַסעלעך איז צו זען, אַז דער איבערזעצער האָט אויסגעצייכנט באַהערשט די ייִדישע שפּראַך. אין איין מײַסעלע ברענגט פראַנקאָ גלײַך נאָך דער אוקראַיִנישער איבערזעצונג אַ טייל פונעם ייִדישן אָריגינאַל (מיט לאַטײַנישע אותיות), ווו מיר טרעפן אַזעלכע ספּעציפֿישע און עכט ייִדישע אויסדרוקן: „אין פריִערדיקע צײַטן", „געוואָרפן גורל", „האָט זיך דער ראָוו זייער געקרענקט", „האָט אים געבעטן, ער זאָל אים נעמען אויף שאַבעס", „שאַבייסענאַכטס האָט דער ראָוו זייער אָנגעהויבן צו וויינען באַ דער האַוודאָלע" אאַוו. אַדגל. (זע „אַ ראָוו און אַ מאַלעך", אַ ייִדישע לעגענדע, פון דער זאַמלונג „ייִדישע מײַסעלעך און דערציילונגען, פאַרשריבן פון ייִדן אין לוואָוו פונעם דר. ביגעלייזן. פון זשאַרגאָן איבערזעצט איוו. פראַנקאָ". זשורנאַל „זשיטיע אי סלאָוואָ", 1895, באַנד III, ז. 54).

און אָט איז אַ פּראַקטיק מײַסעלע (ווי עס גיט אָן פראַנקאָ, האָט ער דאָס פאַרשריבן אין שטעטל ראַווע (גאַליציע) אין 1889, פון אַ ייִדן גערשן); אויף וויפל דאָס מײַסעלע איז ווייניק באַקאַנט און איז אין דער ייִדישער פאָלקלאָריסטיק, מעגלעך, ניט אַרײַן, ברענגען מיר עס דאָ אינגאַנצן.

## דער מיילעך סאָבעצקי און די זשאָווקיִעווער ייִדן

דער מיילעך סאָבעצקי שטאַמט פון זשאָווקיִעוו. ער האָט ניט געהייסן סאָבעצקי, אַזוי האָבן אים נאָר די ביכער באַשריבן. זײַן פאָטער האָט מען גערופן פּאָשעט סאָבעק — און געווען איז ער סאַכאַקל אַ פּאַשעטער אַמכאָ. אָט דער סאָבעק איז געווען אַזאַ עוויען, אַז ער האָט ניט געהאַט ניט קיין שטוב, ניט קיין פעלד. ער האָט נאָר געהייצט באַ ייִדן די הרובעס און געלעבט ביכלאַל פון דעם, וואָס ער האָט באַדינט רײַכע ייִדן. באַ דעם סאָבעק איז געווען אַ ייִנגל יאַס. האָט דער ייִד, וועמען סאָבעק האָט געדינט, זייער מעקאַרעוו געווען דאָס ייִנגל, האָט אים גענומען צו זיך און אָפּגעגעבן אים אין אַ שול. אַז יאַס האָט זיך אָנגעהויבן לערנען, איז ער געוואַקסן פון זשאָווקיִעוו ביז לוואָוו און פון לוואָוו ביז קראַקאָוו, און צוביסלעך איז ער געוואָרן אַ גרויסער מאַן און האָט זיך אַ נאָמען געגעבן סאָבעצקי. שפּעטער האָט מען אים אויסגעקליבן פאַר אַ קייסער. זײַענדיק שוין אַ קייסער, איז ער אַראָפּגעפאָרן קיין זשאָווקיִעוו. דאָ האָבן אים די פּריצים געמאַכט אַ קייזערלעכן קאַבאָלעס־פּאָנעם. דער פּאָשעטער האַמוין און די ייִדן האָבן זיך געשטופּט און געליאַרעמט, קעדיי צו זען דעם קייסער. די פּריצישע דינער האָבן זיי געיאָגט און פאַנאַנדערגעטריבן. און דער קייסער סאָבעצקי פּאָרט זיך אין דער קאַרעטע, קוקט און שווײַגט, זאָגט קיין וואָרט ניט. ווײַטער פּאָרט מען פאַרבײַ דעם הויז פונעם ייִדן, ווו זײַן טאַטע האָט געדינט. גיט דער קייסער אַ געשריי:

— אָפּשטעלן זיך!

האָט זיך אָפּגעשטעלט די קאַרעטע. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער קייסער גייט אַרויס פון דער קאַרעטע און לאָזט זיך פּאָשעטע און פּראָסט צום ייִדן אין שטוב. אַלע וווּנדערן זיך. וואָס באַטײַט עס? און דער קייסער הייסט רופן דעם אַלטן ייִדן — דעם באַלעבאָס פון שטוב. האָט מען אים אַרײַנגערופן. שטייט ער פאַרן קייסער, טרייסלט זיך פאַר פּאַכעד און ווייסט ניט, וואָס דער קייסער וויל פון אים. און דער קייסער פרעגט דעם ייִדן: ווי רופט מען אים? — אַזוי און אַזוי.

— צי געדענקסטו אָט יענעם סאָבקאָ, וועלכער האָט באַ דיר געהייצט די הרובע און וואַסער געטראָגן?

— איך געדענק, — ענטפערט דער ייִד.

— נו, דאָס איז געווען מײַן פאָטער, — זאָגט דער קייסער, — און איך בין זײַן זון, אָט יענער יאַסקאָ, וועמען דו האָסט אָפּגעגעבן לערנען אין שול. איך בין געקומען דיך באַדאַנקען פאַר דײַנע מײַסים־טויווים.

און פאַר די אויגן פון אַלע פּריצים און גראַפן גענומען און אַ קוש געטאָן אין האַנט דעם אַלטן ייִדן. דער ייִד האָט זיך צעוויינט און געפאַלן דעם קייסער צו די פיס. און דער קייסער זאָגט צו אים: „בעט באַ מיר, וואָס דו פאַרלאַנגסט, וואָס איך וועל נאָר קאָנען, וועל איך דיר געבן". — „איך פאַרלאַנג גאָרניט, נאָר שענק מיר און מײַנע יאָרשים לעזיקאָרן אָט די קאַרעטע, אויף וועלכער דו פאָרסט איצט".

דער קייסער האָט אים געשאָנקען די קאַרעטע. דער ייִד האָט געגעבן מאַכן פון איר אַ שאַפע און האָט זי אַרײַנגעשטעלט אין זײַן צימער. האָט קיין מוירע ניט, ער האָט פון דעם געמאַכט אַ גוט געשעפט.

פון דעמלט אָן פלעגן אַלע פּריצים, וועלכע פלעגן קומען קיין זשאָווקיִעוו, פאַרפאָרן צו אים, שפּעטער — צו זײַן זון און אייניקל, און ווײַטער ביז אונדזערע טעג. נאָך ביז איצט האָבן די יאָרשים פון יענעם ייִדן אָט יענע שאַפע, וואָס איז געמאַכט פונעם מיילעך סאָבעצקיס קאַרעטע. מיט אייניקע יאָרן צוריק זײַנען געווען אין זשאָווקיִעוו פּריצים, וועלכע האָבן פאַרגעלייגט נאָר פאַר די טירלעך פון דער שאַפע 500 ריייניש, נאָר דער ייִד האָט ניט געוואָלט פאַרקויפן. אויף וואָס דאַרף ער עס? אַ רײַכער מענטש, און אַ זיקאָרן איז אים טײַערער פון געלט".

פראנקאָ איז ניט נאָר א זאמלער, אָן איבערזעצער פון יידישע מייַסעלעך. ער פארנעמט זיך ניט נאָר מיט פובליקירן יידישע מייַסעלעך און לעגענדעס. ווי אַן עכטער פאָלקלאָריסט, וויסנשאפט־מענטש, פאָרשט ער די יידישע מייַסעלעך. אינעם צווייטן באנד פונעם זשורנאל „זשיטיע אי סלאָוואָ“ פאר 1894, זז. 191—194, פובליקירט ער א יידיש מייַסעלע מיטן נאָמען „גליק און אומגליק“, איבערזעצט דורך אים פון יידיש אין אוקראַיניש פון ביגעלייזנס קסאוויאד „יידישע מייַסעלעך“. אין א יאָר ארום, אינעם דריטן באנד פונעם אויבנדערמאָנטן זשורנאל (ז. 221), קערט ער זיך אום צו דעם מייַסעלע מיט א ריי וויסנשאפטלעכע דערקלערונגען.

קוידעמקאָל שטרייַכט ער אונטער, אז דאָס מייַסעלע איז א יידישער גאליציאַנער וואריאַנט, דער גרונט־מאָטיוו שטאמט פון מיזרעך. א נוסעך פון דעם מייַסעלע איז שוין פאראן אין דער בארימטער אראבישער „טויזנט און איין נאכט“. דערבייַ ווייַזט דאָ פראנקאָ אָן אף א ווינער אויסגאבע אין דייַטש. כוץ דעם, באצייכנט ער, איז פאראן אן אינטערעסאנטער וואריאַנט פון דעם מייַסעלע בא אפאנאסיעוון אין זייַנע „נאראָדניע רוסקיע סקאזקי“ (באנד III, זז. 241—243).

צום סאָף וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע מעקוירים פון יידישע מייַסעלעך, פובליקירט אָדער איבערזעצט דורך איוואן פראנקאָ: „איוואנס א נעסיע מיט א יידן“ (ב. III, זז. 65—67), „איוואן נאומאָוויטש — א סעמינארישער ראָוו“ (דאָרט, זז. 117—120), „אָדאָמס קינדער“ (ב. VI, זז. 96—97), „א יידל און גלעזלעך“ (דאָרט, זז. 179—180), „וויאַזוי א ייד האָט געהאנדלט מיט הערנער“ (דאָרט, ז. 179), „אָדאָם און כאווע“. א לעגענדע, (דאָרט, זז. 346—347), „דאָוויד און דער כאָכעם שלוימע“ (דאָרט, זז. 347—348).

איוואן פראנקאָ איז מאמעש פארליבט אין די יידישע פאָלקס־מייַסעלעך. וועגן דעם קסאוויאד פון יידישע מייַסעלעך, פארשריבן דורכן לוואָווער יידישן אינטעליגענט דר. ביגעלייזן, דערמאָנט ער עטלעכע מאָל אין זייַנע בריוו צו דראגאָמאנאָוון. אין איינעם פון די בריוו פונעם 19 מארט 1894 שרייַבט ער דראגאָמאנאָוון: „ביגעלייזן האָט מיר איבערגעגעבן א גאנץ ווילע זאמלונג פון יידישע מייַסעלעך. ס'וואָלט זיך מיר זייער געוואָלט הייַנטיקס יאָר ארויסשטופן זיי, נאָר איך ווייס ניט, וויאַזוי וועט זיך עס באקומען אין דערווירקלעכקייַט“.

א קאפיטל פאר זיך איז דער אזויגערופענער יידישער טיפּאזש אין פראנקאָס פראָזע־ווערק. ווי אַן עכטער דעמאָקראט און רעוואָליוציאָנער, ווייַזט ער ארויס גרויס סימפאטיע און ליבע צו די יידישע פאָלקסמאסן, צו די אונטערגעדריקטע און באליידיקטע. דערפאר באציט ער זיך מיט עקל און האס צום יידישן גוויר און עקספלואטאטאָר, פונקט אזוי ווי צום רוסישן און אוקראַינישן (זע זייַנע ווערק „צו שייַן“, „יאצקו לעפוגא“ אא.). צו אונדזער טעמע „פראנקאָ און די יידישע ליטעראטור“ געהערט אויך זייַן איבערזעצונג פון „שירת דבורה“ („שיראס דווירא“) מיט א באלערעוודיקן ארייַנפיר, וווּ ער שרייַבט, צווישן אנדערס, אז צו די עלטסטע דענקמעלער פון פאָעטישער שאפונג דארף מען פארעכענען די אזויגערופענע „דווירע־ליד“. לויט איר כאראקטער און היסטאָרישן ווערט, לויט איר קאָמפּאָזיציע איז זי „א ליטערארישע פּאָעמע וועגן דעם זיג, וואָס איז אָפּגעהאלטן געוואָרן דורך אייניקע שוואָטים פון ייסראָעל אין דער שפּיץ מיט דווירען“ („ניעדיעליא“, 1912, נומ. 38).

אומגעהייער גרויס איז די ווערט פון פראנקאָס שאפונג אפן געביט פון איבערזעצן די שעדעווערן פון דער וועלט־ליטעראטור מיט יידישע מאָטיוון, אשטייגער: בייַראָנס פּאָעמע „קאַיִן“, מילטאָנס „שימשן האגיבער“, יאַראָסלאַוו ווערכליצקיס דראמאטישע פּאָעמע „באר־קאָכבא“, האמוליצקיס „אייל־מאָלע־ראכמים“, הייַנעס „יידישע מאָטיוון“ („דער דיספּוט“, „דאָוויד האמעלעך“ אא.). פראנקאָ אליין האָט געשאפן א ריי וווּנדערבארע ווערק, וווּ אלס יעסאָד דינען אים ביבלישע מאָטיוון, און האָט אין זיי ארייַנגעלייגט א סאָציאַלן אינהאלט. ניט אומזיסט האָט זייַן פּאָעמע „מוישע“ („מאָיִסיי“) ארויסגערופן א גרויסע קריטיש־פאָרשערישע ליטעראטור. דער אקאדעמיקער אלעקסאנדער בעלעצקי האָט מיט רעכט געשריבן וועגן דער פּאָעמע, אז קעדיי שאפן אזא ווערק, וואָס איז, אָן סאָפעק, דער וויכטיקסטער בייַטראָג פונעם אווטאָר סייַ אין דער אוקראַינישער, סייַ אין דער וועלט־ליטעראטור, האָט פראנקאָ געדארפט „ניט בלויז פלייַסיק שטודירן די ביבל, ארייַנרעכענענדיק די אזויגערופענע ביבל־קריטיק, נאָר אויך שטודירן די געאָגראפיע פונעם מידבער און פאלעסטינע, די געשיכטע פונעם יידישן פאָלק“.

אין דער פארצווייַגטער ליטערארישער טעטיקייַט פונעם גרויסן אוקראַינישן קלאסיקער איוואן פראנקאָ פארנעמען א בעקאָוועדיק אָרט זייַן יידישער טיפּאזש אין די פראָזע־ווערק, יידישע מאָטיוון אין זייַן דיכטונג, זייַן גרויסע פאָלקלאָריסטישע ארבעט אין געביט פון דער יידישער פאָלקס־שאפונג, זייַנע פרעכטיקע איבערזעצונגען פון מאָריס ראָזענפעלדס און וועלוול זבארזשערס לידער. איוואן פראנקאָס שאפונג איז נאָענט און טייַער דעם יידישן לייענער.

## יאַנקעוו סאַראַקער

# וועגן פּראָקאָפּיעווס אָווערטיור

סערגיי פּראָקאָפּיעוו — דער אָנגעזעענער מייַסטער פון דער רוסישער און וועלט־מוזיק פלעגט אָנקומען צו פאָלקלאָר אַ סאַך אָפּטער, ווי עס קאָן זיך פון אָנהייב אויסווייַזן. אינעם קאָמפּאָזיטאָרס ירושה איז פאַראַן אַ סאַך ווערק, וואָס זייַנען אָנגעשריבן אויף פאָלקסטימלעכע טעמעס. רוסישער, אוקראַיִנישער, קאַזאַכישער, קאַבאַרדינער, באַלקאַרער, ייִדישער מוזיקאַלער (און אַמאָל — אויך פּאָעטישער) פאָלקלאָר האָט באַקומען אַ גלענצנדיקע פאַרקערפּערונג אין זייַנע ווערק.

פּראָקאָפּיעוו איז אָבער ניט געווען קיין קאָמפּאָזיטאָר־עטנאָגראַף. מע קאָן אים אויך ניט פאַררעכענען צו די קאָמפּאָזיטאָרן, בײַ וועלכע דער פאָלקלאָר אַנטשטייט פאַר אונדז אין זייַן אומיטלבאַרער אַנטפּלעקונג. דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פאַר פּראָקאָפּיעווס סטיל איז די טראַנספאָרמאַציע פון די פאָלקס־אינטאָנאַציעס, זייער פאַראַלגעמיינערונג. אים איז פרעמד געווען דאָס פּאַסיווע בוקן זיך פאַר די שיינקייַטן פון דער פאָלקס־מוזיק. ער האָט זי ליב געהאַט אויף זייַן אויפן — הייס, און באַנאַנד דערמיט האָט ער זיך באַצויגן צו איר קריטיש.

אפילו שעפּנדיק פאָלקלאָר־מעלאָדיעס, באַגייט זיך פּראָקאָפּיעוו מיט זיי ווי אַ געזעצלעכער „באַלעבאָס“, ווי אַן עכטער שעפער; אין ערגעץ טרעט ער ניט אָפּ פון זייַן אייגענעם סטיל. דערפאַר טאַקע קלינגט שטענדיק מיט נייַע טענער אפילו לאַנג באַקאַנטע מוזיק, וואָס איז „אייַנגעמאָנטירט“ אין פּראָקאָפּיעווס אַ ווערק. דו גלייבסט, אַז דאָס איז זייַן אייגענע מוזיק, אַז דו באַקאַנסט זיך מיט איר צום ערשטן מאָל.

אַלס באַווייַז דערצו קאָן דינען די אָווערטיור אויף ייִדישע טעמעס (דאָס 34־טע ווערק) — דעם קאָמפּאָזיטאָרס ערשטע באַדייַטנדיקע אַרבעט, וואָס איז אינגאַנצן געבויט אויףווירקלעכע פאָלקס־מעלאָדיעס.

די געשיכטע פון דער אָווערטיור איז אַזאַ. אין האַרבסט 1919 האָט זיך צו פּראָקאָפּיעוון, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַמעריקע, געווענדט אַ גרופּע זייַנע געוועזענע כאַווירים פון דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע — צוויי פידלער, אַן אַלטיסט, אַ וויאָלאָנטשעליסט, אַ פּיאַניסט און אַ קלאַרנעטיסט, — וואָס האָבן גאַסטראָלירט אַלס אַ ייִדישער אַנסאַמבל „זימראָ“[1]. סערגיי סערגייעוויטש דערמאָנט זיך: „זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי גיבן קאָנצערטן, זאַמלענדיק געלט פאַר אַ קאָנסערוואַטאָריע אין ירושלאַיִם, — און דאָס האָט געזאָלט מאַכן אַן אייַנדרוק אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג פון אַמעריקע, אָבער אינטערעסאַנט האָט דאָס פאַרדינסט קוים

[1] זמרה — געזאַנג, מוזיק.

געקלעקט פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ... „שרייַבט אונדז אָן אַן אָווערטיור פאַר אַ סעקסטעט“, — האָבן זיי געבעטן, געבנדיק מיר אַ העפט מיט ייִדישע טעמעס. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, מאָטיווירנדיק, אַז איך שאַף בלויז אויפן אייגענעם מוזיקאַלן מאַטעריאַל. פונדעסטוועגן איז דער העפט געבליבן בײַ מיר. איינמאָל אין אַן אָוונט האָב איך אים דורכגעבלעטערט, אויסגעקליבן עטלעכע טעמעס, אָנגעהויבן אימפּראָוויזירן בײַם ראָיאַל און פּלוצעם באַמערקט, אַז אומגעריכט האָבן זיך צונויפגעקלעפּט און זייַנען פאַנאַנדערגעאַרבעט געוואָרן פאַרגאַנצטע פראַגמענטן. אויף מאָרגן בין איך שוין אָפּגעזעסן דעם גאַנצן טאָג און ביז פאַרנאַכט אָנגעשריבן די אָווערטיור. אויף באַאַרבעטן זי האָט זיך געפאָדערט נאָך צען טעג“[2].

די אָווערטיור אויף ייִדישע טעמעס פאַרנעמט אַ באַזונדער אָרט צווישן פּראָקאָפּיעווס ווערק. אין זייַן פילאַרטיקער ירושה איז ניט פאַראַן קיין סאַך אַזעלכע ווערק, אין וועלכע ס'זאָל אַזוי בולט הערשן דער פאָלקסטימלעכער זשאַנער.

די אָווערטיור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן קימאַט אייַנצייַטיק מיט דער אָפּערע „די ליבע צו דרייַ אַפּעלסינען“, זעצט פאָר די „הומאָריסטישע“ זייַט פון דעם קאָמפּאָזיטאָרס שאַפונג. אין אונטערשייד אָבער פון דער דערמאָנטער אָפּערע האָט ניט די אָווערטיור די שטריכן פון איראָניע, געלעכטער, סאַטירע. אין דער אָווערטיור האָט די איבערוואָג אַן אומשולדיקער, גוטער שמייכל, אַ שאַרפזיניקער שפּאַס. דער פאָרשער פון פּראָקאָפּיעווס שאַפונג אי. וו. נעסטיעוו, פאַרגלייַכנדיק די הויפּט־טעמע פון דער אָווערטיור מיט אַן ענלעכער אויף איר טעמע פונעם פינאַל פון שאָסטאַקאָוויטשעס טריאָ, שרייַבט: „נאָר אויב בײַ פּראָקאָפּיעוון איז דאָס בלויז אַ שטייגער־בילדל, אָנגעמאָלט מיט אַ שמייכל, ווערט עס בײַ שאָסטאַקאָוויטשן גיכער אַ פינצטערע Danse macabre מיט אַן אָפּשייַן פון שוידערלעכן גראָטעסק“[3]. אַן ענלעכער געדאַנק איז פאַראַן אין דער אַרויסזאָגונג פונעם קאָמפּאָזיטאָר א. ע. ספּאַדאַוועקיאַ, וואָס שטעלט אַוועק די אָווערטיור אין איין ריי מיט שאָסטאַקאָוויטשעס אַן אַנדער ווערק — מיטן ציקל „פון דער ייִדישער פאָלקס־פּאָעזיע“: „אויב שאָסטאַקאָוויטשן האָט אין זייַן לידער־ציקל [...] צוגעצויגן דער טראַגישער קערן, האָט ס. פּראָקאָפּיעוו געשעפּט אינעם ייִדישן פאָלקלאָר עפּעס אַנדערש — הומאָר,

[2] ס. ס. פּראָקאָפּיעוו. מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, דערינערונגען. 2־טע אויפלאַגע. מ., 1961, ז. 165 (אין ווייַטערדיקן טעקסט ווערן די פוס־נאָטעס אויף דער אויסגאַבע געגעבן פאַרקירצט — „פּראָקאָפּיעוו. מאַטעריאַלן“).

[3] אי. נעסטיעוו. פּראָקאָפּיעוו. מ., 1957, ז. 189.

גראָטעסק, וואָס איז אייגנטימלעך דער מוזיק פון די קלעזמער"[1].

דער הומאָר פון דער יידישער אוווערטיור איז א כאַראקטעריסטישער, א זשאנרישער, א נאַציאָנאַלער, כאָטש, ווי אינעם קאָמפּאָזיטאָרס אנדערע ענלעכע ווערק, פילט זיך דאָ אומעטום זײַן אייגענע „האנט". אף צו שאפן הומאָריסטישע געשטאַלטן זײַנען אונטערגעאָרדנט אַלע קינסטלערישע מיטלען, די גאנצע פּראָקאָפיעווישע דערפינדערישקייט. דער אײַנדרוק אָבער איז אזא, אז די אַלע געשטאַלטן און סצענעס זײַנען א פּראָדוקט פונעם פאָלקלאָר־מאטעריאַל, וואָס ליגט אין גרונט פון דער אוווערטיור.

ס'וועט ניט זײַן קיין גוזמע צו זאָגן, אז אָט דאָס ווערק (וועגן וועלכן דער קאָמפּאָזיטאָר, מיט דער אייגנטימלעכער פאר אים באשיידנקייט, האָט געזאָגט, אז ער גיט דעם ניט צו קיין גרויסע באדײַטונג) האָט אוועקגעשטעלט פּראָקאָפיעוון אין איין ריי מיט די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרן פון דער פארגאנגענהײַט, וועלכע האָבן געשאפן אויסגעצייכנטע ווערק אינעם גײַסט פון פרעמדער פאר זיי נאציאָנאַלער מוזיק. (מיר וועלן אָנרופן בלויז די סאמע בארימטע ווערק פון דעם מין: גלינקא — די שפּאנישע אוווערטיורעס, רימסקי־קאָרסאקאָוו — די סערבישע פאנטאזיע, טשײַקאָווסקי — די איטאַליענישע קאַפּריטשיאָ, בערליאָז — דער אונגארישער ראקאָצי־מארש פונעם ווערק „די פארורטיילונג פון פאוסטן", בראמס — אונגארישע טענץ, ראוועל — באָלעראָ).

די יידישע פאָלקס־מוזיק האָט פון לאנגאָנען צוגעצויגן די אופמערקזאמקײַט פון די קאָמפּאָזיטאָרן פון א סאך לענדער. דערבײַ איז דער יידישער פאָלקלאָר געווען ניט קיין עקזאָטישע אויסטערלישקײַט, ניט קיין אָביעקט פאר פוסטער קוויקעניש. ער האָט געדינט אלס מיטל פאר א ברייטער פאראַלגעמיינערונג פונעם נאַציאָנאַל־טיפּישן, פאר שאפן קינסטלערישע לײַוונטן פון עכט נאַציאָנאַלן כאראקטער, אין וועלכע „דאָס נאַציאָנאַלע איז ניט אין די מעלאָדיעס, נאָר אינעם אלגעמיינעם כאראקטער, אינעם איבערפלעכט פון די פארשיידנסטע און ברייטסטע באדינגונגען" (סטאסאָוו).

אין דער יידישער מוזיק האָט די קאָמפּאָזיטאָרן פון פארשיידענע צײַטן און פעלקער צוגעצויגן די זעלטענע צונויפפאָרונג פון מיזרעך־עלעמענטן מיט „אייראָפּעישע", די ספּעציפישע מעלאָדיק מיט איר כאראקטעריסטישן שאָלעם־אלייכעמישן „געלעכטער דורך טרערן", דער געמיש פון ביטערן שמייכל און סארקאַזם, פון טרויער און גרויסער פרייד.

צווישן די בארימטע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס האָבן אונדז איבערגעלאָזט אָט אזעלכע יידישע ווערק, דארף מען אָנרופן מ. מוסאָרגסקין (די כאָרן „סאנכיירעווס מאפּאָלע" און „יעהוישוע בין נון"; אגעוו, די טעמע פון „יעהוישוע בין נון" האָט מוסאָרגסקי גענומען פון די געשפּרעכן מיט די יידן, וואָס האָבן געוווינט מיט אים אין איין הויף), די פראנצויזישע קאָמפּאָזיטאָרן מ. ראוועל (יידישע מעלאָדיעס פאר א זינגער) און ד. מיִיאָ (יידישע פּאָעמעס, העברעיִשע פאָלקסלידער אאוו.), דעם בולגארין פּ. וולאדיגעראָוון (יידישע פּאָעמע פאר אן אָרקעסטער), דעם רומענער מ. זשאָרא (יידישער מארש), די סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן ד. שאָסטאקאָוויטש (דער ציקל „פון דער יידישער פאָלקס־פּאָעזיע"), מ. גנעסין, א. קריין, מ. ווײַנבערג. פארשטייט זיך (און דאָס ווידערשפּרעכט ניט דעם געזאָגטן), אז אף די איבערגערעכנטע קאָמפּאָזיציעס ליגט דער שטעמפּל פון סטיל (אײַנגעשלאָסן די נאַציאָנאַלע סימאָנים) פון זייערע אווטאָרן; דאָס גיט בלויז צו די ווערק א נאָך גרעסערע אייגנארטיקײַט.

אָט אזא עכט יידיש ווערק האָט געשאפן סערגיי פּראָקאָפיעוו — דער גרויסער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר, אן איבערצײַגטער אינטערנאַציאָנאַליסט. און זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָס ווערק, ווי אויך אנדערע שאפונגען פון דער נאַציאָנאַלער קונסט, ציט צו זיך צו די הערצער פון די צושויער, ניט אָפּהענגיק פון זייער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט.

אף אָנצושרײַבן אזא ווערק, ווי די יידישע אוווערטיור, איז ווײַט ניט גענוג אין מעשעך פון איין אָוונט דורכקוקן די נאָטן פון די פאָלקס־מעלאָדיעס. סערגיי סערגייעוויטש דערציילט, אז אין די נאָטן פון זײַנע קאָלעגן פונעם אנסאמבל „זימראָ" „...איז געווען א גענוג אינטערעסאנטע יידישע מוזיק פאר פארשיידענע קאָמבינאציעס פון אינסטרומענטן: פאר צוויי פידלען, פאר א טריאָ"[2]. ער האָט, פארשטייט זיך, געהערט די מוזיק, אָבער די באקאנטשאפט זײַנע מיטן יידישן פאָלקלאָר איז געווען א סאך א ברייטערע. א געבוירענער אין אוקראַיִנע (אין דער איצטיקער דאָנעצקער געגנט), ווו די יידישע מוזיק איז געווען גאנץ פארשפּרייט, האָט פּראָקאָפיעוו אין דער קינדהײַט געוויס ניט איין מאָל געהערט די בארימטע קלעזמער — די יידישע פאָלקס־מוזיקאנטן, וואָס פלעגן אומבאדינגט בײַזײַן אף אלע סימכעס.

דער סאָוועטישער קאָמפּאָזיטאָר ז. ל. קאָמפּאנייעץ האָט אין א שמועס מיטן אווטאָר פון אָט דעם ארטיקל ארויסגעזאָגט א וואַרשײַנלעכע האשאָרע, אז פּראָקאָפיעוו האָט אין די סטודענטישע יאָרן זיך באקאנט מיט פיל מוסטערן פונעם יידישן פאָלקלאָר בא זײַנע קאָלעגן פון דער פּעטערבורגער קאָנסערוואטאָריע, די קאָמפּאָזיטאָרן מ. מילנער, ס. ראָזאָווסקי, שאליכא, קאָפּיטא, וואָס האָבן אין יענער צײַט זיך גרופּירט ארום דער „געזעלשאפט פון יידישער מוזיק" און אקטיוו זיך פארנומען מיט פארשרײַבן און באארבעטן יידישע מעלאָדיעס.

אלס איבערצײַגעוודיקע באשטעטיקונג פון דעם, אז פּראָקאָפיעוו האָט גלענצנדיק געוווּסט ניט נאָר דעם אויסערלעכן, ריין עקזאָטישן אספּעקט פון דער יידישער מוזיק, נאָר אויך די כאראקטעריסטישע זשאנער־באזונדערקײַטן פונעם פאָלקס־מוזיקאַלן סטיל, קאָן דינען די טראקטירונג פונעם פאָלקלאָר־מאטעריאַל אין דער יידישער אוווערטיור.

מיר וועלן אָנהייבן פון די ביידע פאָלקס־מעלאָדיעס, וואָס בילדן דעם גרונטיקן טעמאַטישן „פאָנד" פונעם ווערק. די ערשטע מעלאָדיע טראָגט א כאראקטער פון א טאנץ־מעלאָדיע פונעם טיפּ „א שער", די צווייטע מעלאָדיע איז א לירישע מיידלשע געזעגענונגס־ליד „אָ, זײַט געזונט, מײַנע ליבע עלטערן"[3]. דער אויסשליסלעכער

[1] א. ספּאַדאַוועקיִא. אן אָוונט פון ס. פּראָקאָפיעוו. „סאָוועטישע מוזיק", 1955, נום. 11, ז. 110.

[2] פּראָקאָפיעוו. מאטעריאלן, ז. 165.

[3] די ליד איז אָפּגעדרוקט אין דער זאמלונג פאָלקס־מעלאָדיעס S. Kisselgof. Lieder. Sammelbuch für die Jüdische Schule und Familie. ס.־פּב. — בערלין (...), 1912. די ליד האָט צוגעצויגן די אופמערקזאמקײַט אויך פון אנדערע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס האָבן אף איר באזע געשאפן א ריי וואָקאלע ווערק: יו. ענגעל — א יידישע כאסענע־ליד, א. וועפּריק — א יידישע ליד.

קינסטלערישער עפעקט ווערט דערגרייכט דורכן באַווײַזן די אָנגערופענע טעמעס אין די סאַמע פאַרשיידענע, אָפט אומגעריכטע ראַקורסן. אַ באַזונדערע אַכטונג גיט אָפּ דער אויטאָר דער טאַנץ־טעמע — דעם הויפּט־געשטאַלט פון דער אוווערטיור. ער טראַקטירט די טעמע אין אַ שטאַרק הומאָריסטישן, קאָמיש־שטייגערישן פּלאַן. צעגלידערנדיק זי אויף טיילן און אַרויסבאַקומענדיק אירע סאַמע כאַראַקטעריסטישע, סאַמע טיפּישע ניגונים (דעם מוזיקאַלן עקסטראַקט!), באַאַרבעט זיי פּראָקאָפּיעוו סימפאָניש און בויט אויס אויף דער באַזע פון די מוזיקאַלע „עמבריאָנען" גאַנצע עפּיזאָדן־סצענעס. אַ בולטער מוסטער דערפון איז דער מיטלסטער עפּיזאָד (די פאַנאַנדעראַרבעטונג) און דער שלוס־עפּיזאָד (קאָדאַ) מיט זײַן קאָמישן גיכן רעטשיטאַטיוו, וואָס דערמאָנט אַזוי שטאַרק די כאַראַקטעריסטישע אינטאָנאַציעס פון דער ייִדישער רייד־שפּראַך.

מע קאָן אויך ניט פאַרבײַגיין די קאָמישע טראַנספּאָזיציע פון דער זעלבער הויפּט־טעמע, וואָס דערמאָנט דעם פאַרשפּרייטן בײַ ייִדן לעכערלעכן אין זײַן „ערנסטקײַט" „ברויגעז־טאַנץ" אָדער די פאַרשײַטע אויסגעשרייען, וואָס זײַנען טיפּיש פאַר די ייִדישע טאַנץ־סצענעס (די אינטאָנאַציע פון די „אויסגעשרייען" באַגלייט די גאַנצע צײַט די הויפּט־טעמע).

עכט נאַציאָנאַל איז אויך די אינסטרומענטירונג פון דער אוווערטיור: דער פירנדיקער אינסטרומענט איז ניט דער פידל און ניט די פאָרטעפּיאַנע, נאָר דער קלאַרנעט — דער טראַדיציאָנעלער אָנטיילנעמער פון אַלע, אַפילו סאַמע קלענסטע ייִדישע אַנסאַמבלען. באַנאַנד מיטן פידל פלעגט דער קלאַרנעט אַרויסטרעטן אַלס סאָליסט, און דערפאַר האָט מען אים אָנגעהויבן רעכענען פאַר אַ ייִדישן נאַציאָנאַלן אינסטרומענט. די פאָרטעפּיאַנע דערמאָנט דאָ אין אייניקע שטעלן די שפּיל פון אַן אַנדער אינסטרומענט, אַן אָנטיילנעמער פון די פאָלקס־אַנסאַמבלען — דעם צימבאַל. די ראָל פון די איבעריקע אינסטרומענטן איז אין אַלגעמיין גלײַכווערטיק, כאָטש פּראָקאָפּיעוו גיט די אויבערהאַנט דעם וויאָלאָנטשעל באַם דורכפירן די צווייטע, די לירישע טעמע: אירע טרויעריקע אינטאָנאַציעס פּאַסן גוט פאַר דעם צאַרטן, האַרציקן טעמבער פון דעם אינסטרומענט.

ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן, האָבן די אָנטיילנעמער פונעם אַנסאַמבל „זימראָ" געבעטן פּראָקאָפּיעוון אָנשרײַבן אַ ווערק, וואָס זיי זאָלן קענען אַלע אינאיינעם שפּילן אין אָנהייב פון די קאָנצערטן. טוענדיק צוליב די באַשטעלער, האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געשאַפן אַ ווערק, וואָס האָט פולשטענדיק אַנטשפּראָכן זייערע ווונטשן. דער נאָמען „אוווערטיור" איז פולשטענדיק באַרעכטיקט: די בולטע קאָנצערטישקײַט, דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פון דער מוזיק גייט דאָ באַנאַנד מיט פײַערלעכקײַט, מיט בראַוווּר־אייגנשאַפטן, וואָס זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אוווערטיור־זשאַנער און וואָס זײַנען אַזוי נייטיק פאַר דער מוזיק, וועלכע הייבט אָן דעם קאָנצערט און שאַפט די נייטיקע שטימונג אינעם קאָנצערט־זאַל.

פּראָקאָפּיעווס אוווערטיור אויף ייִדישע טעמעס איז דאָס ערשטע מאָל אויסגעפּילט געוואָרן אין ניו־יאָרק דעם 26 יאַנוואַר 1920 דורך דעם אַנסאַמבל „זימראָ" מיטן אָנטייל פונעם אויטאָר (וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַלס פּיאַניסט). אין אונדזער לאַנד איז די אוווערטיור אויסגעפּילט געוואָרן דאָס ערשטע מאָל דעם 24 אָקטיאַבער 1923 אין מאָסקווע דורכן קוואַרטעט אויף בעטהאָווענס נאָמען (ד. ציגאַנאָוו, וו. שירינסקי, וו. באָריסאָווסקי און ס. קאָזאָלופּאָוו[1]; ס. ראָזאַנאָוו (קלאַרנעט) און ק. איגומנאָוו (פאָרטעפּיאַנע). אומעטום איז די אוווערטיור זייער גוט אויפגענומען געוואָרן, און אײַנגיכן איז זי געוואָרן איינס פון פּראָקאָפּיעווס פּאָפּולערסטע ווערק.

דער דערפאָלג פון דער אוווערטיור האָט, זעט אויס, באַגײַסטערט דעם קאָמפּאָזיטאָר, און ער שרײַבט אָן איר וואַריאַנט פאַר אַ סימפאָנישן אָרקעסטער (אין 1934 יאָר); אָבער, אָט דער וואַריאַנט איז ווייניקער כאַראַקטעריסטיש, וועלט־באַרימט איז די אוווערטיור געוואָרן אין איר אָנפאַנגלעכער, קאַמער־ווערסיע.

פּראָקאָפּיעווס אוווערטיור איז איינע פון די סאַמע רעפּערטואַראַרטיקע פּיעסן פון די סאָוועטישע און אויסלענדישע קאַמער־קאָלעקטיוון. ניט לאַנג צוריק איז דאָס דאָזיקע ווערק פאַרשריבן געוואָרן אויף אַ פּלאַט אין דער אויספירונג פונעם קוואַרטעט אויף באָראָדינס נאָמען (ר. דובינסקי, אי. אַלעקסאַנדראָוו, ד. שעבאַלין, וו. בערלינסקי), ד. באַשקיראָוו (פאָרטעפּיאַנע) און אי. מאָזגאָווענקאָ (קלאַרנעט).

די ווענדונג צו די אומויסשעפּלעכע קוואַלן פון דער פאָלקס־קונסט איז געוואָרן אַ טראַדיציע פון דער סאָוועטישער מוזיקאַלער שאַפונג. דעם גלענצנדיקן בײַשפּיל פונעם באַרימטן מוזיקאַנט פון אונדזער צײַט, דעם לאַורעאַט פון דער לענין־פּרעמיע סערגיי פּראָקאָפּיעוו פאָלגן נאָך אַ סאַך קאָמפּאָזיטאָרן. זיי שטרעבן צו שאַפן ווערק, וואָס זײַנען מיט זייערע וואָרצלען געבונדן מיט דער פאָלקס־מוזיק.

---

[1] ס. מ. קאָזאָלופּאָוו איז אַרויסגעטראָטן אויפן אָרט פון דעם קראַנק געוואָרענעם שטענדיקן אָנטיילנעמער פונעם קוואַרטעט אויף בעטהאָווענס נאָמען ס. פּ. שירינסקין (זע ל. ג י נ ז ב ו ר ג. די געשיכטע פון דער וויאָלאָנטשעלקונסט. „מוזיק". מ., 1965, ז. 419).

# בלעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

## „לעבהאפטע יידישע טעטיקײַט אין וויעטנאם“...

ווען מיר דערמאָנען דאָ וויעטנאם, איז לאָמיר זיך טיילן מיט דער פרייד, וואָס האָט אונדז ארומגעכאפט, ווען מיר האָבן געלייענט אין די איסט־בראָדווייער יידישע צײַטונגען אונטער א גרויסן קאָפּ: „לעבהאפטע יידישע טעטיקײַט אין וויעטנאם“...

יאָ, אונדז האָט בעעמעס געכידעשט, פונוואנען האָבן זיך מיטאמאָל באוויזן יידן אין וויעטנאם... זאָל עס זײַן, אז מיר האָבן פארזען ערגעץ א יישעוו־גליד פון יידישן פאָלק? לאָזט זיך אויס, לויט נײַס, דאטירט „סײַגאָן, דאָרעם־וויעטנאם, פעווראל 19“, אז עס האָט צו טאָן מיט אמעריקאנער יידישע זעלנער, וועלכע געפינען זיך דאָרט. עס ווערט דערציילט, אז אזויווי עס געפינען זיך איצט איבער זעקס הונדערט יידן אין די אמעריקאנער באוואָפנטע קויכעס אין דאָרעם־וויעטנאם, „קאָן מען מיט זיכערקײַט זאָגן, אז קיינמאָל פריער האָט דאָס יידישע לעבן אין דעם דאָזיקן וועלטטייל ניט געבליט אזוי ווי איצטער“... (ציטירט פון „פאָרווערטס“).

דאן גייט א פולע באשרײַבונג וועגן דעם, אין וואָס „די בליִונג“ פון „יידישן לעבן“ באשטייט. טשעפּליינס (ראבאָנים בא מיליטער־טיילן) פירן ניט נאָר אָן מיט דעם דאווענען שאבעס און יאָמטעוו, נאָר זיי פירן אויך אָן „מיט ספעציעלע קלאסן פון רעליגיעזער דערציִונג“... און אויב איר ווייסט ניט, וואָס עס מיינט, טײַטשט דער נײַס־שרײַבער אויס: „דאָס מיינט פאָשעט, אז זיי לערנען די אלע פארינטערעסירטע יידישע סאָלדאטן איוורע און אויך פארטײַטשן דאָס דאווענען, ווי אויך יידישע געשיכטע“.

וואָלט גראָד קעדײַ געווען צו הערן, וויִאזוי א יידישער ראָוו אין מיליטערישן מונדיר טײַטשט אויס יידישע רעליגיע צו א זעלנער, וואָס דארף, מעגלעך, דעם זעלבן טאָג גיסן נאפאלם־גאזן און ברענען מענטשלעכע קערפּערס. עס וואָלט געווען קעדײַ צו וויסן, וויִאזוי א ראָוו בארעכטיקט מאָרד איבער אומשולדיקע מענטשן. און אויב זיי לערנען אויך די זעלנער יידישע געשיכטע, איז וויִאזוי טײַטשן זיי יידישע ווערטן און יידישן קאמף קעגן פעלקער־פארטיליקער, זינט מיר זײַנען א פאָלק.

אָבער די גאנצע מײַסע וועגן „לעבהאפטער“ יידישער טעטיקײַט אין וויעטנאם, צעפּויקט אין דער איסט־בראָדווייער יידישער פּרעסע ווי עפּעס א טײַערע מעציִע, איז איין גרויסע פארשוועכונג פון אלץ, וואָס איז טײַער און הייליק דעם יידישן פאָלק. עס איז א וויסטער און ביטערער כויזעק!

„וואָכנבלאט“ (קאנאדע), 17 מארט 1966

## „אופטוען פון 40 יאָר ייִוואָ“

(אויסצוג פון אן ארטיקל פון בער גרין)

אין די פערציק יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די וויכטיקע פאָרש־אינסטיטוציע ייִוואָ (יידישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט) פארצייכנט גרויסע אופטוען אפן געביט פון דער יידישער פאָלקסוויסנשאפט — אין די ערשטע פופצן יאָר אין איר געבורט־היים, אין ווילנע, און שפעטער, זינט 1940, זינט דעם אָנהייב פונעם גרויסן בראָך פון יידישן פאָלק אונטער דער נאצי־הערשאפט — אין ניו־יאָרק.

אין מעשעך פון די אלע שעפערישע יאָרן האָט דער ייִוואָ, אונטער גרויסע שוועריקײַטן, אופגעבויט א גראנדיעזן ביניען פון פאָרשן און פארשפרייטן יידיש וויסן.

מיר געדענקען נאָך די גרויסע פרייד, מיט וועלכער יידישע פאָלקסמאסן און פאָלקס־אינטעליגענטן האָבן אופגענומען אין פוילן און אין ליטע די גרינדונג פון ייִוואָ אין ווילנע אין 1925. מע האָט דערשפירט און באנומען: ס'איז צוגעקומען א גרויסע, פונדאמענטאלע פאָזיציע אין יידישן פאָלקס־לעבן, אין דער וועלט פון דער יידישער קולטור.

דער ייִוואָ איז אין מעשעך פון די פערציק יאָר פון זײַן עקזיסטענץ געוואָרן דער געטרײַער אופזאמלער און היטער פון יידישע קולטור־אויצרעס, פון אומשאצבארע דאָקומענטן פון יידישן לעבן. ער האָט ווײַטער געצויגן דעם העמשעך פון דער גאָלדענער קייט פון אונדזער קולטור, דעריקער אין פאָרשן די געשיכטע פון אונדזער פאָלק אין מעשעך פון פיר טויזנט יאָר. ער היט אָפּ פון פארגעסנקײַט די דויערסלאנג־אָנגעזאמלטע היסטאָרישע דאָקומענטן. ער זעצט פאָר די גרינטלעכע פאָרשונג פונעם גרויסן יידישן כורבן אונטער די נאצי־בארבארן. ער האָט געהאָלפן אויסשולן יונגע יידישע פאָרשער.

די ייִוואָ־ביבליאָטעק פארמאָגט דרײַ הונדערט טויזנט בענדער אין צוואנציק שפראכן (כוץ יידיש און העברעיִש) וועגן יידישע איניאָנים. אין דעם בילדער־ארכיוו פון ייִוואָ זײַנען פאראן ארום הונדערט טויזנט פאָטאָבילדער פון היסטאָרישע יידישע פערזענלעכקײַטן און פון וויכטיקע מאָמענטן אין דער יידישער געשיכטע. כוץ דעם האָט דער ייִוואָ א וויכטיקע אָפּטיילונג מיט מיקראָפילמען.

אין די פערציק יאָר פון זײַן עקזיסטענץ האָט דער ייִוואָ ארויסגעגעבן 550 ביכער. אין אינסטיטוט פונקציאָנירן: קרײַזן פון לינגוויסטן, היסטאָריקער און פאר סאָציאלע וויסנשאפטן.

דער ייִוואָ האָט זיך דערוואָרבן א וויכטיקע פאָזיציע אין יידישן קולטור־לעבן.

„מאָרגן־פרײַהײַט“ (ניו־יאָרק), 11 מײַ, 1966.

# פאַרשיידנס

## איידעס פון אַשוועָנטשים דערציילן

אין אונדזער זשורנאַל (נומ. 7 פאַרן 1965 יאָר) איז געווען פאַרעפנטלעכט א גרעסערע אָפּהאַנדלונג פונעם דר. הערשל מייַער (פּאַריזש) וועגן האָכהוטס פּיעסע „דער שטעלפאַרטרעטער". ניט לאַנג צוריק האָט די רעדאַקציע באַקומען אַן אַרטיקל פונעם טשעכישן זשורנאַליסט מילאַן פּאַלאַק פון דער פּראָגער פּרעסע־אַגענטור וועגן אייניקע אינטערעסאַנטע איינצלהייַטן, וואָס האָבן א שייַכעס צו די געשעענישן אין האָכהוטס פּיעסע.

אין טשעכאָסלאָוואַקיע זייַנען פאַראַן מענטשן, וועלכע געדענקען פון דער אייגענער דערפאַרונג דאָס, וואָס עס דערמאָנט „דער שטעלפאַרטרעטער". איינער פון זיי איז דער 48־יאָריקער אַלפרעד וועטצלער, וועמען עס האָט זיך אייַנגעגעבן אַנטלויפן פון אַשוועָנטשים. ער איז געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָבן געבראַכט די שוידערלעכע ידיעות וועגן טויט־לאַגער. איצט איז אַלפרעד וועטצלער אַן אָנגעשטעלטער, וווינט אין בראַטיסלאַווע.

וועטצלער דערציילט:

„פונעם נאַציִשן קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט זיך מיר און רודאָלף ווערבען אייַנגעגעבן אַנטלויפן דעם 7 אַפּריל 1944 יאָר. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער סלאָוואַקישער שטאָט זשילינאַ אין א מוישעוו־זקיינים. דאָ האָבן מיר אָנגעשריבן אונדזער ערשטן דאָקומענט וועגן אַשוועָנטשים. מע האָט דאָרט אומגעבראַכט העכער 4 מיליאָן מענטשן, פון זיי 100 טויזנט בירגער פון טשעכאָסלאָוואַקיע און 500 טויזנט אונגאַרישע ייִדן. א קאָפּיע פון אונדזער דאָקומענט האָט באַקומען דער דאָקטאָר דעזידער וואַלדאַן, וואָס וווינט איצט אין בראַטיסלאַווע. ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיטן ראַוו ווייַסמאַנדל, און דער לעצטער האָט געהאַט קאָנטאַקטן מיטן מאָנסיניאָר בורסיאָ — דעם פּויפּסטס נונציע אין סלאָוואַקיע, וואָס איז געווען באַוווּסט אַלס אַנטיפאַשיסט און פאַרטיידיקער פון די ייִדן.

דעם 6 יון האָבן קיין סלאָוואַקיע זיך דערקליבן נאָך צוויי קאַצעטלער פון אַשוועָנטשים — אַרנאָשט ראָזין און טשעסלאַוו מאָרדאָוויטש, וואָס זייַנען געלאָפן פונעם לאַגער דעם 27 מיַי. צו אונדזער דאָקומענט האָבן מיר צוגעגעבן די ידיעות, וואָס ס'האָבן געבראַכט די צוויי פּליטים, און געשיקט אים קיין אויסלאַנד.

דעם דאָקומענט האָט באַקומען אויך דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט רוזוועלט, וועלכער האָט געוואָרנט כאָרטין, דעם דעמלטיקן דיקטאַטאָר פון אונגאַרן, אַז אויב ער וועט טייקעף ניט אָפּשטעלן דאָס דעפּאָרטירן ייִדן קיין אַשוועָנטשים, וועט די אַמעריקאַנער אַוויאַציע אָנהייבן באָמבירן די אינדוסטריעלע צענטערן פון אונגאַרן. כאָרטי, וואָס האָט געוווּסט, אַז די מילכאָמע האַלט באַם ענדיקן זיך, האָט ווירקלעך אָפּגעשטעלט די דעפּאָרטאַציע, און אַזוי אַרום זייַנען געבליבן לעבן עטלעכע טויזנט ייִדן. רוזוועלט האָט באַפוילן איבערשיקן אונדזער דאָקומענט אַלע קאָמאַנדאַרמען אָפן מייַרעוו־פראָנט.

אונדזער דאָקומענט האָבן אויך באַקומען דער פּויפּסט פּיִ דער צוועלפטער, ווינסטאָן טשערטשיל, דער שוועדישער קיניג גוסטאַוו און א צווישנפעלקערלעכע ייִדישע אָרגאַניזאַציע. דער דאָקומענט האָט פיגורירט אָפן נירנבערגער פּראָצעס און אָפן פּראָצעס איבער אייכמאַנען. אינפירן זייַנען מיר געווען איידעס אָפן פּראָצעס איבערן לאַגער־שעף פון אַשוועָנטשים העס".

## שעקספּיר און דאַנטע זייַנען פּאַסל...

די צענזאָרן פון דער איטאַליענישער שטאָט באָלאָניע האָבן געשלאָגן אַן אייגנאַרטיקן רעקאָרד. דורכגעקוקט די אָפּצוגן פונעם זשורנאַל „שפּילקע", וואָס דערשייַנט אינעם טעכנישן אינסטיטוט אַף מאַרקאָניס נאָמען, האָבן זיי צוערשט, ווי מע האָט עס געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אויסגעמעקט דאָס אַרטיקל וועגן וויעטנאַם. נאָר דאָס איז פאַר זיי געווען ווייניק. אין אָט דעם זשורנאַל־נומער האָבן זיי געפונען פערזן פון א פאַרדעכטיקן אויסלענדישן אַוטאָר שעקספּיר:




„איך רוף דעם טויט. איך
קאָן ניט זען, ווי בעטלען
די ווירדע זיך דערלויבט,
און ווי דער שעקער
באַרויבט

## די אַראַקולן פון דער

פיר הונדערט זשורנאַליסטן אַרבעטן אַף דער גיגאַנטישער „כאַלוימעס־פאַבריק" — אַזוי הייסט בא די אַמעריקאַנער האָליווד. זיי פילן אויס די ראָליע פון רעקלאַמע־אַגענטן, העלפנדיק די באַלעבאַטים פונעם קינאָ־ביזנעס רעאַליזירן זייער פּראָדוקציע. אַלטעגלעך באַאַרבעטן זיי די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין גייַסט, וואָס איז נייטיק פאַר די באָסן פון דער „כאַלוימעס־פאַבריק". הייַנט־צו־טאָג קומט פאָר צווישן אָט די זשורנאַליסטן א העפטיקער קאַמף פאַר די ראָלן פון אָראַקולן. וואָס זשע שטעלן מיט זיך פאָר די אָראַקולן?

א לאַנגע צייַט האָבן די ניט־אָפיציעלע פּאָסטנס פון אָראַקולן פאַרנומען כעדאַ כאָפּער און לועלאַ פּאַרסאָנס. מע האָט זיי גערופן די ניט־געקרוינטע מאַלקעס פון האָליוווד. אָט די צוויי דאַמעס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אַף „פּריוואַטלעכער כראָניק" — זיי פלעגן באַזאָרגן אַרום טויזנט צוויי הונדערט צייַטונגען און זשורנאַלן מיט פּיקאַנטע איינצלהייַטן פונעם לעבן פון די באַרימטע האָליוודער אַרטיסטן. זיי פלעגן טעראָריזירן די אַרטיסטן און פּראָדיוסערן מיט זייערע רעפּאָרטאַזשן, וועלכע ס'פלעגן לייענען אַלע טאָג זיבעציק מיליאָן אַמעריקאַנער. אונטער דער ווירקונג פון די אָראַקולן פלעגן זיך פאָרמירן די געשמאַקן און שטאַנדפּונקטן אַף דער קונסט.

די אָראַקולן האָט מען געמוזט די ערשטע דערציילן וועגן פאָרשטייענדיקן געט. מיט זיי האָט מען זיך געדאַרפט אייַצען וועגן קויפן א נייַעם אַווטאָמאָביל, א מאַנטל אָדער אונטערשט וועש; זיי האָבן די ערשטע געדאַרפט וויסן,

און כויזעק מאַכט
פון טמימעס.
איך קאָן ניט זען
די וויסטע נישטיקייַט
אין פּראַכט געקליידט"
(שעקספּיר, 66־טער סאָנעט)

ווי נאָר דער וואַכזאַמער צענזאָר האָט דערזען אָט די שורעס, האָט מיט אים אָנגעהויבן וואַרפן, ווי מיט אן אלט ארטילעריש פערד באַם שאַלן פונעם טרומייט. דער כיטרער שעקס־פּיר, וואָס האָט שוין אַמאָל געהאַט אָנגעדײַט אף „טיפּשעס אין דער מאַסקע פון א כאָכעם", איז טייקעף אויסגעמעקט געוואָרן. דער צענזאָר האָט זיך שוין געקוויקט מיט דער אָפּגעטאָנענער ארבעט, און דאָ האָט ער דערזען אין סטודענטישן זשור־נאַל נאָך איין נײַע פּאָעטישע פיגור:

ער האָט געגאַרט די פרײַהייַט —
די איינציקע, די טײַערסטע,
פון וועלכער ס'ווייסט נאָר דער,
וואָס גיט דאָס לעבן אָפּ פאַר איר...

דעם צענזאָר האָט באַשלאָגן א שוייס: שיר ניט דורכגעלאָזט. ס'איז דאָך א דירעקטע אָנדײַטונג אפן קאַמף פון די וויעטנאַמער קעגן אמעריקע! און דער „הארבער דאַנט", וואָס האָט אָנגעשריבן די אומשטער־בלעכע שורעס מיט פיל יאָרהונדער־טער צוריק, האָט באַקומען דעם זעלבן פּסאַק, וואָס שעקספּיר. אף דאַנטעס פערזן איז אוועקגעשטעלט געוואָרן א פעטער צענזאָרישער צײַ־לעם (זע די פאָטאָ, איבערגעדרוקט פון דער איטאַליענישער צײַטונג „אַ־בי־טשי").

## מערי העמינגוועי וועגן איר מאַן

דער ניו־יאָרקער געריכט קלײַבט פאַנאַנדער דעם סיכסעך צווישן מערי העמינגוועי און דעם זשורנאַליסט א. כאָטשנער (אף דער פאָטאָ — אינדער־מיטן). די פרוי פונעם גרויסן שרײַ־בער פאָדערט, אז דער געריכט זאָל פאַרבאָטן די פובליקאַציע פונעם זשורנאַליסט א. כאָטשנערס בוך „פּאַ־פּאַ העמינגוועי". זי האָט באַשולדיקט דעם אווטאָר אין „אומפאַרשעמטן נאָכשפּירן" נאָך איר פּערזענלעך לעבן און אין „אויסנוצן עס אף באַרײַכערט ווערן". א באַזונדערע דערווידערונג רופט ארויס בא דער אלמאַנע פונעם שרײַבער דאָס שלוס־קאַפּיטל פונעם בוך, אין וועלכן דער אווטאָר באַ־הויפּט, אז אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן איז ערנעסט העמינגוועי קלוימערשט געווען א פּסיכיש־קראַנקער מענטש, אז בא אים איז געווען א מאַניע פון זעלבסטמאָרד און ער האָט סאָפּקאָלסאָף זיך דער־שאָסן דעם 2 יול 1961 יאָר.

• • •

אין א שמועס מיט א מיטאַרבעטער פון דער איטאַליענישער וואָכנבלאַט „עקספּרעסאָ" האָט די אלמאַנע הע־מינגוועי צום ערשטן מאָל אנערקענט, אז דער אמעריקאַנער שרײַבער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ניט אז ער איז געשטאָרבן אין רעזולטאַט פון אן אומגליקס־פאַל.

„יאָ, ער האָט זיך דערשאָסן, דאָס איז פינקטלעך, — האָט געזאָגט מערי העמינגוועי. — איך האָב לאַנג זיך ניט געקאָנט אנטשליסן אנערקענען עס... נאָר איך האָב זיך איבערצײַגט, אז ס'איז פּאָשעט נאַריש מאַכן אן אָנשטעל, אז דו גלייבסט אין אן אומגליקס־פאַל. אבסאָליוט נאַריש. א סאַך מענטשן באַהויפּטן, אז דאָס איז ניט געווען קיין אומגעריכטער סויט; אז ערנעסט איז ניט געווען פון די מענטשן, וואָס שטאַרבן אף זייער געלעגער פון א קרענק. איך ווייס ניט, וואָס איך זאָל אײַך ענטפערן. ווען איך האָב אים פאַרלוירן, בין איך געבליבן פונקט ווי אין א טהאָם, אין אן אויסוועגלאָזער לאַגע, פון וועלכער איך פּרוּוו ערשט איצט זיך ארויסקלײַבן. מײַן מאַנס שוועסטער האָט אָבער געזאָגט: „אויב ערנעסט האָט באַשטימט, אז דאַפקע אזוי דאַרף מען האַנדלען, האָט ער ריכטיק געטאָן, אנטשליסנדיק זיך אף אזא טאַט". מיר איז שווער איבערצוכאַ־זערן אזוינס. מיר פעלט ער דאָך זייער"...

„ער איז געווען א קראַנקער, א טיף אײַנגעבראָכענער מענטש, און מיר טאָרן ניט פאַרורטיילן די טאַטן פון א קראַנקן, טיף אײַנגעבראָכענעם מענטשן", — האָט צוגעגעבן די אל־מאַנע פונעם שרײַבער.





## „כאַלוימעס־פאַבריק"

אז דער אקטיאָר מ. וועט זײַן אורלויב פאַרברענגען מיט דער אקטריסע ט. ערגעץ אין א פאַרוואָרפן ווינקל אין קאַליפאָרניע. די אָראַקולן האָבן אלץ געדאַרפט וויסן, ווײַל זייערע דערצויגלינגען, די זיבעציק מיליאָן לייענער, האָבן געוואָלט וויסן אלע נײַעס פון האָליווּד. פון זייער שרײַבעכץ האָבן די לייענער אָבער זיך ניט געקאָנט דערוויסן, אשטייגער, אז קים נאָוואַק טרוימט וועגן שפּילן אַנאַ קאַרענינאַ, אז מערילין מאָנראָ טראַכט וועגן אן עמעסער דראַמאַטישער ראָל פון קלאַסישן רעפּערטואַר.

אין דער עפּאָכע פון מאַקאַרטיזם זײַנען די אָראַקולן געווען אן עמעס געווינס פאַר דער קאָמיסיע אף אויספאָרשן די אנטיאַמעריקאַנישע טעטיקײַט. מיט זייער פלײַס האָבן זיי אַריבערגעשטיגן א סאַך פּראָפעסיאָנעלע מיטאַר־בעטער פון דער קאָמיסיע.

פּאַרסאָנס און כאָפּנער זײַנען א לאַנגע צײַט געווען די שעפער פון די האָ־ליווּד־רעכילעסן. ניט לאַנג צוריק איז כעדאַ כאָפּער געשטאָרבן אין עלטער פון פינף און זיבעציק יאָר. עטוואָס פריִער האָט א פּאַראַליטש איבערגעריסן די טעטיקײַט פון איר צוויי־און־אכציקיאָריקער כאַווערטע. עמעץ־ווער אין האָליווּד האָט פרײַ אָפּגעאָטעמט. די פרייד איז אָבער געווען א פריצײַטיקע: ווי יעדער ביזנעס, קאָן די „כאַלוימעס־פאַבריק" ניט עקזיסטירן אָן א שטאַר־קער רעקלאַמע און די דערצויגענע דורך כעדאַ כאָפּער און לועלאַ פּאַרסאָנס מיליאָניקע לייענער וואַרטן מיט אומגעדולד אף נײַע אָראַקולן. אלזאָ, ווער וועט פאַרזעצן די „פרײַנטלעכע כראָניק"?

# ליטעראַרישע מאסן־אָוונטן, געווידמעט שאָלעם־אלייכעמס פופציקסטן יאָרצייַט

## מאָסקווע

דעם 13 מייַ איז אין צענטראלן ליטעראטן־הויז פאָרגעקומען א שאָלעם־אלייכעם־אָוונט, אָרגאניזירט דורך דער פאַרוואלטונג פונעם שרייַבער־פארבאנד פון פססר צוזאמען מיטן סאָוועטישן קאָמיטעט פאר פארטיידיקן דעם שאָלעם.

פאָרזיצער פונעם אָוונט איז געווען דער הויפט־רעדאקטאָר פונעם רוסישן ליטעראריש־קינסטלערישן זשורנאל „דרוזשבא נאראָדאָוו“, דער שרייַבער סערגיי בארוזדין.

א פאָרטראָג וועגן שאָלעם־אלייכעמס שאפונג האָט געהאלטן די ליטעראטור־פאָרשערן ריווקע רובין. מיט רעדעס זייַנען ארויסגעטראָטן די שרייַבער ארן ווערגעליס, לעאָניד לענטש, הערש רעמעניק און דער קינאָ־רעזשיסער גריגאָרי ראָשאל.

לידער, געווידמעט שאָלעם־אלייכעמען, האָבן פאָרגעלייענט אווראָם גאָנטאר און זיאמע טעלעסין.

נאָכן פייַערלעכן טייל איז פאָרגעקומען א רייַכער קאָנצערט. דער פארדינסטפולער ארטיסט פון דער רעפובליק עמאנויל קאמינקא האָט פאָרגעלייענט סאמויל מארשאקס און שמועל האלקינס לידער וועגן שאָלעם־אלייכעמען און שאָלעם־אלייכעמס דערציילונג „פינף און זיבעציק טויזנט“. יויסעף קאָלין, פארדינסטפולער ארטיסט פון רספסר, האָט באוויזן א סצעניש בילד פון „טעוויע דער מילכיקער“. דער יידישער טעאטראלער אנסאמבל אונטער דער אָנפירונג פון ביניאָמין שווארצער האָט אופגעפירט דעם ערשטן אקט פון „200 טויזנט“. יידישע פאָלקס־לידער האָבן געזונגען מיכאיל אלעקסאנדראָוויטש און דינע פאָטאפאָווסקאיא.

דער גרויסער זאל פון ליטעראטן־הויז, וואָס נעמט ארייַן העכער 1000 מענטשן, איז געווען איבערפולט.



דעם 26 מייַ איז א שאָלעם־אלייכעם־אָוונט פאָרגעקומען אין צענטראלן אקטיאָרן־הויז אפן נאָמען פון א. א. יאבלאָטשקינא. געעפנט דעם אָוונט האָט דער באוווסטער רעזשיסער וויקטאָר קאָמיסארזשעווסקי. מיט רעדעס זייַנען ארויסגעטראָטן שרייַבער און ארטיסטן.

אין קינסטלערישן טייל האָבן אָנטייל גענומען עמאנויל קאמינקא, דער לאורעאט פונעם צווישנפעלקערלעכן שאָפען־קאָנקורס פון פיאניסטן אין ווארשע בעלא דאווידאָוויטש און דער לאורעאט פונעם אלפארבאנדישן הארפיסטן־קאָנקורס נאדעזשדא טאָלסטאיא.

## קיִעוו

אָן אלשטאָטישער שאָלעם־אלייכעם־אָוונט איז אָרגאניזירט געוואָרן דעם 19 מייַ אין דער אוקראיִנישער פילהארמאָניע. פאָרטראָגן האָבן געלייענט דער באוווסטער אוקראיִנישער דיכטער, אקאדעמיקער מיקאָלא באזשאן און דער יידישער שרייַבער הערשל פאָליאנקער. נאָכדעם זייַנען ארויסגעטראָטן די שרייַבער ריווע באליאסנע, לעאָניד ווישעסלאווסקי, מאָטל טאלאלאיעווסקי אא.

מיט קינסטלערישע פאָרלעזונגען פון שאָלעם־אלייכעמס ווערק זייַנען אופגעטראָטן די ארטיסטן איליא כאליף (יידיש) און אנאטאָלי פאלאמארענקאָ (אוקראיִניש). אינעם גרויסן קאָנצערט האָבן זיך באטייליקט דער יידישער מוזיקאליש־דראמאטישער אנסאמבל פון דער פארדינסטפולער ארטיסטקע פון דער אוקראיִנישער רעפובליק סידי טאל און ארטיסטן פונעם כארקאָווער אוקראיִנישן טעאטער, וועלכע האָבן אופגעפירט פראגמענטן פונעם ספעקטאקל „טעוויע דער מילכיקער“. די ראָל פון טעוויען האָט געשפילט דער פאָלקס־ארטיסט פון דער אוקראיִנישער רעפובליק פעדאָר ראדטשוק. פאָלקסלידער האָבן געזונגען דער סאָליסט פון דער אוקראיִנישער אָפערע ניקאָלייַ וואָרקולעוו און די אויספילערן פון יידישע לידער טאמארע אווועטיסיאן.

## טשערנאָוויץ

דעם 16 מייַ האָט א גרויסער אוילעם זיך פארזאמלט אפן שאָלעם־אלייכעם־אָוונט אין אקטן־זאל פון טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט. געעפנט דעם אָוונט האָט דער פראָרעקטאָר פון אוניווערסיטעט, דער ליטעראטור־קריטיקער וואסיל לעסין.

מיט אינטערעס האָט דער אוילעם אויסגעהערט דעם פאָרטראָג פונעם פראָפעסאָר א. ס. פולינעץ אף דער טעמע „שאָלעם־אלייכעם — דער קלאסיקער פון דער יידישער און וועלט־ליטעראטור“. א פאָרטראָג „שאָלעם־אלייכעם און זייַן פאָלק“ האָט געהאלטן דער שרייַבער מוישע אלטמאן.

די דיכטער הירש בלאָשטיין, יאָסל לערנער, עפראַיִם רויטמאן, מייער כאראז, וויטאלי קאלאדי, וויטאלי דעמטשענקאָ, יאָן קילארו האָבן געלייענט אין יידיש, אוקראיִניש, רוסיש און מאָלדאוויש לידער, געווידמעט שאָלעם־אלייכעמען. די באליבטע שוישפילערן סידי טאל האָט געשפילט איר נייַע קאָמפאָזיציע פון שאָלעם־אלייכעמס ווערק „מאָטל פייסי דעם כאזנס אין אמעריקע“ און „בערל־אייַזיק“.

## קעשענעוו

העכער זעקס הונדערט לייענער פון שאָלעם־אַלייכעמען האָבן פאַרפולט דעם זאַל פון דער מאָלדאַווישער געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטן בילדונג און וויסנשאַפט. זיי זײַנען געקומען אַפן שאָלעם־אַלייכעם־אָוונט, אָרגאַניזירט דורכן מאָלדאַווישן שרײַבער־פאַרבאַנד צוזאַמען מיט דער רעפּובליקאַנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

דעם אָוונט האָט געעפנט דער מאָלדאַווישער ראָמאַניסט יאָן טשאָבאַנו. פאָרטראָגן האָבן געהאַלטן די שרײַבער יאַנקל יאַקיר און וואַסילי קאָזאַגאַן. מיט רעדעס און פאָרלעזונגען פון זייערע ווערק, געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמען, זײַנען אַרויסגעטראָטן די שרײַבער יאָן דרוצע, יעכיִעל שרײַבמאַן, מאָטל סאַקציִער, אַלעקסאַנדער קאָזמעסקו, פּעטרו זאַדניפּרו און ליוו דאַמיאַן. שאָלעם־אַלייכעמס מאָנאָלאָגן האָט פאָרגעלייענט דער אַרטיסט אַווראָם פערקאָוויטש.

---

## ביראָבידזשאַן

די ליטעראַרישע פאַרייניקונג פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט צוזאַמען מיטן קולטור־אָפּטייל פונעם ביראָבידזשאַנער שטאָט־אויספּירקאָם האָבן דעם 13 מײַ דורכגעפירט א גרויסן שאָלעם־אַלייכעם־אָוונט אין ביראָבידזשאַנער קולטור־פּאַלאַץ.

געעפנט דעם אָוונט האָט דער פאַרוואַלטער פון שטאָטישן קולטור־אָפּטייל אַווראָם גערשקאָוו. מיט א פאָרטראָג איז אַרויסגעטראָטן דער שרײַבער בוזי מילער.

אינעם קאָנצערט איז באַוויזן געוואָרן שאָלעם־אַלייכעמס איינאַקטער „א דאָקטער“ אין דער אויספירונג פונעם ייִדישן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו באַם ביראָבידזשאַנער קולטור־פּאַלאַץ (רעזשי מוישע בענגעלסדאָרף).

---

## דאַוגאַווּפּילס

שיינע פאַרביקע אַפישן האָבן צו וויסן געגעבן די היגע אײַנוווינער וועגן א שאָלעם־אַלייכעם־פײַערונג. דער אָוונט איז פאָרגעקומען דעם 13 מײַ אין שטאָטישן דראַמאַטישן טעאַטער. מיט א פאָרטראָג איז אַרויסגעטראָטן דער קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן ל. לעוויטאַן.

דער ייִדישער זעלבסטעטיקער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו באַם קולטור־הויז נומער 1 האָט אופגעפירט שאָלעם־אַלייכעמס איינאַקטער „מענטשן“, געשטעלט דורכן פאַרדינסטפולן אַרטיסט פון דער לעטלענדישער רעפּובליק ל. ראַדטשענקאָ און דער שוישפּילערן מ. אָרלאָווא. מוזיק צום ספּעקטאַקל האָט אָנגעשריבן דער קאָמפּאָזיטאָר ז. פייגין.

---

### אַן אויסשטעלונג פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק

צום פופציקסטן יאָרצײַט פון שאָלעם־אַלייכעמען האָט די לענינגראַדער עפנטלעכע ביבליאָטעק אַפן נאָמען פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין אָרגאַניזירט א גרויסע אויסשטעלונג פון זײַנע ווערק. אַף פיר סטענדן זײַנען עקספּאָנירט שאָלעם־אַלייכעמס ביכער, וועלכע זײַנען אין דער ייִדישער שפּראַך דערשינען בא אונדז אין לאַנד פאַר די לעצטע פופציק יאָר, אויך איבערזעצונגען אַף די שפּראַכן פון די סאָוועטישע פעלקער: רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש, גרוזיניש, אַרמעניש, לעטיש, טאַדזשיקיש, טורקמעניש, אַזערבײַדזשאַניש, מאָלדאַוויש, אוזבעקיש אאַ.

אַף דער אויסשטעלונג ווערן באַוויזן שאָלעם־אַלייכעמס ווערק אין דער איבערזעצונג אַף פאַרשיידענע מיזרעך־שפּראַכן, דערונטער אַף פּערסיש און כינעזיש. די באַזוכער קאָנען זען אויך די רײַכע ליטעראַטור וועגן שאָלעם־אַלייכעמס לעבן און שאַפן.

ל. ווילסקער

### די סאָוועטישע פּרעסע וועגן די שאָלעם־אַלייכעם־טעג

שאָלעם־אַלייכעמס פופציקסטער יאָרצײַט ווערט ברייט אָפּגעמערקט אין דער סאָוועטישער פּרעסע. אַרטיקלען וועגן זײַן לעבן און שאַפן און פראַגמענטן פון זײַנע ווערק האָבן פאַרעפנטלעכט די זשורנאַלן „דרוזשבא נאַראָדאָוו“, „קראָקאָדיל“, „סאָוועטיש היימלאַנד“, „מאָסקאָוו ניוס“ אאַ. (מאָסקווע), „וויטשיזנא“ (קיִעוו), „פּיאַרגאַלע“ (ווילנע), דער אָרגאַן פון מאָלדאַווישן שרײַבער־פאַרבאַנד „ניסטרול“, די קעשענעווער צײַטשריפט „קולטורא“, די צײַטונגען „ביראָבידזשאַנער שטערן“ און „ביראָבידזשאַנסקאַיאַ זוועזדאַ“ און א ריי אַנדערע.

### „הומאַניטע“ וועגן די שאָלעם־אַלייכעם־פײַערונגען אין סאָוועטנפאַרבאַנד

די „הומאַניטע“ — צענטראַל־אָרגאַן פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — האָט פאַרעפנטלעכט א מיטיילונג פון איר ספּעציִעלן קאָרעספּאָנדענט אין מאָסקווע מאַקס לעאָן וועגן די פײַערונגען אין פססר, געווידמעט דעם 50־טן יאָרצײַט פון שאָלעם־אַלייכעם.

עס ווערט דאָרט איבערגעגעבן וועגן די אונטערנעמונגען אין מאָסקווע, קיִעוו, ריגע, ווילנע און אַנדערע שטעט. וועגן דער שאָלעם־אַלייכעם־אויסשטעלונג פונעם קינסטלער טאָלקאַטשאָוו אין קיִעוו, וועגן די שאָלעם־אַלייכעם־פאָרשטעלונגען פון ייִדישע דראַמאַטישע טרופּעס און וועגן דעם אָנגעזעענעם אָרט, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד“ ווידמעט שאָלעם־אַלייכעמען.

„הומאַניטע“ שרײַבט, אַז בלויז פאַר די לעצטע 10 יאָר זײַנען שאָלעם־אַלייכעמס ווערק דערשינען אין פססר אין 2 450 000 עקזעמפּליאַרן.

## 60־טער געבורטסטאָג פֿון ריווקע רובין

דעם 28 מײַ האָבן די מאָסקווער ייִדישע שרײַבער פֿײַערלעך אָפּגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פֿון דער באַקאַנטער ליטעראַטור־פֿאָרשערן און פּראָזאיקער ריווקע רובין. מיט באַגריסונגס־רעדעס לעקאָוועד דעם יובילאַר זײַנען אַרויסגעטראָטן שרײַבער, אַרטיסטן, קינסטלער.

דעם יובילאַר איז אונטערגעטראָגן געוואָרן אַן אַדרעס פֿון דער רעדקאָלעגיע און רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“. באַגריסונגען דער כ׳טע ר. רובין האָבן צוגעשיקט די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער מאָסקווער שרײַבער־אָרגאַניזאַציע און פֿיל ליטעראַטן און לייענער פֿון פֿאַרשיידענע שטעט.

## לערמאָנטאָווס „די שפּאַניער“ אויף דער ייִדישער בינע

אינעם קולטור־הויז „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ“ (מאָסקווע) האָט דער קינסטלערישער ראַט פֿון „מאָסקאָנצערט“ סוף מײַ דורכגעפֿירט אַ דורכקוק פֿון לערמאָנטאָווס היסטאָרישער טראַגעדיע „די שפּאַניער“, געשטעלט דורך דעם ייִדישן טעאַטער־אַנסאַמבל אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם פֿאַרדינסטפֿולן אַרטיסט פֿון רספֿסר בינֿיאָמין שוואַרצער. די פּיעסע איז בעשײַטע איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש דורך דעם דיכטער אַרן קושניראָוו.

אויפֿן דורכקוק זײַנען בײַגעווען אַרטיסטן, קינסטלער, ליטעראַטן. די רעזשיסערן פֿונעם ספּעקטאַקל זײַנען דער פֿאַרדינסטפֿולער קונסט־טוער פֿון רספֿסר סערגיי שטיין און בינֿיאָמין שוואַרצער, מוזיק פֿון אַלעקסאַנדער קריין, קינסטלער רעפֿאָעל קאַזאַטשוק.

די ראָלן האָבן געשפּילט: דאָן אַלוואַרעס — ז. מיימאַן, עמיליע — ס. ביניק, דאָנאַ מאַריע — ל. קאָלינע, פֿערנאַנדאָ — א. קאַהאַן, פּאַטער סאָריני — ב. שוואַרצער, מוישע — ה. לעווינזאָן, נאָעמי — ר. קורץ, סאָרע — נ. סיראָטינע. דער דורכקוק איז דורכגעגאַנגען מיט דערפֿאָלג.

דער נײַער ספּעקטאַקל ווערט איצט באַוויזן אין לוגאַנסק, אוזשגאָראָד, מוקאַטשעוו, וויניצע און אין אַנדערע שטעט פֿון אוקראַיִנע.

## יעהודע־האַלייווי אין רוסיש

אינעם מאָסקווער צענטראַלן ליטעראַטן־הויז איז פֿאָרגעקומען אַן אָוונט, אויף וועלכן דער דיכטער־איבערזעצער לעוו פּענקאָווסקי האָט געלייענט זײַנע רוסישע איבערזעצונגען פֿון די לידער פֿון יעהודע־האַלייווי. דער פּאָעט ווילהעלם לעוויק, וועלכער האָט געעפֿנט דעם אָוונט, האָט אָנשטאָט אַן אַרײַנפֿיר־וואָרט געלייענט זײַן איבערזעצונג פֿון היינעס באַרימטער פּאָעמע „יעהודע בען האַלייווי“.

מיט אַ רעפֿעראַט וועגן די אומשטערבלעכע שאַפֿונגען פֿון דעם דיכטער און דענקער איז אַרויסגעטראָטן דער מיטאַרבעטער פֿונעם אינסטיטוט פֿון מיזרעך־קענטעניש מיכאל זאַנד. „די שירים פֿון יעהודע־האַלייווי, — האָט געזאָגט דער יונגער געלערנטער, — ווערן אַרויסגעגעבן אין רוסיש צום ערשטן מאָל. איך בין זיכער, אַז דער רוסישער לייענער וועט זײַן דאַנקבאַר לעוו פּענקאָווסקין פֿאַר זײַן גרויסער אַרבעט. קימאַט אַלע איבערזעצונגען זײַנען אַדעקוואַט צום אָריגינאַל. און דאָס האָט זיך אײַנגעגעבן דעם איבערזעצער ניט בלויז דערפֿאַר, וואָס ער איז אַ גרויסער וואָרט־מײַסטער, נאָר אויך דערפֿאַר, ווײַל די איבערזעצונג איז געמאַכט דירעקט פֿון דעם העברעיִשן אָריגינאַל“.

אַרום צוויי שעה האָט ל. פּענקאָווסקי געלייענט יעהודע־האַלייוויס לידער אין רוסיש. די דיכטער־איבערזעצער נ. וואָלפּינאַ, א. סטעפּאַנאָוו, א. שטיינבערג און וו. לעוויק האָבן אין זייערע אַרויסטרעטונגען הויך אָפּגעשאַצט דעם קינסטלערישן ניוואָ פֿון די איבערזעצונגען.

לעוו פּענקאָווסקי איז אַלט 72 יאָר. ער האָט איבערגעזעצט אין רוסיש ווערק פֿון היינע, בעראַנזשע, געטע, הוגאָ, אַלישער נאַוואָי, טאַראַס שעווטשענקאָ און פֿון אַ גרויסער צאָל סאָוועטישע דיכטער פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער.

# נײַעס פֿון אויסלאַנד

## יובילײ פֿון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע אין קאַנאַדע

עס איז פֿײַערלעך אָפּגעמערקט געוואָרן דער פֿערציקיאָריקער יובילײ פֿון דער קאַנאַדער ייִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע.

די פֿאָלקס־צײַטונג „וואָכנבלאַט“ און אירע פֿאָרגייער — „דער קאַמף“ און „דער וועג“ — זײַנען שטענדיק געווען ביז גאָר פּאָפּולער צווישן די ברייטע ייִדישע מאַסן.

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ שיקט אירע וואַרעמסטע גרוסן די מיטאַרבעטער, בויער און פֿרײַנט פֿון דער „וואָכנבלאַט“.

## לעקאָוועד יוסף פּאַפּערניקאָוון

אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט אין ירושלים איז אָפּגעמערקט געוואָרן דער שעפֿערישער וועג פֿונעם ייִדישן דיכטער יוסף פּאַפּערניקאָוו. אַ רעפֿעראַט וועגן פּאַפּערניקאָווס דיכטונג האָט געלייענט דער פּראָפֿעסאָר פֿון ייִדישער ליטעראַטור אין ירושלאַיִמער אוניווערסיטעט דוויו סאַדאַן.

יוסף פּאַפּערניקאָוו האָט פֿאָרגעלייענט אייניקע זײַנע נײַע לידער. מיט אינטערעס האָט דער עולם אויסגעהערט זײַן מיטיילונג וועגן דעם קאַמף, וואָס אים קומט אויס צו פֿירן אַלס דיכטער אין ייִדיש.

אויפֿן אָוונט איז אַרויסגעטראָטן דער כאָר פֿון די ווילנער לאַנדסלײַט.

## עלזאַסער ייִדיש — אַלס אַ דיפּלאָם־אַרבעט

אַ יונגער געלערנטער פֿון פּאַריזש ערנסט בייער האָט באַקומען אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם פֿאַר זײַן אַרבעט וועגן עלזאַסער ייִדיש־דיאַלעקט. ווײַזט זיך אַרויס, אַז ייִדיש איז ביז הײַנט די רייד־שפּראַך אין צוויי דערפֿער פֿון עלזאַס: גרונסהיים און גערטסהיים, וואָס געפֿינען זיך אַן ערך 100 קילאָמעטער פֿון שטראַסבורג.

די 20 ייִדישע מישפּאָכעס, וועלכע וווינען דאָרט,ריידן צווישן זיך ייִדיש אין עלזאַסער דיאַלעקט.

●

# דאָס באַפליגלטע וואָרט

א קלוג וואָרט לעבט לאנג. קלוגע ווערטער, באפליגלטע ווערטער העלפן שטארק מיט צו אנטוויקלען און באַרײַכערן די בילדערישע ליטעראַרישע שפּראַך. וו. אי. לענין האָט געזאָגט וועגן באפליגלטע ווערטער, אז „זיי דריקן אויס מיט וווּנדערלעכער טרעפלעכקײַט דעם טאָך פון די דערשײַנונגען".

דער באגריף „אנעקדאָט" פאלט אין פיל הינזיכטן צונויף מיט די באגריפן „קלוג וואָרט", „באפליגלט וואָרט". אַן אנעקדאָט איז א קורצע, שארפזיניקע, באַלערעוודיקע דערציילונג וועגן אַן אויסטערלישער געשעעניש. טאלאנטפולע אנעקדאָטישע דערציילונגען זײַנען א נוצלעכער ליטעראַרישער זשאַנער.

לויטן פארלאנג פון די לייענער הייבן מיר אָן מיט דער הײַנטיקער פובליקאציע פון ליטעראַרישע אנעקדאָטן א שטענדיקע אָפּטיילונג „דאָס באפליגלטע וואָרט".

## ● דער ריינער קוואַל פון פּאָעזיע

דער רוסישער סאָוועטישער דיכטער מיכאיל סוועטלאָוו האָט צו זײַן פופציקסטן געבורטסטאָג אָנגעשריבן א ליד, ווו עס איז געווען אזא שורע:

...מיר גייען איבער די קוואַרים פון אונדזערע פרײַנט.

איינע א צײַטונג האָט טייקעף אָפּגעדרוקט די ליד, נאָר דער רעדאקטאָר האָט די ווערטער „איבער די קוואַרים" פארביטן מיט די ווערטער „אַף די וועגן".

ווען סוועטלאָוו האָט איבערגעלייענט די „אויסגעבעסערטע" ליד, האָט ער מיט פארדראָס געזאָגט:

— דער פּאָעט וויל געבן דעם לייענער טרינקען פון דעם ריינעם קוואַל פון פּאָעזיע. קאָן ער דאָס אָבער ניט טאָן, ביז אין דעם קוואַל באָדט זיך ניט אויס דער רעדאקטאָר.

## ● קארל דעם גרויסנס שווערד

איינער א שרײַבער האָט געפרעגט באַם פראנצויזישן פארלעגער גאַסטאָן גאַלימאַר, צי האָט ער געלייענט זײַן לעצטן ראָמאַן.

— אָ, געוויס! — האָט געענטפערט דער פארלעגער. — ער דערמאָנט מיר אין קארל דעם גרויסנס שווערד.

דער אווטאָר האָט זיך גלײַך א וואָרף געטאָן צו ווערטערביכער, פון וועלכע ער האָט זיך דערוווּסט, אז קארל דעם גרויסנס שווערד איז געווען א לאַנגע און א פלאַכע.

## ● די מאָס פון צײַט

דער גרויסער אלטגריכישער דראמאטורג סאָפאָקל האָט געזאָגט, אז אין די דרײַ לידער, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן, האָט ער ארײַנגעלייגט דרײַ טעג האָרעוואַניע.

— דרײַ טעג! — האָט אויסגערופן א דורכשניטלעכער דיכטער. — פאַר אזא צײַט וואָלט איך אָנגעשריבן הונדערט לידער!

— יאָ, — האָט געענטפערט סאָפאָקל. — נאָר געלעבט וואָלטן זיי ניט מער, ווי דרײַ טעג.

## ● מעווינים אַף ליטעראַטור

אַן אלטער מאַן איז אַמאָל געקומען אין דער רעדאקציע פונעם זשורנאַל „רוסקאיא מיסל" און פאָרגעלייגט א מאַנוסקריפּט פון א דערציילונג. די דערציילונג איז געווען געכאַסמעט: „פּויער סעמיאַנאָוו". דער סעקרעטאַר פונעם זשורנאַל האָט גענומען דעם מאַנוסקריפּט און געזאָגט, אז נאָך יאַן ענטפער קאָן דער אווטאָר קומען אין א פּאָר וואָכן ארום. ווען דער זאָקן איז ווידער געקומען אין רעדאקציע, האָט דער סעקרעטאַר אים געבעטן, ער זאָל א ביסל צוּוואַרטן. אין א שאָ צוויי ארום איז אינעם אופנעם-צימער ארויס דער רעדאקטאָר.

— דאָס זײַט איר סעמיאַנאָוו? — האָט ער געפרעגט באַם זאָקן. — מיר האָבן אײַער דערציילונג געלייענט. זייער שוואַך אָנגעשריבן און... און...

דער רעדאקטאָר איז א דערשטוינטער שטיל געוואָרן און מער קיין וואָרט ניט געקאָנט ארויסריידן. ער האָט דערזען פאַר זיך ליעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָיען.

## ● עפּשער וועסטו אויך שרײַבן ייִדישע לידער?

באַם באַהאַנדלען ע. קאַזאַקעוויטשעס דערציילונג „דער שטערן" האָט די שרײַבערן א. געזאָגט:

— וווּנדערלעך! פריִער האָט ער געשריבן מיטלמעסיקע ייִדישע לידער, און איצט איז ער ארויסגעטראָטן מיט פרעכטיקער רוסישער פּראָזע.

— מײַן טײַערע, — האָט איר געענטפערט מיכאיל סוועטלאָוו. — עפּשער וואָלט געהאַט א זין, אז אויך דו זאָלסט זיך נעמען שרײַבן ייִדישע לידער?

---

# נאָטיצן אפן קאַלענדאַר

# שרײַבער און ווערק

דעם 1 יול איז אלט געוואָרן זיבעציק יאָר דער רוסישער סאָוועטישער דיכטער פאוועל גריגאָריעוויטש אַנטאָקאָלסקי.

פּ. אנטאָקאָלסקי איז געבוירן אין פּעטערבורג, אין א ייִדישער מישפּאָכע. זײַן פאָטער איז געווען אן



אדוואָקאט. אין די יוגנט־יאָרן האָט אים געצויגן צו טעאטער (שפּעטער איז ער א געווויסע צײַט געווען רעזשיסער אינעם וואכטאנגאָוו־טעאַטער).

פּ. אנטאָקאָלסקיס ערשטע לידערזאמלונג איז דערשינען אין 1922. אין די 20־ער יאָרן איז די טעמאטיק פון זײַן דיכטונג געווען אין גרעסטן טייל א היסטאָריש־ראָמאנטישע. דאָס הויפּט־ווערק פון דעם דאָזיקן פעריאָד איז די פּאָעמע „פראנסוא וויִאָן“, ווו עס ווערט באוויזן א וואנדערנדיקער דיכטער אפן פאָן פונעם מיטלאלטערלעכן פראנקרײַך. אין די דרײַסיקער יאָרן גייט אנטאָקאָלסקי איבער צו שילדערן די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט. א ברייטן אָפּקלאנג באקומען זײַנע זאמלונגען „פּערזאָנען“, „גרויסע שטרעקעס“, „דאָס פּושקין־יאָר“, „קאשטשיי“.

אין דער צײַט פון דער גרויסער פאטערלענדישער מילכאָמע האָט פּאָוועל אנטאָקאָלסקי געשאפן די פּאָעמע „דער זון“ (1943), ווו עס ווערט באוויזן א קאָמיוגיסט, וואָס איז געפאלן אפן פראָנט מיט א העלדן־טויט. פאר דער פּאָעמע איז דער דיכטער באלוינט געוואָרן מיט דער מעלוכעפּרעמיע. נאָכן קריג זײַנען דערשינען אנטאָקאָלסקיס פּאָעמעס „טויזנט אכט הונדערט אכט־און־פערציקסטער“, „דער אָקעאן“, „אין א געסל אף ארבאט“ אא. ער פארעפנטלעכט אויך א היפּשע צאָל היסטאָריש־ליטעראַרישע און פובליציסטישע ארטיקלען.

פּ. אנטאָקאָלסקי האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט איבערזעצן אף רוסיש ווערק פון די דיכטער פון די סאָוועטישע פעלקער, צווישן זיי — פון ייִדישע פּאָעטן (אָ. שווארצמאן, אי. פעפער, אי. כאריק אא).

פאר פאוועל אנטאָקאָלסקין איז כאראקטעריסטיש דאָס שארפע געפיל פאר געשיכטע, דער גרויסער אינטערעס צו איבערבראָך־מאָמענטן אין דער געשיכטע. זײַן פּאטעטישע ליריק איז רײַך מיט פילאָסאָפישן אינהאלט. אין דער זעלבער צײַט איז די פאָרם פון אנטאָקאָלסקיס ליד א שטרענגע און צוגענגלעכע.

עס איז געוואָרן 75 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער שרײַבער ארן קורץ.

ארן קורץ שטאמט פון אָסווע (וויטעבסקער גוב.). אין 1911 איז ער אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע, ווו ער האָט זיך פארנומען מיט פארשיידענע מעלאָכעס. זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט האָט ארן קורץ אָנגעהויבן אין 1916 מיט א ליד אין דער צײַטונג „די ייִדישע וועלט“. אין 1919 האָט ער ארויסגעגעבן א ליטעראַרישן זשורנאל „דער צווײַג“. קורץ איז געווען איינער פון די גרינדער פון די אינזיכיסטישע אויסגאבן. באנאנד מיט לידער האָט ער געשריבן ליטעראַרישע ארטיקלען און עסייען, צווישן זיי א ריי ארבעטן וועגן די פּראָבלעמען פון פּראָלעטארישער ליטעראטור.

ארן קורץ האָט גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין די אמעריקאנער ייִדישע קאָמוניסטישע אויסגאבעס



„פרײַהײַט“ און „האמער“, באטראכטנדיק זיך ווי א פאָרשטייער פון דער פּראָלעטארישער פּאָעזיע. זײַן ערשטע זאמלונג לידער און פּאָעמעס „כאאָס“ (1920) און די פּאָעמע „פיגאראָ“ (1924) זײַנען נאָך דורכגעדרונגען מיט פאָרמאליזם, פון וועלכן ער איז שפּעטער אָפּגעגאנגען אף מער רעאליסטישע פּאָזיציעס אין זײַן בוך „פלאקאטן“.

אין 1966 איז אין ניו־יאָרק דערשינען א בוך אויסגעוויילטע לידער פון ארן קורץ מיט אן ארײַנפירוואָרט פונעם ליטעראטור־קריטיקער אווראָם ביק.

זײַענדיק אן אקטיווער טוער פון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער ליטעראטור אין אמעריקע, איז ארן קורץ ביזן סאָף פון זײַן לעבן געווען א פרײַנט פונעם סאָוועטנפארבאנד און פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

ארן קורץ איז געשטאָרבן אין 1963.

# כ'האָב געקליבן

ווערטער פון לייב קוויטקאַ

מוזיק פון אַטיליע ליכטענשטיין

*Moderato*

X'hob ge - kli - bn, ge - kli - bn in

majn har.cn frejd. X'hob ba - hal tn zi, ba - hal tn zi šti - ler - hejt. X'hob ge -

mejnt, ge - mejnt - di zun far - gej - en vel zi rojt. Vel ix ko - nen, vel ix ko - nen far dir

*rubato*

štej - en mit majn frejd. Iz doch o - ber zun far gan - gen a - zoj blas... Štej ix

el - nt mit majn har.cn af der gas... Ef - šer hos - tu, ef - šer hos - tu dos ge -

vust, dos ge - vust, az es za - mlt, az es za - mlt frejd majn harc un brust. Iz far -

8 - - -

gej. en, az far.gej.en vet di zun hajnt blas. Ef.šer dir un zun far glust zix hot a
špas, a špas X'hob ge.kli.bn, ge.kli.bn in
tempo I
majn har.cn frejd. X'hob ba.hal.tn zi, ba.hal.tn zi sti.ler.hejt.
rit.

כ׳האָב געקליבן, כ׳האָב געקליבן
אין מײַן הארצן פרייד.
כ׳האָב באהאלטן, זי באהאלטן
שטילערהייט.

כ׳האָב געמיינט: די זון פארגייען וועט זי רויט,
וועל איך קאָנען פאר דיר שטייען
מיט מײַן פרייד.
איז דאָך אָבער זון פארגאנגען אזוי בלאס,
שטיי איך עלנט מיט מײַן הארצן אף דער גאס.

עפשער האָסטו, עפשער האָסטו דאָס געוווּסט,
אז עס זאמלט פרייד מײַן הארץ אין ברוסט;

אז פארגייען וועט די זון הײַנט בלאס, —
עפשער האָט פארגלוסט זיך דיר א שפאס,
דיר און זון עס האָט זיך דאָס פארגלוסט...

שטיי איך עלנט מיט מײַן הארצן אף דער גאס.

100—1537



טשעכאָוו און לעוויטאַן (אייל־פארב)

כאַים סימקין



דעם קינסטלערס פאָטער (אייל־פארב)

כאַים סימקין



א ייִנגל

יויסעף זיסמאַן



א מיטלאַזיִאַטישער
מאָטיוו

יויסעף זיסמאַן



א פּייזאַזש הינטער מאָסקווע (לינאָגראַוויור)

שייַע בראָנשטיין

СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

**Год издания шестой**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств. и техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

---

Подписано к печати 18/VI 1966 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Цена 50 коп. Заказ 1537.

---

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
пер. Аксакова, 13

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

## СОВЕТСКАЯ РОДИНА
## № 7
1 9 6 6

**В НОМЕРЕ:**